לעאָן קאָברין

# מיינע פופציק יאָר אין אמעריקע




ביי דער
״געזעלשאַפט פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע״
בוענאָס-איירעס
1955

# פאָרוואָרט

אין די צוואַנציקער יאָרן האָט ל ע אָ ן  ק אָ ב ר י ן אָנגעהויבן צו שרײַבן אַ סעריע אַרטיקלען וועגן די פּיאָנערן, די שאַפער פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע און געדרוקט האָט ער עס אין דעם דעמאָלטדיקן „טאָג" אונטער דעם נאָמען: „אַ פערטל יאָרהונדערט — בלעטלעך פון דעם גײַסטיקן ייִדישן לעבן אין אַמעריקע".

אין זײַן אַרײַנפיר — אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט — שרײַבט ער דאָרט:

„מיט די דאָזיקע בלעטלעך בין איך אויסן צוויי זאַכן: ערשטנס צו געבן בילדער — דורכאויס נישט קיין היסטאָריע! — פון דער אינטערעסאַנטער צײַט אין אונדזער גײַסטיק לעבן אין אַמעריקע. פון דער צײַט ווען אונדזער גײַסטיק לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן; און, ווידער, צו דערמאָנען אונדזערע הײַנטיקע „יונגע" סײַ די דיכטער און סײַ די אַקטיאָרן ווער די „אַלטע" זענען געווען. וואָרעם כמעט אַ ווינסטעניש איז געווען דאָס גײַסטיק ייִדיש לעבן אין אַמעריקע מיט אַן ערך אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, וואָס די הײַנטיקע „אַלטע" האָבן מיט זייער לעבן באַפרוכפערט.

דערפאַר, אויב עס האָט ווער דרך ארץ פאַר דער הײַנטיקער ייִדישער ליטעראַטור אָדער ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע, דאַרף ער דרך ארץ האָבן פאַר די וואָס האָבן אים באַשאַפן; אויב עס האָט ווער ליב די הײַנטיקע „יונגע", דאַרף ער האָבן אַ וואַרעמען

געפיל אויך פאַר די היינטיקע „אַלטע", וואָס האָבן מיט זייער בלוט און גייסט געשאַפן דעם באָדן פאַר יענע, וואָס זיינען געקומען נאָך זיי"...

און אַ צווייטע סעריע האָט ער אין יענע יאָרן געדרוקט אין „טאָג" אונטער דעם נאָמען: „ערינערונגען פון אַ יידישן דראַמאַטורג — אַ פערטל יאָרהונדערט יידיש טעאַטער אין אַמעריקע".

דאָס איז געווען אין אַ צייט נאָכדעם ווי ער איז איבער פינף און צוואַנציק יאָר געשטאַנען מיט דעם בעסטן יידישן טעאַטער אין זיין אַזוי גערופענער „גאָלדענער עפּאָכע", מיט יענעם בעסטן יידישן טעאַטער, פאַר וועלכן ער האָט געקעמפט, פאַר וועלכן ער האָט געשאַפן, וועלכן ער האָט באַרייכערט און איז געוואָרן אַ טייל פון אים.

ער האָט דאָרט אויפגעפירט אַרום דרייסיק פּיעסן פון וועלכע ער האָט געהאַט אַ סך פרייד און אויך נישט ווייניק צער...

זיינע פּיעסן זיינען געשפּילט געוואָרן פון אַלע אונדזערע דעמאָלטיקע טעאַטער־שטערן אין ניו־יאָרק און איבערן גאַנצן לאַנד. אויך אין אויסלאַנד זיינען זיינע פּיעסן געשפּילט געוואָרן ווו נאָר עס איז דערלויבט געווען יידיש טעאַטער.

צענדליקער און צענדליקער אַקטיאָרן האָבן זיך אין זיי אויסגעצייכנט, זיך אין זיי געפונען און דורך זיי אַ נאָמען זיך פאַרשאַפט.

זיינען געקומען אַנדערע אומשטענדן, אַנדערע צייטן; דער יידישער טעאַטער איז אויך אַוועק אויף אַנדערע וועגן און לעאָן קאָברין איז אַוועק פונעם יידישן טעאַטער. אַוועק — און שוין מער קיינמאָל צו אים צוריק נישט געקומען, מיט דער אויסנאָם פון צוויי פּיעסן, וואָס מאָריס שוואַרץ האָט אין זיין קונסט־טעאַטער שפּעטער אויפגעפירט: „פּרינץ לולו", און „ריווער סיי דרייוו", וואָס ווערט נאָך געשפּילט ביזן היינטיקן טאָג.

איז, ווי געזאָגט, לעאָן קאָברין אַוועק פון יידישן טעאַטער, ווי ער האָט איבערגעלאָזן אַ גרויסן טייל פון זיינע בעסטע שעפערישע יאָרן. אַוועק — ווי אַ ליידנשאַפטלעך פאַרליבטער פאַרלאָזט די געליבטע, ווען ער דערפילט, אַז זי איז שוין נישט מער זיינע...

אַוועק נישט מיט שינאה, נישט מיט ביטערקייט, נאָר מיט ווייטיק אין האַרצן און מיט בענקעניש אין דער נשמה...

אָט אין יענער צײַט האָט ער זיך גענומען שרײַבן זײַנע זכרונות פֿון ייִדישן טעאַטער וואָס זײַנען שפּעטער אין 1925 אַרויס אין צוויי בענד אונטער דעם נאָמען — „ערינערונגען פֿון אַ ייִדישן דראַמאַטורג".

האָבן די דאָזיקע צוויי ביכער דערינערונגען אָנגעמאַכט ממש אַ סענסאַציע אויף אונדזער ייִדישער גאַס, אין אונדזער ייִדישער פּרעסע. שרײַבט וועגן זיי איינער פֿון אונדזערע אָנגעזעענע קריטי־קער:

„די ליטעראַטור איז איצט רײַכער געוואָרן מיט אַ נײַעם וויכ־טיקן ווערק: דאָס איז לעאָן קאָברינס „ערינערונגען פֿון אַ ייִדישן דראַמאַטורג". אויב איך האָב קיין טעות איז עס דאָס ערשטע בוך פֿון אַ ייִדישן דראַמאַטורג וועגן ייִדישע אַקטיאָרן".

שרײַבט אַן אַנדערער:

„קאָברין פֿאַרמאָגט אַ סך ליבע פֿאַר יענע פּיאָנערן זײַנע. און דידאָזיקע ליבע העלפֿט אים שאַפֿן אַ לעבעדיקע אַטמאָספֿערע אַרום זײַנע העלדן. און פֿאַר אײַך לעבט און באַוועגט זיך פֿילפֿאַרביק און פֿולבלוטיק אַ גאַנצע און זייער אינטערעסאַנטע און זייער וויכטיקע עפּאָכע".

אָט אין דעם געהויבענעם טאָן מיט אַ סך לויב־געזאַנג האָט מען אַ צײַט לאַנג גערעדט און געשריבן אין אונדזער ייִדיש וועלט וועגן קאָברינס דערינערונגען.

אָבער קומען מיר צוריק צו דער צווייטער סעריע, דער סעריע וועגן די פּיאָנערן, די שאַפֿער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

דידאָזיקע סעריע וואָס איז אַ גאָר, גאָר וויכטיקע קולטור־היס־טאָרישע אַרבעט און וואָס האָט אַגב אויך געזאָלט זײַן קאָברינס אויטאָביאָגראַפֿיע — איז צוליב געוויסע סיבות אין בוך־פֿאָרם נישט דערשינען. אַ בוך איז ווי אַ מענטש, עס האָט זיך זײַן אייגע־נעם, זײַן באַזונדערן מזל...

איז די סעריע געבליבן ליגן אין צײַטונגס־אויסשניטן און האָט

געוואַרט אויף אַ תיקון, געוואַרט צו דערזען די וועלט צווישן צוויי טאָוולען. געוואַרט לאַנג, לאַנג...

ערשט אין 1944—1945 נעמט זיך לעאָן קאָברין ווידעראַמאָל צו זײַנע דערינערונגען. ער לעבט זיך צוריק אַרײַן אין דעם „אַמאָל" אין יענער צײַט ווען „די זייער און פלאַנצער" (קאָברינס אַן אויסדרוק) פון דעם גײַסטיקן ייִדישן לעבן אין אַמעריקע האָבן אַרויסגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער גײַסטיקער ייִדישער אַמעריקע.

ער פאַרבעסערט, קאָרעגירט, ברייטערט אויס און שרײַבט נײַע קאַפּיטלעך צו דער סעריע. ער רײַסט זיך היין מיט זײַן אַרבעט, ווערט אָנגעצונדן און פאַרכאַפּט פון די אַלע בילדער, וואָס רײַסן זיך צום אויסדרוק. ער לעבט אינגאַנצן מיט זײַן אַרבעט. און דעמאָלט רעדט ער מיט מיר וועגן דעם, לייענט פאַר מיר דאָס געשרייבענע, איז זיך מיישב מיט מיר וועגן דאָס ווײַטערדיקע און אַזוי וועבט ער ווײַטער דעם פאָדעם פון זײַנע זכרונות.

די דאָזיקע זכרונות זײַנע וועגן די שאַפער און בויער פון אַלץ וואָס איז שיין און ליכטיק געווען אויף אונדזער ייִדישער גאַס פון אַמאָל, וועגן די פּיאָנערן, וואָס האָבן אַזוי שיין געלעבט, אַזוי שיין געחלומט, אַזוי שיין געהונגערט... — און וואָס ער אַליין איז געווען איינער פון זיי. מיט דעם איז ער איצט פול. פון דעם רעדט ער מיט מיר טאָג און נאַכט — אין דער פרי, ווי נאָר ער שטייט אויף, בײַטאָג אויף אונדזערע שפּאַצירן, אין אָוונט, אויב ער איז אין דער היים און נישט איין מאָל וועקט ער מיך אויף אין מיטן נאַכט:

„פּאַליאַ, איך האָב זיך עפּעס דערמאָנט, אַ זייער טשיקאַווע זאַך. הער אויס און דערמאָן עס מיך שפּעטער".

די אַרבעט גיט זיך אים לײַכט, ער איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון איר. ער איז זייער שעפעריש און פון אונטער זײַן פען לעבן אויף עפּיזאָדן, פּאַסירונגען, געשעענישן. ער מאָלט דאָס לעבן פון די אימיגראַנטן פון יענער צײַט. דאָס שווערע לעבן פון די ייִדישע אַרבעטער אין די שוויץ־שעפּער, די שרײַבער וואָס האָבן געשאַפן די ערשטע ייִדישע צײַטונגען, די רעדנער און קולטור־טוער מיט

זייערע ליידן, אידעאַלן, טרוימען און האָפענונגען. און ער שילדערט דאָס אַלץ אַזוי איינפאַך, אַזוי פּשוט, אָפט מיט הומאָר, אַז פאַר אייך לעבן אויף מענטשן לעבעדיקע, פולבלוטיקע און עס דאַכט אייך, אַז איר האָט די אַלע מענטשן געקענט, האָט אַליין געלעבט מיט זיי...

ער דערציילט אויך דאָרט וועגן זיך, פון זיינע ערשטע טריט אַלס יידישער שרייבער אין אַמעריקע און אויך וועגן די פיל מלאכות וואָס ער האָט זיך געלערנט כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט און וואָס ער האָט זיך נעבעך קיינמאָל נישט געקענט אויסלערנען.

האָבנדיק אָנגעשריבן אַ גרויסן טייל פון זיינע זכרונות, הייבט ער זיי אָן אין 1945, צו דרוקן אין צייטונג אונטער דעם נאָמען: „מיינע פופציק יאָר אין אַמעריקע — זכרונות פון אַ יידישן שריי־בער".

און פונקט ווי די „ערינערונגען פון אַ דראַמאַטורג" מאַכן אויך די זכרונות פון אַ שרייבער אָן אַ גרויסן רושם. אין רעדאַקציע און צו קאָברינען אין דער היים קומען אָן באַגייסטערטע בריוו פון שרייבער, פון קריטיקער, פון לייענער און פאַרערער.

איין בריוו פון איינעם פון אונדזערע סאַמע וויכטיקסטע, סאַמע באַרימטסטע שרייבער וואָס איז געדרוקט געווען אין דער אייגענער צייטונג, וויל איך דאָ איבערגעבן.

עס שרייבט שלום אַש:

„בעסטער חבר און פריינט קאָברין:

איך וויל אייך אויסדריקן מיין אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פאַר אייערע טרעפלעכע באַשרייבונגען פון אַלט יידישן ניו־יאָרק. איך לייען אייערע זכרונות מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן און איך לערן פון זיי זייער פיל, סיי וועגן דער יידישער אַמעריקע און סיי וועגן דער יידישער גייסטיקער ביישטייערונג צום אַמעריקאַנעם פראָגרעס. אייערע באַשרייבונגען פון כאַראַקטערן און געשעענישן זיינען ניט נאָר אַ וויכטיקער מקור צו דער יידישער קולטור־געשיכ־טע אין אַמעריקע, נאָר זיי אָטעמען מיט אַמתער קינסטלערישער שאַפונג.

מיט בעסטן גרוס,

אייער שלום אַש".

אויפגעמונטערט און דערמוטיקט שרײַבט ער ווײַטער, מאַכט נאָטיצן, אַרבעט אויס פּלענער פֿאַר ווײַטערדיקער אַרבעט. ער האָט נאָך געהאַט גאָר, גאָר אַ סך צו דערציילן. ער האָט געהאַלטן אין סאַמע אָנהייב פֿון זײַן ביאָגראַפֿיע, ער האָט זיך געקליבן צו שרײַבן אַ צווייטן טייל און דאָרט האָט ער צווישן אַנדערע, געוואָלט שרײַבן וועגן זײַן לעבן אין דער היים, זײַן לעבן מיט מיר. ער האָט מיר אַלץ געטענהט:

„פּאָליאַ, עטלעכע קאַפּיטלעך וועל איך אָפּגעבן צו דיר און זיי וועלן זײַן די שענסטע פֿון מײַן ביאָגראַפֿיע".

ער האָט עס אָבער שוין לײדער נישט באַוויזן צו טאָן...

מיטאַמאָל זײַנען זײַנע זכרונות איבערגעריסן געוואָרן... אַ שווערע קראַנקייט וואָס האָט שוין אַ צײַט לאַנג געלויערט אויף אים, האָט אים אַ טויט־קראַנקן, אַרײַנגעוואָרפֿן אין בעט.

ער האָט נאָך אַזוי געוואָלט לעבן, האָט אַזוי ליב געהאַט דאָס לעבן און מיט אַלע זײַנע לעצטע כּוחות האָט ער זיך געראַנגלט מיט דער מערדערלעכער קראַנקייט. אין די מינוטן, ווען אים איז אַ ביסל לײַכטער געווען, האָט ער ווידער גערעדט מיט מיר וועגן זײַנע מעמוארן, האָט געהאָפֿט און געחלומט, אַז אָט־אָט וועט ער געזונט ווערן, מיר וועלן דעמאָלט אַוועקפֿאָרן אין די בערג פֿאַרן זומער און דאָרט וועט ער ערשט שרײַבן און שרײַבן...

אָבער לעאָן קאָברין האָט שוין מער נישט געשריבן. דער טויט האָט אכזריותדיק אַרויסגעריסן די פּען פֿון זײַנע הענט...

בין איך געבליבן אָן אים. און אַ שוואַרצע וואַנט האָט זיך אַוועקגעשטעלט פֿאַר מײַנע אויגן און האָט פֿאַרשטעלט פֿאַר מיר די גאַנצע וועלט...

וואָס טוט מען? ווי לעבט מען?

געטריבן פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, פֿון פּײַנלעכן אומעט, האָב איך זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט צונויפֿצושטעלן, צוזאַמענצו־בינדן און אויסנוצן אַלץ, וואָס לעאָן קאָברין האָט איבערגעלאָזט פֿון זײַנע מעמואַרן פֿאַר אַ בוך און צו זען, אַז דאָס בוך זאָל גע־דרוקט ווערן.

און איצט קומען ענדלעך אַרויס די ערשטע צוויי טיילן פונעם דאָזיקן בוך אויף דער ליכטיקער וועלט.

בין איך גליקלעך וואָס עס איז מיר סוף כל סוף געלונגען אַרויסצוגעבן לעאָן קאָברינס „מײַנע פופציק יאָר אין אַמעריקע" און עס שענקען ווי אַ מתנה אונדזערע ייִדישע לייענער. און מײַן מאַן און חבר מיט וועמען איך האָב איבער פופציק יאָר געטיילט אַן אינטערעסאַנט און גײַסטיק לעבן — אַ לעצטע בלום...

פּאָליאַ קאָברין

ברוקלין, אָקטאָבער 1954.

# ערשטער קאַפּיטל

## אַ שיף מיט מרה־שחורה

— א —

דאָס איז געווען אין דער צײַט, ווען די ייִדישע עמיגראַציע קיין אַמעריקע האָט געפּלייצט אין ברייטע און שטאַרקע שטראָמען.

ייִדן פון דער גאַנצער וועלט, ס׳רוב רוסישע, זײַנען יעדן טאָג אָהער אָנגעקומען. טייל מיט ווײַב און קינד און טייל אַליין.

אַ חושכדיק לעבן פון דחקות און הונגער און פון דאגות וועגן זיין, וואָס האָבן זיך געדאַרפט צום פּריזיוו שטעלן, און פון טעכטער, וואָס מען האָט זיי געדאַרפט חתונה מאַכן, און פון אַנדערע אָן־אַ־שיעור צרות און עינויים, ספּעציפיש רוסיש־ייִדישע פון יענער צײַט, — האָט זיי געטריבן אַוועקצולאָזן זיך אויף גאָטס באַראָט, „וווּ די אויגן וועלן טראָגן“...

מחמת דאָס לעבן איז דאָך סײַ־ווי־סײַ ביטער געווען ווי דער טויט. אפשר וועט דאָרט, אין דער ווײַטער אַמעריקע, וואָס פאַר אַ סך פון אַט־די עמיגראַנטן האָט זי זיך געפונען אויפן אַנדערן עק וועלט, ערגעץ איבער אַלע ימען און מדבריות, אונטער דר׳ערד, — אפשר וועט גאָט דאָרט זײַן רחמנות וויַיזן...

די שיפן, וואָס האָבן די דאָזיקע עמיגראַנטן געפירט, זײַנען מערסטנטייל געווען אַלטע פריערדיקע אָקסן־שיפן, וואָס די שיפס־קאָמפּאַניעס האָבן אין יענער צײַט, בשעת די עמיגראַציע — בפרט די עמיגראַציע פון ייִדישער אַרעמקייט און נויט — איז אַזוי גרויס געווען, זיי פאַרוואַנדלט אין פּאַסאַזשיר־שיפן פאַר אַט־די עמיגראַנטן ספּעציעל.

קיין קלאַסן פאַר רײַכערע פּאַסאַזשירן זײַנען דאָרט נישט געווען.

מען איז געפאָרן אויף אַן אַדרעס פון אַ קרוב, פון אַ לאַנדסמאַן, און אויך אויפן אַדרעס פון דעם „גוטינקן גאָט" אַליין, דאָס הייסט, מיטן בטחון נאָר, אַז ער, דער גוטער, בארמהארציקער גאָט, וועט נישט פאַרלאָזן...

אַט אין יענער צײַט איז איינע אַזאַ שיף געגאַנגען פון ליווערפּול קיין פילאַדעלפיע, און אַ שווערע נסיעה איז איר אויסגעקומען דורכצו־מאַכן.

די דאָזיקע שיף, אָנגעפּאַקט מיט הונדערטער נפשות, כמעט דו״ב אויס ייִדישע, עלטערע און יינגערע, מאַנסבילן, ווײַבער און קינדער, האָט זיך געטראָגן צווישן וואַסער און הימל, איבער אַ בייזן, שטורמ־דיקן ים די גאַנצע צײַט, זינט זי האָט פאַרלאָזן דעם ליווערפּולער האַפן.

די צײַט איז געווען אין חודש דעצעמבער — אַ שלעכטע צײַט פאַר אַ ים־נסיעה, בפרט פאַר אַ נסיעה אויף אַזאַ שטיק בראָד, ווי יענע שיף איז געווען, ממש אַן אַלטע, חושכדיקע חורבה, אָנגעפּאַקט מיט אָנגעלאָפענע, צעשראָקענע נפשות האָט זיך פון ערגעץ אַ ברעג אָפּגע־ריסן און זיך אַוועקגעקאַטשעט איבער אַ ים אַ שטורמדיקן, איבער אַ סמבטיון ממש, וואָס האָט זי געוואָרפן און געשלײַדערט מיט עפּעס אַ משוגעדיק־ווילדן און שרײַענדיקן כח, דאָ אין טיפע וואַסער־טאָלן אַרײַן און באַלד אַרויף, איבער שוימענדיקע שפּיצן פון הויכע וואַסער־בערג, אַזוי הויך, אַז עס האָט זיך אַמאָל געדאַכט, אַז אָט־אָט, נאָך אַ האָרעלע, וועט זי, אָט די חורבה, הייסט עס, מיט אַלע אירע הונדערטער צעשראָ־קענע נפשות זיך אָנקלאַפּן אָן דעם הימל, וואָס איז געהאַנגען גאָר נידעריק איבערן ים...

ווי אַזוי־נאָר איז זי נישט צעפּיצלט געוואָרן אין אָט דער שלײַדער־ניש צווישן די שוימענדיקע וואַסער־בערג און וואַסער־טאָלן!...

פאַר די דרײַ וואָכן, וואָס די דאָזיקע ים־נסיעה פונעם ליווערפּולער האַפן האָט געדויערט, איז זעלטן־ווען אַ רויקער טאָג געווען, איז זעלטן־ווען אַ רויקע נאַכט געווען.

דורך טעג און נעכט האָבן זיך געטראָגן שטורעמס איבערן ים מיט אַזאַ וואָיען און מיט אַזעלכע קולות, אַז מען האָט געקאָנט מיינען, אַז אַלע רוחות און מחבלים האָבן זיך פון גיהנום אַרויסגעריסן מיט דעַר איינאיינציקער כוונה, צו מאַכן אַ תל פון דער דאָזיקער אַלטער חורבה און פון די אַלע צעשראָקענע נפשות, וואָס זי האָט געפירט...

— ב —

אינמיטן שלאָף בײַנאַכט ווערן אַרויסגעשלײַדערט מענטשן פֿון די שיף־קאַיקעס, ווי פּילקעס, פֿון אַן אומפּעטדיקן וואָרף געשלײַדערט.

קולות, געוואַלדן פֿון מאַנסבילן, ווײַבער און קינדער.

— מיר גייען אונטער!... די ביינער וועלן האָט מען פֿאַרשלעפּט!...

און תהילים זאָגט מען, און אויך ווידוי זאָגן אַנדערע, קלאַפּנדיק זיך אין הארצן, און צעשראָקענע קינדער קלאַמערן זיך אָן טאַטע־מאַמע און יאָמערן אַן ווערטער.

צווישן זיי שטייען אויך גויִים, שטייען אויך גויעס אויף די קני און צלמען זיך.

צי גאָר אַמאָל מיטאָג־צײַט מען זיצט אַרום גרויסע, לאַנגע, פֿון פּשוטע ברעטער צונויפֿגעקלאַפּטע טישן און מען עסט דעם כשרן מאָל־צײַט, משגיחים געזאָגט. מיט אַמאָל — דער עולם הויבט אָן זיך צו הוידען, הוידעט זיך אַרויף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרויף. מען האָט אויפֿגעהערט צו עסן און מען האָט זיך אײַנגעמאַצעוועט מיט הענט און נעגל אין די טישן, און אויגן און בערד און קעפּ, מיט צוגעדעקטע טיכלעך און פּאַטשיילעס, זײַנען אומרויִק און צעשראָקן.

און פּלוצים — האַ־אַפּ!

די שיף האָט זיך, דאַכט זיך, איבערגעקערט מיטן הינטער־חלק אַרויף. עס פֿליען טעלער מיט דעם אַרבעס־זופּ פֿון די טישן מיט אַ בריאַזגעריי צווישן בלעכענע כּלים וואָס פֿאַלן און קײַקלען זיך פֿון אַלע זײַטן מיט אַ קלינגערײַ; און עס רוקן זיך פּעק און טשעמאָדאַנעס און קעסטלעך פֿון ווינקל צו ווינקל, פֿון איין ברעג צום אַנדערן, אַנקלאַפּנדיק זיך אָן די קענדלעך און עמערס, און עס ווערט אַוועקגעשלײַדערט דער עולם פֿון זײַנע ערטער איבערן דיל, צו די זײַלן פֿון דער שיף, אָן וועלכע אַן אַנדערער כאַפּט זיך אָן מיט די הענט.

און אינמיטן פֿון אַט דער בהלה טרעפֿט אַמאָל אויך — פֿליוך! — אַ כוואַליע האָט זיך דורכגעריסן דאָרט אין אַן עפֿענונג פֿון דער שיף און פּליעצט דאָרט און פֿאַרפּליעצט... וואָס פֿאַר אַ שרעק, וואָס פֿאַר אַ יאָמער!

אַזעלכע סצענעס זײַנען געווען די געוויינלעכסטע אויף אַט דער שיף.

ווען מען וואָלט געקאָנט צונויפֿקלײַבן די אַלע זיפֿצן און יאָמער־געשרייען און די אַלע שרעקן, וואָס די עמיגראַנטן אין יענער צײַט האָבן

פּאַרזייט איבּער זייערע וועגן צו אַמעריקע, בּפּרט איבּער אַט דעם טויזנט־מיילנדיקן ים, — וואָס פאַר פּיראַמידן פון מענטשישער פּיין און מענטשישע יסורים מען וואָלט דאָס געקאָנט אויפשטעלן!

איז דען אַ חידוש, וואָס די מערסטע צווישן די יידן אויף אַט דער שיף האָבּן אויסגעזען אַזוי פאַרמאַטערט און דערשלאָגן, וואָס זיי איז הרעמד געווען דאָס געלעכטער, אַ פריילעכע מינע?

איבּערהויפּט נאָך, ווען בּיז דער שיף איז די מערסטע פון זיי אויסגעקומען דורכצומאַכן אַ לאַנגן גהינום־וועג: „שוואַרצן" די רוסישע גרעניץ און דערנאָך אַרומוואַלגערן זיך אין פאַרשיידענע שטעט און לענדער, און אָנקומען צו דער צדקה פון די פאַרשיידנסטע דאָרטיקע יידישע הילפּס־קאָמיטעטן, און איבּערטראָגן דערבּיי אַלערליי בּאַליידיקונגען און דערנידעריקונגען. בּפּרט נאָך ווען דאָס לאַנד אַמעריקע אַליין איז געווען אַזוי פרעמד, אַזוי אומבּאַקאַנט!...

אמת, אין די שטעט און שטעטלעך בּיי זיי האָבּן זיך די דאָזיקע יידן אָנגעהערט גענוג וועגן אַט דער אַמעריקע, און טאַקע גאָר גרויסע חידושים אויך, ווי למשל, וועגן דעם, אַז מען עסט דאָרט יעדן טאָג ווייסע חלה מיט פלייש, און אַ לייטיש מיידל ווערט דאָרט ממש מיט גאָלד געווויגן, און וואָס איז שייך „פּראַוועס" זיינען דאָרט פאַראַן יידישע „גאַרדאַוואַיעס", און אפילו „קוואַרטאַלנעס" און „פּריסטאַוועס" יידישע זיינען דאָרט געווען...

ווער אָבּער איז דאָס מחויב געווען צו גלויבּן אַט די אַלע גליקן? האָט טאַקע זעלטן־ווער פון אַט די אַלע יידן אויף דער שיף דאָס געגלויבּט...

ווייניק היימישע בּאַלמעלאָכעס זיינען געווען צווישן זיי, אויך ווייניק היימישע אינטעליגענטן, צי האַלבּע אינטעליגענטן.

די מערסטע צווישן זיי זיינען געווען יידן, וואָס זיי האָבּן פריער קיין ציטונג קיינמאָל אין די אויגן נישט אָנגעזען. תהילים־יידן זיינען זיי געווען. אַנדערע — מנורת־המאור און קב־הישר־יידן און אפילו גמרא־יידן. אָבּער אין הלכות „וועלטלעכקייט" זיינען זיי כמעט אַלע פאַרבּליבּן די אייגענע נאַיווע קינדער ווי דעמאָלט, בּעת זיי האָבּן יינגלווייז געלערנט אין די חדרים בּיי זייערע רביים...

דהיינו: האָט מען אַמאָל אונטערגעכאַפּט אַ „וועלטלעכן" שמועס זייערן, וואָס זיי האָבּן געפירט צווישן זיך בּעת דער ים איז רויק געווען און האָט נישט געוואָרפן, האָט מען זיך געקאָנט דערוויסן דעמאָלט פון איר, אַז די „ענגלענדערקע" האַלט נאָך אַלץ די שליסלען פון דעם ים בּיי זיך אין דער „קאַזנאַטשעיסטוואָ", און אַז אחינו ביקאָנספּילד איז געווען נישט קיין קלענערער חכם אפילו פון שלמה המלך און אַז ער האָט אויך געקענט

אַלע שבעים לשונות, אַפילו דעם לשון פון פייגל און פּיפּערנאָטערס; און אַז בײַ אחינו ראַטשילד זײַנען פאַרמשכונט געווען אַלע מלוכות פון גאַר דער וועלט, און אַז אין הויז בײַ אים זײַנען די ווענט פון גאָלע גאָלד, און אַז עסן האָט מען בײַ אים געגעסן פון גאָלדענע טעלער, אָבער אַלץ כשרע מאכלים...

נאָר זעלטן־ווען האָבן זיי דערפון גערעדט, אַפילו ווען דער ים איז געווען רויק. ס'רוב צײַט איז דער קאָפּ געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. ס'רוב צײַט האָט מען געטראַכט וועגן דעם, וואָס וואַרט אויף זיי אין אַמע־ריקע, צי מען וועט דאָרט האָבן חיונה, פּרנסה?

און מחמת דעם, וואָס זיי האָבן איבערגעטראָגן ביז אַהער, זעען זיי אַלע אויס, מיט ווייניק אויסנאַמען, ווי אויסגעווייקט אין עלנט, אין מרה־שחורה....

ווּ איז דער ייִדישער צאַפּל, דער ייִדישער נערוועזער אימפּעט, דער יידישער נערוועזער געשריי?

אײַנגעבויגענע רוקנס, פּנימער פאַרחושכטע, מינעס פינצטערע, בליקן זיפצנדיקע מיט יאוש און מרה־שחורה....

סײַדן אַמאָל בײַ אַ בחור צי בײַ אַ מיידל רײַסט זיך אַרויס אַ שטראַל פון יונגן, הייסן לעבן — רײַסט זיך דאָס אַרויס אַ זון־שטראַל דורך וואָל־קנס ואויך! קוקן זיך דעמאָלט אום די איבעריקע אויף אַזאַ יונגן בחור צי מיידל מיט נשתוממדיקע מינעס, וואָס וואָלטן ווי גערעדט:

— וואָס לאַכן זיי? וואָס איז אויף זיי די שמחה?...

מען זיצט אין גרעסערע און קלענערע גרופּן — דאָ טאַטע־מאַמע מיט זייערע קינדער און דאָ סתם שיפס־ברידער און שיפס־שוועסטער.

ווײַבער זיצן אײַנגעהונערט אין פּאַטשיילעס, אײַנגעוויקלט אין קאָל־דרעס; מאַנסבילן — מיט שאַליקעס אַרום האַלדז, מיט שאַליקעס אַרום מויל, מיט שאַליקעס אַרום די אויערן, אַרום די בערד און בערדלעך; קינ־דער — סײַ גרעסערע און סײַ קלענערע — מיט שמאַטעס אַרומגעלייגטע.

מ'סודעט זיך פאַרמרה־שחורהט; מען וואַרפט יאושדיקע בליקן צום ים; מען זיפצט, צי מען שווײַגט אײַנגאַנצן, אין אומעט פאַרשלאָסן...

— ג —

און תמיד זעט מען דאָרט אויך דרײַ ייִדישע יונגעלײַט, וואָס דער על־טערער צווישן זיי מיט לאַנגע, שוואַרצע האָר און מיט פּענסנע, איז נישט עלטער פון צוויי און צוואַנציק יאָר.

מען זעט ווי זיי שפּאַצירן דאָרט אויפן דעק, פאַרטאָן שטענדיק אין אַן ערנסטן שמועס.

די גאַנצע צײַט האַלטן זיי זיך צוזאַמען און פון דערווײַטנס פון די איבעריקע, אפילו פון די יונגע מיידלעך, וואָס געפינען זיך דאָרט אויף דער שיף.

ייִדישע אינטעליגענטע בחורים פון יענער צײַט זײַנען זיי, מיטן „וועלט־שמערץ" אין זייערע הערצער און מיט וועלט־פּראָבלעמען אין זייערע מוחות.

דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראַטור און אויף רוסישע ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע ביכער און בראָשורן, טראָגן זיי אין די הערצער דעם חלום וועגן וועלט־דערלייזונג, וועגן מענטשהייטס־באַפרײַונג.

דערפון ריידן זיי כמעט שטענדיק, דערפון און וועגן ליטעראַטור נאָך און וועגן באַרימטע שרײַבער.

זייער שפּראַך צווישן זיך איז אַלע מאָל רוסיש.

די דאגות פון די אַנדערע וועגן דעם, וואָס זיי וועלן טאָן אין אַמעריקע, האָבן זיי ניט. וועגן דעם ריידן זיי ניט. וועגן דעם טראַכטן זיי ניט. יעדערער פון זיי האָט בײַ זיך אינעם האַרצן שוין לאַנג אויף דעם געענטפערט: „הענט האָב איך, וועל איך, מסתמא ניט פאַרלוירן גיין!"...

זיי אינטערעסירט מער די פראַגע: „פאַרוואָס זאָל די מענטשהייט אַזוי פיל לײַדן?"...

און ווײַל זיי האַלטן זיך שטענדיק פון דערווײַטנס פון דעם איבעריקן עולם, און נאָך מער, ווײַל זיי ריידן רוסיש, קוקן די איבעריקע אויף זיי מיט גרויס דרך־ארץ. מען האַלט זיי פאַר געבילדעטע און פאַר מענטשן, וואָס ווייסן, משמעות, אַלצדינג...

טרעפט טאַקע אַמאָל, אַז עמיצער פון די אַנדערע ייִדישע עמיגראַנטן שמייכט־צו צו זיי מיט אַ פראַגע:

— איז דאָס אמת, אַז מיר פאָרן אונטער דר'ערד?...

— איז דאָס אמת, אַז ייִדן אין אַמעריקע האָבן אַלע „פּראָוועס?"...

— ווי לאַנג וועלן מיר זיך נאָך מוזן מאַטערן אויף דער שיף ביז מיר וועלן אַריבערקומען אַהינצו?...

און די יונגעלײַט ענטפערן אויף אַט די פראַגן תמיד אין אַן ערנסטן טאָן, אָבער אויף אַזאַ ייִדישן לשון, וואָס איז דרײַ פערטל רוסיש.

איז דאָ איינער צווישן אָט די ייִדישע עמיגראַנטן, וואָס ער רעדט לכתחילה מיט אָט די געבילדעטע ייִדישע יונגעלײַט אויף „גויִש".

דער דאָזיקער בעל־דבר איז אַ ייִד, וואָס ער הייסט געצל, אַ שמיד פון אַ דאָרף ערגעץ אויף דער אוקראַינע.

איינער פון די געציילטע עטלעכע פרייליכע ייִדן איז ער אויף אַט דער שיף — אַ קורצער און אַ ברייטער, אין אַ קורצן שעפּסענעם פויערישן פעלצל איבער אַ שוואַרצער, שבתדיקער זשופּיצע, מיט צוויי שאַליקעס אַרום האַלדז און מיט אַ רויטער, לאַכעדיקער באָרד און גוטמוטיק־שמייכלענדיקע אויגן אונטער רויטע ברעמען.

בײַם עסן העלפט ער אַרויס תמיד אַ דרײַ־פיר אַנדערע, וואָס האָבן אויף דער שיף פאַרלאָרן זייער אַפּעטיט. ער פּאַקט אַרײַן זייערע פּאָרציעס אַזוי לײַכט, ממש ווי ער וואָלט אַ צוקער־לעקעכל אַרונטערגעשלונגען. דער־בײַ צווישן איין פּאָרציע און דער אַנדערער, מאַכט ער אַ כוסע פון דעם „אמתן ספּירט״, וואָס ער פירט מיט זיך אַ היבש ביסל פון דער היים, און נאָך יעדן אויסגעטרונקענעם כוס קנאַקט ער צו הנאהדיק מיט דער צונג, און זײַן רויטע באָרד מיט די אויגן אונטער די רויטע ברעמען שמייכלען אַזוי גוטמוטיק און האַרציק.

פאַר די יונגעלײַט פאַרענטפערט ער זיך אַמאָל, פאַרוואָס ער מאַכט אַזוי אָפט אַ כוסע.

— איך בין נישט קיין שיכור — רעדט ער גוטמוטיק אויף זײַן גוייִש — נאָר אויף דער שיף איז אַביסעלע ספּירט אַ „ראַטונאַק״, אַז עס הויבט אָן צו שפּאָרן פון די קישקעס צום האַלדז די פּאַסקודסטווע. און עס איז געזונט צום „לאַפּעטיט״ אויך...

די איבעריקע ייִדן האַלטן אים פאַר אַ ווילדע בריאה. ווײַל — האָט איר שוין געזען אויף אײַער לעבן אַזאַ בריאה? — אַפילו ברעכן אויף דער שיף ברעכט ער אויך נישט ווי אַ קלאָרער מענטש! בשעת די אַנדערע ווען זיי ברעכן, שטיקן זיך און שרײַען און איקען, לאַכט ער גאָר, ווען ער ברעכט, אויף אַ מין באַס, ברעכט און לאַכט, לאַכט און ברעכט. און נאָכ־דעם זאָגט ער יעדעס מאָל:

— צו געזונט זאָל מיר זײַן. אויסגעלײדיקט די פּאַס. איך קען זי שוין אָנפילן מיט אַנדערע פּאַסקודסטווע!...

צי אַמאָל — אין מיטן ברעכן — שרײַט ער:

— אײַ־אײַ, ס'ביסעלע ספּירט אויסגעקערט. אַ גוט ביסעלע משקה, אַן עבירה!...

און אַפילו אין צײַטן, ווען דער גאַנצער עולם האָט שוין געמיינט, אַז די שיף גייט אונטער, און ייִדן האָבן תהילים און ווידוי געזאָגט, און קינ־דער האָבן געיאָמערט, און גויִים האָבן זיך געצלמט, — אַפילו דעמאָלט

האָט זיך אָט דער גענצל מיט דער רויטער באָרד אויך אויפגעפירט מעשה ווילדע בריאה.

האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט איינעם פון זײַנע געזונטע אָרעמס אַרום אַ זײַל פון דער שיף און מיט דער אַנדערער האַנט געהאַלטן אַ פלעשל משקה בײַ זײַנע ליפּן און — בול־בול — געגאָסן דעם ספּירט אין האַלדז אַרײַן אינמיטן דעם אַרומיקן גוואַלד.

די שיף קערט זיך אויף אַלע זײַטן, און גענצל מיט דער שיף, מיט זײַן אָרעם אַרום זײַל, און מיט דער פלאַש משקה בײַם מויל.

ביז צום סוף, אַז אין דער פלאַש איז קיין טראָפּן מער ניט פאַרבליבן, לאָזט זיך דערנאָך גענצל אַרונטער אויף דר'ערד און כאַפּט זיך שוין אַרום מיט ביידע אָרעמס אַרום זײַל און זיצט אַזוי ביז דער גוואַלד אַרום ווערט אײַנגעשטילט...

פרעגט מען אים אַמאָל: סטײַטש, ווי קאָן ער דאָס, האָט ער גאָר קיין מורא ניט פאַר דעם טויט? ענטפערט ער אָפּ גוטמוטיק: ער האָט געוואָלט קומען אַ פריילעכער צום לויתן...

און צעטאַנצט זיך אַמאָל אין אַ נאָווינע דאָרט די יוגנט איז ער תמיד אינמיטן, ייִנגער פון דעם ייִנגסטן...

ווי די אַנדערע ייִדן אויף אָט דער שיף שרעקט ער זיך ניט פאַר אַמע־ריקע. אָפט הערט מען ווי ער רעדט:

— גאָט וועט שוין העלפן! פערד — הער איך — פעלן, דאָרט אויך ניט. וועט מען קלאָפּן די פּאָדקאָוועס און עס וועט זײַן פּאַפּקע פאַר מײַן ווײַב און מײַנע ווידליקעס!...

אָט דער ייִד רעדט תמיד אויף „גוייִש" מיט די דרײַ אינטעליגענטע ייִדישע בחורים. ער איז מער מחותן מיט זיי, איידער די אַנדערע ייִדן אויף דער שיף.

ער דערציילט זיי דאָרפישע מעשיות, ס'רוב שטאַרק־פעפערדיקע, אויף אַן עכט פּויערישער שפּראַך.

און די דרײַ חברים פאַרהאַלטן זיך פרײַנטלעך צו אָט דעם קורצן, ברייטן ייִדן, מיט דער רויטער, פריילעכער באָרד. עפּעס שמעקט פון אים מיט געזונטער, ערדישער פרייד און קראַפט...

— ד —

אַ דאַנק גאָט, מיר קומען שוין צו נעענטער צו אַמעריקע. אין צוויי טעג אַרום וועלן מיר זײַן אין פילאַדעלפיע.

אַ װוּנדערלעכער שײנער טאָג. אַלע זײַנען פֿאַרקליבן אױפֿן דעק פֿון דער שיף. דער ים איז רויִק. דער הימל, װי פֿון פּערלמוטער, האָט זיך אױפֿן האָריזאָנט צונױפֿגעגאָסן מיטן גרינלעכן װאַסער. רויִק גײט די שיף.

די יונגנט צעזינגט זיך. די יונגנט צעשטיפֿט זיך און צעטאַנצט זיך. דער רויטער גענצל, מיט די צװײ שאַליקעס אַרום האַלדז, שפּרינגט אַרױס מיט אַמאָל פֿון צװישן דעם עולם און לאָזט זיך אַװעק האָפּקען אַ קאַזאַטשקע, גאָר מעשה גרױסער בריה.

די יונגנט אַרום אים צעװאַרעמט זיך נאָך מער, זינגט די „קאַמאַרינ־סקי", פּאַטשט־צו מיט די הענט און קלאַפּט־צו מיט די פֿיס.

אַ דיקע ייִדישע מײדל, מיט די באַקן װי אַ פּאָר פֿרישע פֿאַרברױנטע פּאַמפּעטשקעס און מיט אַ פּאָר שװאַרצע, שרפֿהדיקע אױגן, װאַרפֿט אַרונ־טער פֿון איר שװאַרצן קאָפּ די פּאַטשײלע און לאָזט זיך אַװעק טאַנצן קעגן דעם רויטן גענצלען מיט אַ קװיטש און אַ ברען.

די איבעריקע ייִדן קװעטשן מיט די אַקסלען און קוקן מיט צעשראָ־קענע אױגן אױף די טענצערס און אױף די זינגערס: גװאַלד, װאָס טאַנצט זיך זײ? גװאַלד, װאָס זינגט זיך זײ?

און אײנע אַ ייִדענע, װאָס טראָגט אױף זיך אונטער איר גרױסער פּאַ־טשײלע אַ דרײַ־פֿיר קאָפּטעס און זעט אױס מחמת דעם װי אַ קאָפּ און פֿיס, װאָס שטעקן אַרױס פֿון אַ באַרג מיט שמאַטעס, צעשרײַט זיך:

— האָט זיך צעטאַנצט דער רויטער, פֿאַרט קײן אַמעריקע מסתמא צו ירשענען ראָטשילדס ירושה!...

און גראָד, אַגב איז דעם דאָזיקן גענצלען, דעם דאָרפֿישן שמיד, שױן לאַנג אַ ייִד מיט אַ װײַסן קאָפּ און אײַנגאַנצן אַן אַ באָרד, באַשערט געװען צו װערן שפּעטער אין אַמעריקע אַ רײַכער פֿאַבריקאַנט פֿון פּרױען־מאַנט־לען... איך האָב אַ פּאָר מאָל אים דאָ געטראָפֿן אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

װען עמיצער זאָגט דעמאָלט אָט די אַלע ייִדן, אַז צװישן זײ געפֿינען זיך שפּעטערדיקע אַמעריקאַנישע פֿאַבריקאַנטן, באַלעבאַטים פֿון גרױסע אַפּאַרטמענט־הײַזער, טאַטעס פֿון אַמעריקאַניש־ייִדישע דאָקטױרים און אַד־װאָקאַטן, פֿון אַמעריקאַנישע שול־לערער און פֿון פּראָפֿעסאָרן אין אַמערי־קאַנישע קאָלעדזשעס, צי גאָר פֿון דיכטער אַמעריקאַנישע, אָדער שפּעטער־דיקע הײסע סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן און פֿירער פֿון אַן ייִדישער אַר־בעטער־באַװעגונג, — װי װילד זײ װאָלטן דאָס יענעם אָנגעקוקט!...

אָט איז רבי פּיִװוצע צװישן יענע ייִדן — אַ הױכער, מאָגערער ייִד מיט אַ פּאַטשײלע אַרום האַלדז און מיט אַ פּנים, װאָס די גאַנצע שרעק פֿון אָט דער „יאַזדע" האָט זיך אױף אים אױסגעלײגט, און מיט אױגן, װאָס

טענהן דאכט זיך: „גוואלד וואָהין שלעפּט מען מיך?" און מיט א שווארץ, שיטער בערדל, וואס טריפט, דאכט זיך, מיט מרה־שחורה...

— האלא, ר' פּיַיווצע!... כ'מיין מיסטער רובין!... געדענקט איר די „יאזדע" אויף יענער שיף פון ליווערפּול קיין פילאדעלפיע? האט זיך איַיך דעמאלט גאר געחלומט, אז איר וועט אמאל זיַין אין אמעריקע א וויים־פּרעזידענט פון א באנק?...

און צווישן זיי אלעמען געפינט זיך אויך א בחור, וואס טראגט צוואנ־ציק פּארחלומטע יאר אויף זיַינע אקסלען, עטלעכע דיַיטשע גאלדענע מטבעות אין א קעשענע מיט א פּאר אדרעסן פון לאנדסליַיט אין פילא־דעלפיע.

דער דאזיקער בחור בין איך אליין, און אויך טאקע איינער פון יענע דריַי יידישע יונגעליַיט, וואס האבן זיך די גאנצע ציַיט אויף דער שיף גע־האלטן צוזאמען און האבן גערעדט רוסיש.

אין אמעריקע פּאר איך, וויַיל איך האב נישט געוואלט „דינען". מיַי־נע פּלענער דארט? נישט געהאט קיין באשטימטע פּלענער. ווי די אנדערע צוויי שיף־חברים מיַינע וועל איך דארט מסתמא ארבעטן. הענט האב איך, אמת אפילו אזעלכע, וואס האבן זיך פריער צו קיין שום ארבעט קיינמאל נישט צוגערירט, — הענט פון א באלעבאטישן בענאק, אן אינטעליגענט, אין יענע יארן...

אז איך וועל אמאל ווערן איינער פון די הויפּט־מחתנים פון עפּעס א יידישן טעאטער און פון עפּעס א יידישער ליטעראטור אין אמעריקע, האט זיך מיר דעמאלט אפילו נישט געחלומט.

דער יידישער „זשארגאן" איז מיר דעמאלט פרעמד געווען, אזוי וויַיט געווען...

דעם 5טן יאנואר, 1892, גאנץ פרי, איז אונדזער שיף אריַינגעפארן אין דעם נעפלדיקן האפן פון פילאדעלפיע.

אמעריקע!...

# צווייטער קאַפּיטל

## איך און מײַנע צוויי חברים

— א —

אין פילאַדעלפיער האַפן פאַרבלײַבן מיר נאָך אַ צײַט־לאַנג אויף דער שיף. דער דאָקטער דאַרף נאָך אונטערזוכן, אויב יעדערער פון די פּאַסאַ־זשירן קאָן ווײַזן סימנים פון געשטעלטע פּאָקן אויפן אָרעם.

צי מחמת עס איז נאָך צו־פרי, דער דאָקטער ווײַזט זיך ניט.

נעמט זיך דער עולם דערווײַל צום דאַוונען. מען שטייט אין טלית און תפילין און מען שאָקלט זיך, און מען דאַוונט הויך אויפן קול מיט גרע־סערער כוונה איידער געוויינלעך. מחמת איצט בעט דער עולם אויף אַ „גו־טער אַמעריקע" בײַם רבונו־של־עולם.

די ייִדישע ווײַבער שאָקלען זיך אויך איבער סידורים און קרבן־מנחהס מיט פרומע מינעם.

די דאָזיקע פרומע שטימונג איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן אַפילו די ייִדישע ייִנגלעך, וואָס פריער, באַלד ווי די שיף איז אַרײַנגעקומען אין האַפן, האָבן זיי זיך געפרייט און פאַרהילכט דעם אָרום מיט זייערע פרײַ־לעכע געשרייען.

די איינגענע ייִנגלעך זײַנען איצט ערנסט און דאַוונען געשמאַק, מיט חשק.

אַפילו די קליינע ייִדישע מיידלעך קוקן אַזוי ערנסט און פאַרטראַכט מיט זייערע אומעטיקע ייִדישע אויגן און מען הערט נישט פון זיי קיין הויך קול.

איך פאַל אויך אַרײַן אין אַ שווערער שטימונג, כאָטש ערשט נישט לאַנג בין איך פאַרכאַפּט געווען אַזוי פון דעם פריידיקן געפיל, וואָס בײַ מיר

האָט אויפגעוועקט דאָס אָנקומען אין לאַנד נאָך אַזאַ לאַנגער און שווערער ים־נסיעה.

איך טראַכט מיר: אָט איז אַמעריקע. וווּהין, צו וועמען פאָר איך? ...

אָפּגעדאַווענט, נעמט זיך דער עולם נאָכדעם צו זיין באַגאַזש.

ייִדן און זייערע ווייַבער און קינדער שלעפּן פאַרהאַוועט פּעקלעך, קעסטלעך, טשעמאָדאַנעס, קישנס און קאָלדרעס, אַ סך קאָלדרעס מיט אַרויסגעריסענע וואַטאָווע געדערים, שלעפּן אַלטע, צעריסענע און פאַרשמאָלצענע בגדים און סתם שמאַטעס.

וואָס פאַרא בערג מיט שמאַטעס! באמת, מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז שמאַטעס־הענדלער פון גאָר דער וועלט זיינען געקומען צו וואַנדערן פון יענער זייט ים מיט זייער „סחורה" אַהער קיין אַמעריקע...

שטייען דערנאָך מאַן און ווייַב און קינדער לעבן דעם ביסל היימישן גוטס און היטן **עס מיט אַלע זייערע אויגן, אַז** חלילה וחס מען זאָל עפּעס פון דעם ביי זיי נישט אַוועקגנבֿענען...

ביי די דאָזיקע ייִדישע עמיגראַנטן איז דאָס זייער גאַנצע „האָב און גוטס"...

איך שלעפּ אויך אַרויס מיין באַגאַזש פון אונטער מיין שיפס־קאַיוטע. גאָר אַ גרינגער באַגאַזש, פאַרפּאַקט אין אַ רענצל: אַביסעלע וועש, אַ קליין פּוכאָווע קישעלע, טיכלעך און עטלעכע רוסישע ביכער, וואָס צוויי פון זיי ביידע הייליקע ביכער פאַר מיר אין יענער צייַט, זיינען פאַרבאָטן אין רוסלאַנד. איינס פון זיי איז מירטאָווס (פּעטער לאַווראָווס) „היסטאָרישע בריוו" און דאָס צווייטע — איז אַן עקזעמפּליאַר פון דעם רוסישן רעוואָלוציאָנערן זשורנאַל „וופּעריאָד" (פאָרווערטס).

באַלד קומען־צו צו מיר אויך מיינע צוויי שיפס־חברים מיט זייערע רענצלעך, און דער עלטערער צווישן זיי, באָריס, דער בחור מיט די לאַנגע שוואַרצע האָר און מיט די פּענסנע, הויבט אָן צו דעקלאַמירן אויף זיין טיף־באַסאָוון און ענערגישן קול אַ רוסיש ליד, וואָס זיין מוזע האָט אים ערשט פריש געבאָרן...

— ב. —

מחמת אָט די צוויי שיפס־חברים מיינע, אַזוי ווי איך אַליין, זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר גאָר אַ גרויסן טייל רוסיש־ייִדישע אינטעליגענטער יוגנט, וואָס איז אין יענער צייַט געפאָרן קיין אַמעריקע, וועל איך פּרווון געבן אין הויפטשטריכן אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון אונדז.

יעדער איינציקער פון אונדז, הגם פון אַן אַנדער געגנט אין רוסלאַנד, און אין אַ סך פּרטים גאָרניט ענלעך איינער צום אַנדערן, סײַ אין כאַראַקטער און סײַ אין טעמפּעראַמענט, איז אָבער דורכגעדרונגען געווען מיטן גײַסט פון פּראָטעסט און רעוואָלוציע, וואָס האָט אין די רוסיש־ייִדישע שטעט אַרומגעכאַפּט די ייִדישע יוגנט אין די נײַנציקער יאָרן.

דער איינציקער צווישן אונדז דרײַ, וואָס האָט געהאַט אַ רעכט זיך צו רופן רעוואָלוציאָנער, איז געווען באָריס, דער בחור מיט די לאַנגשוואַרצע האָר און פּענסנע. ווײַל אים, אַ סטודענט פון קיעווער אוניווערסיטעט, וואָלט מען אַרעסטירט פאַר זײַן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, ווען ער וואָלט איצט ניט אַנטלאָפן פון רוסלאַנד; אין גײַסט אָבער זײַנען מיר, די אַנדערע צוויי חברים זײַנע, געווען נישט ווייניקער רעוואָלוציאָנער איידער ער. און יעדערער פון אונדז איז גרייט געווען צו קעמפן און צו שטאַרבן פאַר דעם גליק פון דער גאַנצער מענטשהייט.

יאָ, צו קעמפן און צו שטאַרבן פאַר דעם גליק פון דער גאַנצער מענטשהייט, נישט דווקא פון דעם ייִדישן פאָלק; ווײַל אין די געדאַנקען זײַנען מיר אַלע געווען אינטערנאַציאָנאַליסטן. אינטערנאַציאָנאַליסטן, לויט ווי מען האָט דאָס אין יענער צײַט פאַרשטאַנען — דאָס הייסט, אַז אַלע מענטשן זײַנען ברידער און אַלע פעלקער — איין גרויסע מענטשהייט.

אַ חוץ באָריסן האָט קיינער פון אונדז נישט באַלאַנגט אינדערהיים צו אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; אָבער רעוואָלוציאָנערע ביכער האָט סײַ איך און סײַ סיאָמע דאָרט געלייענט, וואָס מיר האָבן זיי באַקומען בסוד־סודות בײַ עמעצן, וואָס האָט געזוכט צו פאַרשפּרייטן צווישן דער ייִדישער יוגנט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור.

אַזוי, למשל, האָב איך בײַ מיר אין שטאָט, אין וויטעבסק, באַקומען צו לייענען פאַרבאָטענע ביכער בײַ דאָקטאָר חיים זשיטלאָווסקים אַ ברודער. משמעות פון דאָקטאָר חיים זשיטלאָווסקיס היימישער ביבליאָטעק.

די ייִדישע אינטעליגענטע יוגנט אין די ייִדיש־רוסישע שטעט, וואָס ש. פ ר ו ג איז פריער געווען איר באַליבטער דיכטער און וואָס האָט אין איינעם מיט איר געקלאָגט אויף דעם ביטערן ייִדישן מזל בײַ דער „מאַטשיכאַ־אָטזשיזנאַ" — בײַ דער שטיפמאַמע רוסלאַנד, הייסט עס, ווערט אין יענער צײַט פאַרכאַפּט אַלץ מער און מער פון אַ רעוואָלוציאָנערן גײַסט, הערט־אויף צו קלאָגן מיט איר דיכטער אויפן ייִדישן מזל און איז גרייט זיך צו וואַרפן אין קאַמף נישט קעגן דער רשעות פון דעם רוסישן דעספּאָטיזם, נאָר קעגן דער „שלעכטס" פון דער גאַנצער וועלט.

פון דעם דאזיקן, קען מען זאגן, סטיכיש-רעוואלוציאנערן אויסברוך צווישן דער יידישער אינטעליגענטער און האלב אינטעליגענטער יוגנט, ארויסגערופן אין יענער צייט לכתחילה פון יחידים „נאראדוואלצעס״, צי פון גאנצע „קרוזשקעס״ זייערע, אין די גרעסערע יידישע שטעט זיינען שפעטער, אגב, דארט ארויסגעוואקסן יענע ארגאניזירטע יידישע רעוואלוציאנערע באוועגונגען, וואס האבן פארמאגט א באשטימטן פנים און באשטימטע צילן, ווי די „בונדיסטישע״ באוועגונג און די אנדערע...

קורץ, דער איינציקער צווישן אונדז דריי, וואס ער האט אפנים יא געזוכט, וואס פאר א מין רעוואלוציע ער וויל, איז געווען באריס.

די רעוואלוציאנערישקייט פון די איבעריקע פון אונדז האט אבער ניט געהאט קיין באשטימטן פנים. מיר זיינען געווען סתם רעוואלוציאנערן און אינטערנאציאנאליסטן און זיינען גרייט געווען אוועקצולייגן אונדזערע יונגע ביינער פאר דער באפרייונג פון דער מענטשהייט, אז קיין איין מינוט קווענקלען זיך.

פשוט: רעוואלוציע, ווער דו זאלסט דארט נישט זיין. מיר שטייען גרייט מיט אונדזערע לעבנס, נעם עס, און זאל די מענטשהייט באפרייט ווערן!...

נאיווע קינדער? אוודאי. אבער גראד נאר אזעלכע נאיווע קינדער זיינען דעמאלט בויטיק געווען פאר דער היגער יידישער גאס צו העלפן שאפן אויף איר ממש וואונדערס. נו, כאטש אזא וואונדער ווי אז ארגאניזירטע יידישע ארבעטער-באוועגונג פון א מאטעריאל, וואס ניכטערע און קליגערע מענטשן וואלטן זיך גאר לכתחילה נישט גענומען צו פרווון פון די דעמאלטיקע קליינשטעטלדיקע יידישע קרעמער און מארק-הענדלער, פון די דעמאלטיקע יידישע אימיגראנטן, צו שאפן עפעס אזוינס.

נאך א שטריך: יעדער פון אונדז, דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראטור און דורכגעדרונגען מיטן גייסט און מיט די געבאטן פון די בעסטע רוסישע, ראדיקאלע און רעוואלוציאנערע שריפטשטעלער, האט אפט גערעדט וועגן די ליידן פון דעם רוסישן פויער און כמעט קיינמאל נישט וועגן די יסורים פון זיין אייגענעם פילגעפלאגטן יידישן פאלק.

אמת, דער יידישער וויטאק האט ביי יעדן פון אונדז געברענט ערגעץ אין הארצן, איז עס אבער געווען טריפהנער נאציאנאליזם; בעת דער וויטאק פאר דעם רוסישן פויער איז געווען אינטערנאציאנאליזם — די רעוואלוציע אליין... בפרט, ווען דאס איז דאך געווען דער רוסישער פויער פון גליעב אוספיענסקין און זלאטאווראטסקי, וואס זייערע ווערק זיינען אונדז אזוי נאענט און טייער געווען...

— ג —

ערשט איצט, ווען מיר זײַנען אָפּגעריסן געווען פון אונדזער היים, האָבן מיר דערפילט ווי צוגעבונדן מיר זײַנען געווען צו אונדזערע היימישע...

איבערהויפּט איך און סיאָמקאַ. מחמת סײַ סיאָמקאַ און סײַ איך זײַנען, אין תוך גענומען, געווען מער טאַטע־מאַמעס אַ קינד, איידער רעוואָלוציאָנערן און אינטערנאַציאָנאַליסטן — טאַטע־מאַמעס אַ קינד, וואָס האָט אינדערהיים קיין אַנדער זאַך נישט געטאָן, ווי געלייענט ביכער און געשריבן לידער און דערציילונגען אין דער רוסישער שפּראַך און געחלומט רעוואָלוציאָנערע און דיכטערישע חלומות...

איצט זײַנען מיר פון דעם אַלעם אָפּגעריסן געווען און, הגם מיר זײַנען גרייט געווען צו אַרבעטן אין אַמעריקע, האָט דאָך סײַ סיאָמקאַ און סײַ איך, וואָס האָבן אינדערהיים קיינמאָל נישט אַ קלאַפּ געטאָן אַ פינגער אַן אַ פינגער פאַר אונדזער ברויט, זיך געפילט כמעט ווי אומבאַהאָלפענע קינדער, וואָס מען וואָלט זיי אָפּגעריסן פון זייערע מאַמעס פאַרטוך...

אַוודאי האָבן מיר זיך געשעמט צו רעדן וועגן דעם, ווי מיר פילן, הייסט עס, פון דעם געדאַנק, אַז איצט וועלן מיר מוזן אַליין זאָרגן פאַר אונדזער חיונה אין אַ פרעמדן לאַנד — ווי פּאַסט עס פאַר רעוואָלוציאָנערן! — אפילו פאַר זיך אַליין האָבן מיר זיך געשעמט מודה צו זײַן אין דעם, און ס'רוב האָב איך געטראַכט — און סיאָמאַ זיכער אויך:

„האָב איך נישט קיין הענט? בין איך חולה דען צו אַרבעטן?...״

און דאָך וויַזט אַמאָל סיאָמקאַ מיר און איך אים די ווײַסע, איידעלע הענט, וואָס זיי האָבן קיין פּראַצע קיינמאָל נישט געשמעקט, און די איינענע פראַגע שטעלן מיר זיך ביידע:

— וועלן אָט די הענט זיך אויסטויגן צו ריכטיקער אַרבעט, האַ?

איין באַרים נאָר איז בײַ זיך זיכער. ער דערקלערט אונדז איינמאָל מיט זײַן באַסאָווען קול אויף זײַן ענערגישן אופן:

— בליעוואַט! וועל אַרײַנגיין אין אַ פאַבריק און וועל אַ פּאַק טאָן דעם עקספּלואַטאַטאָר בײַם גאַרגל און וועל אים זאָגן: „דאַוואַי, ראַבאָטו, טי אַמעריקאַניעץ. טי, סוקין סין, אי באַסטאַ!״ (דאָס הייסט, גיב אַרבעט, דו אַזאַ און אַזאַ, און באַסטאַ!).

און מער האָט מען דערפון קיינמאָל נישט גערעדט.

פאַר אים, באַריסן האָבּן מיר דרך־ארץ געהאַט אויך דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ דיכטער.

אמת סיי ביי מיר און סיי ביי סיאָמען האָט אויך געברענט די שרייבערישע קליפּה אין די ביינער און סיי איך און סיי ער האָט שוין געשריבן כּיי לידער און סיי דערציילונגען אין דער רוסישער שפּראַך, אָבער ער, באַריס, האָט שוין זוכה געווען צו זען זיינע אַ פּאָר לידער אָפּגעדרוקט אין אַ רוסישן זשורנאַל, און אונדזערס איז נאָך קיין איין איינציק וואָרט נישט געדרוקט געווען.

אַ חוץ דעם, האָט ער געהאַט אַ בריוו אין אַ קעשענע, וואָס האָט אינדזן געוואַלדיק אימפּאָנירט.

דער דאָזיקער בריוו, וואָס יעדערער פון אונדז האָט אים אַ דריי־פיר מאָל געלייענט מיט יראת־הכבוד ממש, איז געווען פון וולאַדימיר קאָראָ־לענקאָן אַליין פון דעם באַרימטן רוסישן שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר פון דעם חשובסטן רוסישן זשורנאַל „רוסקאַיע באָגאַטסטוואָ".

און נישט נאָר סתם אַ בריוו איז דאָס געווען, נאָר אַ בפירושע סמיכה אויף דיכטערישן טאַלאַנט...

אַליין מיט אונדזערע אייגענע אויגן האָבן מיר איז אָט דעם בריוו געלייענט די ווערטער, געשריבן מיט קאָראָלענקאָס אייגענער האַנט:

שרייבט יונגערמאַן, ווייטער: איר זענט אַ נייער נאַדסאָן...

אַ קאַטאָוועס, אַ נייער נאַדסאָן!...

נישט איינמאָל, האָט באַריס אונדז געזאָגט, אַז ער וואָלט דעם דאָזיקן בריוו נישט אָפּגעגעבן פאַר קיין מיליאָנען אין דער וועלט: און ווער פון אונדז, זיינע ביידע שיפס־חברים, וואָלט אַזאַ בריוו יאָ אָפּגעגעבן פאַר מיליאָנען? קיינער נישט פון אונדז, אָסור!

מחמת דעם, און אויך נאָך דערפאַר, ווייל ער, באַריס, ווי איך האָב שוין באַמערקט, איז געווען דער איינציקער צווישן אונדז, וואָס איז אַנט־לאָפן פון רוסלאַנד צוליב רעוואָלוציאָנערע מעשים, האָבן מיר פאַר אים דעם גרעסטן אָפּשיי געהאַט.

און ער אַליין איז קענטיק געווען, האָט אויך געהאַלטן, אַז לגבי אונדז איז ער אַ „באַרימטקייט" און האָט גאָר אָפט דאָס אונדז געלאָזט פילן.

זייער אַ היציקער בחור געווען, מיט אַ געוואַלדיקן „אַרטיסטישן" טעמ־פּעראַמענט. פאַר דער מינדסטער קלייניקייט האָט ער עקספּלאָדירט, ממש אַ פאַס פּולווער האָט אויפגעריסן.

ווען עמעצער פון אונדז , זיינע שיפס־חברים, דערוועגט זיך אַמאָל נישט מסכים צו זיין מיט זיינער אַ מיינונג, איז הימל עפן זיך!

ער ברענט. די פענסטער אויף זײַן נאָז, דאַכט זיך אויס פלאַמען, און ער צעשרײַט זיך אויף זײַן באַסאָווון קול ממש אַ גלאָק האָט זיך בײַז צע־הודיעט, און זײַן גאַנצע און הויכע און שלאַנקע געשטאַלט צאַפּלט זיך און וואַרפט זיך דערבײַ, און די שוואַרצע טשופּרינע זײַנע האָט זיך בײַ אים אַרויסגערוקט פון אונטער זײַן ברייטער דענקער מיטן בליאַסקנדיקן לעצל און צאַפּלט זיך בײַ אים איבערן שטערן, ווי אַ שלענגעלע אין קאָנווולסיעס, און גוואַ—אַלד!...

„מאַלטשישקאַ" — רופט ער אַן יענעם שנעק, הייסט עס. וועגן דעם, וואָס מען פאַרשטייט נישט, דאַרף מען נישט רעדן און שפּאַרן זיך וועגן דעם קאָן נאָר אַ חוצפּהניק, נאָר באַרים, האָט אויף דער פראַגע זײַנע צײַן אויפגעגעסן...

און דערבײַ רעכנט ער אויס אַ לאַנגן צעטל פון ראַדיקאַלע און רעוואָ־לוציאָנערע באַרימקייטן, וואָס זיי דענקען פונקט אַזוי ווי ער וועגן אַט דער דיסקוטירטער פראַגע, אַז סוף־כּל־סוף האָט דער חוצפּהניק דער שנעק, גע־מוזט אײַנזען לגבי אַזעלכע אויטאָריטעטן, אַז עס איז באמת אַ חוצפּה געווען פון זײַן זײַט צו שפּאַרן זיך וועגן אַט דער פראַגע מיטן באַרים...

אָבער אַזעלכע „אויפּברויזנדיקע מאָמענטן" — ווי באַרים אַליין האָט עס גערופן — זײַנען געווען נישט מער ווי אַ פּאָר פּאָר דער גאַנצער צײַט, וואָס מיר זײַנען צוזאַמען מיט אים געווען אויף דער שיף.

געוויינלעך זײַנען אונדזערע שמועסן געווען שטילע און רויִקע. ער, הייסט עס, האָט תמיד גערעדט, האָט חרוב געמאַכט די אַלטע וועלטן און אויפגעבויט נײַע, אָדער דעקלאַמירט זײַנע לידער, און מיר האָבן זיך מיט דרך־ארץ צוגעהערט.

דער „חוצפּהניק" — דער שנעק, הייסט עס, וואָס ער איז שולדיק געווען אין די פּאָר „אויפּברויזנדיקע מאָמענטן" פון באַרימען, איז שטענדיק געווען סיאַמקאַ — אַן אײדעלער צוואַנציק־יאָריקער בחור, אַ בלאָנד־האָר־ריקער, מיט אַ שמאָלן, לאַנגן גוף, צאַרטן און לענגלעכן פּנים און בלויע, פאַרחלומטע אויגן און קליינע, שמאָלע ווײַסע הענט, ווי בײַ אַ מיידל.

ווען נישט די דינע בלאָנדע וואָנצעס זײַנע, וואָלט מען אים געקענט אָננעמען פאַר אַ מיידל, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן מעשה בחור.

אַ צאַרטע נשמה האָט דער סיאַמקע געהאַט, אַ צאַרטע און פאַר־בענקטע.

ער איז געווען גוט באַלעזן און דער קאָפּ איז בײַ אים תמיד פול געווען מיט געדאַנקען וועגן „וועלט־שמערץ".

און ערנסט איז אַמדער צאַרטער בלאָנדער בחורל געווען, ווי די אַלטע פילאָזאָפיע אַליין.

און ווײַל ער איז אַזוי ערנסט געווען, איז ער געווען אַזוי פּאַרעקשנט אין זײַנער אַ מיינונג און דערפֿאַר אויך איז דווקא ער אַ פּאָר מאָל געווען דער חוצפּהניק וואָס האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ דיסקוסיע מיט באָריסן.

ער האָט געפֿירט מיט זיך צוויי העפֿטן מיט זײַנע לידער. ער האָט זיי אָבער בלויז פֿאַר מיר אַליין אַמאָל פֿאַרגעלייענט אויף אַ כמעט מיידלשן קול.

מיט מיר האָט ער זיך געענטער באַפֿרײַנדעט ווי מיט באָריסן. אפשר דערפֿאַר, ווײַל נאָך אַפֿט האָבן מיר ביידע מיט אַמאָל פֿאַרגעסן וועגן אַלע פֿראַגן און פּראָבלעמען, און גענומען זיך אויסגיסן איינער פֿאַר דעם אַנדערן אונדזער אייגענעם שמאַרץ, דאָס הייסט, די גרויסע בענקעניש אונדזערע נאָך אונדזער היים און נאָך אונדזערע היימישע, וואָס מיר האָבן פֿאַרלאָזן און וועלכע מיר וועלן שוין קיינמאָל, מסתמא, מער נישט זען...

ער האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט, בעת ער האָט גערעדט וועגן זײַן מאַמען. איך אויך.

די לידער זײַנע, אין דער רוסישער שפּראַך, זײַנען מיר דעמאָלט געפֿעלן געווען, הגם זיי זײַנען דווקא נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנערע, נאָר שטילע, פֿאַרבענקטע ליבעס־לידער, אַ חוץ אַז איין איינציק ליד, וואָס האָט זיך גערופֿן בײַ אים „רעוואָלוציע".

די ערשטע סטראָפֿן פֿון יענעם איינציקן ליד געדענק איך נאָך ער היום. אויף יידיש וואָלט זיך דאָס געלייענט אומגעפֿער אַזוי:

„רעוואָלוציע, מיט דײַן בליץ און דונער קום צו שטורמען, און ברען אויס די וואָרצלען פֿון שלעכטס אין דער פֿאַרשאָלטענער וועלט!"...

ממש אַ צאַרט קינד איז ער, סיאַמקע געווען, אַט דער ערנסטער בחורל פֿון ניקאָלאַיעוו.

אין מיטן דער נאַכט, ליגנדיק אויף זײַן קאַיקע לעבן מײַנער, האָט זײַן פֿאַרבענקטער, כמעט מיידלשער קול מיך געוועקט.

— ווי מיינסטו, שלאָפֿט דאָרט מײַן מאַמע?...

קיין פֿילאַדעלפֿיע פֿאָרט ער אויף אַן אַדרעס פֿון זײַנעם אַ פֿעטער, אַ לייבלעכן ברודער פֿון זײַן מאַמען, אַ פֿריערדיקן קרעמער אין אַ שטעטל אַרום ניקאָלאַיעוו.

אַט אַזעלכע בחורים זײַנען מײַנע ביידע שיפֿס־חברים, וואָס גייען־צו צו מיר מיט זייערע רענצלעך, בשעת דער איבעריקער עולם שטייט נעבן זײַן „האַב און גוטס" און היט עס, וואַרטנדיק אויפֿן דאָקטאָר.

— ד —

ווען באָריס הויבט אָן איצט צו דעקלאַמירן זײַן ליד, טראַכט איך וועגן עפּעס אַנדערש, און סיאָמאַ מסתמא אויך. איך טראַכט אַ נערוועזער: איך האָב צוויי אַמעריקאַנישע אַדרעסן, אָבער ווער ווייסט, אפשר וועט מען זײַן אַן אומגעבעטענער גאַסט בײַם לאַנדסמאַן אין אַמעריקע? און ווי זאָגט דאָרט אַ רוסיש ווערטל: „אַן אומגעבעטענער גאַסט איז ערגער איידער אַ טאַטער"...

פיל איך זיך געפאַלן בײַ זיך פון דעם געדאַנק אַליין וועגן זײַן אַן „אומגעבעטענער גאַסט" בײַ וועמען ניט־איז...

אַפילו סיאָמקאַ, וואָס ער פּאַרט צו אַ לײַבלעכן פעטער, איז אויך נערוועז און צעטראָגן.

רויִק איז איין באָריס.

— סוואָלאַטשי, ווי געפעלט אײַך מײַן ליד?

—דו וועסט עס אונדז לייענען אַן אַנדערש מאָל — זאָג איך.

— נו, וואָס ק'טשאָרטו! — מאַכט ער — קומט אויפן דעק ביז דער דאָקטאָר וועט קומען.

מיר לאָזן איבער אונטן אונדזערע רענצלעך און גייען אַרויף אויבן אויפן דעק.

דער נעפּל אַרום אונדז איז אַזאַ געדיכטער, אַז די נאָענטע געבײַדעס בײַם האַפן זעען אויס דורך אַט־דעם נעפּל ווי אָפּגעבראָכענע טיילן פון טונקעלע סילועטן, און די שיפן, וואָס טראָגן זיך דאָרט איבערן וואַסער מיט אַ שווערן געררויש און פײַפערײַ, קוקן אויס דורך אים, ווי עפּעס טונקעלעס, וואָס וואָלט זיך געריסן מיט אַ גוואַלדיקן געפילדער דורך ווײַסע וואָלקנס.

סיאָמקאַ שרײַט אויס:

— אָט אין אַזאַ געדיכטן נעבל איז אײַנגעהילט מײַן צוקונפט אין אַמעריקע!

אויך מײַן צוקונפט — כאַפּ איך אונטער.

— נעפּל — נישט נעבל — צעשרײַט זיך באָריס אויף זײַן באַסאָווע קול — הענט האָבן מיר, יונגע זײַנען מיר און קעמפער זײַנען מיר אויך, איז פליעוואַט! בעסער זאָלן מיר פאַרשרײַבן איצט איינער דעם אַנדערנס אַדרעס, אַז מיר זאָלן קאָנען געפינען איינער דעם אַנדערנסביינער אין אַמעריקע.

שלעפּט מען אַרום די אַמעריקאַנישע אַדרעסן פון די קעשענעס און מען שרײַבט זיי איבער.

— און מײַן אַדרעס — ברומט אַרום באַרים — איז אַמעריקע, בײַ מיסטער ווינט... אָבער נישקשה, איך וועל שוין אַליין בײַדן אויפזוכן...

מען לאָזט אונדז וויסן, אַז דער דאָקטאָר איז שוין דאָ, גייען מיר אַרונטער פונעם דעק.

אונטן רוקט זיך דער עולם איינער נאָכן אַנדערן מיט פּאַרקאַשערטע אַרבל איבער די אָרעמס. דער דאָקטאָר טוט אַ קוק אויף אַן אָרעם, און אַ מאַך מיטן קאָפּ און מיט אַ האַנט — גיי!

דער דאָקטאָר ווערט אויף גיך פּאַרטיק מיט אונדז. באַלד זײַנען מיר אין דעם פּלאַץ, וווּ מען קוקט דורך אונדזערע זאַכן, אומשטיינס געזאָגט. און דאָרט קוקן דורך די אינספּעקטאָרן אונדזער אַלעמענס באַגאַזש מער, אַפּנים, פון יוצא וועגן: אַ קוק געטאָן אין אַ באַרג שמאַטעס מיט אַ שמיר־בלענדיקן אויג, אַ גראָב געטאָן זיך מיט אַ האַנט אין אַ טשעמאָדאַן, אין אַ קעסטל — און פּאַר ווײַטער!...

און פון דאָרט גייען מיר אַרײַן אין דעם פּלאַץ, וווּ מען פאַרשרײַבט אונדזערע נעמען, עלטער און פון וועלכן לאַנד מיר קומען, און יוצא — קיין אַנדערע שאלות שטעלט מען נישט אונדז.

אַרום איז אַ טומל. דער דאָזיקער טומל איז נישט פון די אימיגראַנטן, נאָר פון לאַנדסלײַט און קרובים, וואָס זײַנען געקומען אַהער „אָפּצונעמען" די גרינע, און פון אַלע זײַטן הערט מען, ווי מען רופט זיך אָפּ: „איך", און מען לויפט, און מען וואַרפט זיך אויף די העלדזער, און מען קושט זיך, און מען וויינט...

מיט אַמאָל דערהערט זיך:

— סיאָמקאַ גרינשטיין!

— איך! — טוט זיך אַ צאַפּל סיאָמקע, וואָס שטייט נעבן מיר און קוקט זיך אַרום אַ נערוועזער.

אַ הויכער ייִד, מיט אַ שוואַרצן באָרד און אין אַן אַלטן ווינטערדיקן מאַנטל, מיט אַן אַלטן הוט, וואָס איז אַ ביסל צו־גרויס אויף זײַן קאָפּ און מחמת דעם הענגט עס בײַ אים איבער די אויגן, וואָס זעען אויס מיד, ווי זײַן גאַנצער בלייכער פּנים, רוקט זיך אַרויס פון צווישן דעם עולם און קוקט צו סיאָמקאַן.

— דאָס איז מײַן פעטער אברהם־בער — מאַכט סיאָמקאַ אויפגע־רעגט, און ער טוט זיך אַ וואָרף צו יענעם ייִדן.

דער ייִד צעקושט זיך מיט אים. און ווישט מיט די הױלע הענט די טרערן פון די אויגן.

— סיאָמאָ! שמואליקל! — מורמלט ער, און ער טוט זיך אַ קער צום עולם אַרום אים און זאָגט צו זיי מיט טרערן אינעם קול און מיט אַ רחמנות־דיקן שמייכל אויף די ליפּן:

— מײַן ליבלעכער שוועסטערס אַ קינד. זעט, וואָס פאַר אַן אייד־לינקער ער איז, נעבעך! ווו ווועט ער דאָס נעמען די כוחות צו פּראַצעווען אין דער אַמעריקע, אַט אַזוי ווי מיר?...

דער ראַזיקער ייִד רופט זיך אויך אָן, אַז ער וועט מיך און אויך באַ־ריסן מיטנעמען צו זיך אַהיים אויף דערווײַלע און נאָכדעם פירן אונדז אויף אונדזערע אַדרעסן.

גייען מיר אַלע אַוועק מיט אים...

# דריטער קאַפּיטל

## דער ערשטער אײַנדרוק פֿון אַמעריקע

— א —

אַרום צען־צוועלף אינדערפֿרי גייען מיר אַרויס מיט אַברהם־בערן — מיט סיאַמאַס פֿעטער, הייסט עס — און דערזעען צום ערשטן מאָל אַמעריקע.

קיינמאָל וועל איך נישט פֿאַרגעסן דעם געהויבענעם אײַנדרוק, וואָס אַמעריקע האָט אויף מיר געמאַכט יענעם אינדערפֿרי.

נאָך דער דרײַ־וואָכיקער נסיעה אויפֿן ים, ווו דאָס אויג האָט געזען בלויז וואַסער און הימל, דערזעט מען מיט אַמאָל פֿאַר די אויגן אַ וועלט, וואָס הילכט און פּילדערט דיר אַנטקעגן מיט טויזנטער קולות; ווו די שטיינער אויף די גאַסן פּילדערן מיט איפּעטיקן לעבן, דאַכט זיך.

וואָס פֿאַר אַ פֿיל־פֿאַרביק און פֿיל־געשטאַלטיק לעבן!

איך ווער אינגאַנצן פֿאַרכאַפּט פֿון אָט דעם לעבן, וואָס טראָגט זיך פֿאַר מיר מיט אַזאַ הייסן אָטעם און מיט אַזאַ געפּילדער.

די אויגן יאָגן זיך איבער די ברייטע, שטיינערנע גאַסן, שטעלן זיך אָפּ אויף די גרויסע געבײַדעס, אויף די גרויסע מאַגאַזינען מיט די בליאַסקנדיקע שויפֿענצטער און אויף די טראַמוויַיען, וואָס טראָגן זיך אַנטקעגן מיר און פֿון אַרונטער מיר, און פֿון די זײַטיקע גאַסן, מיט אַ קלינגערײַ, גלאַצן פֿאַרוואונדערט אויף די מגושמדיקע גרויסע פֿערד, העלפֿאַנטן ממש, מיט פֿיס ווי קלעצער, וועלכע שלעפּן גרויסע וועגענער מיט משא איבער דעם שרײַענדיקן ברוק פֿון די גאַסן, און קוקן זיך אום אויף די מענטשן, וואָס ס'רוב פֿון זיי, סײַ די מענער און סײַ די פֿרויען, ציכטיק אָנגעטאָן, כּמעט יום־טובֿדיק אויסגעפּוצט, אײַלט זיך אַזוי פֿאַרהאַוועט און מיט אַזעלכע

בינעס, ווי עס וואָלט געלאָפן צו עפּעס אַ שמחה און וואָלט מורא געהאַט דאָרט צו פאַרזאַמען...

און איבער דעם אַלעם גיסט זיך אַזאַ העלקייט פונעם הימל ממש אַ פרילינגס־ליכטיקייט, כאָטש די צײַט איז ווינטער, די ערשטע טעג אין יאַנואַר.

פון דעם געדיכטן נעפּל, וואָס מיר האָבן געזען אויף אונדזער שיף איז דאָ קיין סימן נישטאָ.

אויך בײַ מיר איז שוין קיין זכר נישטאָ פון דער פריִערדיקער שטי־מונג, וואָס בײַ מיר האָט אַרויסגערופן דער געדאַנק וועגן דעם, צו וועמען איך פאָר און טאָמער וועל איך זײַן דאָרט אַן אומגעבעטענער גאַסט.

איך טראַכט נישט איצט דערפון, פאַרכאַפּט אינגאַנצן פון דעם לעבן, וואָס טראָגט זיך פאַר מיר מיט אַזויפיל קלאַנגען און אַזוי יום־טובדיק געהויבן, ווי מיר ווײַזט זיך עס אויס.

דאָס קאָכעדיק, באַוועגלעך לעבן האָט מיך פון תמיד אָן פאַרכאַפּט און אָפּגעפרישט, בפרט אין יענער צײַט, ווען איך בין אַזוי יונג געווען.

איז די שטימונג בײַ מיר גאָר אַ געהויבענע, ממש אַ יום־טובדיקע, און נישט נאָר בײַ מיר אַליין, נאָר בײַ מײַנע ביידע חברים אויך.

באַרים איז אינגאַנצן התפּעלות. ער קוקט זיך אַרום מיט אַזאַ וואָרע־מען שמייכל און נאָכאַנאַנד רײַסט זיך בײַ אים אַרויס עפּעס אַ התפּעלות־דיקע באַמערקונג אויף רוסיש.

אויך סיאָמקאַ, וועלכער גייט פאָרויס מיט זײַן פעטער, דרייט דעם קאָפּ אויף אַלע זײַטן מיט צעלויכטענע אויגן.

אברהם־בער, וואָס ער איז שוין איבער צוויי יאָר אין אַמעריקע, און האַלט זיך דערפאַר, מסתמא, פאַר אַ שטיק אַמעריקאַנער, — ווען ער באַ־מערקט, ווי אַמעריקע געפעלט אונדז, ווערט ער אויך מיט אַמאָל גאָר אויפ־געלעבט, בעת ער פירט אונדז איצט איבער מאַרקעט סטריט, און ער ווײַזט אונדז מיט התפּעלות אויף די גרויסע געשעפטן, וואָס מיר גייען פאַרבײַ און ער רעדט צו אונדז:

— אַ ביזנעסל, האַ? זעט נאָר, זעט! וויפל, מיינט איר, ליגט אין אַזאַ ביזנעסל, אין אַזאַ געשעפטעלע? — פאַרטײַטשט ער פאַר אונדז, די גרינ־האָרנס, וואָס „ביזנעסל" — ווי ער רופט עס — מיינט.

און נעבן איין געשעפט שטעלט ער זיך גאָר אָפּ. ער ווײַזט מיט דער האַנט אויפן שויפענצטער, וווּ עס זײַנען אויסגעשטעלט פרויען־קליידער אויף מאַנעקינס און ער צעלאַכט זיך מיט זײַן לאַנגער, שוואַרצער באָרד.

דערביי גיט ער אונדז צו פארשטיין, וואס פאר שמד־שטיק אמעריטשע־קע־גנב טראכט אויס, כדי צו מאכן געשעפט. אט נעמט זי די גרויסע קוס־טעס, פוצט זיי אויס אין די שענסטע ווייבערשע קליידלעך און שטעלט זיי ארויס אין די פענצטער, כדי, אז די ווייבער וועלן פארבייגיין און וועלן דערזען אט די שיינע קליידלעך זאל זיי אנכאפן דער יצר־הרע און זיי זאל זיך אויך פארגלוסטן צו האבן אזא שיין קליידל...

— ווי צו פירן א ריכטיקע ביזנעס, קענט איר זיך שוין פארלאזן אויף אמעריטשקע! — רעדט ער מיט אזא טאן און מינע, ווי ער אליין וואלט געוועזן, לכל הפחות, א שותף צו אמעריקע.

אבער בארים האט שוין פארלוירן דעם געדולד אים צו הערן ווייטער.

ער פרעגט ביי אים, ווי ווייט איז נאך צו גיין. אפשר גאר נעמען אן איזוואשטשיק?

צעלאכט זיך אברהם־בער:

— אן איזוואשטשיק גאר? אין אמעריקע זיינען נישטא קיין איזוואש־טשיקעס. זאלן מיר גיין צופוס. ער וווינט דא נישט ווייט.

און ער לאזט זיך גיין ווייטער און מיר נאך אים, מיט אונדזערע רענצלעך.

ער פארקירעוועט זיך מיט אונדז אין א זייטיקער גאס, וווּ קיין טראמ־וויי איז נישטא, און מיר דערהערן ווידער זיין קול, וואס קלינגט שוין איצט שפאטיש, גאליק:

אן איזוואשטשיק גאר! באמת, נאר א גרינהארן קען אזוינס איינ־פאלן. דא איז נישט אינדערהיים, דא, ברודערקע, איז אמעריקע. דא טאר מען נישט זשאלעווען די פיס. נישט די פיס און נישט די הענט, און נישט לייב און לעבן, אנישט פיכנעט מען אויף די פיסקעס פאר הונגער...

רופט זיך אן בארים אויף זיין באסאוון קול און אויף זיין שלעכטן יידיש, אז ער האט נישט מורא פאר דעם. וויפל דארף דען האבן איין מענטש? פליעוואט!...

און איך אליין, נאך אין דער געהויבענער שטימונג, טראכט אויך אזוי אין יענער מינוט.

די גאס איבער וועלכער אברהם־בער פירט אונדז איצט, איז א שמאלע און א שמוציקע. פון ביידע זייטן גאס שטייען אלטע, הילצערנע הייזקעס, און אויף שריט און טריט טרעפן מיר אן יידן און יידענעס, ווי זיי וואלטן ערשט אקארשט ארויסגעגאנגען פון זייערע שטיבער אין א שטעטל ערגעץ אין רוסלאנד, אדער אין פוילן. אזוי אנגעטאן זיינען זיי און אזוי פאר־חושכט און דערשלאגן זעען זיי אויס.

קומענדיק פון מאַרקעט סטריט אין אַט דער גאַס, זײַנען מיר ווי אַרײַנ־געפאַלן פון דער בלענדענדיקער און ברויזנדיקער אַמעריקע צוריק אין אַ קליין שטעטל ערגעץ אין רוסלאַנד...

צום סוף — אַברהם־בער פירט אונדז צו צו איינעם פון די אַלטע הײַזקעס אויף אַט דער גאַס.

אַ צוויי־שטאָקיק הילצערנע הײַזקע און ער וווינט דאָרטן אונטן...

— ב —

מיר גייען דורך מיט אים אַ פינצטערן, קאַלטן פירהויז. דאָרט עפנט ער אַ טיר און מיר גייען אַרײַן מיט אים אין אַ צימער.

איבערן צימער טראָגט זיך אַ פּאַרע און אַ ריח פון וואַרעמען זייף מיט אַ זעץ אין נאָז.

אַ הויכע ייִדענע שטייט איבער אַ קעסל מיט וועש, וואָס קאָכט און שיפּעט און שלאָגט מיט ווײַסער פּאַרע אויף אַן אײַזערנעם אויוון, און זי מישט אין דעם מיט אַ הילצערנעם פלעקל.

— פריידל, שמואליקל איז דאָ! — טוט אַברהם־בער אַ געשריי אין דער פּאַרע אַרײַן.

די הויכע ייִדענע טוט זיך אַ כאַפּ ראַפּטאָם, אַ קלאַפּ טוענדיק מיטן פלעקל אַן קעסל, און לויפט צו צו אונדז מיט אַ פּנים, וואָס האָט האַלב גע־לאַכט און האַלב געוויינט, און מיט פאַרקאַשערטע אַרבל איבער נאַסע אָרעמס.

— שמואליקל, טײַערער סיאָמקעלע! — קושט זי איר גרינעם פּלי־מעניק און כליפּעט פאַר פרייד.

די מומע האָט אָפּגענומען דעם היימישן גרוס בײַ סיאָמאָן, זיצן מיר נאָכדעם אין אַ צווייטן צימער און טרינקען קאַווע און בײַסן צו.

פריידל, מיט אַן אויסגעמאַטערטן פּנים און מיט גרויסע, שוואַרצע אויגן, האַלט איר האַנט בײַ סיאָמאָן אויפן מאָגערן אַקסל, קוקט אים אַרײַן אין די אויגן, ווי אַ ליבלעכע מאַמע, און זי טענהט מיט צער:

— ווי און ווינד איז מיר, אַזאַ איידעלינקער! וווּ וועט ער דאָס נע־מען די כוחות צו אַזאַ אַמעריקע!

זי באַדויערט אונדז אויך, די צוויי חברים פון סיאָמקאַן, הייסט עס.

— קענטיק אויך איידעלע קינדער — טענהט זי ווײַטער, — מסתמא אויך אַזעלכע געבילדעטע, ווי סיאָמקעלע. אויף וואָס פאַר אַ גליקן קענען זיי, נעבעך, האָפן אין אַמעריקע!

און, משמעות, זי האָט גאָר נישט פיינט צו ריידן. און אפשר וויל זי זיך אויסריידן איר שווער האַרץ רעדט זי ווײַטער:

אָט איז איר מאַן, אויך, חלילה, נישט קיין „אַרבייטאַרער" פון דער היים — מיר זאָלן נאָר פרעגן בײַ סיאָמקעלען, ווער זײַן פעטער אברהם־בער איז פון דער היים. ער האָט געהאַט דאָרט אַ שניט־קראָם, אַ שיינע דירה, אַ דינסט און אַן אייגענע קו. און דאָ? איז ער אַן „אַרבייטאַרער", אַ שנײַדער דאָ געוואָרן און פראַצעוועט פערצן־פופצן שעה אין מעת־לעת. און אַז ער פאַרדינט שוין דאָ אפילו זיבן „טאָלאַרן" אַ וואָך, ווי לאַנג קען ער אַזוי פראַצעווען? אַ מענטש איז דאָך נישט קיין „אָקס"!...

מישט זיך אויך אַרײַן אברהם־בער, און אויך ער הייבט אָן אויסצו־ריידן זײַן האַרץ פאַר אונדז:

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך אים אפילו נישט געחלומט, אַז ער וועט אַמאָל אַזוי אויסגעריסן ווערן אין אַמעריקע. געצויגן שיינע חיונה פון זײַן שניט־קראָם אין דערהיים. קומט אין זײַן שטעטל איינער אַ ייִד, וואָס מען האָט אים אַרויסגעטריבן פון מאָסקווע, און יענער עפנט אויף אויך דאָרט אַ גרויסע שניט־קראָם און קוילעט אַוועק אַלע שניט־קרעמער אינעם שטעטל. פשוט דעם ביסן ברויט האָט יענער בײַ זיי אַלעמען אַרויסגעריסן פונעם מויל. איז נאָכדעם אויסגעקומען: אָדער פיכנע פאַר הונגער מיט ווײַב און קינדער, אָדער אַמעריקע... און דאָ — קיין גאַנצן ביין פילט מען נישט בײַ זיך נאָך אַ טאָג אַרבעט...

טוט סיאָמאַ דעמאָלט אַ פרעג בײַ אים: פאַרוואָס ער און די אַנדערע אַרבעטער פרווון נישט קעמפן, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן אַרבעטן אַזוי שווער?

צעלאַכט זיך אברהם־בער:

— הער נאָר, הער נאָר, פריידל, שוין! ער רעדט שוין אויך דערפון! וואָס איז, סיאָמקעלע, אפשר קלייבסטו זיך דאָ אויך צו רײַסן גאָט פאַר דער באָרד?

פרעגט בײַ אים סיאָמאַ, וואָס ער מיינט, דערקלערט אים אברהם־בער:

— ווײַל זיי אַלע, וואָס ריידן דערפון, שילטן גאָט און מאַכן אַ תל פון דער ייִדישקייט.

— ווער אַלע, פעטער? — וויל סיאָמאַ וויסן.

רעכנט אויס זײַן פעטער אַ צעטל נעמען פון די דעמאָלט באַקאַנטע אַנאַרכיסטישע פירער אין פילאַדעלפיע, דערמאָנט די נעמען ברענער, שטאַלער, גרעטש און ווײַנבערג, און איך הער אויך דעמאָלט צום ערשטן מאָל

דעם נאָמען יוסף בּאַראַנדעס, וואָס ער דווקא איז נישט געווען קיין פילאָ־דעלפיער.

זיי ווילן נאָר, אַז מיר זאָלן זיך שלאָגן מיט די „באָסעס, דאָס הייסט מיט אונדזערע באַלעבאַטים, וואָס גיבן אונדז צו פאַרדינען אויף חיונה, און מיט גאָט אויך". מאַכן „יונגעס־שמונגעס" און הייסן, אַז מיר זאָלן זיך שלאָגן — דערציילט אברהם־בער.

— בּראַוואָ! — שרײַט אויס באַריס, נעמט אַרונטער די פּענסנע פון זײַן נאָז און הייבט אָן זיי צו ווישן מיט אַ טיכל — דער וועסטמירנער פּראָלעטאַריאַט — רעדט ער ווײַטער אויף זײַן ייִדיש — מוז אַרויסטרעטן אין באַרבאַ קעגן די וועסעמירני עקספּלואַטאַטאָרס! (דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט מוז אַרויסטרעטן, הייסט עס, אין קאַמף קעגן די אַלוועלט־לעכע עקספּלואַטאַטאָרס).

אברהם־בער, משמעות, פאַרשטייט נישט דעם „ייִדישן" לשון פון באַריסן, קוקט ער אים אָן מיט אַ טאַמעוואַטער מינע און מאַכט:

— האַ, וואָס זאָגט איר?

— ג —

אין אָט דער צײַט קומט אַרײַן מיטאַמאָל אַ לאַנגער יונגערמאַן, מיט פּיס, ווי בײַ אַ באָטשאַן, און ער שלעפּט אויף אַן אַקסל אַ קאָפּ פון אַ נייַ־מאַשין.

— גרינוואָרג? — מאַכט דער יונגערמאַן גוטמוטיק און שטעלט אַוועק דעם מאַשין־קאָפּ אויפן דיל אין אַ ווינקל — איך לאָז דאָ איבער מײַן „קאָטערינקע" — רעדט ער ווײַטער — אַ שטרײַק בײַ מיר אין שאָפּ.

— מזל־טוב — מאַכט צו אים אברהם־בער — דו שטרײַקסט, זאַמקע, ווען דײַן רבי איז אפילו אין טורמע?

טוט זיך דער לאַנגער זאַמקע אַ צאַפּל און קוקט אים אָן מיט כּעס.

— חושד פון מצרים — מאַכט ער צו אים שטיל, מיט פאַרשטיקטן כּעס — פאַרוואָס זיצט יענער אין טורמע? פאַר גנבה, האַ? פאַר גזלה, האַ? איר בעסער, מיסטער חושד־אין־קאָפּ — שאָקלט ער צו אברהם־בערן אַ בייזן פינגער — איר רעדט בעסער וואָס ווייניקער וועגן באַראַנדעסן. דאָס מויל דאַרפט איר פריער אויסכשרן מיט אָנגעברענטע שטיינדלעך, איידער איר דערמאָנט נאָר זײַן נאָמען, איר בהמה, איר אָקס, וואָס איר זענט!

און ער טוט זיך אַ קער צו אונדז די „גרינוואָרג", און שרײַט אויס:

— יענער זיצט דאָרט אין טורמע דערפאַר, ווײַל ער האָט געקעמפט

פאַר דעם ברודער אַרבייטאַרער, און אַט דער פאַרד, אַט די סקעבערישע נשמה... טפוי! — טוט ער אַ שפּיַי און לויפט אַרויס. (שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז יוסף באַראַנדעס איז אַרום יענער צייַט פאַרמשפּט געווען אויף צו זיצן אין גפענגעניש 21 חדשים צוליב אַ בלבול, וואָס עס האָט אויף אים געמאַכט אַ געוויסע פירמע פון פּרויען־מאַנטלען, קעגן וועלכער ער האָט אָנגעפירט אַ שטרייַק. דער דעמאָלטיקער גאָווערנאָר פון ניו־יאָרק האָט אים נאָכדעם באַגנאַדיקט).

ווען דער לאַנגער זאַמקע איז אַוועק, באַפאַלט פריידל איר מאַן, הלמאי ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט זאַמקען. זי טענהט, אַז צוליב אים, אַבּרהם־בערן, וועט זי פאַרלירן זאַמקען...

— וועסטו קריגן אַן אַנדער וואַריאַט פאַר אַ באָרדער — ענטפערט איר אַבּרהם־בער, און ער דערציילט אונדז, וואָס פאַר אַ וואַריאַט אַט דער זאַמקע איז. פאַר באַראַנדעסן וואָלט ער אַלעמען די אויגן אויסגעריסן. ווען ער, זאַמקע, האָט דערהערט, אַז מען האָט אַרייַנגעזעצט דאָרטן אין ניו־יאָרק זייַן רבין, האָט ער געוויינט און געיאָמערט און איז די גאַנצע צייַט אַרום־געגאַנגען ווי אַן אַבל...

פרעגט סיאַמאַ:

— און ווער איז דער באַראַנדעס?

— באַראַנדעס? — פרעגט איבער אַבּרהם־בער, און ער ענטפערט: — אַ מויל פעד און שוועבל. און אַלץ פאַר די „אַרבייטאַרער" און פאַר „יונעם". אַ גוואַלד, וואָס פאַר אַ לשון! איך האָב אים אַ פאַר מאָל געהערט, האָט ער מיר אויך דעם קאָפּ פאַרדרייט. איך בין אויך אין דער „יונע" דערנאָך אַרייַן און געפּרוּווט מאַכן אַ שטרייַק. נאָכדעם אָבער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז נישט קיין תכלית פאַר מיר: „יונע" קאָסט געלט, און דאָס מעגסטו טאָן און דאָס טאָרסטו נישט טאָן. און, אַחוץ דעם, אַז מען שטרייַקט, און מען אַרבעט נישט, פאַרדינט מען אינגאַנצן נישט קיין גראָשן, און מען רייַסט נאָך איין מיטן „באָס" אויך, האָב איך זיי געזאָגט: „קאָפּ אין דער וואַנט מיט דער „יונע", איך וויל זיך נישט שלאָגן!"...

— האָבן זיי דיך נאָכדעם געשלאָגן — פאַלט אַרייַן פריידל מיט אַ זיפץ.

— און אַז זיי וועלן מיך שלאָגן, אַז איך זאָל בילן אויף גאָט, אַזוי ווי זיי, וועל איך בילן? — טוט זיך אַ כאַפּ אַבּרהם־בער.

זייַן ווייַב רופט זיך אָפּ דערנאָך:

— איין האָפענונג האָבן זיי: זיי וועלן אָפּשפּאָרן אַ ביסל געלט, וועלן זיי נאָכדעם עפענען עפּעס אַ געשעפט. צי אַ שפּייַז־קראָם, אָדער אפשר נאָר

אַ שניט־קראַם, ווי אינדערהיים. דערפֿאַר אַרבעט זי אויך אַזוי שווער און האַלט באָרדערס. צוויי באָרדערס האָט זי און איצט מיט סיאָמאַן וועלן זײַן דרײַ. און, אַז עס זאָל זיך מאַכן נאָך אַ באָרדער, וואָלט ער געשלאָפֿן מיט סיאָמאַן אין איין בעט. זי האָט אַ נײַ בעט...

און אַזוי ווי באָריס האָט דאָך נישט קיין אַדרעס, רעדט זי אים אײַן, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן בײַ איר און שלאָפֿן מיט סיאָמאַן אין דעם נײַ־עם בעט.

באָריס רוימט אײַן מיר אַ סוד אויפֿן אויער:

אים געפֿעלט דאָ נישט. ער וועט דאָ איבערבלייבן, ביז ער וועט זיך אַרומקוקן.

דערווײַל קומען אַרײַן אברהם־בערס דרײַ קינדער — צוויי מיידלעך און דאָס קלענסטע איז אַ ייִנגל.

זיי קומען פֿון סקול. צווישן זיך ריידן זיי ענגליש און מיט טאַטע־מאַמע — אַ געבראָכענעם ייִדיש, געמישט מיט ענגלישע ווערטער.

— ד —

דערווײַל בין איך זיך מיישב, צו וועמען פֿון די לאַנדסלײַט, וואָס זייערע אַדרעסן פֿיר איך מיט זיך, זאָל איך פֿאַרפֿאָרן.

צוויי אַדרעסן פֿיר איך מיט זיך — איין אַדרעס פֿון חנהן, אַדער אַניו־טאַן, און דער אַנדערער איז פֿון משה־לייב בלאָך.

אָנגענעמער וואָלט מיר געווען צו פֿאַרפֿאָרן צו אַניוטאַן, ווײַל זי האָב איך געקענט פֿון קינדווײַז אָן. כמעט אַן אייגן קינד איז זי געווען בײַ אונדז אינעם הויז, מײַן שוועסטערס אַ חברטע. אַן אינטעליגענט מיידל מיט כאַראַקטער איז זי געווען, האָט געענדיקט די גימנאַזיע קעגן דעם ווילן פֿון איר פֿאַנאַטיש־פֿרומען טאַטן, דעם שוחט. געדונגען נאָכדעם אַן אייגענע קוואַרטיר בײַ אַ גוי אויף סמאָלענסקער שאָסיי, אויפֿן עק שטאָט, און גע־געבן שטונדן צו אָרעמע קינדער אומזיסט און צו רײַכע — פֿאַר באַצאָלט.

מיר איז זי באַזונדערס סימפּאַטיש געווען, ווײַל איר זײַנען געפֿעלן געווען מײַנע רוסישע שרײַבערײַען, וואָס איך האָב איר אַמאָל געלייענט.

די דאָזיקע אַניוטאַ איז געווען אין אַמעריקע אַרום אַ יאָר צוויי, אַן ערך.

וואָס זי האָט דאָ געטאָן, האָב איך אויף קלאָר נישט געוווּסט. פֿון דעם איינציקן בריוו, וואָס מײַן שוועסטער האָט פֿון איר באַקומען פֿאַר דער

גאַנצער צייַט, זינט זי איז געווען אין אַמעריקע, האָב איך געוווּסט, אַז זי אַרבעט דאָ.

קורץ, צו איר, אַניוטאַן, וואָלט מיר אָנגענעמער געווען, איידער צו משה־לייב בלויז; אָבער ווי פֿאַרפֿאַרט עפּעס אַ בחור צו אַ מיידל? נישט באַקוועם עפּעס...

בלייַבט ביי מיר, אַז איך זאָל פֿאַרפֿאָרן צו משה־לייבן.

אבֿרהם־בער זאָגט, אַז ער וועט מיך ברענגען צו יענעם. דעם טאָג אַרבעט האָט ער דאָך סיי־ווי־סיי צעריבן, וועט ער מיך שוין אויך צופֿירן צו מייַן לאַנדסמאַן.

ווייַזט נאָר זייַן „דרעקשעל" — מאַכט ער.

פֿאַרשטיי איך דאָך נישט, וואָס ער מיינט, דערקלערט ער מיר:

— „דרעקשעל" איז אויף ענגליש אַן אַדרעס. איך זאָל אים ווייַזן מייַן לאַנדסמאַנס אַדרעס.

קען ער זיך אָבער נישט פֿונאַנדערקלייַבן אין דעם נאָמען פֿון דער גאַס, וואָס איז אויפֿן אַדרעס אָנגעגעבן. איך לייען איבער דעם נאָמען, באַרים און סיאָמאַ לייענען איבער, און אבֿרהם־בער טענהט, אַז אַזאַ סטריט איז גאָר נישטאָ אין גאַנץ אַמעריקע. גרינהאָרנס קענען נישט אי־בערלייענען ריכטיק אַ „דרעקשעל"...

צום סוף זאָגט ער, אַז ער וועט צוגיין מיט מיר צו עמעצן, וואָס וועט שוין ריכטיק איבערלייענען דעם „דרעקשעל".

זעגן איך זיך מיט מייַנע חברים, באַדאַנק אויך פֿריידלען פֿאַר איר גאַסט־פֿרייַנטשאַפֿט, נעם מייַן רענצל און גיי אַרויס מיט אבֿרהם־בערן.

אויפֿן וועג דערציילט ער מיר, אַז יענער, צו וועמען מיר גייען, האָט געאַרבעט מיט אים פֿרייַער אין אַ שאַפּ און אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאַר און געעפֿנט דערמיט אַ „סטאָרקע", אַ קרעמל, הייסט עס.

ווען גאָט העלפֿט אים שוין אויך, אַז ער זאָל זיך אַרויספֿאַרבעטן אויף עפּעס אַ סטאָרקעלע, — טוט ער אַ זיפֿץ.

מיר גייען איבער אַ שמאָלער, זייער שמוציקער גאַס. די הייַזער דאָרט זייַנען הילצערנע, ממש חושכדיקע חורבות. די ווענט פֿון די דאָזיקע הייַזער זייַנען פֿאַרשימלט און צעפֿוילט, דאַכט זיך.

דאָ און דאָרט אויף דער גאַס ליגט אַ שטיק בראָד: אַן אַלטער, פֿייַכ־טער מאַטראַץ מיט צעפֿוילטע שטרוי אין דרויסן, ווי אַרויסגעריסענע גע־דערים פֿון עפּעס אַ פּגירה, אַ פֿאַרזשאַווערט שטיק בלעך, אַן איינציקער שוך מיט אַן אויפֿגעריסענעם מויל, אַ שוואַרצער ראַנד פֿון עפּעס אַ הוט, אַלטע, פֿאַרשמירטע צייַטונגען, און מיט אַמאָל — איך האָב זיך אַ טרייסל

נעטאָן! — איך האָב שיר נישט אַרויפגעטראָטן אויף עפּעס אַ פּגירה — צי פון אַ קאַץ, צי פון אַ הונט, וואָס האָט געפוילט אויפן מיטן טראָטואַר...

איך דערוויס זיך דערנאָך, אַז אויף דער גאַס וווינען אָרעמע נעגערס.

זיי הויבן זיך אָן טאָקע צו באַווייזן מיט זייערע ווײַבער און קינדער.

זיי שטייען נעבן די הײַזער, אויף די טראָטואַרן, שרײַען זיך איבער איינער מיטן אַנדערן און איינע מיט דער אַנדערער און לאַכן אויף אַ מאָדנעם ווילדן קוויטש, ווי מיר ווײַזט זיך אויס דעמאָלט.

די דאָזיקע נעגערס און נעגערטעס, צו וועלכע מײַן אויג איז נאָך נישט צוגעוווינט, וואַרפן שיעור נישט אַן אַ פּחד מיט זייערע בליאַסקנדיקע שוואַרצע פּנימער און מיט זייערע ווײַסע אויגן און ציין און זייער קוויטש.

אברהם־בער דערציילט מיר, אַז דער מאָן, צו וועמען מיר גייען, האָט געעפנט זײַן סטאָרקע דאָ אין אָט דעם געגנט, ווײַל די נעגערס גיבן גוט צו לייזן און ווײַל זיי רײַסן ניט ייִדן קיין בערד.

וואָס הייסט זיי רײַסן ניט ייִדן קיין בערד? — פרעג איך.

דערציילט מיר אברהם־בער וועגן די צרות, וואָס ייִדן מיט בערד שטייען זיך אויס אין אַמעריקע פון שקצים און אַפילו פון דערוואַקסענע גוים. כאַפּט מען אַמאָל אַ ייִדן מיט אַ באָרד ניט אין אַ ייִדישן געגנט, באַפאַלט מען אים מיט שטיינער און מען צופּט אים די באָרד און מען שרײַט „זשוזש" און „שיני"!

(און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען אין יענער צײַט סײַ אין פילאַדעלפיע און סײַ אין ניו יאָרק).

צום סוף, מיר קומען אָן צו יענעם ייִדן אין קרעמל.

אַ קליין קרעמל ערגעץ אַרום לאָמבאַרד סטריט. עטלעכע נעגערשע קינדער קויפן דאָרט נאַשערײַען און לייגן דאָרט אַרויס מיט זייערע שוואַרצע הענטלעך די איינציקע סענטן יענעם ייִדן, וואָס מיט זײַן רויט בערדל און זײַנע אײַנגעפאַלענע בלייכע באַקן, און מיטן פלײשיקן קנאָפּ בײַם גאָרגל, וואָס שפּרינגט אַרום דאָרט בײַ אים אַרויף און אַראָפּ, ווי אויף ספּרונזשינעס, זעט ער אויס ווי אַ שווינדזיכטיקער.

אַ הויכע, דיקע נעגערטע, אײַנגעהילט אין אַ גרויסן טוך, שטייט דאָרט נעבן דער טיר מיט אויסגעלאָפּאַטשעטע ווײַסע אויגן און האַלט אַ גרויסע שטיק נאַשערײַ צווישן די גראָבע ליפּן און זויגט מיט אַ געשמאַקער און הילכיקער שמאַצקערײַ.

איך האָב עפּעס מורא צו קוקן אויף איר. מיר ווײַזט זיך אויס,

נוי אַ גרויסער בער, איז אַ טוד איינגעהילט, וואָלט דאָרט געשטאַנען
און זיך מיט זיסקייט פּאַסקאַקעוועט.

(נאָך אַמאָל: מיין אויג איז נאָך ניט געוווינט געווען צו זיי).

דער קרעמער לייענט איבער דעם אַדרעס, וואָס אברהם־בער דער־
לאַנגט אים, און ער טוט זיך דערנאָך אַ קער צו דער דיקער נעגערטע און
פרעגט ביי איר עפּעס, און זי ענטפערט אים עפּעס מיט אַ גראָבן קול,
וואָס גייט איבער אין אַ קוויטש, און שמאַצקעט דערביי איר שטיק נאַ־
שעריי געשמאַק און הילכיק.

דערנאָך זאָגט יענער אברהם־בערן, ווו די גאַס, ווו מיין לאַנדסמאַן
וווינט, געפינט זיך, און מיט וואָס פאַר אַ קאַר מיר זאָלן אהין פאָרן.

מיר באַדאַנקען אים און פאַרלאָזן זיין קרעמל.

אין אַ ווייַלע אַרום זיינען מיר אויפן וועג צו מיין לאַנדסמאַן משה־
לייב בלאָד...

# פערטער קאַפּיטל

## משה־לייב פון וויטעבסק

— א —

בעת אברהם־בער פירט מיך איצט אויף דער קאר צו מיין לאַנדס־מאַן משה־לייבן אַהיים, דערמאָן איך זיך ווי איך האָב אים געקאַנט אין וויטעבסק.

דאָרט האָב איך אים גוט געקאַנט. ער האָט געוווינט אויף דער זעל־ביקער גאַס, ווו אונדזער הויז איז געשטאַנען און געדאַוונט אין דעם זעלביקן בית־המדרש, ווו מיין טאַטע האָט געדאַוונט.

פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים איז ער געווען. איז יאָרן־לאַנג געזעסן אַלס „קאָמיסיאָנער" אין „ראַסיי", דאָס הייסט אין דער שטאָט קורסק, און האָט פון דאָרט אַרויסגעשיקט וואַגאָנעס מעל קיין וויטעבסק און פאַרדינט דערפון, ווי מען האָט ביי אונדז גערעדט, שטיקער גאָלד.

אויף יום־טובים איז ער געקומען צופאָרן אַהיים קיין וויטעבסק צו זיין ווייב און קינדער, און יעדעס מאָל ווען ער איז אַהיים געקומען, האָבן די שכנים און שכנות אויף אונדזער גאַס גערעדט דערנאָך וועגן די שיינע מתנות, וואָס ער האָט געבראַכט פון „ראַסיי" פאַר זיין ווייב און קינדער; וועגן די טייַערע שאַלן און טיכער, און פוטערוואַרג, און וואָל, און זייד פאַר קליידער.

ניט קיין געוויקסיקער און אַ גראָבינקער, און אַ בייכיקער, איז ער פונדעסטוועגן געווען אַ באַוועגלעכער ייִד, און זיין פּנים מיט די רויטע, אויסגעפּאַשעטע באַקן, און מיטן בלאָנד, שטענדיק אויסגעקאַמטן בערדל, און מיט די פלינקע, בלויע אויגן, איז תמיד געווען פריילעך, אויפגע־לעבט, תמיד יום־טובדיק.

א פריילעכער, צופרידענער ייד איז געווען משה־לייב בלאך און ער האט בסדר ליב געהאט צו זאגן גלייכווערטלעך און דערציילן פריילעכע מעשיות, וואס ער האט זיי געבראכט פון „ראסיי“ און זינגען „וואלעכ־לעך“, וואס ער האט זיי אויך געכאפט אין „ראסיי“, און געלאכט האט ער נאכאנאנד אזוי הויך און אזוי הארציק און עפעס מיט א באזונדערן אימפעט, אט אזוי ווי די „פאניעס“ אין קורסק, וואס ער האט מיט זיי געפירט זיין מסחר...

לגבי די אנדערע חשובע בעלי־בתים, וואס זיי זיינען א סך רייכער געווען פון אים, האט ער זיך געלעבט אויף גאר א ברייטן פוס, איז אלע מאל געווען שיין אנגעטאן, האט געטראגן א טייער פוטערל און א ניי פעלצן־היטל.

בכלל, אז ער איז געקומען אהיים פון „ראסיי“, האט מען דאס יעדעס מאל געפילט, נישט נאר צווישן זיינע היימישע אליין, נאר צווישן זיינע שכנים אויך און צווישן די בעלי־בתים אינעם בית־המדרש.

איין שכן האט ער מכבד געווען מיט א פאפיראס פון דעם ריכטיקן טערקישן „לאקשן־טאבאק“, אן אנדערן האט ער פארופן צו זיך אין שטוב ארײַן און אים מכבד געווען מיט עפעס א „נאליווקע“ און מיט געטריקנטע פיש, ווי באליק, וואס ער האט געבראכט פון „ראסיי“, און מיט עטלעכע טשיקאווע מעשהלעך, ווידער פון „ראסיי“...

און פאר דעם בעל־תפילה פונעם בית־המדרש, גדליהן — געווען א גרויסער בעל־בכי — האט ער געבראכט פון „ראסיי“ א גוייִש, האר־ציק „וואלעכל“, וואס גדליה האט עס דערנאך אויך ארײַנגעוויינט תמיד אין זיינע „יעלות“, פארייִדישט, פארשטייט זיך, מיט זיין אייגענעם קרעכץ און טרער...

און אויפן בית־מדרש האט ער תמיד מנדב געווען האלץ; און דעם שמש פונעם בית־מדרש א שיינע מטבע געגעבן; און די חשובערע באלע־באטים פונעם בית־מדרש צו זיך אהיים „אויף ברכה“ געלאדן; געשמאק געזאגט אינעם בית־מדרש די ברכות, בעת מען האט אים דארט צו „שישי“ אויפגערופן, און געשמאק געלייענט די הפטורה, מיט וועלכער מען האט אים דארט מכבד געווען; און שמחת־תורה צו הקפות האט ער אינעם בית־המדרש גאר געברענט א וועלט: געזונגען זיינע „וואלעכלעך“ פון „ראסיי“ און פריילעכע ייִדישע ניגונים מיט די אנדערע באלעבאטים, געטאנצט, געהייבן הויך זיינע פיס און זיין בייכל און געגוואלדעוועט: „צאן קדושים, מע־ע־ע!!...“

— ב —

זײַן װײַב רבקה איז געװען מיט אַ קאָפּ אַװדאי העכער פון אים. אַ טונקעלע איז זי געװען, מיט אַ חנעװדיקן שטילן שמייכל און מיט אַ פּאָר שװאַרצע, װאַרעמע און האַרציקע אױגן.

געבױרן און אױפגעהאָדעװעט אין אַ דאָרף בײַ איר טאַטן אַ מילנער, אַ פאַרמעגלעכן און פרומען ייִדן, איז זי עפּעס װי אָנגעטרונקען געװען מיט זון און װאַלד און דאָרפישער, װאַרעמער האַרציקײט.

אַ בת־יחידה געװען, האָט איר טאַטע מיט איר געװאָלט טאָן אַ יחוס־שידוך, און אַזױ װי משה־לייב בלאָד האָט געהאַט אַ פעטער אַ רב אין זײַן משפּחה, האָט ער, רבקהס טאַטע, אים געגעבן נדן אַ פּאָר טױזנט רובל.

צװישן די שכנים און שכנות אױף אונדזער גאַס האָט זי געשמט פאַר אַ גוטהאַרציקער ייִדישער פרױ און פאַר אַ גרױסער פּאַרשױן.

זי איז געװען אַזױ דיק, אַז זי האָט מסתמא געװױגן צװײ מאָל אַזױ פיל, ייִפל איר מאַן, הגם אים אַלײן, דעם גראָבינקן און בײַכיקן משה־לייבן, איז, חלילה אױך קײן װאָג נישט אָפּגעגאַנגען.

אַ יױבל אין פינף פּאָלעס... אָנגעגאָסן מיט געזונט, װי אַ פול פּאַס מיט ייִין — האָבן די שכנים אױף אונדזער גאַס גערעדט צװישן זיך, װען זײ האָבן געװאָלט אױסדריקן זײער באַװוּנדערונג פּאַר איר שײנקייט, דאָס הייסט, פאַר איר שטאַרקער באַלייבטקייט...

װען איר מאַן איז נעבן איר געגאַנגען, האָט ער צו איר אַקסל נישט דערגרייכט, בעת ער האָט אַפילו געטראָגן זײַן הויך פּעלצן היטל אױפן קאָפּ.

דעם אַלטן חיים־זעליקן, דעם האָרבאַטן פּאַקן־טרעגער, װאָס ער האָט געצױגן זײַן חיונה פון די „זשאַרגאָנישע" מעשה־ביכלעך, װאָס װײַבער האָבן בײַ אים גענומען צו לייענען אױף פּראָקאַט, האָט זי אַ סך געגעבן צו לייזן.

די דאָזיקע מעשה־ביכלעך האָט זי ממש געשלונגען.

אין יענער צײַט איז זי אין די זומערדיקע טעג אָפט געזעסן אױף דער באַנק אינדרױסן נעבן איר שטוב, אינגאַנצן פאַרטאָן אין לייענען אַ בוך.

און אַ פּאָר מאָל, װען איך בין פאַרבײַגעגאַנגען, האָב איך באַמערקט, װי זי האָט מיט אַ טיכל געװישט אירע שײנע אױגן און אירע צערודערטע געפילן פון איר לענגלעכער נאָז אַרױסגעשנייצט, בעת זי האָט געלייענט, מסתמא, שמרס, אָדער בלױשטיינס אַ ראָמאַן.

איך געדענק אַפילו דעם נאָמען פון אײן ראָמאַן, פון װעלכן זי איז

אַזוי באַגײַסטערט געווען דעמאָלט, אַז זי האָט צוגערעדט מיט דער גרעס־טער התפּעלות שכנות אויף אונדזער גאַס, אַז זיי זאָלן אים לייענען.

„דער קאַטאַרזשניק" האָט יענער ראָמאַן געהייסן. ווער עס האָט אים פאַרפאַסט, ווייס איך נישט.

זי האָט געהאַט צוויי קליינע קינדער — איינס אַן עופּהלע נאָך — האָט זי אָבער נישט געדאַרפט אויף זיי אַכטונג געבן, ווײַל איר מאַמע, וועלכע איז געווען איצט אַן אלמנה — די אַלטע זלאַטע, אָדער „זלאַטע די בהמה" — ווי מען האָט זי גערופן בײַ אונדז — האָט געוווינט מיט איר און זי האָט גוט אַכטונג געגעבן אויף די אייניקלעך און, אַחוץ איר, איז אין דער שטוב געווען אַ דינסט אויך.

זייער אַ גוטע איז געווען אָט די רבקה. תמיד איז זי גערייט געווען צו טאָן עמעצן אַ טובה, אַרויסצוהעלפן עמעצן אין אַ נויט, צו כאַפּן אַ מצווה.

איז אָפּט אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּאַטשיילקע איבער די הײַזער און איבער די קראָמען, כדי צונויפצונעמען אַ פּאָר רובל פאַר אַן אָרעמען קראַנקן, צי פאַר אַן אָרעמער קינפּעטאָרין. און מען האָט גערעדט, אַז נאָך אָפטער האָט זי מיט געלט פון איר אייגענער קעשענע געצאָלט פאַר רעצעפּטן און פאַר נאַרונג, וואָס זײַנען נויטיק געווען אַן אָרעמען קראַנקן.

האָבן טאַקע די פרומע ווײַבער אויף אונדזער גאַס גערעדט דערפאַר:

— רבקה משה־לייבס גרייט זיך אַן אַ שיינעם חלק עולם־הבא.

משמעות, אַז אין יענער צײַט איז זי אַמתדיק פרום געווען. זי איז געגאַנגען אין בית־מדרש יעדן שבת מיט איר מאַמען, האָט געטראָגן אַ פּאַ־רוק איבער אירע אייגענע שיינע האָר און דעם „גוט שבת" אויף די ליפּן און אין אירע שיינע אויגן. ימים־נוראים זײַנען בײַ איר די אויגן און די לענגלעכע נאָז מיט אַ הערבעלע תמיד פרום פאַרווײנט געווען אונ־טער דעם ווײַסן טיכל, וואָס זי האָט איבער איר פּאַרוק געטראָגן.

פון איר משה־לייבן האָט זי געהאַלטן גאָר אַן עולם ומלואו און, משמעות, אים שטאַרק ליב געהאַט, ווײַל לײַט האָבן אַזוי געהאַלטן פון אים, און ווײַל עס איז געווען אַזוי פריילעך אין שטוב, אַז ער איז געקומען אַהיים, און, משמעות, ווײַל ער איז אַזוי זעלטן געווען אינדערהיים...

איז ער געקומען אַהיים, האָט זי אַפילו אין די מיטנוואָכעדיקע טעג געטראָגן דעם יום־טוב אויף זיך: אין די אויערן — די לאַנגע, זילבערנע אויירינגען מיט די שוואַרצע דימענטן און די ווײַסע פּערל אויף איר דיקן, טונקעלן האַלדז, און איר גאַנצער צעלויכטענער יום־טובדיקער פּנים האָט דעמאָלט ווי גערעדט:

— איך האָב אַ גאַסט: מײַן משה־לייב, זאָל לעבן, איז אינדערהיים!...

— ג —

איר מאַמע, זלאַטע, איז געווען אַ טשיקאַווע ייִדענע. אַ זקנה, איז זי אָבער געווען הויך און געזונט, ממש אַן אַלטער דעמב.

זי איז שטענדיק פֿאַרהאַוועט געווען, שטענדיק פֿאַרנומען געווען אין שטוב, אויפֿן הויף און אינעם גערטל, אַהינטערן הויף, וועלכן זי האָט אַליין מיט די אייגענע הענט פֿאַרזייט. זי האָט זיך נישט פֿאַרלאָזן אויף די הענט און אויף די אויגן פֿון אַנדערע, נאָר אַליין געאַרבעט און אַליין אויף אַלצדינג אַכטונג געגעבן.

האָט אַכטונג געגעבן אויף די אייניקלעך, אויף איר טאָכטער, אויף משה־לייבן, ווען ער איז אינדערהיים געווען, אויף דער קו אין דער שטאַל, אויף דעם קעלבל, וואָס זי האָט געהאָדעוועט, אויף די הינער מיט די ציפּ־ליאַטקעלעך, וואָס זי האָט אויך געהאָדעוועט, און כּסדר האָט מען אויף אונדזער גאַס איר קול געהערט.

— טשאַק—טשאַק—טשאַק־אַק! האָט זי גערופֿן איר קו.

— ציפּ—ציפּ—ציפּ! — אירע הינער מיט די ציפּליאַטקעלעך.

— אַפּסיק! אַפּסיק! — האָט זיך אַמאָל אויך געהערט איר געשריי אויף אַ קאַץ.

צי גאָר:

— האַיוס! האַיוס! — האָט זיך אַמאָל געטראָגן איר גוואַלד איבער אונדזער גאַס, ווען זי האָט געטריבן אַ חזיר, וואָס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו איר אין גאָרטן.

איר קול האָט זיך תמיד געלאָזט הערן איבער דער גאַנצער גאַס, ווײַל ער איז געווען אַזאַ געזונטער, אַ געזונט־מאַנסבילשער כמעט.

די דאָזיקע זלאַטע האָט תמיד מורא געהאַט פֿאַר אַן עין־הרע און, מען האָט דערציילט, אַז יעדן טאָג האָט זי אָפּגעשפּיגן און אָפּגעשפּראָכן עין־הרע סײַ איר טאָכטער רבקהן און סײַ די אייניקלעך, און אַז אַפֿילו פֿאַר איר קו און דאָס קעלבל און פֿאַר אירע הינער מיט די ציפּליאַטקעלעך האָט זי געהאַט איר אייגענעם עין־הרע־אָפּשפּרוך...

„זלאַטע די בהמה״ האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן אויף אונדזער גאַס, ווײַל אַמאָל, בעת זי האָט נאָך געוווינט מיט איר מאַן דעם מילנער און מיט זייער בת־יחידה אויפֿן דאָרף, האָט אויסגעבראָכן אַ מגפֿה אויף בהמות, וועלכע האָט אָוועקגעלייגט אויך בײַם מילנער אַלע קי; האָט דאָס זי, זלאַ־טען, דעמאָלט אַזוי צעטרייסלט, אַז נאָך איצט, מיט יאָרן און יאָרן שפּע־

טער, האָט זי דערפֿון גערעדט, און נישט סתם גערעדט, נאָר האָט גערעכנט במעט אַלצדינג פֿון אָט דער צײַט, ווען דאָס איז געשען.

למשל, מען פֿרעגט בײַ איר, ווי אַלט איז איר טאָכטער, גיט זי אַזאַ חשבון:

— בעת די מגפֿה אויף די בהמות, נישט היינט געדאַכט, איז מײַן רבקהלע, זאָל לעבן, אַלט געווען צען יאָר, ביז הונדערט און צוואַנציק; און אַכט יאָר נאָך יענער מגפֿה אויף די בהמות, נישט איצטער געדאַכט, האָט רבקהלע מיט מזל חתונה געהאַט, איז זי היינט, ביז הונדערט און צוואַנציק...

און אַזוי ווײַטער.

אַפֿילו די יאָרן, זינט איר מאַן איז געשטאָרבן, רעכנט זי פֿון דער צײַט, ווען יענע מגפֿה איז געשען.

ענטפֿערן וויל זי נאָר נישט, ווען מען פֿרעגט בײַ איר, ווי אַלט זי איז אַליין.

זי ווערט דערמאַלט אין כעס און בורטשעט אַרויס:

— זאָל גאָט צײלן מײַנע יאָרן; איך האָב בײַ קיינעם קיין יאָרן נישט פֿאַרנומען!...

און מער רעדט זי נישט דערפֿון.

מיט איר טאָכטער רבקהן באַגייט זי זיך, אַזוי ווי רבקה וואָלט נאָך געווען אַ קליין קינד, פּונקט ווי מיט דעם קליינוואַרג, אירע אייניקלעך. שרײַט אָן אויף איר, אויב רבקה טוט עפּעס, וואָס איר געפֿעלט נישט, און שילט זי אָן אַמאָל אויך, אַפֿילו ווען פֿרעמדע מענטשן זײַנען דערבײַ.

אָבער רבקה ענטפֿערט איר קיינמאָל נישט צוריק, שווײַגט, שמייכלט נאָר גוטמוטיק מיט איר שטילן, חנעוודיקן שמייכל.

אַפֿילו משה־לייב אַליין כאַפּט אויך אַמאָל אַ גאָב פֿון זײַן שוויגער, כאָטש ער איז אַן אורח בײַ אים אינדערהיים, און בײַ איר, זלאַטען, אויך אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט.

און ער, משה־לייב, איז אויך שטענדיק מקבל באַהבה איר גאָב מיט אַ פֿריילעכן שמייכל...

מיט אַמאָל — אוים קורסק, אוים „ראַסיי" פֿאַר משה־לייבן. די נײַע „נאַטשאַלסטווא" אין קורסק פֿאַרבאָט אים, דעם ייִדן, דאָרט צו זיצן.

קומט ער דערנאָך אַהיים קיין וויטעבסק אין מיטן ווינטער אַ פֿאַר־הושכטער, זוכט עפּעס צו טאָן, זוכט אַ שטעלע, פּרוּווט האַנדלען מיט אײַן, מיט אַנאַדער זאַך — שלעכט, נישטאָ קיין חיונה!

און בײַ משה־לייבן אינדערהיים איז מען געוווינט צו לעבן נישט גע־קאַרגט, לעבט מען ווײַטער, ווי פֿריִער; מען האָלט אָן די קו און דאָס קעלבל,

און די הינער, און די דינסט, און משה־לייב האַנדלט ווײַטער אַן מזל און האַפּט, און זײַן לאַנגע ווערט אַלץ ערגער און ערגער.

האָט משה־לייב אַ ברודער אין אַמעריקע, שרײַבט ער זיך דורך מיט אים; ביז איינמאָל — משה־לייב פאַרקויפט זײַן הויז און די גאַנצע באַלע־באַטישקייט און זעגנט זיך מיט די שכנים און מיט די באַלעבאַטים פונעם בית־מדרש און פאָרט אַוועק מיט ווײַב און קינדער און מיט דער אַלטער זלאַטען קיין אַמעריקע.

דאָס איז געווען אַ יאָר דרײַ פריִער, איידער איך בין אַהער געקומען. אָט צו דעם משה־לייבן האָט אברהם־בער מיך איצט געפירט.

— ד —

אַז ערד אין אַ האַלבער שעה שפּעטער גייט אברהם־בער מיט מיר אי־בער אַ שטיל געסל, ווו צוויי־שטאָקיקע הײַזקעס מיט ווײַסע גאַניקלעך צו דער גאַס האָבן געבלאַנקט פאַר זויבערקייט.

נעבן איינעם פון אָט די הײַזקעס שטעלט זיך אָפּ אברהם־בער און קלינגט אָן.

אַן אַלטע ייִדענע מיט אַ שײַטל אויפן קאָפּ האָט געעפנט די טיר — טאַקע די אַלטע זלאַטע אַליין.

איך האָב זי תיכף דערקענט, הגם זי האָט זיך פאַר דער צײַט, זינט זי איז אַוועק פון וויטעבסק, אַ סך געענדערט און די עלטער האָט זיך אויף איר איצט שטאַרק אָנגעזען.

איר פריִערדיקע הויכע און ברייטע און גלייכע געשטאַלט איז איצט געבויגן געווען און אַזוי ווי זי וואָלט אַ הויקער אויף איר אַלטן רוקן גע־טראָגן.

— וווינט דאָ מיסטער משה־לייב בלאָך? — רופט זיך אָן צו איר אברהם־בער.

— יאָ. וואָס? — ענטפערט זי, און קוקט אויף אונדז מיט אירע אַלטע, מידע אויגן.

— געבראַכט צו אײַך אַ גרינעם, אַ לאַנדסמאַן — מאַכט צו איר אברהם־בער — נעמט אים אויף פריינטלעך. קיינעם, נעבעך, האָט ער דאָ נישט — צעלאָזט זיך אברהם־בער מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט געבעטן פאַר מיר אַ נדבה.

מיטאַמאָל — די אַלטע זלאַטע טוט אַ פּאַטש אין די הענט און שרײַט אויס:

— אוי, אַ שלאַק האָט מיר געטראָפן, דאַכט זיך, אַז דאָס איז רחל־לאהס יִנגל, לייבקע!...

— וואָס מאַכט איר עפּעס, זלאַטע? — פרעג איך דערנאָך.

— טאַקע לייבקע? — צעשרייַט זי זיך נאָך העכער — אוי, אַ ווייטיק איז מיר! קום אַרייַן, קום אַרייַן אין שטוב. אַ גרויל, אַ גרויל, ווער עס קומט אהער! ווי אַזוי האָט דיין מאַמע דיך געלאָזט פאָרן אהער? — אַי־אַי־אַי! — טענהט זי און קרעכצט, פירנדיק אונדז דורך אַ ליכטיקן און ציכטיקן קאָרידאָר צו איר אין דירה אַרייַן.

זי פירט אונדז אַרייַן אין אַ צימער.

— זיץ, לייבקע, און איר, רבי מיסטער אויך — זאָגט זי פאַרהאַ־ווּעט — נאָך נישט געגעסן, מסתמא, האָ? איכ׳ל דיר באַלד עפּעס דער־לאַנגען.

און עס העלפט נישט, ווען איך זאָג, אַז איך וויל נישט עסן, זי לויפט אַרוים איינגעהויקערט, ריידנדיק צו זיך אַליין:

— לייבקע, רחל־לאהס, אַי־אַי־אַי!...

מאַכט דערנאָך צו מיר אברהם־בער, ווען זי איז אַוועק, און גלעט זיך דערביַי צופרידן זייַן לאַנגע שוואַרצע באָרד:

— נו, אַ דאַנק גאָט. קענטיק אַ ריכטיקן „דרעקשעל" האָט איר גע־האָט. איַיער לאַנדסמאַן מאַכט אַ שיין לעבן, קענטיק. אָרעמעלייַט וווינען נישט אין אַזעלכע שיינע רומס...

אינעם צימער, וווּ מיר זיצן, הגם איינפאַד מעבלירט, בלאַנקט אַלצדינג פאַר זויבערקייט. דער דיל איז באַדעקט מיט אַ געקעסטלטן „אוילקלאָט" און אויף די אויסגעטאַפּעצירטע ווענט הענגען צוויי גרויסע בילדער. איינס פון די צוויי איז לאַסאַלס אַ בילד, און איך פאַרוווּנדער זיך שטאַרק, ווי אַזוי קומט אַ בילד פון לאַסאַלן צו משה־לייבן אין שטוב.

די אַלטע זלאַטע קומט אַרייַן צוריק.

— קום, כאַפּ עפּעס איבער — מאַכט זי צו מיר.

און עס העלפן נישט מייַנע טענות, אַז עסן וויל איך נישט. זי באַ־שטייט אויף אירס:

— קום עסן, קום. וועסטו אויסטרינקען אַ גלאָז קאַווע.

— ווי איך זע, מיסעס — רופט זיך אָן אברהם־בער — קענט איר אים גוט.

— סטייַטש, קען איך אים. אויף איין גאַס געוווינט אין דער היים. איך קען זייַן טאַטן, זייַן מאַמען. זייַן זיידן, אונדז צו לאַנגע יאָר, נאָך גע־קענט. ווי איר קוקט אים אָן, איז ער יִנגלווייַז געווען זייער אַ גרויסער שקץ.

איבערגעקערט די וועלט מיט די אַנדערע ייִנגלעך. אַ וואַריאַט אַ מוראַדיקער געווען. אַ קאַטאַוועס, לייבקע רחל־לאהס וואַריאַט! מען האָט געמיינט, אַז ער וועט אויסוואַקסן דער גרעסטער „אַכוואַטניק”. נאָכדעם אָבער האָט ער זיך אויסגעמענטשלט און געוואָרן סטאַטעטשנע. גאָר אַן אַנדער ייִנגל. קום, קום, לייבקע, דײַן קאַווע וועט קאַלט ווערן.

אברהם־בער זעגנט זיך מיט מיר. איך באַדאַנק אים.

זיץ איך נאָכדעם מיט דער אַלטער זלאַטע אין אַן אַנדער צימער. איך טרינק קאַווע און זי פרעגט אויס וועגן דער היים.

זי פרעגט זיך נאָך אויף אַלע שכנים און שכנות פון אונדזער גאַס און רופט אַן יעדן און יעדע בײַם נאָמען, אַפילו זייערע קינדער: פרעגט, צי מען האָט דעם און דעם צוגענומען אין סאָלדאַטן, חלילה, און ווער פון די שכנישע מיידלעך האָט שוין, מיט מזל, אַ חתן, צי חתונה געהאַט...

זי איז אַזוי פול מיט היים־בענקעניש, אַז זי פרעגט זיך נאָך בײַ מיר, אויב די גאַס אונדזערע זעט אויס אַזוי ווי פריִער, און ווי זעט אויס איצט משה־לייבס הויז, און צי דער איצטיקער באַלעבאָס פון אָט יענעם הויז האַלט אויך אַ בהמה און צי מען פאַרזייט דאָרט איר אַמאָליק גערטל...

— דאָ־הי — רעדט זי מיט בענקעניש — אין אָט דעם כּף־הקלע — איז קיין זכר דערפון נישטאָ. ווּ זעט מען דאָ אַ בהמה, אַ הינדעלע, — אַפילו אויף אַ רפואה איז דאָס נישטאָ!

בײַ אונדז אויפן עק־גאַס האָט אַ קריסט מיטן נאָמען קאָסטיוק געהאַט אַ גרויסן סאָד, ווּ אין די זומערדיקע נעכט האָט אַ נאַטכיגאַל געזונגען; טוט מיטאַמאָל אַ פרעג די אַלטע זלאַטע:

— לייבקע, זינגט נאָך דער סאָלאָוויי אין קאָסטיוקס סאָד, האָ?... און דערנאָך:

— לייבקע, ביסטו אפשר געווען בײַ אונדז אויפן בית־עולם?...

און זי רעדט ווײַטער מיט בענקעניש אַן־אַ־שיעור:

— צי שטייט דאָרטן נאָך די מצבה פון איר שלמה־איצעס קבר? ווער וועט דאָרטן אַכטונג געבן אויף איר מאַנס מצבה, ווען זי איז דאָ!...

קענטיק, אַז עס איז איר איצט שווער נישט צו רייִדן. זי קלאָגט זיך פאַר מיר מיט אַ געבראָכענעם קול, און ווישט מיט דער הוילער האַנט די אויגן:

— שלעכט. נישט גוט. פאַרשלעפּט אירע אַלטעביינער אין אַ כּף־הקלע אַרײַן, ווײַט פון איר שלמה־איצען. זי קען אַפילו נישט קומען צו אים אויפן קבר און אויסדערציילן אים אירע גרויסע יסורים, וואָס זי טראָגט בײַ איר אין האַרצן פון זייער בת־יחידהקע און פון אַלעמען.

— וואָס מאַכט אײַער טאַכטער? — שלאָג איך זי איבער.
— וואָס זי מאַכט? אַ תכלית פון איר דאָ געוואָרן — זיפצט זי.
— וואָס הייסט?
— אױס ייִדישע טאַכטער — קרעכצט די אַלטע זלאַטע — בענטשט נישט קײן ליכט. לאַכט זיך אױס פון גאָט און פון לײַט. נישט קײן שבת און נישט קײן יום־טוב, נאָר „מיטינגס" און „מיטינגס" און די „קאָ־מונקע"...

פאַרשטײ איך נישט, וואָס זי מײנט. מיר קען דאָך נישט אײַנפאַלן, אַז יענע, רבקה משה־לײבס, וואָס איך האָב אינדערהײם געקענט, זאָל האָבן אַ וועלכע נישט איז שײכות צו עפּעס קאָמוניסטישע מיטינגען.
— וואָס מײנט איר „קאָמונקע", זלאַטע? — פרעג איך.
— אַט אַזוי ווי איך דערצײל דיר, לײבקע: זי וויל נאָר אין „קאָמונ־קע"; דערפאַר לויפט זי דאָך אַרום אויף די מיטינגען ביז האַלבער נאַכט.

ווערט מיר דאָן אַ ביסל קלאָרער דער ענין. איך דערמאָן זיך אויך אַן דעם בילד פון לאַסאַלן אויף דער וואַנט, און איך חידוש זיך:
— רבקה משה־לײבס... יענע רבקה?... וואָס טוט זיך דאָ?

איך פרעג זיך נאָך דערנאָך אויף משה־לײבן אַלײן; דערצײלט מיר די אַלטע זלאַטע, אַז ער אַרבעט בײַ סיגאַרן, פאַרדינט אויף חיונה, אָבער קײן נחת פון אים האָט זי אויך נישט. ער אַרבעט אום שבת און אפילו ראש־השנה און יום־כּפּור פוילט ער זיך צו גײן אין שול אַרײַן.

חידוש איך זיך נאָך מער: משה־לײב דער בעל־מפטיר און בעל־שישי פון דער הײם זאָל נישט גײן אין אַ שול ימים־נוראים אפילו!...

פרעג איך בײַ איר, אויב ער, משה־לײב, גײט אויך אויף מיטינגען. דערצײלט זי מיר, אַז בײַ אים זײַנען די מיטינגען דווקא טריף ווי חזיר און אַז ער וויל נישט לײַדן, הלמאי רבקה גײט אויף די מיטינגען; נאָר זי הערט אים ווי די קאַץ, זינט זײ זײַנען אין אַמעריקע האָט משה־לײב בײַ איר, רבקהן, אַ פּנים ווי בלאָטע — זיפצט די אַלטע זלאַטע.

דאָן דערהערט זיך דאָס טיר־גלעקל.
— מסתמא רבקה! — הײבט זיך אויף די אַלטע זלאַטע און זי גײט אַוועק עפענען די טיר.

# פינפטער קאַפּיטל

## רבקה און ווי אַזוי זי איז דאָ איבערגעשאַפן געוואָרן

— א —

אַ פּאָר באַמערקונגען, איידער איך שרײַב ווײַטער:

מיט אָט די ערשטע קאַפּיטלען פון די דאָזיקע זכרונות מײַנע בין איך אויסן אויפֿצולעבן דעם ייִדישן אימיגראַנט פון 50 יאָר צוריק, דווקא דעם מ אַ ס אָ ו ן, דעם אומבאַקאַנטן „עמך", ווי איך זע אים הײַנט מ י ט ד י א ו י ג ן פ ו ן מ ײַ ן ז כ ר ו ן אין זײַן דעמאָלטיקער פיזישער און גײַסטיקער געשטאַלט; ווײַזן, ווי אָט יענער ייִדישער אימיגראַנט, דער פרײַערדיקער היימישער קרעמער און מאַרק־הענדלער, דער פרײַערדיקער היימישער ווינט־מענטש, און דער ייִד מיט אײַנגעוואָרצלטע געוווינהייטן, מנהגים און השגות, איז דאָ, אויפֿן אַמעריקאַנישן באָדן, איבערגעשטאַלטעוועט און איבערגעפורעמט געוואָרן, ווי ער איז אינגאַנצן דאָ־הי איבערגעשאַפן געוואָרן.

און נאָר אויף אַזאַ'ן אופֿן, אַפּשטעלנדיק זיך, הייסט עס, אויף דעם אומבאַקאַנטן, מאַסאָוון ייִדישן אימיגראַנט פון יענער צײַט מער ווי אויף דעם באַוווּסטן, צי באַרימטן יחיד (וועגן די באַרימטע יחידים שרײַב איך אויך אין מײַנע ווײַטערדיקע קאַפּיטלען) וועט מיר געלינגען אַרויסצוברענגען אַ מער ברייט און פול בילד פון יענער מעשה־בראשית פון אונדזער הײַנטיקן לעבן אויף דער היגער ייִדישער גאַס. און אגב, וועט עס שוין אויך ממילא געבן אַ מער קלאָר פֿאַרשטענדעניש וועגן דער דעמאָלטיקער אַרבעט פון אונדזערע יחידים, די פּיאָנערן, די טוער און שאַפער אַליין.

איך האָב יענע היסטאָרישע צײַט אויף אונדזער היגער ייִדישער גאַס געקענט; געזען יענע ייִדישע אימיגראַנטן און געלעבט און מיטגעלעבט

אין זייער סביבה אויף יענער אמאליקער יידישער גאס, און דער איינדרוק פון דעמאלט איז היינט נאך אזוי פריש אין מיין זכרון, ווי דאס אלצדינג וואלט ערשט נעכטן פאסירט...

זינט איך בין אין אמעריקע האב איך געהאט גענוג איינדרוקן פון כלערליי פאסירונגען און געשעעניש, די מערסטע פון זיי אבער זיינען שוין לאנג פארלאשן און אפגעווישט; נאר דער איינדרוק פון יענער היסטארישער צייט, און ווי יענע יידישע אימיגראנטן זיינען דא־הי איבערגעשאפן געווארן, וועט אין מיין זכרון קיינמאל נישט אויסגעלאשן ווערן, וועט דארט פאר־בלייבן אזוי לאנג, ביז דער לעצטער פונק פון ליכטיקייט וועט דארט לייכטן...

די גרעסטע וואונדערס האב איך דעמאלט געזען, וואונדערס אזעלכע, וואס מיר, בלויז א פאר יידישע שרייבער, זיינען זוכה געווען זיי צו זען, און דעם איינדרוק פון זיי צו פארפיקסירן אין אונדזער שרייבן, און מחמת דעם טאקע, ווייל מיר זיינען די ערשטע און די איינציקע, וואס האבן גע־שילדערט אין אונדזערע שריפטן אט דעם וואונדערלעכן איבערראשאפונג־פרא־צעס צווישן די דעמאלטיקע יידישע אימיגראנטן אין אמעריקע, זיינען מיר אן שום ספק די אמעריקאנישע יידישע שרייבער...

— ב —

אויך רבקה משה־לייבס, איז געווען איינע פון זיי.

ווען די אלטע זלאטע האט די טיר געעפנט, איז רבקה טאקע אריינגע־קומען. איך דערקען זי באלד, ווען זי קומט נאכדעם אריין אין דעם צימער ווו איך זיץ.

אין איר מאנטל און מיטן הוט אויפן קאפ קומט זי אריין, א פריילעכע און א צערויטלטע, מיט צעפינקלטע אויגן און מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט צו מיר.

דריקט מיר די האנט אזוי ווארעם.

אויף אזא גאסט האט זי זיך גאר נישט גערעכט — רעדט זי הארציק — און ווי זאל זי מיך רופן: קאברין, צי לייבע, צי ליאווא, ווי מיין שוועסטער האט מיך גערופן? און צי זי זאל מיר זאגן „דו" אדער „איר"?...

זאג איך איר, זי זאל מיך רופן ביי וועלכן נאמען זי וויל אליין; אבער אירצן דארף זי מיך נישט.

טוט זי זיך מיטאמאל א כאפ מיט קינדערשער התפעלות:

זי וועט מיך גאָר רופן „לעאָן”. אַלע בײַטן דאָ זײערע נעמען און לעאָן איז אַ שײנער נאָמען און פּאַסט פאַר אַ קעמפּער...

— פאַר אַ קעמפער? רוף איך זיך אָן פאַרוווּנדערט.

זאָגט זי, אַז אַ ביסל וועגן מיר ווײסט זי פון מײַן שוועסטערס בריוו צו אַניוטאַן... און, ווידער, האָפט זי, אַז איך וועל דאָ זײַן אײנער פון די קעמפנדיקע רײען...

און לײגט צו כמעט מיט שרעק:

— נאָר נישט קײן סאָציאַל־דעמאָקראַט!...

נאָכדעם מאַכט זי צו מיר, אַז איך בין זײער אויסגעוואַקסן פאַר דער צײַט, זינט זי האָט מיך נישט געזען, געוואָרן אַ גאַנצער מאַן. און זי פרעגט, ווי זי זעט אויס, און אויב זי האָט זיך אַ סך געענדערט.

איך קוק אויף איר: אויב זי האָט זיך געענדערט, איז צום בעסערן. זי איז נאָך איצט אויך גענוג דיק, אָבער נישט אַזוי ווי פריִער. און מחמת דעם זעט זי אויס שלאַנקער און ייִנגער ווי פריִער. און, אַחוץ דעם, איז איר טונקעלער, חנעוודיקער פּנים איצט באַזעלט מיט אַ באַזונדערן פײַנעם אויסדרוק, וואָס בײַ דער פריִערדיקער רבקהן אויפן פּנים האָט מען אים נישט געזען.

איך זאָג דאָס איר און גיב נאָך צו, אַז, ווי איך זע, האָט זי זיך „וואַאַבשטשע” — בכלל, הײסט עס — אַ סך געענדערט אויך „דוכאָוונע” (גײַסטיק).

אײנמאָל אַ ייִדיש, האָב איך דעמאָלט גערעדט...

אַזאַ בהמה ווי אין דער הײם — מאַכט זי צו מיר — איז זי שוין הײַנט נישט. דעם חושד פון איר בהמהשן מוח האָט זי אַ ביסל אַרויסגעטריבן. אירע אויגן זײַנען איצט געעפנט. זי לײענט. זי אינטערעסירט זיך מיטן אַנאַרכיזם זי קעמפט פאַר איר אידעאַל און קעגן די בלוטזויגערס, די עקספּלואַטאַטאָרס, קעגן דער פאַרדאַמטער דרײַ־אײניקײט: רעליגיאָן, שטאַט און געלט־זאַק. מיט אײן וואָרט, זי האָט פאַרוואָס און קעגן וואָס צו קעמפן.

און מיט אַזאַ תמימותדיקן ערנסט רעדט זי דערפון, ווי נאָר טאַקע אַ פאָלקס־מענטש, וואָס איז פון אַ נײַעם גלויבן אָנגעצונדן.

שפּעטער האָב איך געטראָפן אַ סך פון אָט דעם טיפּ מענטשן צווישן די גרינע ייִדישע מאַסן אין יענער „גרינער”, וווּנדערלעכער, היסטאָרישער צײַט סײַ אין פילאַדעלפיע און סײַ אין ניו־יאָרק; אָבער אין יענעם מאָמענט, ווען איך האָב זי, רבקהן, געטראָפן, איז זי פאַר מיר געווען אַזאַ וווּנדער, אַז איך האָב מײַנע אויגן און אויערן נישט געגלויבט.

האָט דאָס, באמת, רבקה משה־לײבס גערעדט אָט די ווערטער —

„עקספּלואַטאַטאָרס", פאַרדאַמטע דרײַ־אײניקײט: רעליגיאָן, שטאַט און געלט־זאַק — ווערטער, וואָס אויף ייִדיש האָבן זײ מיר געקלונגען דעמאָלט אַזוי טשיקאַווע, בפרט פון רבקהס מויל...

נאָכדעם זאָגט זי צו מיר, אַז איך זאָל מיט איר אַרײַנגײן אין צווייטן צימער. זי וועט מיך דאָרט באַקענען מיט אַן אינטערעסאַנטער דאַמע, מיט איר לערערין, וואָס לערנט מיט איר ענגליש און וועלכע איז אירע אַ גענאָסינע אויך. די דאַמע איז אַ באַרימטע אַנאַרכיסטקע, אַ רעדנערקע און אַ שרײַבערקע, און זי הייסט וואָלטערינע דע־קלעיר.

גײ איך מיט איר, און דאָרט אין דעם צימער, וווּ איך בין פריִער געזעסן, זיצט איצט אַ יונגע דאַמע און לייענט עפּעס אַ צײַטונג. און די אַלטע זלאַטע אויפן אַנדערן עק צימער ווישט דאָרט מיט אַ שמאַטקעלע דעם „אויסקלאַט" אויפן דיל.

רבקה פירט מיך צו דער יונגער דאַמע. און זאָגט איר עפּעס. די יונגע דאַמע טוט אַ קוק אויף מיר און צעשמייכלט זיך מיט קליינע, ווײַסע צײן.

דאַן טוט זי זיך האַסטיק אַ הייב, אַ הויכע און אַ שלאַנקע, דריקט ענערגיש מיר די האַנט, מעשה מאַן, און קוקט מיר גלײַך אין פּנים אַרײַן מיט אַ פרײַנטלעכן שמייכל און מיט אויגן אַזעלכע, פון וועלכע איך ווער עפּעס צומישט.

די יונגע דאַמע צעלאַכט זיך הילכיק און דערנאָך זאָגט זי עפּעס צו רבקהן מיט אַ מוזיקאַליש־הילכיק קול:

— גענאָסין וואָלטערינע דע־קלעיר מיינט, אַז דו ביסט זייער אַ שעמעוודיקער — פאַרטײַטשט מיר רבקה, וואָס די יונגע דאַמע האָט איר געזאָגט.

פאַרשעמט איך זיך ערשט דעמאָלט ריכטיק. איך פיל, ממש, ווי דאָס פּנים פלאַמט בײַ מיר.

די יונגע דאַמע רעדט עפּעס ווידער צו רבקהן, — און ווידער פאַרטײַטשט פאַר מיר רבקה.

— גענאָסין וואָלטערינע די־קלעיר זאָגט, אַז דו האָסט אַ קאָפּ האָר, ווי אַ פּאָעט. זי איז אויך אַ פּאָעטעסע. איר געפעלן זייער דײַנע האָר — זאָגט זי.

און זי, רבקה אַליין, באַמערקט אויך דערבײַ:

— דו האָסט טאַקע זייער שיינע האָר, לעאָן... (נישט הײַנט געדאַכט!).

דערווײַל האָבן רבקה און די יונגע דאַמע אויסגעטאָן זייערע מאַנטלען און הוט.

אַז דעם מאַנטל איז רבקה נאָך ווייניקער דיק און אַז דעם הוט זעט זי אויס נאָך יינגער. און דאָ מיט אַמאָל באַמערק איך, אַז די שוואַרצע האָר בײַ איר זײַנען געשוירן.

דערפאַר טראָגט די יונגע דאַמע צוויי לאַנגע, ברוינע צעפּ, וואָס פאַלן בײַ איר פונעם נאַקן אַרונטער איבערן רוקן, ווי צוויי שלאַנגען, ביז צו אירע שמאָלע היפטן.

די דאָזיקע יונגע דאַמע וואָלטערינע דע־קלעיר איז הויך און מאָגער, איז ווײַט נישט קיין פאַרשוין; זי האָט אָבער גרויסע שיינע אויגן, פון וועלכע איך רויטל זיך, בשעת זיי טוען אַ קוק אויף מיר, און שיינע, שמייכלענדיקע, ווײַסע, קליינע ציין, און אַ מוזיקאַליש־הילכיק קול.

אין יענער צײַט האָט זי געמוזט זײַן אַלט אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, אפשר דרײַסיק.

רבקה רעדט מיט איר אַ ווײַל, נאָכדעם טוט זי זיך אַ קער צו מיר.

איר ענגלישע שעה איז איצט — זאָגט זי צו מיר — ווען יענע לערנט מיט איר ענגליש. אָבער איך קען בלײַבן זיצן אינעם צימער. איך׳ל איר גאָרנישט שטערן. אַ שאָד, וואָס זי קען מיר נישט געבן עפּעס צו לייענען, קיין רוסישע ביכער האָט זי נישט און קיין ענגלישע לייען איך דאָך נישט. אָבער זי האָט עפּעס יאָ פאַר מיר — טוט זי זיך אַ כאַפּ מיטאַמאָל — איך לייען דאָך, מסתמא זשאַרגאָן? איך זאָל זיך נאָר נישט שרעקן, זי וועט מיר נישט געבן שמרס צי בלווישטיינס אַ ראָמאַן צו לייענען, לאַכט זי — נאָר עפּעס גאָר־גאָר וויכטיקס, וואָס איך מוז לייענען — באַטאָנט זי שטאַרק דאָס וואָרט „מוז"...

און זי לויפט אַרויס פאַרהאַוועט פונעם צימער.

גייט צו צו מיר דעמאָלט וואָלטערינע דע־קלעיר מיט די צוויי לאַנגע צעפּ און מיט אירע מערקווירדיקע גרויסע אויגן, וואָס זייער בליק קען איך נישט אויסהאַלטן און זי רעדט און רעדט צו מיר און שמייכלט מיט אירע קליינע, ווײַסע ציין, און איך מוז קוקן איר אין פּנים און קען נישט, און גיי טרעף, וואָס זי רעדט דאָרט צו מיר!...

די אַלטע זלאַטע וויל מיך מסתמא אַרויסראַטעווען פון מײַן באמת שווערע לאַגע, גייט זי צו צו אונדז מיטן שמאַטקעלע אין דער האַנט און רוקט זיך אַרײַן צווישן מיר און וואָלטערינען מיט איר אײַנגעהויקערטן גוף.

— ער איז אַ גרינהאָרן — מאַכט זי צו וואָלטערינען — ענגליש נאָ־אָ, נאָ־אָ, אַ וואָרט נישט! — שאָקלט זי צו יענער מיטן קאָפּ.

— יעס, יעס — מאַכט וואָלטערינע דע־קלעיר אויך מיט איר קאָפּ און שמייכלט צו איר און צו מיר.

— ג —

רבקה האָט זיך צוריקגעקערט מיט אַ ייִדישע צײַטונג. — נאַ, דו װעסט דאָ געפֿונען װיכטיקע אַרטיקלען — דערלאַנגט זי מיר די צײַטונג — אָבער לייען און זאָג מיר דערנאָך, װי די צײַטונג געפֿעלט דיר.

די צײַטונג איז דער לאָנדאָנער „אַרבעטער פֿרײַנד".

איך זעץ זיך אַװעק און קוק אין איר אַרײַן.

אַ צײַטונג אויף „זשאַרגאָן" — אַ טשיקאַװע זאַך פֿאַר מיר.

איך פּרוּװ לייענען, שװער צו פֿאַרשטיין דעם לשון, װאָס רעדט אַזעל־כע װערטער, װי „פּאָליאַטיװ", „רעװאָלט", „אויסבײַטער", „פּאַפּען".

אַזעלכע װערטער אויף „זשאַרגאָן" האָב איך פֿריִער קיינמאָל נישט געהערט.

די צײַטונג אָבער פֿאַראינטערעסירט מיך. זי איז אינגאַנצן פֿאַר מיר אַ נײַעס. אַ רעװאָלוציאָנערע צײַטונג אויף „זשאַרגאָן" — פֿאַר מיר אַ נײַע אַמעריקע...

איך לייען װײַטער — שװער: טשיקאַװע װערטער, אַ טשיקאַװער זשאַרגאָן; אָבער אַט פֿאַלט מײַן אויג דאָרט אויף אַן אַרטיקל: „צעשלאָגענע געדאַנקען פֿון אַ משוגענעם פֿילאָזאָף", און דער דאָזיקער אַרטיקל פֿאַר־כאַפּט מיך. יעדער װאָרט פֿון אָט דעם אַרטיקל פֿאַרשטיי איך. פּשוטער מאַמע־לשון, גײַסטרײַך און װיציק און אַזוי פֿול מיט אײַנפֿאַלן און פֿאַר־גלײַכונגען, און איז דורכאויס רעװאָלוציאָנעריש.

דעמאָלט האָב איך זיך נישט געקענט אָפּװוּנדערן, װי אַזוי מען קען גאָר אַזוי שרײַבן אויף „זשאַרגאָן". מחמת די װערק פֿון די ייִדישע שרײַבער פֿון יענער צײַט זײַנען מיר אינגאַנצן פֿרעמד געװען. איך האָב געװוּסט, אַז עס זײַנען פֿאַראַן „זשאַרגאָנישע" מעשה־ביכלעך פֿון שמר און בלױשטיין, װאָס ייִדישע װײַבער אינדערהיים, אַזעלכע װי די פֿריִערדיקע רבקה און ייִדישע דינסטמיידלעך, לייענען. אמת, איך האָב אויך געװוּסט, לייענענדיק דעם זשורנאַל „װאָסכאָד", אַז עס זײַנען פֿאַראַן ערנסטע „זשאַרגאָנישע" שרײַבער אויך, אָבער לייענען זיי, ביז מײַן קומען קיין אַמעריקע, איז מיר פֿריִער נישט אויסגעקומען. דאָס אײנציקע װערק, װאָס איך האָב ביז דעמאָלט געלייענט פֿון אַ ייִדישן שרײַבער, איז געװען מענדעלעס „קליאַטשע", האָב איך עס געלייענט אין אַ רוסישער איבערזעצונג, בעת עס האָט זיך געדרוקט אינעם „װאָסכאָד".

קורץ, װען איך לייען דעמאָלט אינעם „אַרבעטער פֿרײַנד" „צעשלאָ־

גאַנצע געדאַנקען פון אַ משוגענעם פילאָזאָף", קען איך זיך גאָרנישט אָפּ־וווּנדערן, ווי אַזוי מען קען שרײַבן אַזוי גוט אויף „זשאַרגאָן". אין דעם איינציקן נומער „אַרבעטער־פרײַנד" געפין איך אויך אַ ליד פון איינעם מ. וו., געפעלט מיר דאָס ליד אויך. עס איז רעוואָלוציאָנער און עס איז געשריבן אין אַ קלאָרן און האַרציקן מאַמע־לשון.

אין יענער רגע האָט זיך מיר אַפילו נישט געחלומט, אַז דער דאָזיקער מ. וו. (מאָריס ווינטשעווסקי), וואָס ער איז אויך געווען דער שרײַבער פון „צעשלאָגענע געדאַנקען", וועט זײַן אַמאָל איינער פון מײַנע גוטע פרײַנט אין אַמעריקע...

דערווײַל, בעת איך לייען די צײַטונג, רוקט זיך שוין צו מיר די אַלטע זלאַטע. נאָך אַלץ מיט דער שמאַטקעלע אין דער האַנט און מאַכט צו מיר גאַנץ שטיל:

— די ערלטע מיט די צעפּ... דאָס איז אַלץ איר קאָפּ...

— וואָס? — קוק איך אָן די אַלטע.

— די קאַמונקע האָט זי דאָס אויסגעטראַכט. משה־לייב האָט מיר דער־ציילט. און דו זעסט אָט יענעם מיט דער באָרד אויף דער וואַנט? — טוט זי אַ מאַך מיטן באַשייטלטן קאָפּ צו די בילדער, וואָס הענגען אויף דער וואַנט — דו מיינסט דאָך, מסתמא, אַז דער, וואָס איז מיט דער באָרד, איז עפּעס אַ רבֿ? חלילה! אַן ערל, אַ פּשוטער גוי. ער הייסט באַקונקע, אַ גאַנצער מאַכער — זאָגט משה־לייב — אין דער קאַמונקע...

און זי וואַרפט אַ בייזן בליק צום בילד און גייט דערנאָך אַרום מיט אַ טיפן זיפץ פונעם צימער.

איך קוק זיך אײַן אין באַקונינס בילד, וואָס איך זע עס איצט צום ערשטן מאָל. פון דעם, וואָס איך האָב וועגן אים געלייענט, האָב איך זיך אים גאָר אַנדערש פאָרגעשטעלט. נישט אַזאַ בעל־גוף און נישט מיט אַזעל־כע אויסגעפּאַשעטע באַקן, וואָס זײַנען ווי אויסגעפּאַשעטע מיט דורות־לאַנגן וווילטאָג פון רוסישע פּריצים.

— ד —

רבקה און וואַלטערינע דע־קלעיר זײַנען געוואָרן פּאַרטיק מיט זייער ענגלישער שטונדע, פאַרנעמען זיי זיך ווידער מיט מיר.

רבקה וויל וויסן ווי מיר געפעלט די צײַטונג; זאָג איך איר, אַז נישט אַלצדינג פאַרשטיי איך אין דער צײַטונג; רופט זי זיך אָן, אַז זי וועט מיט מיר לייענען, דעמאָלט וועל איך שוין אַלצדינג פאַרשטיין.

קומט עם מיר ווידער אויס טשיקאַווע, און טאַקע שטאַרק טשיקאַווע, וואָס רבקה משה־לייבס וויל זיין מיין לערערין אין אַמעריקע...

וואַלטערינע דע־קלייר זעצט זיך צו צו מיר און הייבט אָן מיך אויסצופרעגן דורך רבקהן וועגן דער רוסישער ליטעראַטור — וועגן טאָל־סטאָיען און טורגעניעוון, און וועגן פּושקינען, וואָס זי רעדט אַרויס „פּוטש־קין", פרעגט, אויב איך בין באַקאַנט מיט דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַ־טור און צי איך האָב געלייענט עפּעס פון קראָפּאָטקין און פון באַקונין.

אַז זי זעגנט זיך נאָכדעם מיט מיר, דריקט זי ווידער מיר די האַנט מעשה מאַן, רופט מיך „קאַמרייד" (גענאָסע) און זאָגט מיר אָן, אַז איך זאָל דערווייל לייענען די יידישע אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור, ביז איך'ל זיך אויסלערנען ענגליש און אַז איך זאָל אומבאַדינגט באַזוכן די לעקציעס פון גענאָסע פּענטיקאַסט אויך צוליב דער ענגלישער שפּראַך.

די דאָזיקע וואַלטערינע דע־קלעיר האָב איך שפּעטער אויך געטראָפן, אָבער בלויז צופעליקערהייט, אויף אַנאַרכיסטישע פאַרזאַמלונגען, צי ביי באַקאַנטע אינדערהיים.

זי האָט געשטאַמט פון פראַנצויזישע עלטערן, איז געווען אַן ענגלישע דיכטערין און אַן אַנאַרכיסטישע רעדנערין. איר הויפּט־חיונה האָט זי אין יענער צייט געצויגן פון לערנען די ענגלישע שפּראַך מיט די יידישע אימי־גראַנטן. צווישן זיי האָט זי אויך פּראָפּאַגאַנדירט דעם אַנאַרכיזם. און אונ־טער איר השגחה זיינען גאָר אַ סך פון זיי געוואָרן אַנאַרכיסטן. אירע אינטי־מע פריינט אַפילו זיינען אויך געווען פון אָט דעם קרייז יידישע אימיגראַנטן...

ווען וואַלטערינע איז אַוועק, מאַכט צו מיר רבקה, אַז זי וועט מיך טאַקע נעמען צו די לעקציעס פון פּענטיקאַסטן און זי דערציילט מיר ווער אָט דער פּענטיקאַסט איז. פריער איז ער געווען אַ גלח און היינט איז ער אַ פּיידערדיקער אַנאַרכיסט. זיינע לעקציעס זיינען תמיד איבערגעפּאַקט, אַפילו גרינע קומען צו זיינע לעקציעס. ער רעדט אַזוי גוט, אַז אַפילו גרינע קענען פאַרשטיין וואָס ער מיינט. איך האָב געדאַרפט הערן וואָס פאַר אַ תכלית ער מאַכט פון גאָט און פון רעליגיע...

נאָכדעם האָב איך אַ לאַנגן שמועס מיט איר. איך האָב געוואָלט וויסן ווי אַזוי זי, רבקה, איז דאָ געוואָרן אַן אַנאַרכיסטקע.

דערקלערט זי מיר:

גאַנץ פּשוט: איר שוואָגער, צו וועמען זיי זיינען געקומען אַהער, האָט איר די אויגן געעפנט. ער איז אַן אַנאַרכיסט־קאָמוניסט. האָט ער איר גע־געבן צו לייענען דעם „אַרבעטער פריינט" און די „פריע אַרבעטער שטימע",

און אַנאַרכיסטישע בראַשורן, האָט זי מיט זיך גענומען צו אַנאַרכיסטישע פאַרזאַמלונגען, ביז זי האָט אײַנגעזען וואָס פאַר אַ חושך עס איז בײַ איר אינעם קאָפּ. דאַן האָט זי געשלאָגן כפּרות מיט די אַלע נאַרישקייטן און זאַבאַבאָנעס, וואָס זי האָט געבראַכט פון דער היים, שוין!...

און אײַער מאַן? — טו איך אַ פרעג.

— מײַן מאַן? — טוט זי מיט ביטול אַ מאַך מיט דער האַנט — אַך! וועגן אים לוינט זיך נישט אַפילו צו רעדן. ווען ער זאָל קענען, וואָלט ער אויך געוועזן אַן אויסבײַטער, אַן עקספּלואַטאַטאָר. אמת, אַזוי פרום ווי ער איז געווען, איז ער שוין מער נישט. אָבער אין מוח איז בײַ אים נאָך גענוג פינצטער. ער וויל נישט לײַדן וואָס איך בין אַן אַנאַרכיסטקע, בור־טשעט כמעט ווי מײַן מאַמע. נאָר וועך הערט אים? זאָל ער!...

און פון אירע ווײַטערדיקע רייד דערוויס איך זיך נאָך מער פּרטים וועגן איר משה־לייבן.

ער איז געוואָרן דאָ אַ סיגאַר־מאַכער. דער ברודער האָט געלאָזט משה־לייבן זיך אויסלערנען אַט די מלאכה און אים נאָכדעם אַרײַנגענומען אין דער סיגאַר־פאַבריק, וווּ ער אַליין האָט געאַרבעט. זינט דעמאָלט האָט משה־לייב געפּרוּווט צוויי מאָל צו עפענען מיט אַ שותּף אַן אייגן סיגאַר־פאַבריקל אין דער ייִדישער געגנט און ביידע מאָל קיין מזל נישט געהאַט און געמוזט צוריק גיין אַרבעטן אין אַ שאַפּ בײַ אַנדערע. איצט טראַכט ער שוין נישט מער דערפון. ער טראַכט איבערהויפּט פון גאָרנישט. קיין זאַך אינטערעסירט אים נישט; קיין זאַך גייט אים נישט אָן. קומט אַהיים פון דער אַרבעט, עסט ער אָפּ, זיצט נאָכדעם אַ ווײַלע און גענעצט אָדער צערעדט זיך מיט איר מאַמע וועגן „ראַסיי", צי גאָר וועגן איר רבקהן, און וועגן איר „קאָ־מונקע", און דערנאָך גייט ער אַוועק שלאָפן...

אינעם גאַנג פון אַט דעם שמועס דערוויס איך זיך אויך פון איר וועגן אַניוטאַן, וועגן מײַן שוועסטערס חברטע, הייסט עס, וואָס איך אָדרעס האָב איך בײַ זיך געהאַט.

וועגן אַניוטאַן רעדט זי מיט התפּעלות. אַניוטאַ איז זייער אַן איבער־געגעבענע אַנאַרכיסטקע און זי איז שטאַרק באַפרײַנדט מיט וואָלטערינע דע־קלעיר. מאַקע בײַ איר, אַניוטאַן, אינדערהיים האָט זי זיך באַקאַנט מיט וואָלטערינע דע־קלעיר.

— בײַ וואָס אַרבעט זי? — פרעג איך.

— בײַ העמדער. זי איז געקומען אַהער צו אירע אַ קוזינע, וואָס האָט

דאָ ביַי העמדער געאַרבעט, האָט זי אַריַינגענומען זי צו זיך אין שאַפּ. פון דעמאָלט אָן אַרבעט אַניוטאַ ביַי העמדער — דערקלערט מיר רבקה.

אגב, שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַקאַנט מער מיטן לעבן פון די יִדישע אימיגראַנטן פון יענער ציַיט, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אויף דעם דאָזיקן אופן איז דאָס רוב פון די יִדישע אימיגראַנטן, די פרִיערדיקע היי־מישע קרעמער און הענדלער, דאָ געוואָרן די סיגאַר־מאַכערס, די אַרבעטער ביַי העמדער, ביַי פּריוועַט־מאַנטלען, צי ביַי וויַיבערשע קאַפּאָטעס, ביַי הויזן און אַפילו פּעדלער. דאָס הייסט, עס האָט זיך אינגאַנצן געווענדט אָן דעם, וואָס דאָ האָט געטאָן דער לאַנדסמאַן, אָדער דער קרוב, צו וועמען דער גרינער איז אַהער געקומען.

האָט אַ גרינער איר דאָ געפּעדלט מיט שליסלען, האָט מען געקענט במעט זיכער זיַין, אַז זיַין היגער לאַנדסמאַן, צו וועמען ער איז געקומען, איז געווען אַ פּעדלער מיט שליסלען, איצט אָדער פריִער...

איך האָב אַפילו געקענט היימישע בעלי־עגלות וואָס זיי האָבן זיך דאָ גענומען צו אַן אַנדער אַרבעט, וויַיל דער היגער לאַנדסמאַן, צו וועמען זיי זיַינען געקומען, האָט דאָ יענע אַרבעט געטאָן און וויַיל אויף אָט דעם אופן האָבן זיי געקענט גיכער מאַכן אַ לעבן.

און נישט בלויז דאָס עקאָנאָמישע לעבן, נאָר ס'רוב אויך דאָס גיַיס־טיקע לעבן פון דעם גרינעם יִדישן אימיגראַנט, ווי עס האָט זיך דאָ, אין אַמעריקע, איבערגעשטאַלטעט, האָט זיך געווענדט אָן דעם, אין וואָס פאַר אַ גיַיסטיקער סביבה זיַין לאַנדסמאַן, צי קרוב, האָט זיך דאָ געפונען...

# זעקסטער קאַפּיטל

## משה־לייב בלאָך אין אַמעריקע

— א —

פּאַרנאַכט קומט משה־לייב פון דער אַרבעט אַ נײַער משה־לייב, וואָס איך האָב אים קוים דערקענט.

פון זײַן היימישן בלאָנד, שטענדיק אויסגעקאַמט בערדל זײַנען די בלאָנדע וואָנצעס בלויז פאַרבליבן. און ער איז שוין נישט אַזוי קײַלעכדיק און בייכיק ווי ער איז אינדערהיים געווען. ער איז אַ סך מאָגערער געוואָרן און אויך עפּעס סײַ אַ סך יינגער און סײַ אַ סך עלטער.

דאָס וואָס ער טראָגט נישט קיין באָרד און וואָס ער איז מער נישט אַזוי קײַלעכדיק און בייכיק מאַכט אים אויסצוזען יינגער, אָבער אים פעלט איצט אינגאַנצן די אַמאָליקע אויפגעלעבטקייט אין זײַנע באַוועגונגען און אין זײַן בליק, און מחמת דעם זעט ער אויס אויך עלטער.

דער איצטיקער משה־לייב באַוועגט זיך שווער און פאַרשלאָפן און דער בליק אין די אויגן בײַ אים איז אויך עפּעס אַזוי שווער און עפּעס אַזוי אַפּאַטיש, ווי פאַרשלאָפן.

און אָנגעטאָן איז ער אויך גאַנץ אָרעם, אמת אפילו זויבער. אַן אַלטן טונקעלן גאַרניטור טראָגט ער און אַ טונקעלע העמד מיט אַ ווייכן אַפּגעלייגטן קראַגן.

גאָרנישט דער פריערדיקער משה־לייב, וואָס האָט ווינטער אין דער היים געפּראַנטעוועט אַזוי אין זײַן טײַערן פוטערל און אין דעם הויכן פעלצע־נעם הוט.

קיין באַזונדערע פרייד ווײַזט ער נישט אַרויס, בעת ער דערזעט מיך בײַ

אים אין דער היים. ער שטעקט מיר נאָר אָפּ אַ שלום־עליכם און מאַכט דערבײַ:

— האָ, דו ביסט אויך דאָ?

און אין אַזאַ טאָן זאָגט ער דאָס און מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט אויסן געווען צו זאָגן: „נאָך אַזאַ שטיק שלאָק האָט דאָ געפעלט!"

פונדעסטוועגן איז ער מיך באָלד מכבד מיט אַ ציגאַר און לאָזט מיר וויסן דערבײַ, אַז דעם ציגאַר — „סמוקער" האָט ער דאָס אָנגערופן — האָט ער אַליין געמאַכט בײַ אים אינעם שאַפּ און דוכאָוס פון האוואַנאַ־טאַבאַק...

און אין אַ ווײַלע אַרום פרעגט ער זיך נאָך בײַ מיר אויף מײַן טאַטן און אויף אַנדערע זײַנע אַמאָליקע שכנים אין באַקאַנטע, אָבער מיט אַזאַ גלײַכגילטיקער מינע, אַז מען קען קלאָר זען, אַז באמת גייען זיי אים גאָר נישט אָן, נאָר ער טוט עס אַזוי, ווי עפּעס פון יוצא וועגן...

מיר זעצן זיך צום טיש עסן. ער זיצט אָן אַ היטל און עסט אָן אַ „המוציא". די אַלטע זלאַטע מאַכט צו אים, אַז צוליב דעם אורח האָט ער געמעגט הײַנט אין אַ היטל עסן. הלמאַי זאָל לייבע רחל־לאַהס שרײַבן צו זײַן טאַטן, אַז משה־לייב איז דאָ געוואָרן אַ גוי? — פּרוּווט זי אים זאָגן.

שווײַגט ער, טוט נישט אַ קוק אַפילו אין איר זײַט, קוקט בכלל אויף קיינעם נישט און עסט.

זײַנע קינדער זיצן אויך בײַם טיש — צוויי בלאָנדע מיידלעך, מיט געקרויזטע לאָקן און בלויע אויגן.

דאָס יינגערע איז אַ יאָר זעקס און דאָס עלטערע — אַ יאָר אַכט.

ביידע זעען אויס יינגער פון זייער עלטער. ווײַל מיטן אויסזען און מיט זייער וווּקס זײַנען זיי געראָטן אין זייער קליינגעוויקסיקן טאַטן, און ביידע זעען זיי אויס ווי צוויי בלאָנדע קוקלעס, אין ווײַסע קליידער אָנגעטאָן.

בשעתן עסן נעמט נישט די מאַמע אַרונטער פון זיי די אויגן. קענטיק, אַז זי קוועלט נאָר אָן פון זיי.

זיי זיצן אַזוי שטיל און אַזוי ערנסט, די דאָזיקע צוויי בלאָנדע קוקלעס, און פון צײַט צו צײַט וואַרפן זיי אַ קינדעריש־נײַגעריקן בליק אויף מיר, דעם „גרינעם".

און מיטאַמאָל רופט זיך אָפּ צו מיר רבקה מיט אַ התפעלותדיקן שמייכל:

— דו טו נאָר אַ רייד מיט מײַנע צוויי טעכטער, וועסטו עפּעס הערן. זיי ווייסן בײַ מיר אַ סך מער ווי אַ סך דערוואַקסענע ווייסן.

משה־לייב טוט אַ קוק אויף זײַן ווײַב מיט עפּעס אַ פאַרקרימטן שמייכל, זאָגט אָבער גאָרנישט און עסט ווײַטער.

ערשט אַז מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן און די אַלטע זלאַטע האָט אָנגעהויבן צונויפשטעלן די ליידיקע געשיר אויפן טיש, האָט משה־לייב ווידער פאַררויכערט אַ ציגאַר און מיטאַמאָל זיך אָנגערופן צו זײַן ווײַב מיט שפּאָט אינעם קול:

— האָסטו אים שוין דערציילט וועגן דײַן קאַמונקע?

— יאָ, דערציילט. איז וואָס? — ענטפערט זי אים אין כּעס.

רעדט ער נישט ווײַטער צו איר, נאָר ער טוט זיך אַ קער צו מיר.

— דו ווילסט דאָך מסתמא דאָ קומען צו אַ שטיקל תּכלית, זאָלסטו נאָר הערן וואָס זי וועט דיר זאָגן, וועט פון דיר דאָ ווערן אַ לײַט. אַ קאַטאָוועס איר קאַמונקע!...

און אָפּגעזאָגט דאָס, הייבט ער זיך אויף מיטן ציגאַר אינעם מויל און גייט אַרויס מיט שלעפּנדיקע טריט אין אַ צווייטן צימער.

רבקה בלײַבט דערנאָך מיט מיר און מיט איר קלענסטער מיידעלע אינעם עס־צימער. דאָס גרעסערע איז ערגעץ אַוועק און די אַלטע זלאַטע איז אַרויס מיט די געשיר אין קיך אַרײַן.

— שלעכט! — מאַכט רבקה צו מיר דערנאָך מיט אַ זיפץ — צוליב די קינדער מוז איך דאָס אַריבערטראָגן. אָבער ווי שווער דאָס איז, ווי שווער...

איך שטויס זיך אָן, אַז דאָס קלאָגט זי זיך פאַר מיר וועגן איר לעבן מיט איר מאַן, און איך דערפיל זיך אומבאַקוועם דערפון און איך שווײַג.

אָבער לאַנג טראַכט זי נישט דערפון. זי פרעגט עפּעס בײַ איר קינד אויף יידיש און יענער ענטפערט איר אויף ענגליש. נאָכדעם מאַכט זי צו איר מיידעלע:

— סאָפי, איך וויל בײַ דיר עפּעס פרעגן; ענטפער מיר אָבער אויף יידיש, ווײַל דער דזשענטלמאַן פאַרשטייט נאָך נישט קיין ענגליש.

— אָלראַיט, מאַמע, — טוט דאָס קינד אַ מאַך מיטן בלאָנדן קאָפּ.

און דאָ טוט רבקה אַ ווינק צו מיר און דערנאָך קומט פאַר צווישן איר און דעם קינד אַזאַ מין שמועס, וואָס ביז הײַנט נאָך איז דער אײַנדרוק פון אים פאַרבליבן פריש בײַ מיר אינעם זכּרון. אַזוי אומגעריכט און אומגעוויינלעך איז עס בײַ מיר געווען.

— סאָפי, — מאַכט צו איר רבקה, — דו גלויבסט אין גאָט?

— ניין, — שאָקלט סאָפי אירע בלאָנדע לאָקן.

— פאַרוואָס, סאָפּי? — צעפּינקלען זיך מיט התפעלות ביי רבקהן די שיינע אויגן.

— ווייל, ווער האָט גאָט באַשאַפן? גאָט האָט נישט קיין פּאַפּאַ־מאַמאַ, און אַז אַ פּאַפּאַ־מאַמאַ קען מען קיינעם נישט באַשאַפן — רעדט סאָפּי מיט אַ קינדעריש־ערנסטער מינע.

— און ווער גלויבט אין גאָט, סאָפּי? — פרעגט רבקה ווייטער.

האָט סאָפּי דאָן געענטפערט אויף ענגליש, און רבקה האָט פאַר־טייטשט:

— נאַרישע מענטשן און היפּאָקריטן, וואָס זיי מאַכן ביזנעס פון גלויבן אין גאָט.

— און יוער נאָך, קינד? מאַכט ווידער צו איר רבקה.

— אַלע קאַפּיטאַליסטן, וואָס ווילן, אַז די מענטשן זאָלן זיין נאַריש און זאָלן גלויבן אין גאָט.

— פאַרוואָס ווילן דאָס די קאַפּיטאַליסטן, סאָפּי?

— ווייל נאַרישע מענטשן האָבן מורא, אַז גאָט וועט זיי באַשטראָפן, אויב זיי וועלן מאַכן אַ „רעוואָלושאָן" קעגן די קאַפּיטאַליסטן.

— ריכטיק. און קעגן וועמען נאָך, קינד?...

— קעגן „היפּאָקריטס"...

— ריכטיק. און נאָך קעגן וועמען, סאָפּי?

ענטפערט סאָפּי ווידער אויף ענגליש, און רבקה פאַרטייטשט:

— קעגן שטאַט...

— דו הערסט? — שרייט אויס רבקה צו מיר אַ באַגייסטערטע, און זי קוועלט.

— און וואָס וועסטו טאָן, סאָפּי, אַז דו וועסט אויסוואַקסן? — טוט רבקה זיך דערנאָך ווידער אַ קער צו איר מיידעלע.

— איך וועל מאַכן אַ „רעוואָלושאָן".

— פאַר דאָס גליק פון דער מענטשהייט? — כאַפּט אונטער רבקה מיט אַ צעלויכטענעם פּנים.

— יעס, מאַמע, און פאַר דער קאָמונע.

— וואָס פאַר אַ קאָמונע, סאָפּי?

— פאַר דער אַנאַרכיסטישער קאָמונע, מאַמע...

רבקה טוט זי אַ כאַפּ צו זיך אויפן שויס און קושט זי.

— אָט אַזוי דערציִ איך מיינע קינדער — מאַכט די באַגייסטערטע רבקה צו מיר.

— ב —

משה־לייב קומט אַרײַן. איצט איז ער אין אַ רעקל און אין שטעק־שיך און מיט די אַרבל פונעם העמד פאַרקאַשערט איבער זײַנע האָריקע אָרעמס.

ער זעצט זיך אַװעק קעגן מיר אויף אַ שטול, טוט אַ גענעץ הויך אויפן קול און מאַכט צו מיר:

— נו, און מכוח אַ דירה האָסטו שוין אַ טראַכט געטאָן?

רופט זיך אָן רבקה:

— דערװײַל איז ער ערשט הײַנט געקומען. ער װעט שטיין בײַ אונדז עטלעכע טעג.

— שטיין בײַ אונדז... און װוּ װעסטו אים דאָ לייגן, סײַדן בײַ זיך אויפן קאָפּ — בורטשעט משה־לייב אין זײַנע בלאָנדע װאָנצעס אַרײַן.

— מען װעט שוין געפינען פּלאַץ פאַר אים, מאַכט רבקה.

מיר װערט שרעקלעך ענג אין אָט דעם הויז פון די דאָזיקע רײַער, און איך זאָג, אַז איך װאָלט נאָך הײַנט װעלן נעכטיקן אויף אַן אייגענער קװאַרטיר. דערבײַ דערצייל איך איר װעגן די גאָלדענע מטבעות װאָס איך האָב בײַ זיך. און עס װײַזט זיך אַרויס, לויט משה־לייבס חשבון, אַז איך פאַרמאָג אויף אַמעריקאַנער דאָלאַרס אַן ערך אַ צװעלף דאָלאַר.

רופט אָן די אַלטע זלאַטע אַ נאָמען פון אַ לאַנדסמאַן װוּ איך קען קריגן אַ דירה. בײַ װעלװל־איצע דעם פּישער.

— ער װוינט — זאָגט זי — אַכט קרומע גאַסן פון דאַנען, דאָרטן, װוּ דער טערק שטייט.

פרעג איך:

— װער איז דאָס דער טערק?

גיט מיר די אַלטע זלאַטע צו פאַרשטיין, אַז מען ציילט אָפּ אַכט קרומע גאַסן פון דאַנען, איז דאָרט דאָ אַ טאַבאַק־קראָם, שטייט דאָרט פאַר דער קראָם אַ טערק, דאָס הייסט, נישט קיין לעבעדיקער טערק, נאָר אַ געטשעקע אַזאַ, װאָס זעט אויס װי אַ טערק. איז איבער יענער טאַבאַק־קראָם מיטן טערק װוינט װעלװל־איצע דער פּישער...

רבקה צעלאַכט זיך און זי דערציילט מיר, אַז איר מאַמע האָט זיך געמאַכט אַט יענעם טערק פאַר אַ סימן,װען זי װיל גיין צו װעלװל־איצען. זי ציילט אָפּ אַזוי פיל גאַסן און דערנאָך קומט זי צו צום טערק. האָט נישט לאַנג געטראָפן, אַז זי האָט געמאַכט אַ טעות, בעת זי האָט געציילט די קרומע גאַסן, און זי האָט פאַרבלאָנדזשעט צו אַן אַנדער

טערק. און א האלבן טאג דערנאד האט זי זיך, נעבעך, ארומגעשלעפט איבער די גאסן און אלץ געזוכט וועלוול־איצעס טערק, ביז א יידישער פאליסמאן האט זי געבראכט פארנאכט אהיים.

די אלטע זלאטע האט א זיפץ געטאן:

— ווען ניט די סימנים וואלט זי גאר מורא געהאט ארויסצוגיין פון שטוב אין אט דעם בית־הסלע.

עס בלייבט, אז מארגן זאל איך גיין אנקוקן די דירה ביי וועלוול־איצען. שפעטער קלייבט זיך רבקה צו גיין צו א מיטינג. איידער זי גייט ארויס, רופט זיך אן צו איר משה־לייב:

— לאזט גאר איבער דעם נאסט?

— א וויכטיקער מיטינג. איך מוז גיין — מאכט זי.

— וואס איז, אז דיר וועט די קאמונקע דארטן, חלילה, אנטלויפן?

— אפשר, לאכט זי.

— אזוי יעדע נאכט, — טוט זיך משה־לייב א קער צו מיר, — וויל ראטעווען די גאנצע מענטשהייט מיט איר קאמונקע!...

— א גוטע נאכט! — מאכט רבקה און זי לויפט ארויס.

— ג —

משה־לייב צעגנעצט זיך שוין הויך אויפן קול און רופט זיך אן בלומרשט גלייכגילטיק:

— מען מענטשלט זיך אוים דא אין אמעריקע!...

און צעלאכט זיך מיטאמאל:

— רבקה, הא? וואלסטו געגלויבט אמאל אין דער היים, וואלט עס זוער עס איז אזוינס געגלויבט, אז רבקה, מיין רבקה... מען קען שטארבן פאר געלעכטער... דאך, נו, מילא -— ברעכט ער זיך אונטער מיט א זיפץ — קום אריין בעסער אין יענער רום. דו וועסט מיר דערציילן נייעס פון דער היים.

מיר גייען אריין אין צימער, ווו די בילדער הענגען אויף דער וואנט. ער צינדט דארט אן אלע גאז־ברענערס און מיר זעצן זיך אוועק.

איך ווארט, אז ער זאל פארפירן א שמועס וועגן דער היים. מיר אליין שפארט שטארק צו ריידן וועגן דער היים, מחמת די בענקעניש נאך די היימישע פייניקט מיך ממש.

ער שווייגט אבער, שווייגט אינגאנצן. ער זיצט מיט אן ארונטערגעלאזטן קאפ און דרימלט, דאכט זיך.

האַלט איך נישט אױס דעמאָלט און רוף זיך אָן: אפשר װעט ער גײן שלאָפן און איך שטער אים?

שװײַגט ער און סאָפּעט מיט זײַן נאָז אױף די בלאָנדע װאָנצעס, אַז די האָר בײַ זײ טרײסלען זיך, װי אַ װינטעלע װאָלט אױף זײ געבלאָזן.

נאָכדעם הײבט ער אױף דעם קאָפּ און לאָזט אַרױס אַ הױכן גענעץ.

— איך בין מיד — מאַכט ער אונטער דער נאָז — און עס איז סתם פּאַסקודנע אױפן הארצן.

שװײַגט דערנאָך װידער אַ װײַלע און דאַן:

— און װי געפֿעלט דיר עפּעס אַמעריקע?

זאָג איך:

—װאָס װײס איך װעגן אַמעריקע?

שפּרינגט ער אױף מיטאַמאָל פֿלינק פֿון זײַן אָרט און זאָגט:

— קום, איך װעל דיר װײַזן!

פֿירט מיך אַרײַן אין קיך און טוט אַ דרײ דעם װאַסער־קראַן און לאָזט לױפֿן דאָס װאַסער.

— זעסט? װאַסער אין שטוב. נאָר אַ דרײ דעם קראַן, איז פֿאַר טרינקען װאַסער, פֿאַר קאָכן און װאָס דו װילסט אַלײן! איז גוט, האָ?

לױפֿט צו צו איין גאַז־ברענער, צו אַ צװײטן, און צינדט זײ אײנעם נאָכן אַנדערן מיט אַ שװעבעלע.

— זעסט? אַ דרײ געטאָן אַ שרײַפֿל, צוגעלײגט אַ שװעבעלע, און פּיף־פּאַף, ליכטיק, מען דאַרף נישט קײן לאָמפּ. איז גוט, האָ?

טוט מיך דערנאָך אַ פּאַק פֿאַר אַן אָרעם און שלעפּט מיך אַרײַן אין אַ זױבערן „טאַילעט" און מאַכט:

— זעסט? און אָט דאָס איז אַ בית־הכסא, אַן אָפּטרעט. נישט װי בײַ אונדז אין דער הײם, אױפן הױף. אַ מחיה, אַ יאָ?... און אָט טוט מען אַ ציי אָט דאָס־אָ, און עס הײבט אָן צו לױפֿן װאַסער און עס װאַשט אָפּעט. איז גוט, האָ? האָט דאָס אַלצדינג געמעגט פֿאַרברענט און פֿאַרשרפֿהט װערן אײדער איך האָב עס גאָר אָנגעקוקט! — שרײַט ער אױס מיטאַמאָל מיט גאַל, און ער לױפֿט אַרײַן דערנאָך צוריק אין יענעם צימער, װו די בילדער הענגען.

איך גײ אַרײַן נאָך אים.

ער לױפֿט אַרום איבערן צימער אין זײַנע שטעק־שיך און מיט די פֿאַרקאַשערטע אַרבל. ער איז איצט פֿלינק און אימפּעטיק און די אױגן זײַנען צעצונדן און לױפֿן בײַ אים אַרום.

איך דערקען מיטאַמאָל דעם פּרינערדיקן היימישן, אימפּעטיקן משה־לייבן.

— זאָג מיר נאָר, — הייבט ער אָן נאָכדעם צו ריידן מיט ווייטיק און ביטער, — אפשר נאַריש פאַר דיר צו ריידן... נישט שיין... דעם ערשטן מאָל ביי מיר אין שטוב... ערשט פון דער שיף אַרונטער... אָבער דו קענסט דאָך מיך פון דער היים, דו קענסט דאָך מיין רבקהן... פון קינדוויין אויף קענסטו דאָך אונדז... ווען איך האָב דיך דערזען, האָב איך זיך ממש פאַר־שעמט פאַר דיר... דו ביסט דאָך אַ בחור מיט שכל, אַ געבילדעטער — זאָג מיר: האָב איך נישט געקענט פוילן מיט די ביינער דאָרטן, אין דער היים? הלמאי האָב איך זיך נאָך געדאַרפט שלעפּן אַהער? איך רייד נישט. איך שווייג. איך שעם זיך צו ריידן. עס שטיט מיר גאָר נישט אָן צו ריידן דערפון. און אַחוץ דעם, אַז איך וועל ריידן, איז וואָס? און אַז איך וועל שרייען, איז וואָס? וועט עס עפּעס העלפן? אָבער די גאַל פּלאַצט. און איך פאַרשטיי גאָר נישט ווי אַזוי זי האָט ביי מיר ביז אַהער נישט געפּלאַצט! איך רייד דאָס פאַר קיינעם נישט, אָבער פאַר דיר, לייבע, פאַר דיר... דו געדענקסט דאָך מיך פון דער היים? לייבע, זי מאַכט מיך אומגליקלעך, מיין רבקה! אויף אַזאַ אומגליק האָב איך זיך גאָר נישט געריכט. איך, משה־לייב בלאָך, לעב ווי אַ הונט, ווי אַ כלב. מיין היים איז קיין היים נישט. איך בין נישט קיין מאַן, נישט קיין טאַטע, נישט קיין אָדם אינגאַנצן, נאָר אַ כלב, אַ פּשוטער כלב!...

און אַ צערודערטער טוט ער פּלוצים זיך אַ קער צו די בילדער אויף דער וואַנט און ווייזט אָן אויף זיי מיט אַ האַנט.

— דו זעסט אָט די־אָ, אָט די הדרת־פּנימער? סם! טומאה! באַקונקע! לאַסאַלקע! אירע רביים, די רביים פון דער קאָמונקע! איך וואָלט אויף זיי אַ פּאָמויניצע אויסגעגאָסן!...

און ער רעדט נאָך לאַנג אַזוי ביטער, מיט גאַל און ווייטיק. נאָכדעם לעשט ער זיך אויס מיטאַמאָל, זעצט זיך אַוועק ווידער אויף זיין פּרינער־דיקן אָרט, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און שווייגט.

— הער אויס, — מאַכט ער אין אַ ווייַלע אַרום, — דערציילן קיינעם נישט וואָס איך האָב גערעדט. נישט שיין. איך שעם זיך. איך רייד קיין־מאָל נישט. אַזאַ שוטה, דערזען דיך, האָב איך זיך דערמאָנט... דער שד האָט מיך געשלעפּט ביי דער צונג!

און, משמעות, ווייל ער וויל עס פאַרגלעטן, הייבט ער אָן שפּעטער מיר צו דערציילן זיינע אַמאָליקע וויציקע אַנעקדאָטן פון „ראַסיי", רייסט

זיך מיט אַליין מיט זיי און דערציילט און דערציילט, און אַזוי ביז נאָך האַלבער נאַכט.

נאָכדעם ווײַזט ער מיר אַן מײַן געלעגער, געגעצט אַרויס „גוטע נאַכט" און גייט אַוועק.

אגב, סײַ משה־לייב און סײַ זײַן ווײַב רבקה האָבן אַזאַ אײַנדרוק דעמאָלט אויף מיר געמאַכט, אַז דער אײַנדרוק פון זיי האָט אין עטלעכע יאָר שפּעטער מיך אינספּירירט אַרויסצוברענגען ענלעכע הויפּט־געשטאַלטן אין מײַן ערשטער דראַמע „מינע", וואָס זי איז דערנאָך געשפּילט געוואָרן פון יעקב פּ. אַדלער און זײַן ווײַב, סערא אַדלער, אין די צוויי הויפּט־ראָלן פון מינע און איר מאַן משה־אַלטער.

דאָס איז אויך געווען יענע דראַמע מײַנע, וואָס אויף איר איז אויך אַנגעגעבן געווען דער נאָמען פון יעקב גאָרדין אַלס איר פּאַרפאַסער, און וואָס וועגן אַט דעם אינצידענט צווישן מיר און אים האָב איך דערציילט אין דעם ערשטן באַנד פון מײַנע דעראינערונגען פון אַ ייִדישן דראַמאַטורג.

אויך איז דער אײַנדרוק, וואָס די אַלטע זלאַטע האָט אויף מיר דע־מאָלט געמאַכט, געווען דער באַזיס פון אַ ריי סקיצן מײַנע, אין וועלכע איך האָב געשילדערט די דערפאַרונגען פון דער אַלטער באַבע באַשע אין אַמעריקע, — אַן אַלטינקע, וואָס זי איז געווען ענלעך צו דער אַלטער זלאַטען!

— ד —

איך ליג נאָכדעם אויפן בעטל און קען נישט אײַנשלאָפן. דאָס איז מײַן ערשטע נאַכט אין אַמעריקע. מאָרגן וועל איך שוין אפשר נעכטיקן אין מײַן אייגענער דירה, בײַ יועלוול־איצען אין דער היים.

איך ליג און טראַכט וועגן דער היים אין וויטעבסק, און אויך וועגן וועלוול־איצען אין וויטעבסק.

איך האָב אים, דאַכט זיך, גוט געקענט. אין וויטעבסק האָט וועלוול־איצע דער פישער געהאַנדלט מיט מײַן טאַטן.

מײַן טאַטע האָט געהאַלטן אַזעלעם אין אַרענדע אין וויטעבסקער און מאָהילעװער גובערניעס, און די פיש, וואָס מען האָט דאָרט געכאַפּט, האָט מײַן טאַטע דערנאָך פאַרקויפט צו פישער, וואָס האָבן דערמיט גע־האַנדלט אויפן מאַרק. איז וועלוול־איצע דער פישער געווען איינער פון זיי.

אין וויטעבסק בײַ אונדז האָט ער געשמט פאַר דעם גרעסטן „בויאַן". אַ הויכער ייִד, אַ גבֿיר, מיט אַ געלער באָרד און גרויסע, געלע ברעמען,

איז ער ערשט באַר דריי יאָרן געשטאַנען דאָרט אויפן מאַרק און האָט פאַרקויפט פיש צו יידישע ווייבער.

אַ ייד אַ צאַפּלדיקער געווען און אַ גרויסער כעסן. האָט שטענדיק געשריען און געליאַרמט, און אַרומגעריסן זיך מיט די אַנדערע פיש־פאַרקויפער אויפן מאַרק, געשמיסן מיט פייכטע, קלעפּיקע עקן פון די פיש זיינע ווייבערישע קונדן איבער די הענט ווען זיי האָבן זיך צופיל געגראָבן ביי אים אינעם פיש־קאָרב, צי ווען זיי האָבן זיך צו פיל געדונגען מיט אים.

און האָט איינע פון זיי דערפאַר פאַראיבל געהאַט און געעפנט אויף אים אַ מענה־לשון, האָט ער פאַרריסן די ביידע פאַרשמאַלצענע פון פיש־שאַלעכץ פאַלעס פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע און זיך אַוועקגעשטעלט צו איר ראַקאַם, מחילה, און געשריען צו איר:

— נאַ, צט דאָס־אַ, אומזיסט!

און טו אים עפּעס!...

און כמעט יעדן שמחת־תורה, אַז ער איז געווען שכור, האָט ער געמאַכט סקאַנדאַלן צו הקפות, און מען האָט אים געמוזט געבן אַ „ריכ־טיקע הקפה", אַ־ניט, האָט ער געסטראַשעט, וועט זיך בלוט גיסן...

און די מעכטער זיינע, צוויי מיידלעך, האָט ער געשלאָגן מכת־רצח, ווען זיי האָבן געטאָן עפּעס, וואָס עס איז אים ניט געווען געפעלן.

איך האָב זיך דערמאָנט, ווי ער האָט זיין עלטערע מיידל, מלכהן, — אַ דיקע, מיט רויטע האָר און זומער־שפּרינקעלעך אויפן פּנים — איינמאָל אַ שבת נאָך מיטאָג אַפּגעהיט, בעת זי איז אַרויסגעגאַנגען פון קאַסטיוקס סאַד אויף אונדזער גאַס, און זי גוט אויסגעפּאַטשט, ווייל זי איז שבת געגאַנגען צו קאַסטיוקן אין סאַד מיט געלט און האָט גע־קויפט דאָרט פּרוכטן.

זי וועט שוין ביי מיר מער נישט מחלל שבת זיין. אין דר'ערד וועל איך זי אַריינשלאָגן! — האָט ער געשריען דעמאָלט צו אונדז אַלעמען, וואָס זיינען דערביי געשטאַנען, בעת זיין מלכה, אַז אויסגעפּאַטשטע און אַ פאַרשעמטע, האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און איז אַנט־לאָפן...

וועגן אָט־דעם וועלוול־איצען טראַכט איך דאָס איצט, ווען איך ליג יענעם ביינאַכט, וואָס איז מיין ערשטע נאַכט אין אַמעריקע, ביי משה־לייבן אין דער היים אויף מיין געלעגער...

„מאָדנע, גאָר בײַ אים זוכן אַ קוואַרטיר אין אַמעריקע, בײַ װעלװול־איצען... איז ער נאָך אַלץ אַזאַ „בויאַן"? — טראַכט איך.

און אין אַ װײַלע אַרום װײַזט זיך מיר גאָר אויס, אַז די גאַנצע מעשה איז נישט אויפֿן װאָר, נאָר אין חלום: סײַ אַט די רבקה איז אין חלום און סײַ אַט־דער משה־לייב איז אין חלום, און אויך, אַז מאָרגן גיי איך זוכן אַ דירה בײַ װעלװול־איצען אין אַמעריקע, איז אַ חלום...

# זיבעטער קאַפּיטל

## וועלוול־איצע און זײַנע טעכטער אין אַמעריקע

— א —

אויף מאָרגן אינדערפֿרי פֿירט מיך רבקה צו אונדזער לאַנדסמאַן וועלוול־איצען אָנצוקוקן אַ דירה פֿאַר מיר.

אין דרויסן איז אַזוי שיין־זוניק, גאָר נישט ווי אין חודש יאַנואַר, נאָר די געגנט, וווּ מיר גייען באַלד, איז אַזוי פֿינצטער, חושכדיק, און אַזוי שמוציק.

מיר גייען דורך גאַסן, וואָס מיט זייערע הילצערנע חורבות און מיטן שמוץ, וואָס ליגט דאָרט אַרום, דערמאָנען זיי מיך אָן דער שמוציקער גאַס וואָס איך האָב נעכטן געזען, בעת איך בין געגאַנגען מיט אבֿרהם־בערן פֿון דער שיף צו אים אַהיים.

רופֿט זיך אָן צו מיר רבקה:

— דו זעסט, לעאָן? טו אַ קוק וואָס פֿאַר אַ אָרעמקייט! ערלעכע מענטשן וווינען דאָ, אַרבעטער. דו האָסט געדאַרפֿט אַרײַנגיין אינעווייניק אין איינע פֿון די וווינונגען. פֿינצטערע קבֿרים. און קינדערלעך קריכן דאָרט אַרום ווי ווערעם, אין שמוץ, און די מאַמעס זייערע האָבן קיין צײַט נישט אַרומצוצייניקן זיי. און אין פֿאַרגלײַך מיט ניו־יאָרק איז נאָך דאָ אַ גן־עדן. דאָ וווינט מען נישט אין אַזעלכע קאַזאַרמעס ווי אין די טענעמענט־הײַזער דאָרט, אין ניו־יאָרק. צוואַנציק־דרײַסיק געזינדן מיט „באָרדערס" און „באָרדערקעס" אין איין קאַזאַרמע וווינען דאָרט. הײַנט די וואַנצן און די „קאַקורעטשעס"...

און זי שלאָגט זיך איבער און זי פֿרעגט בײַ מיר מיטאַמאָל:

— און דו ווייסט, לעאָ, אַז פאַר דעם איז דאָ איין רפואה, איינע, אָבער אַ ריכטיקע?

און זי וואַרט נישט, ביז איך וועל ענטפערן, נאָר זי ענטפערט פאַר מיר אַליין:

— די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, און די ריכטיקע, אַ רעוואָלוציאָן ווי מיר, אַנאַרכיסטן־קאָמוניסטן, ווילן!...

בין איך מיט איר אַוודאי מסכים, אַז אַ רעוואָלוציע איז אַ גוטיקע זאַך, אָבער וווּנדערן וווּנדער איך זיך נאָך אַלץ: רעדט דאָס אַזוי באמת יענע רבקה משה־לייבס, וואָס איך האָב געקענט אין מײַן שטאָט וויטעבסק? צי איז דאָס פאַרט נישט אַ חלום אינגאַנצן?...

— און אָט איז מײַן מאַמעס טערק! — שלאָגט זי מיר איבער מײַנע געדאַנקען, בעת זי שטעלט זיך דאָרט אָפּ פאַר אַ הויז אויף גרין סטריט, און זי ווײַזט מיר אַן אויף אַ סיגאַר־קראָם, וואָס באַלאַנגט צו יענעם הויז, מיט אַ פיגור פון אַן אינדיאַנער אין דרויסן.

אין יענעם הויז, לעבן דער טאַבאַק־קראָם, וווינט דאָס וועלוול־איצע.

קומען מיר אַהין אַרײַן, אין וועלוול־איצעס וווינונג, הייסט עס, און מיר טרעפן דאָרט זײַן ווײַב זעלדען אַליין.

זי דערקען איך אויך באַלד. איך זע פאַר זיך די אייגענע ברייטע, געזונטע ייִדענע מיט די קרומע „קאָסאָקע" אויגן, וואָס איך האָב זינט מײַנע קינדער־יאָרן אינדערהיים געזען, אָבער אין אַ געקעסטלטער אַמע־ריקאַנישער קאָפּאָטע, אַנשטאָט מיט דער גרויסער פאַטשיילע, וואָס זי האָט אינדערהיים געטראָגן סײַ ווינטער און סײַ זומער.

דרײַ ענגע און פינצטערע צימערן פאַרמאָגט איר דירה. אָבער ציכטיק און זויבער איז דאָרט.

סײַ מיר און סײַ רבקהן געפעלט די דירה. און נישט טײַער אויך: דרײַ דאָלאַר אַ וואָך פאַר „לאָזשע", און מיט עסן און מיט וועש...

און נאָך מער געפעלט מיר זעלדע אַליין, ווען זי רעדט.

די דאָזיקע ייִדענע מיט די קאָסאָקע אויגן, וואָס אינדערהיים, אגב, האָב איך קיינמאָל קיין וואָרט מיט איר נישט אויסגערעדט, איז די געזונטע גוטמוטיקייט אַליין, און זי פאַרמאָגט דעם אמתן פאָלקס־הומאָר.

ווי דאָס רוב ייִדישע אימיגראַנטן אין יענער צײַט, איז זי אויך נישט צופרידן מיט אַמעריקע. זי קלאָגט זיך אָבער נישט, ווי די אַנדערע, נאָר איר אומצופרידנקייט מיט אַמעריקע דריקט זי אויס אויף אַ שפּאַסיקן אופן.

איך פרעג ביי איר, ווי עס געפעלט איר עפּעס אַמעריקע, קוקט זי מיך אָן מיט אירע קאָסאָקע אויגן און מאַכט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל:

— כ׳וויים? לשעתה האָבן מיר נאָך נישט געפונען די ריכטיקע גאַסן דאָ אין אַמעריקע.

— וואָס מיינט איר?

— כ׳מיין, מען האָט זיך דאָרט ביי אונדז אַזוי פיל אָנדערציילט וועגן דעם גאָלד, וואָס וואַלגערט זיך דאָ אויף די גאַסן! האָבן מיר לשעתה יענע גאַסן נאָך נישט געפונען. און וואָס מיר האָבן דאָ יאָ געפונען, איז צוליב דעם אונדז נישט כדאי געווען צו פאָרן — שמייכלט זי גוטמוטיק.

איך טו אַ פרעג ביי איר, וואָס איר אַלטער מאַכט, ענטפערט זי מיר אַלץ אין אַ טאָן ווי זי וואָלט געשפּאַסט:

— מיין וועלוול־איצע, זאָל לעבן, איז שוין דאָ אַ פאָלנער אַמע־ריקאַנער. ער ווייסט שוין דאָ אַלע גאַסן און טירן און קען אַלע שקצים און אַלע הינט. ער איז דאָך דאָ אַ פּעדלער געוואָרן, אַ דאַנק גאָט!

— און ווי פאַרדינט זיך עפּעס?

— עפּעס פאַרדינט ער, ווי גאָט שיקט צו. אַמאָל שיקט אים גאָט צו עטלעכע סענט לייזונג און אַמאָל — אַ שקץ מיט אַ שטיין, צי אַ בייזן הונט.

— און די טעכטער וואָס מאַכן?

— וואָס מיינע טעכטער מאַכן? — פרעגט זי איבער, און זי טוט אַ זיפץ, — איכ׳ל אייַך זאָגן דעם אמת: אויף קלאָר ווייס איך אַליין נישט וואָס זיי מאַכן. ביידע גרויסע פאַרשוינען, ביידע געראָטענע, גוטע פאַרדי־נערקעס; זיי זיינען אָבער דאָ צו־קלוג געוואָרן פאַר מיין נארישן קאָפּ. איך פאַרשטיי דאָך נישט וואָס זיי ריידן, וואָס זיי ווילן. האָט איר שוין אויף אייער לעבן געהערט אַזאַ אַקציע? מילא, אַז מען רעדט אויף ענגליש און איך פאַרשטיי נישט, בין איך אַ גרינהאָרן; אָבער זיי רעדן זייערע חכמות דווקא אויף יידיש, און מיין נאַרישער קאָפּ פאַרשטייט זיי אויך נישט! אָט איר, מסתמא, וועט פאַרשטיין, וואָס זיי רעדן...

ווער איך נייַגעריק און פרעג: וועגן וואָס, אַז ערך, רעדן אירע טעכטער.

— זיי רעדן נאָך די „מיסיאָנערטשיקעס", די „אַרכיסטן", וואָס בילן אויף גאָט, — ענטפערט זעלדע שוין מיט צער אין איר קול.

רבקה, וועלכע הערט זיך צו די גאַנצע צייַט און שווייַגט, טוט אַ קוק אויף מיר און צעשמייכלט זיך.

איך פרעג נאָכדעם:

— און אײער אַלטער — װאָס זאָגט ער אויף דעם?

— װאָס זאָל ער זאָגן? ער עסט זיך אויס די גאַל. ער האָט אָבער מורא זיך אָנצוהויבן מיט זיי. איך געדענקט דאָך װאָס פֿאַר אַ כעסן ער איז געװען אינדערהיים? בײדע מײדלעך האָבן דאָרטן געציטערט פֿאַר זײַן דוד. און דאָ, נעבעך, ציטערט ער פֿאַר זיי. ער האָט מורא, אַז זיי זאָלן אינגאַנצן נישט אַנטלויפֿן פֿון דער היים צו די „מיסיאָנערטשיקעס". עסט ער זיך, נעבעך, אויס די גאַל, צעבײסט זיך די פֿינגער פֿאַר כעס, אָבער הויבן די האַנט אויף זיי, װי אין דער היים, חלילה וחס! ער האָט מורא.

נאָך דעם, װען איך גיי פֿון דאָרט מיט רבקהן צו איר אַהיים נאָך מײַן רענצל, מאַכט רבקה צו מיר מיט אַ שמייכל:

אירע בײדע טעכטער זײַנען אויך אַנאַרכיסטקעס. זי צװײפֿלט אָבער שטאַרק, אויב זיי פֿאַרשטייען, װאָס דער אַנאַרכיזם איז. נאָר צו די אַנאַרכיסטישע פֿאַרזאַמלונגען קומען זיי. זי רעכנט, אַז זיי גייען צו די פֿאַרזאַמלונגען, װײַל אַלע גייען און װײַל זיי טרעפֿן זיך דאָרט מיט יונגעלײַט. און אפֿשר האָט זי אַ טעות — שלאָגט זי זיך איבער — אָבער אַזאַ אײַנדרוק האָט זי װעגן זיי.

מיד כאַפּט אָן אַ חשק צו פֿרעגן בײַ רבקהן, אויב זי פֿאַרשטייט, װאָס אַנאַרכיזם איז, פֿאַרװאָס זאָלן דאָס יענע נישט פֿאַרשטיין? און איך פֿרעג דאָס טאַקע אויך. ענטפֿערט זי מיר האַלב פֿאַרשעמט:

— װײס איך טאַקע, אַז װיפֿל איך פֿאַרשטיי אין דעם אַנאַרכיזם־קאָמוניזם, פֿאַרשטיי איך נאָך נישט גענוג. דערפֿאַר לייען איך אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור, הער זיך צו מיט קאָפּ צו אונדזערע רעדנער, און לאָז דעם רעדנער דעבאַטירן מיט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט אויף אַ מאַסן־פֿאַרזאַמלונג, אײדער איך זאָל מיט יענעם דעבאַטירן; דער רעדנער װײסט בעסער פֿון מיר װאָס צו זאָגן דעם סאָציאַל־דעמאָקראַט, אײדער אַזאַ אײנע, װי איך; יענע אָבער — װעלװל־איצעס טעכטער, װען זיי זײַנען אויף אַ מאַסן־פֿאַרזאַמלונג, בײַ אַ דעבאַטע — אַהאַ! נײן, איך גלויב נישט, אויב זיי װײסן, װאָס אַנאַרכיזם איז; פֿרעגט זיי בחרם...

— ב —

און שפּעטער אין דעם אײגענעם טאָג, װען איך קלײב זיך אַריבער אויף מײַן דירה, טרעף איך דאָרט װעלװל־איצען און אים דערקען איך נישט.

איבערן שטוב גייט אַרום אַ ייִד מיט אַ געלער באָרד, אײנגעהױקערט, דאַװנט מנחה און זעט אויס אַזױ פֿאַרצרהט, אַזױ נעבעכדיק.

נאָך מנחה גייט ער צו צו מיר, שטעקט מיר אָפּ אַ שלום עליכם, און, ווי דער סדר איז, פרעגט ער זיך נאָך אויף געווײסע מענטשן, וואָס זיינען אים געווען נאָענט באַקאַנט אינדערהיים, אין וויטעבסק.

און דערביי באַמערקט ער שטיל און מיט אַ שיעור בענקעניש אין זיין קול און אין זיינע אויגן:

— אַי־אַי־אַי, וויטעבסק! וויטעבסק! וואָס פאַר אַ גן־עדן איז דאָרטן!

און אַז איך פרעג, וואָס ער מאַכט, בויגט ער זיך צו צו מיר אַזוי נאָענט, אַז זיין געלע באָרד, ווי אַ בעזים, טוט אַ שאַר מיר איבערן פּנים און ער רוימט מיר איין שטיל אַ סוד אויפן אויער:

— אַ רוח אין אַמעריקעס טאַטן שעביטאַטן אריין! אַ גיהנום!...

ער טרעט אָפּ פון מיר, טוט אַ קוק נאָך אַמאָל אויף מיר מיט אַ פאַר־צרהטן שמייכל, זעצט זיך נאָכדעם ביים טיש אוועק און שיט אויס אויף אים מיט אַ קלינגעריי זילבערנע און אַנדערע מטבעות פון אַ פּאַרטמאָנע, ציילט זיי איבער און שטעלט זיי אוים אין קופּקעלעך.

משמעות, אַז ער ציילט אוים וויפל ער האָט געלייזט פאַר דעם טאָג.

און פון זיין גלעטן די געלע באָרד איז קאַנטיק, אַז ער האָט היינט דווקא נישט קיין טענות צו זיין טאָג לייזונג.

און ער לאָזט באַלד טאָקע וויסן וועגן דעם זיין ווייב אויך.

ער זאָגט צו איר:

— אַ דאַנק גאָט, זעלדע! איבער זעקס קערבלעך היינט געלייזט. (ער האָט גערעכנט די אַמעריקאַנישע דאָלאַרס אויף רוסישע רובלס, דאָס הייסט, צוויי רובל פאַר איין דאָלאַר; אגב, ווי אַ סך רוסיש־יידישע אימי־גראַנטן אין יענער צייט).

אריינגעשאָטן דאָס געלט צוריק אין זיין פּאַרטמאָנע, טוט ער זיך אַ קער ווידער צו מיר און מאַכט:

— אָט האָט מיר גאָט היינט צוגעשיקט אַ גוטן טאָג לייזונג: ריינעם ריווח איבער פיר קערבלעך. נו, איז וואָס מיינסטו? ליג איך נישט דער־פאַר טיף אין דער אדמה? אי ליג איך אין דער אדמה, צען קלאַפטער טיף! — זיפצט ער.

— נו, שאַ־שאַ! — שלאָגט אים איבער זעלדע, און נעמט זיך צום גרייטן דעם טיש פאַר וועטשערע.

— אוודאי שאַ! — מאַכט ער מיטן קאָפּ, — וואָס דען, נישט שאַ? אַי־אַי־אַי, וויפל געזונט עס קאָסט מיך אָט דער שאַ! דו געדענקסט דאָך מיך פון דער היים? — רעדט ער צו מיר, — וואָלט איך דאָרטן אויך גע־שוויגן, האַ? דאָ אָבער, דאָ — שאַ! איך האָב נויטיק געדאַרפט צו פאַל־

קעווען די בײנער מײַנע שיקסעס און, צום סוף, אַפילו אויספּאַטשן זיי האָב איך מורא! — רעדט ער אַזוי פּאַרלאָרן און נעבעכדיק.

זײַנע צוויי מײדלעך קומען פון דער אַרבעט. דער זייגער איז שוין נאָך זיבן. בײדע זענען אױס אויסגעמאַטערט פון דער אַרבעט. זיי אַרבעטן אין איין שאָפּ, ביי קינדער־מאַנטלען.

די עלטערע מלכה, אָדער „מאַלי", מיט די רויטע האָר, איז דיקער נאָך, דאַכט זיך מיר, ווי אינדערהיים, און איר פּנים איז אינגאַנצן אײַנגע־טונקט אין זומער־שפּרינקלעך. דערפאַר איז די אַנדערע, ביילקע, אָדער „בעלאַ", אַ חנעוודיקע מײדל מיט שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן מיט אַ ווײַסן פּנים, וואָס שמײכלט מיט חן־גריבעלעך.

זי איז אויך דיק, אָבער נישט אַזוי ווי איר שוועסטער, און זי איז אַ סך שלאַנקער פון מאַלין.

— ג —

זיי דערקענען מיר באַלד, און די ערשטע עטלעכע מינוט, קענטיק, פילן זיי זיך נישט פרײַ געגנוג מיט מיר. משמעות דערפאַר, ווײַל אינדערהיים וואָלטן זיי געהאַלטן פאַר אַ זכיה, ווען איך, דער אינטעליגענטער בחור, לויט זייער מיינונג, וואָלט אַרויסגערעדט אַ וואָרט מיט זיי, די פּשוטע, אומגעבילדעטע מיידלעך, מיט וועלוול־איצע דעם פישערס טעכטער.

אָבער אין אַ ווײַלע אַרום — אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך מיט אַמאָל גע־כאַפּט, אַז זיי זײַנען אין אַמעריקע און נישט אין וויטעבסק — נעמען זיי אַן קענן מיר אַזאַ טאָן און האַלטונג, איבערהויפּט די רויטע מאַלי, ווי זיי וואָלטן אויסן געווען מיר „אָפּצושלאָגן די פליגלען".

ראשית לאָזט מאַלי מיר וויסן, אַז די היימישע געבילדעטע זײַנען דאָ גרינהאָרנס און אַז די היימישע יחסנים זײַנען דאָ גאָר קיין יחסנים נישט.

און בעלאַ, מיט די שמייכלענדיקע חן־גריבעלעך, כאַפּט אונטער:

— מיר פּאַרשטייען דאָ מער ווי די געבילדעטע אינדערהיים. — און, משמעות, צו באַווײַזן דאָס מיר, הויבט זי אָן צו רעדן מיט מאַלין אויף ענגליש.

פונדעסטוועגן נאָך וועטשערע ווערן זיי פרײַנטלעכער צו מיר. אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך באַרעכנט, אַז איצט, ווען זיי האָבן מיר אָפּגעשלאָגן די פליגלען, האָב איך שוין מער נישט די היימישע גאווה און זיי קענען זיך שוין האַלטן מיט מיר ווי גלײַכע מיט אַ גלײַכן...

אפשר וויל איך עפּעס לייענען? — פרעגן זיי בײַ מיר. מאַלי וואַרט

נישט אויף מײַן ענטפֿער, לויפֿט ערגעץ אַוועק און קומט באַלד צוריק מיט אַ „פֿרײַע אַרבעטער־שטימע".

וועלוועל־איצע, וואָס זיצט נאָך בײַם טיש און בענטשט אויפֿן קול מיט אַ פֿרומען ניגון, הייבט אָן צו אייקען און צו שפּייען, קוקט אויף מיר און שאָקלט צו מיר מיט דער גרויער באָרד.

— ה־ם! ה־ם! — שאָקלט ער צו מיר מיט דער באָרד, — אסור חזיר! מיסיאָנערטשיקעס! — וואָרנט ער מיר קעגן דער צײַטונג אויף זײַן „לשון־קודש", מחמת אויף ייִדיש קאָן ער דאָך נישט רעדן אין מיטן בענטשן.

טוט אויף אים מאַלי אַ געשריי:

— טאַטע, שאַראַפּ!

און בעלאַ בייזערט זיך אויך אויף אים:

— וואָס „חזיר"? וואָס „מיסיאָנערשטשיקעס"? דו הויבסט שוין אָן?

איך גיי דערנאָך מיטביידע שוועסטער צו מיר אין צימער. דאָרט זעצן מיר זיך אַוועק אַלע זאַלבעדריט אויף דער בעט און איך נעם די צײַטונג בײַ מאַלין פֿון די הענט.

הארטע עברי — זאָל דער אויבערשטער מציל ומשמר זײַן! איך לייען אַ ווײַלע. די מיידלעך ווילן, אַז איך זאָל לייענען אינדערהויך. זיי ווילן הערן. גיב איך די צײַטונג צוריק מאַלין און זאָג איר, אַז זי זאָל לייענען אויפֿן קול.

כאַפּט זיך מאַלי צו לייענען די „פֿרײַע אַרבעטער־שטימע" מיט אַ באַזונדערן חשק; זי וויל, משמעות, מיר באַווײַזן וואָס זי קאָן אין אַמעריקע.

זי לייענט, און יעדעס וואָרט, וואָס פֿאַלט אַרויס פֿון איר מויל, איז ממש אַ צעקריפּלטער בר־מינן.

און איך זע אויך, אַז זי ווייסט גאָר אַפֿילו נישט, אַז אין איר מויל קומט פֿאָר אַן אומברחמנותדיקער פּאָגראָם אויף די ווערטער פֿון דער „פֿרײַער אַרבעטער־שטימע". זי לייענט מיט אַזאַ חשק, מיט אַזאַ ברען!

און מיט נישט ווייניקער חשק הערט זיך צו די חנעוודיקע בעלאַ צו איר לייענען.

ווער איך נײַגעריק צו וויסן צי זי פֿאַרשטייט וואָס זי לייענט. און ווען זי לייענט דערנאָך, צעקריפּלענדיק די עברי ווענגן דעם, אַז מיטן „שטים־קעסטעלע" פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און מיט זייערע „שטים־פּױ" וועט מען די מענטשהייט נישט באַפֿרײַען, און מיט „פּאָליאַטיוון" וועט מען קיין רעוואָלוציע נישט מאַכן, בעט איך מאַלין, אַז זי זאָל מיר געבן צו פֿאַרשטיין וואָס דאָס מיינט.

קוקט זי זיך איבער מיט איר שוועסטער, און די שוועסטער מיט איר און זיי בײַדע צערויטלען זיך און צעשמייכלען זיך אַ ביסעלע צומישט.

— און אַליין ווייסט איר נישט וואָס דאָס מיינט? אַי גייט שוין, גייט! — טוט מיט אַמאָל מאַלי חוצפּהדיק מיר אַ שטורך מיט איר עלנבויגן הינטערווײַלעכץ.

און די חנעוודיקע בעלאַ רופט זיך אויך אָן, אַ מאָך טוענדיק מיטן שיינעם שוואַרצן קאָפּ:

— עס איז שוין ריכטיק, ווי די „פרײַע אַרבעטער־שטימע" שרײַבט. איר קאָנט זיך פאַרלאָזן אויף איר.

— אַי, ער ווייסט אויך וואָס זי שרײַבט, ער מאַכט זיך נאָר אַזוי געפּגרט! — שרײַט אויס ווידער מאַלי.

זאָג איך, אַז איך ווייס נישט און באמת, האָב איך נישט פאַרשטאַנען קלאָר נישט וואָס דאָרט איז געדרוקט געווען אין דער „פרײַע אַרבעטער־שטימע" און נישט וואָס מאַלי האָט פאַר מיר געלייענט. די גאַנצע פּלוגתּא צווישן די אַנאַרכיסטן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז מיר נאָך אין יענער צײַט גאַנץ פרעמד געווען. בפרט האָב איך נישט פאַרשטאַנען דעם האַרבן לשון פון דער צײַטונג. און די ווערטער „שטים־פי", „שטים־קעסטעלע" און נאָך אַזעלכע ווערטער זײַנען געווען פאַר מיר כינעזישע עברי...

טוט זיך דערנאָך מאַלי אַ כאַפּ:

— גוט, איך וועל דאָס אײַך פאַרטײַטשן אין צוויי ווערטער: לעבן מיר אין אַ „יאַמער־טאַל"? דאָס פאַרשטייט איר דאָך מסתמא...

לכתחילה איז דאָס וואָרט „יאַמער־טאַל" נישט קלאָר פאַר מיר; אַזוי אָבער ווי איך האָב פריער, אין מײַנע קינדער־יאָרן, געלייענט אַ ביסל העברעיִש, כאַפּ איך זיך באַלד, אַז דאָס וואָרט מיינט וואָס אויף העברעיִש „עמק הבכא", און, פאַרשטייט זיך, אַז איך בין מסכים מיט מאַלין, אַז דאָס לעבן איז אונדזער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז אַ יאַמער־טאַל פאַר דער מענטשהייט, און איך ענטפער איר מיט דער גאַנצער ערנסטקייט מײַנער:

— קאַניעטשנאַ! (אַוודאי).

— דאַרף מען מאַכן אַ רעוואָלוציאַ קעגן אַזאַ יאַמער־טאַל? — פרעגט מאַלי ווײַטער.

— אַביעזאַטעלנאַ! (אומבאַדינגט).

— און אַז ס'זײַנען פאַראַן מענטשן — שלאָגט מאַלין איבער איר שוועסטער בעלאַ — וואָס ווילן שטערן, אַז מען זאָל מאַכן די רעוואָלוציאַ, דאַרף מען נישט קעמפן קעגן זיי? דאַרף מען זיי לאָזן שטערן?

— פאניאטנא (פארשטייט זיך) נישט — מאר איך.

— און דאס טוען די „בודלעס", די סאציאל־דעמאקראטן — רופט זיך אן מאלי ווידער, אריבערשרייענדיק איר שוועסטער בעלאן. — זיי ווילן פארפירן די מענטשהייט מיט זייערע „שטים־קעסטעלעך", ווילן מאכן די מענטשהייט פאר שטים־פי, און קעגן דעם קעמפן מיר! אט דאס מיינט די „פרייע ארבעטער־שטימע". איצט פארשטייט איר שוין? האב איך אייך דאס קלאר אויפגעקלערט?

איך האב געזאגט, אז יא. און, באמת, האב איך געמיינט טאקע, אז איך האב פארשטאנען וואס זי האט געזאגט. דערביי אבער האב איך זיך שטארק געוואונדערט וואס זי און איר שוועסטער, וועלוול־איצעס טעכטער, טראכטן און רעדן אזוי...

אגב, אנדערע לעזער קאנען זיכער פרעגן, ווי קומט עס, וואס איך געדענק אזוי קלאר די רייד, וואס עמעצער האט גערעדט מיט א פופציק יאר צוריק? האב איך יענע רייד פארשריבן און זיי אפגעהיט פארשריבענע ביז היינט?

וויל איך באמערקן וועגן דעם: איך ברענג נישט קיין קאפיע פון יענע רייד, נאר דעם איינדרוק זייערן. און אין זכרון ביי מיר איז פאר־שריבן, יא, טיף־טיף איינגעקארבט, דער איינדרוק פון יענע רייד, ווי פון די מענטשן יענע און פון די פאסירונגען יענע, און פון יענער צייט אינגאנצן אויף דער ייִדישער גאס, און דאס איז גענוג.

און גענוג איז דאס דערפאר מחמת, בכלל, „קאפירט" נישט אין זיינע שאפונגען דער שרייבער, נישט אפילו דער שטרענגער רעאליסט און נישט אפילו ווען ער מאלט דעם פרישן היינט, דאס לעבן בפועל ממש, דאס לעבן „אויפן האר", ווי אנדערע מיינען, נאר שטענדיק דעם איינדרוק, וואס ער האט באקומען פונעם לעבן.

און אט דער איינדרוק, וואס מען האט באקומען פונעם לעבן, ארויס־געבראכט דורך לעבעדיקע געשטאלטן און רייד לעבעדיקע, איז אפט די עסענץ, די נשמה פון יענעם לעבן, דאס סאמע כאראקטעריסטישע און אמתדיקע אין יענעם לעבן, הייסט עס.

דערפאר איז די פראגע, ווי קומט עס, וואס מען געדענקט אזוי קלאר די רייד, וואס עמעצער האט גערעדט מיט אזוי פיל יארן צוריק, קיין פראגע נישט. דער עיקר איז, אויב די רייד מיט די מענטשן, וואס רעדן די רייד, מאכן דעם איינדרוק פון אמתדיקייט...

— ד —

שפּעטער קומט צו די שוועסטער אַ בחור, זײערער אַ שוועסטער־קינד, וואָס זײ רופן אים אַבראַשאַ.

אַ טשיקאַווער בחור, אַ בלײַכער, מיט שפּיציקע, מאָגערע אַקסלען, אַ ביסל אײַנגעהויקערט, באַוועגט ער זיך אומגעלומפּערט, מיט שלעפּעדיקע טריט, און אינגאַנצן איז ער אַ יאָר צוואַנציק אַלט, ווי עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן.

אַ שטילער, רעדט ווייניק, און אַז ער רעדט, קוקט ער און שמייכלט אַלע מאָל פאַרשעמט.

איך דערוויס זיך, אַז ער קומט פון אָרשאַ, איז זעלדעס אַ פּלימעניק און איז ערשט עטלעכע חדשים אין אַמעריקע. ער אַרבעט אין אַ געשעפט, וואָס פאַרקויפט זאַכן צו פּעדלער — אין אַ „פּעדלער־סופּלײַ״ — וועלוול־איצע, וואָס איז אַלײן אַ פּעדלער, האָט דאָס פאַר אים דאָרט די שטעלע געקראָגן.

ער דערציילט מיר, אַז ביז זיבעצן יאָר האָט ער געלערנט אין דער מירער ישיבה. אונטער דער צײַט האָט ער זיך דאָרט געטראָפן, אײנעם שטעטל, מיט אײנעם, וואָס האָט אים די „אויגן געעפנט און אים געלאָזט זען די ליכטיקע וועלט״. האָט מען זיך געכאַפּט נאָכדעם אין דער ישיבה, אַז ער איז נכשל געוואָרן און מען האָט אים משלח געווען פון דאָרט. איז ער נאָכדעם געקומען צוריק אין אָרשאַ און אין דרײַ יאָר צײַט האָט ער אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף אַלע קלאַסן גימנאַזיע.

ער דערציילט מיר אויך, אַז ער איז אַ שטיקל שרײַבער, האָט גע־שריבן לידער אויף העברעיִש און רוסיש, פון וועלכע ער אַליין, אגב, האַלט נישט, האָט ער צוגעגעבן מיט אַ פאַרשעמטן שטילן שמייכל.

מיר רעדן אויף רוסיש. זײַן רוסיש רעדט ער מיט אַ ייִדישן אַקצענט, מיט „ס״ אַנשטאָט „ש״ און „צ״ אַנשטאָט „טשעי״, און שטענדיק זע איך, ווי ער היט זיך, אַז זײַן רוסיש זאָל זײַן גראַמאַטיקאַליש און אַז ער זאָל, חלילה, קיין גראַמאַטיקאַלישן פעלער נישט מאַכן.

און, חוץ דעם, איז זײַן רוסיש אויך גוואַלדיק מליצהדיק; קענטיק, אַז ער זעצט אים איבער אינעם קאָפּ פון אַ מליצהדיקן העברעיִש...

ביידע שוועסטער הערן זיך צו מיט דעם גרעסטן דרך־ארץ צו אונדזער רוסיש און, וואונדער איבער וואונדער, ביידע שווײַגן. אײנמאָל בלויז האָט זיך די רויטע מאַלי אין מיטן דערינען אָנגערופן צו מיר:

— פרעג איך אײַך, איר זאָגט אים שוין: דאַרף אַזאַ געבילדעטער באַי ווי ער, אַבראַשאַ, עפּעס טאָן פאַר דער מענטשהייט? ער וואָלט דאָך אַזוי פיל געקאָנט אויפטאָן. וויפל איך האָב שוין נישט געפּרוּווט אים אויפקלערן, עס העלפט נישט, אַרויסגעוואָרפענע רייד!

— איך וויל זיך פריִער אויסלערנען די ענגלישע שפּראַך, דערנאָך, אפשר, וועל איך אויך עפּעס טאָן פאַר אַנדערע — האָט אַבראַשאַ איר גע־ענטפערט שטיל און מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל.

בעלאַ האָט באַמערקט מיט כעס:

— ווייס איך וואָס, אַבראַשאַ וועט טאָן עפּעס פאַר אַנדערע! גיכער וועט ער זיי באַרויבן, אויב ער וועט נאָר קאָנען! וועט ווערן מסתמא אַ קאַפּיטאַליסט, אַ בלוטזויגער דאָ, אין אַמעריקע, אויב ער וועט קאָנען. איך האָב אים פיַינט, איך האָב אים שוין פיַינט! — דרייט זי אַוועק מיט כעס דעם קאָפּ פון אַבראַשאַן.

(אגב, אין יאָרן שפּעטער, איז אָט דער זעלביקער, וואָס מיר האָבן אים געקענט אונטערן נאָמען „אַבראַשאַ", געוועזן אַ פאַבריקאַנט פון פרוי־ען־מאַנטלען אין ניו־יאָרק, און די אַרבעטער פון זיַין שאָפּ האָבן נאָכאַנאַנד דאָרט געשטראַיקט — ל. ק.)..

און יענעם אויפדערנאַכט רעדן מיר אויך וועגן „תכלית" פאַר מיר. צו וואָס פאַר אַ מלאכה זאָל איך זיך דאָ נעמען, הייסט עס. מאַלי זאָגט, אַז איך זאָל ווערן אַ העמדל־נייער; בעלאַ — אַ סיגאַר־מאַכער; אַנישט וועט זי גאָר פּרוּוון רעדן מיטן באָס פון איר שאָפּ, ער זאָל מיך אַריַינ־נעמען אַרבעטן... זי נעמט אויף זיך מיך אויסצולערנען נייען קינדער־מאַנטלען אויף דער מאַשין; און אַבראַשאַ זאָגט גאָר, אַז אויב איך וויל, וועט ער אַ שמועס טאָן מיט זיַין באַלעבאָס פון „פעדלער־סופּלאַיס" וועגן באַשעפטיקן מיך...

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט מיַין צווייטע נאַכט אין אַמעריקע.

# אַכטער קאַפּיטל

## אַ נ י ו ט אַ

— א —

איך בין שוין איבער אַ וואָך אין אַמעריקע און פאַר אַט דער צײַט בין איך געווען אין די הײמען בײַ אַ היפּשן ביסל וויטעבסקער לאַנדסלײַט מײַנע, און כמעט אומעטום זע איך דאָרט דאָס אײגענע: ייִדן, וואָס זײ זײַנען געווען קרעמער און הענדלער אין וויטעבסק, זײַנען דאָ שאַפּ־אַרבעטער, ס'רוב פון אַ „סוועט־שאַפּ". זעלטן־ווער פון זײ איז דאָ אַ פּעדלער, זעלטן־ווער פון זײ האַלט דאָ אַ שטיקל קרעמל.

קײנער פון זײ איז נישט צופרידן מיט אַמעריקע. די בענקעניש נאָך דער אַמאָליקער הײם לאָזט נישט רוען און טאָקע די פּראַצע אינעם „סוועט־שאַפּ" איז אויך נישט אויסצוהאַלטן. די מערסטע פון זײ טרײסטן זיך און האָפן, אַז זײ וועלן אָפּשפּאָרן עטלעכע דאָלאַר, וועלן זײ אַלײן, מיט גאָטס הילף, עפענען אַ שטיקל סוועט־שאַפּ, וועט דאָס לעבן נישט זײַן דעמאָלט אַזוי ביטער.

עס זײַנען אָבער פאַראַן אַנדערע צווישן די גרינע שאַפּ־אַרבעטער וואָס זײַנען עפּעס פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ נײַעם גײַסט, אַ דאַנק אַט די אַמעריקאַנישע אומשטענדן, אַ דאַנק טאַקע אַט דער מוראַדיקער פּראַצע אין דעם „סוועט־שאַפּ" און דער אַגיטאַציע־אויפקלערונג סײַ פון יחידים רעוואָלוציאָנערע רעדנער, אַנאַרכיסטן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און סײַ פון דער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע, וואָס זײ האָבן גענומען לײענען...

אַ נײַער גלויבן איז בײַ זײ אַנגעצונדן געוואָרן, אַ גלויבן אין אַ גאולה, וואָס איר נאָמען איז „רעוואָלוציע", אָדער „רעוואָלוציאָן", ווי זײ האָבן דאָס גערופן; און אַט די רעוואָלוציע וועט זײ באַפרײַען פון אַט דעם

שווערן, ביטערן לעבן און וועט ברענגען פאר זיי און פאר דער גאנצער מענטשהייט א לעבן א פרייען, אז אנארכיסטיש־קאמוניסטישן, ווי זיי, די אנארכיסטן־קאמוניסטן, האבן געוואלט; א סאציאליסטישן, ווי זיי, די סאציאל־דעמאקראטן, האבן געוואלט.

אט די דריי קאטעגאריעס מענטשן, ס'הייסט אזעלכע וואס האבן געחלומט אליין צו עפענען א „שטיקל שאפקע", און ארבעטער וואס זיינען געווען אנארכיסטן־קאמוניסטן, און ארבעטער וואס זיינען געווען סאציאל־דעמאקראטן, האב איך געטראפן כמעט ביי יעדן פון מיינע לאנדסלייט אינדערהיים, און זיי האבן באקעמפט איינע די אנדערע, אפט ווי די בלוטיקסטע שונאים.

אפטער ווי צו די אנדערע גיי איך צו אניוטאן.

אמאל קום איך אליין צו איר און אמאל — מיט באריסן, צי מיט סיאמאן, וואס נישט דער און נישט יענער איז נאך נישט פארנומען דערווייל מיט קיין שום ארבעט און קאן זיך דערפאר טרעפן און טרעפט זיך טאקע מיט מיר כמעט יעדן טאג.

אניוטא וווינט אין א קליין צימערל אויפן דריטן שטאק ביי א דייטשן אנארכיסט אין הויז ערגעץ ארום זשיראר עוועניו.

איך גיי גערן צו אניוטאן. אויפגעוואקסן כמעט ביי אונדז אינעם הויז און מיין שוועסטערס א חברטע פון קינדווייז אויף, איז זי דא ביי מיר דער נאענטסטער מענטש.

ווי ליב זי איז נישט געווען אינדערהיים, איז זי דא נאך ליבער, ווייזט זיך מיר אויס.

אט דאס קליין־געוויקסיק, ליכטיק מיידל, מיט די העל־בלאנדע האר און מיט די בלויע אויגן, וואס זיי זיינען אמאל ערנסט פארחלומט און אמאל שטיפעריש־פריילעך, אט די ערנסטע אניוטא און אט די שטיפעריין אניוטא, מיטן פיינעם, פון דער ארבעט־אויסגעבלייכטן, כמעט דורכזיכטיקן פנים און הארציקן שמייכל — אנטציקט מיינע ביידע חברים.

— א ליכטיקער, בלאנדער חלום! — רעדט באריס וועגן איר באגייסטערט, און זיינע אויגן צעפינקלען זיך דורך די פענסנע.

— אז ערנסטע רעוואלוציאנערקע מיט א גאלדן הארץ — רעדט סיאמא וועגן איר פארחלומט.

ביי מיר איז זי ווי א ליבלעכע שוועסטער, ווי אן עלטערע שוועסטער, וואס אין איר לאסקע און ווארעמען ווארט נויטיק איך זיך זייער.

מחמת אין יענער צייט בענק איך ממש משוגע נאך מיינע היימישע, און מיט איר קאן איך רייד[ן] וועגן זיי.

און זי אַליין באַגייט זיך אויך מיט מיר ווי אַן עלטערע שוועסטער, און אַמאָל גאָר ווי אַ דערוואַקסענער מענטש מיט אַ קינד, הגם לגבי אַט דעם צאַרטן, ליכטיקן נפש זע איך אויס אַ געזונטער בורלאַק..

— בעיבי, דו בעיבי! — לאַכט זי אַמאָל פון מיר, ווען איך רייד אויס פאַר איר אַמאָל מײַן היים־בענקעניש. אַמאָל גלעט זי מיט איר קליין, צאַרט הענטל מיר די באַקן, באמת ווי איך וואָלט אַ בעיבי געווען, און רעדט צו מיר האַלב אויף שפּאַס און האַלב אויף ערנסט:

— נו, גענוג! דו ביסט דאָך שוין אַ דערוואַקסענער מאַן און אַ רע־וואָלוציאָנער. ווי פּאַסט עס פאַר דיר צו זײַן אַזוי סענטימענטאַל־צע־קראָכן?...

און אַז איך הער דאָס פון איר פאַרשעם איך זיך. באמת טאַקע, ווי פּאַסט עס פאַר אַ רעוואָלוציאָנער צו טראַכטן כסדר וועגן די עטלעכע אייגענע, ווען ער דאַרף טראַכטן וועגן דער גאַנצער מענטשהייט!...

— ב —

אָבער אויף מאָרגן — דער קאַדיק זאָל דאָס נעמען! — די אייגענע מעשה: די בענקעניש בײַ מיר פּלאַצט ווידער אַרויס, אָט אַזוי ווי די פּאַרע פון אַ זידנדיקן קעסל, וואָס קאָכט זיך אויף אַ גרויסן פֿײַער...

קיין שוועסטער וואָלט זיך נישט אינטערעסירט מער מיט איר ברו־דער, ווי זי מיט מיר.

זי באַמערקט, אַז מײַן רעקל פאַרלירט אַ קנעפּל, הייסט זי מיר תיכף אויסטאָן דאָס רעקל און באַפעסטיקט דאָס קנעפּל; שטייט צו צו מיר, אַז איך זאָל ברענגען צו איר מײַנע נאַזטיכלעך און די אַנדערע זאַכן אויף אויסצוואַשן.

אַזוי שטייט זי אויך צו צו מיר איך זאָל איר זאָגן דעם אמת, צי נוי־טיק איך זיך נישט אין געלט.

— אויב — וואָרנט זי מיך — איכ'ל זיך דערוויסן, אַז דיר פעלט געלט און דו האָסט מיר נישט געזאָגט וועגן דעם, שווער איך דיר, אַז איך וועל מער מיט דיר נישט ריידן.

זי זאָגט, אַז זי וועט פאַר מיר קריגן אַרבעט אין דער העמדן־פאַבריק, וווּ זי אַרבעט. זי האָט שוין דאָרט גערעדט וועגן דעם מיטן פאַבריק־פאַר־וואַלטער, און יענער האָט איר צוגעזאָגט. איך דאַרף נאָר וואַרטן אַ קורצע צײַט.

דערווײַל, זאָגט זי, זאָל איך לייענען. איך זאָל זיך באַקענען מער

מיט דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, מיט דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַ־טור און איך זאָל פּרוּוון אַליין עפּעס אָנשרייבן. איך זאָל שרייבן אויף רוסיש, מען וועט עס נאָכדעם איבערזעצן אויף „זשאַרגאָן"...

זי אַליין לייענט אויך דעם „אַרבעטער פריינט" און די „פרייע אַר־בעטער שטימע" און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע „אַרבעטער צייטונג" (די לעצטע כדי צו וויסן, וואָס „די בודלער, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן בלאַפן", זאָגט זי), און זי איז אַ גרויסע פאַרערערין פון עדעלשטאַטן, וואָס זיינע לידער האָט זי ליב צו דעקלאַמירן און צו זינגען.

— ער איז אונדזער זשאַרגאָנישער נעקראַסאָוו — זאָגט זי מיר אַמאָל, ווען זי האָט איבערגעלייענט מיט באַגייסטערונג אויסנווייניק זיינס אַ ליד פאַר מיר.

אָבער איר גאַט, וואָס זי פאַרגעטערט אים, איז יאָהאַן מאָסט. זי לייענט אויך זיין „פרייהייט", און יעדעס וואָרט, וואָס עס איז דאָרט גע־דרוקט, איז ביי איר דער העכסטער אמת.

— מיר וועלן גאָר אינגיכן האָבן די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן — מאַכט זי צו מיר אַמאָל מיט דער טיפסטער איבערצייגונג אינעם קול, און ווי ליכטיק אירע שיינע, בלויע אויגן האָבן זיך בעת דעם צע־פינקלט! — זאָלן נאָר די אַרבעטער אַ ביסעלע נאָך צוהונגערן, וועט ווערן פרייער אויף דער וועלט!...

ווי אַלע אַנאַרכיסטן אין יענער צייט, האָט זי אויך געגלויבט, אַז „וואָס ערגער איז בעסער". און כמעט ווי אַלע אַנאַרכיסטן אין יענער צייט, בפרט יידישע אַנאַרכיסטן אויף דער דעמאָלטיקער יידישער גאַס, איז זי אויך געווען איבערצייגט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַמע־ריקע איז גאָר־גאָר נאָענט, ממש אונטער דער נאָז...

באָרים דעבאַטירט מיט איר שטענדיק, נישט ווייל ער איז אַ קעגנער פונעם אַנאַרכיזם, נאָר מחמת ער האָט סתם הנאה פון דעבאַטירן, בפרט מיט איר, אַניוטאַן.

וועגן דעם חילוק צווישן אַנאַרכיזם און סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם איז ביי אים אַליין נאָך אַ היפּשער פּלאָנטער אינעם קאָפּ, הגם ער ווייסט מער וועגן דעם ווי איך, אָדער סיאָמאַ. אינעם האַרצן ביי אים איז ער מער נוטה צום אַנאַרכיזם ווי צום סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם, פונדעסטוועגן דיסקוטירט ער מיט אַניוטאַן און וויל נישט מסכים זיין מיט איר אַנאַרכיסטישער „וועלט־אַנשויאונג".

געוויינלעך דעבאַטירן זיי וועגן דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

— קיין הערשאַפט — טענהט אַניוטאַ — אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט. קיין הערשאַפט, סײַ פון דעם הימלשן „אויטאָריטעט" און סײַ פונעם ערדישן. קיין מאַיאָריטעט טאָר נישט אונטערדריקן דעם ווילן פון אַ מינאָריטעט. מחמת דעם איז דער אַנאַרכיזם קעגן יעדער פאָרם פון פּאָליטיק, פּאַרלאַמענטן, וואַלן. ווײַל מען ווילט אויס אַ מענטשן אויף צו הערשן, און יעדער מין הערשאַפט פירט צו אונטערדריקונג. דער ווילן פון איין מענטשן וועט זײַן אַזוי וויכטיק אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט ווי דער ווילן פון טויזנטער מענטשן...

— ג —

און אַמאָל, ווען די דעבאַטע צווישן זיי צעברענט זיך און זיי ביידע צעשרײַען זיך — באַרים אַרגומענטירנדיק ווי אַן אַנאַרכיסטישער קעגנער, ס'רוב מער, ווײַל ער האָט הנאה זיך צו רייצן מיט אַניוטאַן — פליט אַרײַן מיטאַמאָל אין צימער דער באַלעבאָס, בײַ וועמען אַניוטאַ וווינט — אַ דיי־קער דײַטש, מיט אַ רויטן רונדן פּנים און מיט גרויסע בלאָנדע וואָנצעס — און ער הויבט אויף ביידע הענט איבער זײַן בלאָנדן קאָפּ, פאַרקייקלט זײַנע ביידע אויגן אונטערן שטערן און שרײַט אויס מיט אַ קול, ווי עס וואָלט זיך בײַ אים ווי פונעם שווערן בויך אַרויסגעריסן:

— מאַן דער אַרבײַט, ער־ר־וואַאַד!...

און אַז אַרום אים ווערט דערנאָך שטיל, לאָזט ער אַרונטער די הענט צוריק, קוקט מיט זײַנע רונדע, שמייכלנדיקע אויגן אויף אַלעמען אינעם צימער און מאַכט פרײַנטלעך:

— גוטן אָוונט, גענאָסן!

נעמט אויף נאָכדעם אַליין די דעבאַטע, ווען אַניוטאַ גיט אים איבער באַריסעס טענות, און ער קלערט דאָן אויף דעם „רוסישן גענאָסע" און, נאַטירלעך, האַלט ער מיט אַניוטאַן.

דער דאָזיקער דײַטשער אַנאַרכיסט איז אַ פאַרברענטער „מאָסטיאַ־נער" און ער האַלט שטאַרק פון „פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט".

נישט איינמאָל האָב איך געהערט פון אים בײַ אַניוטאַן אינעם צימער די באַמערקונג, אַרויסגערעדט מיט פײַער אין די אויגן:

— מיט דינאַמיט מוזן מיר אַגיטירן קעגן די שקלאַפן־טרײַבער און קעגן די הענקער... יעדע באָמבע מאַכט פּראָפּאַגאַנדע פאַר אונדזער זאַך!...

אָבער נישט אַלע מאָל איז אַניוטאַ ערנסט אַזוי. אַמאָל צעשטיפט זי זיך פּלוצים. דעמאָלט איז זי אינגאַנצן פרייד: זי לאַכט הילכיק, זינגט רוסי־

שע לידער אויף אַן אַנגענעם־ברוסטיקן אַלטאַ, כאַפּט אַרונטער ביי באַריסן די פּענסנע פון דער נאָז און טוט זיי אָן אויף איר נעזל; צופּט אים די שוואַרצע טשופּרינע, רייסט מיך ביי די געקרויזטע האָר.

און צו דעם פאַרחלומטן סיאַמאַן מיטן צאַרטן, כמעט מיידלשן פּנים פאַרהאַלט זי זיך גאָר אויף אַ באַזונדערן אופן.

אַז זי צעשטיפט זיך אַמאָל, זעצט זי זיך אַוועק לעבן אים און קוקט אים אַריין אין די אויגן און טוט דערנאָך מיטאַמאָל אַ פרעג:

— נו, וואָס גוטס, שוועסטערל?...

טוט עס מיט אַ גנביש שמייכעלע אין די בלויע אויגן.

און איינמאָל, ווען איך בין ביי איר מיט סיאַמאַן, צעשטיפט זי זיך מער ווי ווען עס איז פריער, טוט מיך צוערשט אַ כאַפּ און הויבט זיך אָן צו דרייען מיט מיר איבערן צימער און שטויסט מיך אָפּ פון זיך פּלוצים מיט אַ געשריי, אַז איך קען נישט טאַנצן, און לויפט דערנאָך צו צו סיאַמאַן, וואָס זיצט דאָרט אויף אַ שטול, און שטעלט זיך אַוועק פאַר אים אויף די קני, פאַרברעכט אירע ביידע הענט און קוקט צו אים אַרויף מיט אַ שטאַרק באַטריבטער מינע. נאָכדעם רעדט זי אַרויס טראַגיש:

— מיידעלע, מיידעלע, פאַרוואָס ביסטו אַ יינגעלע?...

און דאָס מאָל פּראָטעסטירט גראָד סיאַמאַ. דער פּנים ביי אים צינדט זיך אָן און סיאַמאַ צעוויינט זיך שיר.

— רעדט נישט אַזוי צו מיר, איך פּראָטעסטיר! — שפּרינגט ער אויף. — דאָס איז... דער טייוויל ווייסט וואָס דאָס איז! שוין נישט דאָס ערשטע מאָל. אַזאַ שווייַנעריי! — קאָן ער קויםריידן פאַר אויפרעגונג.

און ער כאַפּט זיין הוט און מאַנטל און אַנטלויפט, אפילו אָן אַ גוטע נאַכט...

איז אַניוטאַ דערנאָך אויסער זיך דערפון.

— גאָט מיינער — רעדט זי מיט אויפריכטיקן פאַרדרוס — פאַר־וואָס האָב איך דעם יינגל באַליידיקט? איך האָב דאָך דאָס נישט געוואָלט...

און אויף מאָרגן האָב איך אים ווידער געמוזט ברענגען צו איר...

— ד —

איינמאָל אַ זונטיק זאָגט מיר אָן אַניוטאַ, אַז מאָרגן אינדערפרי, ס'הייסט מאָנטיק, נעמט מען מיך אַריין אַרבעטן אין איר העמדן־פאַבריק. פונקט זיבן אינדערפרי זאָל איך זיין ביי איר אינדערהיים.

מען וועט מיך דאָרטן מאַכן פאַר אַן אַרבל־מאַכער, דערקלערט זי

מיר. נאָך מיר וועט זי אויך אַרײַנקומען אַהין, אין דער פֿאַבריק, הייסט עס, מײַנע בײדע חברים, באָריס און סיאָמאַ.

יענעם מאָנטיק בין איך זיבן אַזייגער אינדערפֿרי בײַ איר אינדערהיים. זי וואַרט שוין דאָרט אויף מיר. האַלב אַכט מוזן מיר שוין זײַן אינעם שאַפּ.

איצט, אַז עס דאַרף זיך אָנהויבן מײַן קאַריערע פֿון אַן אַרבל־מאַכער, ווער איך פּלוצים אומרויִק. מיך שרעקט דער געדאַנק, צי איך וועל דאָרט טויגן צו דער מלאָכה...

און אַז איך רעד וועגן דעם מיט אַניוטאַן, פֿאַרזיכערט זי מיך, אַז איך האָב דווקא גאָלדענע הענט פֿאַר נייען אַרבל. אַזעלכע לאַנגע פֿינגער, ווי מײַנע — לאַכט זי — זײַנען ווי ספּעציעל באַשאַפֿן געוואָרן צו מאַכן ליִטישע אַרבל.

איך דערוויס זיך פֿון איר אויך אויפֿן וועג צום שאַפּ, אַז די דאָזיקע פֿאַבריק, וווּ איך הויב אָן הײַנט מײַן נײַע קאַריערע, געהערט צו אַ דײַטשן יאַהודי, אַ טוער אינעם פֿילאַדעלפֿיער קאָמיטעט פֿון באַראָן הירש, און מחמת דעם נעמט מען אַרײַן אין זײַן שאַפּ אויך גרינע ייִדן און מען לערנט זיי די מלאָכה דאָרט. אין אַנדערע שעפּער מוז מען באַצאָלן פֿאַר אויסלערנען אַ מלאָכה. אַ חוץ דעם איז דער דאָזיקער שאַפּ פֿאַררעכנט פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע אין פֿילאַדעלפֿיע צו אַרבעטן, ווײַל מען אַרבעט דאָרט אויף מאַשינען, וואָס ווערן געטריבן פֿון דאַמף־קראַפֿט, בעת אין די אַנדערע שעפּער ווערט געווייניגלעך, געאַרבעט אויף „פֿוס־מאַשינען", און די מאַשינען אַליין אויף צו אַרבעטן מוזן ס'רוב די אַרבעטער ברענגען זייערע אייגענע אין שאַפּ...

אַניוטאַ דערציילט מיר אויך, אַז די מערסטע פֿון די אינטעליגענטע ייִדישע אימיגראַנטן און אימיגראַנטקעס אַרבעטן אין העמדער־פֿאַבריקן.

(אַגב איז עס אַ פֿאַקט, אַז ס'רוב פֿון די ייִדישע אינטעליגענטן צווישן די אימיגראַנטן אין יענער צײַט האָבן געאַרבעט גרינערהייט דאָ בײַ העמדער, צי בײַ „ראַפּערס" (ווײַבערשע קאָפֿטעס). אויך מאָריס הילקאָוויטש (הילקוויט), מ. זאַמעטקין, לוי מילער און נאָך אַנדערע אַזעלכע באַרימטקייטן האָבן דאָ געאַרבעט אין העמדער־פֿאַבריקן. און אַנדערע פֿון אָט די אַרבעטער־אינטעליגענטן האָבן שפּעטער אַליין זיך אַרויפֿגע־אַרבעט אויף אייגענע גרויסע העמדער־פֿאַבריקן).

מיר גייען צו צום שאַפּ — אַ גרויסע, גרויסע געבײַדע.

פֿאַר אונדז און הינטער אונדז בײַם אַרײַנגאַנג שטופּן זיך אַנדערע יונגעלײַט און מיידלעך, מער מיידלעך.

איך הער, אז מען רעדט רוסיש, מען רעדט ענגליש, מען רעדט אויך יִדיש, די מערסטע אָבער — רוסיש, ווײַזט זיך מיר אויס.

איך גיי אַרײַן מיט אַניוטאַן אינעווייניק. אַ פּלאַץ, ווי אַ גרויסער, ברייטער זאַל מיט ווײַסע ווענט און גרויסע פֿענצטער (דעם ערשטן מאָל אין מײַן לעבן בין איך אינעווייניק אין אַ שאַפּ).

איבערן גאַנצן פּלאַץ צִיען זיך ניי־מאַשינען, אויסגעשטעלט ראַנד־ווײַז, וואָס יעדע פֿון זיי איז צוגעדעקט דערווײַל מיט אַ ווײַסן צודעק.

די מיידלעך און די יונגעלײַט טוען זיך אויס דערווײַל און פֿאַר־שווינדן ערגעץ מיט זייערע אויסגעטאָענע קליידער.

אַניוטאַ בלײַבט מיט מיר וואַרטן אויפֿן „פֿאָרמאַן".

צום סוף קומט ער אַרויס פֿון אַ זײַטיקן צימער — אַ פּאַרשוין, קליין־געוואַקסיק און קײַלעכדיק, און בײַכיק, ווי אַ פֿעסעלע, מיט געלע באַקן־בערד אויף אַ רונדן לבנה־פּנים, מיט אַ געלן קאָפּ און קליינטשיקע, ווײַסע אויגעלעך אונטער לאַנגע, געלע ברעמען.

ער טראָגט אַ קורץ, געקעסטלט שירצל אַרום זײַן רונדער טאַליע און די אַרבל פֿון דער העמד זײַנען בײַ אים פֿאַרקאַשערט איבער געל־האָרי־קע אָרעמס.

ער לויפֿט צו צו אונדז אויף זײַנע פֿיס, ווי קורצע קלעצלעך, טוט אויף גיך אַ מעסט אָפּ מיך מיט זײַנע ווײַסע אויגעלעך פֿון אונטער די געלע ברעמען און ער טוט אַ פֿרעג אויף דײַטש:

— איזט דאָס דער יונגע?...

— יעס, מיסטער אולמאַן — ענטפֿערט אַניוטאַ.

זאָגט ער צו מיר, אַז איך זאָל גיין זיך אויסטאָן, און ווײַזט מיר אַז מיט אַ קורצער, פֿעטער האַנט אויף יענעם צימער, וווּהין די אַנדערע אַר־בעטער גייען מיט זייערע מלבושים.

שפּעטער קומט מיר נאָך אויס אַ ווײַלע צו וואַרטן, ביז איך קריג מײַן מאַשין...

קוק איך זיך דערווײַל אַרום אין שאַפּ, ווו מען אַרבעט שוין.

איבער צוויי הונדערט „הענט" אַרבעטן דאָרט. זע איך קעפּ צוגע־בויגענע צו די מאַשינען, אַקסלען אײַנגעהויקערטע, ס'רוב פֿרויען־קעפּ און פֿרויען־אַקסלען. אַרום אַ ראָד טראָגט זיך מיט אַ געפּילדער אַ ברייטער לעדערנער פּאַס און די הונדערטער מאַשינען זשווזשען און ליאַרעמען מיט אַ אײַזערנעם געשרײַ. דער פֿאָרמאַן, דאָס פֿעסל מיטן רונדן לבנה־פּנים און מיט די געלע באַקן־בערדן, קייקלט זיך דאָרט צווישן די ראַנדן מאַ־

שינען און וואַרפֿט מיט זײַנע ווײַסע אויגעלעך פֿון אונטער די גרעלע ברעמען, אויף אַלע זײַטן.

באַמערק איך מיטאָמאָל, ווי ער ווינקט צו מיר פֿון דערווײַטנס, אַז איך זאָל צוגיין. איך גיי צו צו אים, ווײַזט ער מיר אַן אויף אַ נישט־פֿאַרנומענער מאַשין און זאָגט מיר, אַז אויף אָט דער מאַשין וועל איך אַרבעטן און אַז איך זאָל רופֿן מײַן לאַנדס־מיידל, זי זאָל מיר ווײַזן וואָס צו טאָן.

און באַלד באַקום איך מײַן ערשטע לעקציע פֿון אַניוטאַן ווי אַזוי צו אַרבעטן אויף דער מאַשין.

צוערשט לערנט זי מיך ווי צו מאַכן אַ גלײַכן נאַט מיט דער מאַשין אויף גלאַט אַ שטיקל וואַרע־צײַג.

— מען נעמט עס אַן אָט אַזוי־אַ — ווײַזט זי מיר און זי גלײַכט אויס דאָס שטיקל וואַרע־צײַג מיט אירע קליינע ווײַסע הענטלעך — און מען לייגט עס אַוועק דערנאָך אונטער דער נאָדל... אָט אַזוי־אַ...

זי טוט אַ דריי אויף צוריק דאָס רעדל פֿון דער מאַשין, די נאָדל הויבט זיך אויף און אַניוטאַ לייגט אַוועק אונטער איר דאָס שטיקל וואַרע־צײַג.

— און איצט דריקט מען אָן מיט דער רעכטער פֿוס אויף דעם טרעטער פֿון דער מאַשין, און האַידאַ!...

און זי בויגט זיך צו צו דער מאַשין, דריקט מיט אַ פֿוס אויף דעם טרעטער, און די מאַשין זשוזשעט, רוישט און נייט. די ווײַסע פֿינגער אַניוטאַס טאַנצן ממש אונטער דער מאַשין־נאָדל, וואָס פֿליט אַרויף און אַראָפּ און קלאַפּט איבערן שטיקל וואַרע־צײַג, און אין אַ מינוט אַרום נעמט אַניוטאַ אַרויס פֿון אונטער דער נאָדל דאָס שטיקל וואַרע־צײַג מיט אַ ווײַסן נאָט...

טראַכט איך בײַ זיך: אויך מיר אַ קונץ!...

מיר ווײַזט זיך אויס, אַז אַפֿילו אַ קינד פֿון פֿינף יאָר וואָלט געקאָנט באַוויזן אָט דעם קונץ...

איך זאָג דאָס אַניוטאַן, איז זי צופֿרידן, און זאָגט מיר:

— אַוודאי, קיין מיניסטערשן קאָפּ דאַרף מען נישט האָבן צו אָט דער תּורה.

אָבער נאָכדעם, אַז איך זעץ זיך אַוועק אויף איר אָרט בײַ דער מאַשין און וויל באַווײַזן אָט דעם קונץ, איז וויי, וויי, וויי, וואָס פֿאַר אַ גרויסע צרות!

ראשית קאָן איך בשום אופֿן נישט דורכקומען מיטן שטיקל וואַרע־צײַג; וויל איך עס אַוועקלייגן אַזוי, לייגט זיך עס אַוועק דווקא קאַפּויר

ווי איך וויל, ווי אויף צו להכעיס מיר. עפּעס ווי עס וואָלט געטריבן מיט מיר עקשנות...

ביז אַניוטאַ אַליין נעמט עס אַרײַן אין איר האַנט, גלײַכט עס אויס און גלעט עס אויס און לייגט עס אַוועק אונטער דער מאַשין־נאָדל צווישן מײַנע צוויי פינגער און מאַכט צו מיר:

— איצט ניי!

בויג איך זיך אויס צו דער מאַשין, דריק מיט מײַן פוס אויפן טרעטער מיט אַלע מײַנע כוחות, און די מאַשין הויבט אָן צו אַרבעטן משוגענערווײַז, בייזערט זיך, ליאַרעמט נישט מיט איר קול, קלאַפּט מיט דער נאָדל סײַ איבערן שטיקל וואַרע־צײַג און סײַ איבער איר געשטעל, צערײַסט דעם פאָדעם און צעפּלאָנטערט אַלצדינג...

— נעם אַרונטער די פוס פון דער מאַשין! סטאָפּ! — שרײַט הינטער מיר אַניוטאַ.

איך בין צעשראָקן און צעטומלט, וויל מיט די הענט אָפּשטעלן דאָס רעדל פון דער מאַשין, נעם אָבער נישט אַרונטער די פוס פון דעם טרעטער, און, פאַרשטייט זיך, אַז די מאַשין „אַרבעט" אַזוי ווי פריִער...

איך דערפיל, אַז אַניוטאַ צופּט מיך פון הינטן פאַר אַן אַקסל. ערשט דעמאָלט כאַפּ איך אַרונטער די פוס פונעם טרעטער און שפּרינג אויף פון מײַן אָרט אַ צעטומלטער. מײַן מאַשין בלײַבט שטיין...

אַניוטאַ ווײַזט מיר ווי דורכצוציִען דעם פאָדעם דורך דער נאָדל און קלאַפּט ווידער אָפּ אַ נאָט אויפן שטיקל וואַרע־צײַג פאַר מיר.

און איך קוק אויף דעם און טראַכט מיר: גאָט מײַנער, עס איז דאָך אָבער פאָרט נישט קיין קונץ, הײַנט פאַרוואָס?...

און איך פּרוּוו ווידער און ווידער, און ווידער דרייט זיך אומגעלומפּערט דאָס שטיקל וואַרע־צײַג בײַ מיר אין די הענט און וויל זיך בשום אופן נישט אַוועקלייגן גלײַך און גלאַט אונטער דער מאַשין־נאָדל, ביז אַניוטאַ לייגט צו צו דעם איר האַנט...

אַזוי ביז מיטיק־צײַט. אָבער אַניוטאַ פאַרזיכערט מיך, אַז איך דאַרף בײַ זיך גאָרנישט אָראָפּפאַלן. נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, די דאָזיקע תורה וועל איך זיך אויסלערנען...

מיטיק־צײַט. דער עולם הויבט זיך פון די ערטער. דער אײַזערנער געשריי פון די מאַשינען הערט זיך נישט מער. דער ברייטער לעדערנער

פּאַס אַרום דער ראָד באַוועגט זיך נאָך אַ ווײַלע אַלץ שטילער און שטי־
לער, ביז ער שטעלט זיך אָפּ מיטאַמאָל אינגאַנצן.

דער עולם, דורכויס אַ ייִדישער און אַן אימיגראַנטן־עולם, נעמט
זיך צו די פּעקלעך מיט עסנוואַרג, וואָס מען האָט געבראַכט פון דערהיים
אין שאַפּ אַרײַן. מען זיצט באַזונדער און מען עסט. אַנדערע לייענען בשעת
דעם אַ צײַטונג, אַ בוך. אַנדערע דעבאַטירן. שטימען פון אַלע זײַטן, אַ
געלעכטער.

אַניוטאַ האָט אויך געבראַכט אַ פּעקל מיט עסנוואַרג פאַר אונדז ביידן.
זיץ איך לעבן איר און עס. דערווײַל קוק איך זיך צו און הער זיך צו צום
אַרומיקן עולם.

נישט ווײַט פון אונדז זיצן צוויי מיידלעך, עסן און אַמפּערן זיך,
ביידע מיט היץ. פון זייער אַמפּערן זיך ווערט מיר באַלד קלאָר, אַז איינע
פון זיי איז אַן אַנאַרכיסטקע און די אַנדערע איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטקע.

זיי ביידע ריידן אויף רוסיש. און עס נעמט נישט לאַנג, ווי אָט די
צוויי מיידלעך צעקאָכן זיך אַזוי, אַז דער אַפּעטיט צום עסן פאַרגייט זיי,
וויקלען זיי אויפן שוים די צײַטונגען מיטן עסנוואַרג, קוקן בשעת דעם
איינע אויף דער אַנדערער צעפלאַמטע און שרײַען אויף אַ קוויטש.

און באַלד איז אַרום זיי אַ גרויסער עולם אַרבעטער און אַרבעטערינס,
און כמעט יעדער און יעדע פון זיי מישט זיך אַרײַן אין אָט דער דעבאַטע
פון די צוויי מיידלעך. מען שלאָגט איבער איינער דעם אַנדערן, און איך
הער ווי מען רופט אָן די נעמען פון באַקונין, קראָפּאָטקין, פּרודאָן,
יאָהאַן מאָסט, לאַווראָוו, קאַרל מאַרקס, טשערנישעווסקי און אויך פון
דערנער און שרײַבער ייִדישע, סײַ פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און סײַ פון
אַנאַרכיסטישע...

און אַז די דעבאַטע צעפלאַמט זיך נאָך שטאַרקער, הויבט זיך אָן
צו שיטן פון אַלע זײַטן זידלערײַען: „בודלער", „שטים־פּוי", „פאַרדעטער
פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן", „משוגענע אַנאַרכיסטלעך", „איגנאָ־
ראַמוסן" און דאָס גלײַכן.

מיטאַמאָל אין מיטן טומל און געפּילדער פון אָט די צעהיצטע רעוואָ־
לוציאָנערע גײַסטער דערהערט זיך אַ קרייען פון אַ האָן:

— קוקורעקו־ו־ו!...

דער גאַנצער עולם קוקט זיך אום אין דער זײַט, פון וואַנען דאָס
קרייען האָט זיך דערהערט. אַ הויכער יונגערמאַן מיט ברייטע אַקסלען,

מיט אַ גלאַט־ראַזירט, פּלײשיק, פֿאַרגרעבט פּנים, קלײנע, פּלינקע און לאַכנדיקע אויגן און מיט אַ שוואַרץ־געקרױזטן קאָפּ, שטײט אױף אַ שטול הינטער דעם עולם און קרײעט.

עס דערהערט זיך אַ געלעכטער. אַניוטאַ צעלאַכט זיך אויך.

— הערי איז שוין דאָ — מאַכט זי צו מיר מיט לאַכנדיקע אויגן. — דאָס איז דער יונגערמאַן וואָס אַרבעט קעגן דיר, דײַן נאָענטסטער שכן אין שאָפּ, אַ סטודענט פֿון ק׳עווער אוניווערסיטעט, אַ פֿרײלעכער חברה־מאַן, אַ גרויסער שטיפֿער...

און איך דערקען אים באַלד: זיצט מיט מיר אַ מאַשין קעגן אַ מאַשין.

הערי שטײט נאָך אַלץ אויף זײַן שטול, קוקט אויפֿן עולם מיט זײַנע קלײנע, לאַכנדיקע אויגן און שמייכלט שטיפֿעריש.

דערנאָך רופֿט ער זיך אָן:

— דער האָן האָט אײַך געוואָרנט וועגן שטורעם. איצט, אַז עס האָט זיך אויסגעלײַטערט — קו־קו־רע־קו!

קרייט ער אויס ווידער אַזאַ קריי, אַז יעדער אמתער האָן וואָלט אים געמעגט מקנא זײַן.

זײַן שטיפֿערײַ האָט אַ סוף געמאַכט צו דער קריגערישער שטימונג, דער עולם שמייכלט. דער עולם לאַכט און הויבט אָן צו פֿאַרנעמען די ערטער בײַ די מאַשינען.

דער פֿר׳ערדיקער טומל איז שוין מער נישטאָ. אין שאָפּ איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן.

טראַכט איך בײַ זיך דעמאָלט, אַז צו אַרבעטן אין שאָפּ איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך ווי מען רעדט. די אַרבעטער קענען דאָרטן דעבאַטירן און אַפֿילו קרייען און קיינער שטערט זיי נישט.

איך ווייס נאָך נישט דעמאָלט ווי מען אַרבעט אין אַנדערע שעפּער, בפֿרט אין די דעמאָלטיקע שוויץ־שעפּער, און אַז אַפֿילו אין אָט דעם שאָפּ, וווּ ס׳רוב פֿון די „הענט" זײַנען אינטעליגענטן און אינטעליגענטקעס, רע־וואָלוציאָנערן און רעוואָלוציאָנערקעס, איז דערלויבט צו דעבאַטירן בלויז אין דער מיטיק־שעה; אָבער בשעת דער אַרבעט איז דאָרט די שטרענגסטע דיסציפּלין. אויסצורײדן אַ וואָרט איז דעם אַרבעטער דאָרט פֿאַרווערט בעת דער אַרבעט...

מיסטער אולמאַן קײַקלט זיך דערנאָך אַרײַן אין שאָפּ. דער שווערער לעדערנער פֿאָס הויבט אָן ווידער צו לויפֿן מיט אַ געפּילדער אַרום דער

דאָך, און ווידער הויבן אָן די הונדערטער מאַשינען צו זשומען און הילכן מיט זייער אײַזערנעם געשריי...

פאַרנאַכט, ווען איך פאַרלאָז מיט אַניוטאַן און מיט די אַנדערע „הענט" דעם שאָפּ, איז מיר אויפֿן האַרצן פריילעך. אמת, קיין גליַיכן נאָט האָב איך נאָך נישט געמאַכט, אָבער איך בין שוין אויפֿן דרך. איך כאַפּ באַלד דעם שניט פון מײַן מלאכה.

— איך זע איצט אַזוי קלאָר ווי דאָס צו מאַכן — רעד איך מיט זיכערקייט צו אַניוטאַן.

אַט אין אַזאַ גוטער שטימונג פאַרלאָז איך דעם ערשטן טאָג דעם שאָפּ...

# נײַנטער קאַפּיטל

## אוים „אַרבל־פּראָפעסאָר"

— א —

דעם גאַנצן אָוונט יענעם אויפדערנאַכט בין איך אין דער בעסטער שטימונג פון דעם געדאַנק, אַז איך וועל באַלד אָנהויבן צו פאַרדינען געלט אין שאַפ.

אמת טאַקע, די סאָציאַלע רעוואָלוציע דאַרף באַלד קומען — וועגן דעם איז בײַ מיר גאָר קיין שום ספק נישטאָ, ווי בײַ כמעט די אַלע אַנדערע מענטשן, וואָס מיר קומט אוים מיט זיי זיך צו טרעפן אין יענער צײַט, דאָס הייסט מיט אַנאַרכיסטן און אַנאַרכיסטקעס, אָבער ביז זי וועט קומען לעב איך דאָך דערווײַל אין אַ וועלט, וווּ מען דאַרף פאַר אַלצדינג צאָלן מיט האַרטע מזומנים...

באַרים קומט צו מיר יענעם אויפדערנאַכט אויף דער קוואַרטיר פריִער איידער געוויינלעך. ער וויל וויסן, ווי מיר געפעלט מײַן אַרבעט אין דער פאַבריק.

הערט ער פון מיר דעם בעסטן גרוס סײַ וועגן מײַן אַרבעט און סײַ וועגן שאַפ בכלל.

איך דערצייל אים, אַז פאַר מײַן מלאכה דאַרף מען נישט האָבן קיין באַזונדערע פעיִקייטן. האָט מען נאָר אַ פּאָר הענט און איין פוס, אויף צו קוועטשן די ניי־מאַשין, „נאָטעוועט" זיך און „אַרבלט" זיך, אַזש עס גייט אַ רויך...

איך דערצייל אים אויך וועגן דער דיסקוסיע אינעם שאַפ מיטיק־צײַט, איז באַרים צופרידן. ער רופט זיך אָן, אַז באַלד ווי ער וועט אָנקומען אַהין אַרבעטן — אַניוטאַ האָט דאָך אים צוגעזאָגט, אַז זי וועט אים „אַרײַנגעמען".

אהין — װעט ער צװישן די דאָרטיקע אַרבעטער אָנהױבן צו אַגיטירן, אַז מען זאָל זיך אָרגאַניזירן אױף צו קאָמוניזירן דעם שאָפּ. מחמת ער, באָריס, איז מער װי זיכער, אַז די סאָציאַלע רעװאָלוציע מאַרשירט צו אונדז מיט גיגאַנטישע טריט און אַז זי װעט אַ סך גיכער אָנקומען װי מיר מײנען.

— דו נעמסט אַרײַן אין די הענט אַ צײַטונג — רעדט ער מיט באַגײַסטערונג. — װעגן װאָס לײענסטו דאָרט? װעגן שטרײַקס, שטרײַקס און שטרײַקס! װעגן שטרײַקס אין ניו־יאָרק און אין די אַנדערע שטעט, װעגן אַרבעטער־רעװאָלט. (ער האָט געלײענט די „פרײַע אַרבעטער שטימע" און „די פרײַהײט" פון מאָסטען און אַמאָל אַ דײַטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צײַטונג, װאָס איז דערשינען אין יענער צײַט אין פילאַדעלפיע); אין די פאַבריקן דיסקוטירט מען װעגן דער סאָציאַלער רעװאָלוציע, און אין די לאָקאַלן, און אין יעדן הױז כמעט, װוּ מיר קומען אַרײַן, הערן מיר דעם קול פון רעװאָלט! יאָ, ברודער — רעדט ער װײַטער מיט אױפריכטיקער איבערצײַגונג און זײַן פּנים צעשײַנט זיך יום־טובדיק — די רעװאָלוציע קומט, זי קומט, זי קומט!...

און װי יום־טובדיק איך אַלײן דערפיל זיך, בעת איך הער די דאָזיקע װערטער זײַנע...

— ב —

אױף מאָרגן זיצט װידער אַניוטאַ אינעם שאָפּ לעבן מיר דעם ערשטן האַלבן טאָג און לערנט מיך די מלאכה, און עס „נאַטעװעט" זיך בײַ מיר גאָר נישקשהדיק, דאַכט זיך.

מיטיק־צײַט באַקענט זי מיך מיט עטלעכע אַרבעטער און אַרבעטערינס. און אױך מיט מײַן שכן העריז, מיטן יונגערמאַן, װאָס ער האָט נעכטן געקרײעט.

װײַזט זיך באַלד אַרױס, אַז אַניוטאַ האָט זײ שױן דערצײלט פריִער װעגן מיר און אױך װעגן דעם, אַז איך האָב אינדערהײם געשריבן דערצײלונגען.

פרעגן זײ זיך נאָך בײַ מיר, אױב איך שרײַב עפּעס איצט און װאָס איך שרײַב. העריז דערצײלט מיר מיט אַ גוטמוטיקן שמײכל, אַז ער האָט אױך געפרוּװט זינדיקן מיט דער מוזע. אָבער צום סוף האָט ער אײַנגעזען, אַז זי איז נישט זײַן באַשערטע און ער האָט זיך מיט איר געגט אױף אײביק. ער האָפט, אַז מיט מײַן מוזע װעל איך אױסלעבן די יאָרן...

און אין אַ װײַלע אַרום גײט בײַ אונדז אַריבער דער שמועס אױף

ליטעראטור, און פון ליטעראטור — אויף סאָציאַלע פּראָבלעמען און אנאַר־כיזם און סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם, און עס ענדיקט זיך דערמיט, אַז זיי אַלע, די דאָזיקע נייַע באַקאַנטע מייַנע, רופן מיך „גענאָסע".

נאָך מיטיק מאַכט צו מיר אַניוטאַ:

— איצט פּרוּווט אַרבעטן אַליין!

זי זעצט זיך אַוועק לעבן איר מאַשין, וואָס זי איז די פּינפּטע, אַדער זעקסטע פון מייַנער, און איך בלייַב אַרבעטן אַליין.

און דעמאָלט —אוי, צרות!

ממש אַן עופהלע האָט מען איבערגעלאָזט צום ערשטן מאָל אַליין אויף זייַנע וואַקלדיקע פיסלעך: אַ טראָט געטאָן און עס איז געפאַלן, אויפגעהויבן זיך און ווידער אַ טראָט געטאָן, און עס פאַלט ווידער...

דאָס שטיקל וואַרע־צייַג פּראָוועט ווידער מיט מיר צו־להכעיסדיקע שטיק און עס לאָזט זיך נישט אַוועקלייגן אונטערן נאָדל ווי עס באַדאַרף צו זייַן.

איך ווייס, אַז עס דאַרף ליגן אַזוי, לייגט זיך עס אַוועק פאַרקערט; דריי איך עס אויס פאַרקערט, ליגט עס ווידער נישט ריכטיק.

צי מיט אַמאָל וויקלט זיך עס צונויף מיט די זייַטן, ווי אַ מגילהלע, אונטער דער מאַשין־נאָדל, צי גאָר ווי אַ שלענגעלע, און איך פּרוּוו עס אויסגלייַכן און אויסגלעטן מיט דער האַנט, און עס בלייַבט אַלץ נישט אויסגעגלייַכט.

איך ווער באַגאָסן מיט שווייס, ווי פון דער שווערסטער האַרעוואַניע.

מייַן שכן הערי באַמערקט, מסתּמא, ווי פאַרצווייפלט איך בין, הויבט ער זיך אויף פון זייַן מאַשין און גייט צו צו מיר.

— פאַלט נאָר נישט אַראָפּ בייַ זיך, גענאָסע — מאַכט ער מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זייַן גראָבן, פלייששיקן פּנים. — אַלע זשעניעס זייַנען געווען גרויסע שלימזלניקעס, ווען זיי איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אַ פּשוטע אַרבעט.

אוודאי האָט ער געלאַכט פון מיר, דער טייַוול האָט אים געמעגט נעמען! אָבער דאָס שטיקל וואַרע־צייַג איז, אַ דאַנק אים, דערנאָך געלעגן גלאַט און ריכטיק אונטער מייַן מאַשין־נאָדל, בין איך אים מוחל געווען וואָס ער האָט אַזוי בייז אַ שפּאַס געטאָן פון מיר.

פלייַס איך זיך נאָכדעם אים נאָכצוטאָן, און וואָס מער איך פלייַס זיך, אַלץ קרימערע שטעך קומען אַרויס פון אונטער דער מאַשין־נאָדל אויף מייַן שטיקל וואַרע־צייַג, כאָטש פלאַץ!

הויב איך אָן דעמאָלט צו אַרבעטן מיט כּעס. צערײַסט זיך גאָר דער פֿאָדעם אין דער מאַשין־נאָדל, און סטאָפּ.

נאָכדעם האָב איך אַ נײַע אַרבעט: דורכצוציִען דעם פֿאָדעם דורך כּלערליי שרײַפּעלעך און דורכן לעכל פֿון דער נאָדל.

און טאָן טו איך עס ווי מיט לײמענע פֿינגער, האַרעוועגדיק גוואַל־טיק שווער.

און דאָ באַמערק איך גאָר, אַז דער פֿאָרמאַן פֿונעם שאָפּ, דאָס פּעסעלע מיט די געלע באַקנבאַרדן אויפֿן רונדן לבֿנה־פּנים, שטייט הינטער מיר און זשמורעט אויף מיר זײַנע קליינע, ווײַסע אויגעלעך אונטער די געלע ברעמען, און אַ שמייכל שפּרייט זיך בײַ אים פֿון איין געלער באַקנבאָרד ביז דער אַנדערער...

ווער איך דעמאָלט גאָר צעטומלט און די הענט מײַנע, וואָס פּלאָנטערן זיך דאָרט אַרום דער מאַשין־נאָדל און אַרום דעם שטיקל וואָרע־צײַג, חלשן כּמעט אַוועק...

אַזוי אַרבעט איך אָפּ יענעם צווייטן האַלבן טאָג, און נאָך זעקס פֿאַר־נאַכט, ווען איך גיי מיט אַניוטאַן פֿונעם שאָפּ, שעם איך זיך צו קוקן איר אין די אויגן. אַזוי געפֿאַלן בין איך בײַ זיך.

אַניוטאַ פּרוּווט מיך טרייסטן:

— דו וועסט זיך אויסלערנען, איך פֿאַרזיכער דיך.

און איך טענה צו איר:

— לײמענע הענט האָב איך, אַניוטאַ. מיטן קאָפּ, דאַכט זיך, באַנעם איך דאָס אַזוי גוט, גאָר, ווײַזט זיך מיר אויס, קיין קונץ נישט; אָבער וואָס העלפֿט עס, אַז די הענט זײַנען בײַ מיר לײמענע!...

— ג —

גייען דורך צוויי וואָכן און — איך האָב זיך ווי עס איז אויסגעלערנט די מלאָכה.

איך אַרבעט אָבער זייער לאַנגזאַם. איך בין, וואָס מען רופֿט, אַ „סלאָו האַנט" אין שאָפּ.

די הויפּט־סיבה דערפֿון איז, וואָס איצט בעת מײַן אַ ביסל־אײַנגעאיבּ־טע האַנט טוט מעכאַניש די מלאָכה, איז דער מוח בײַ מיר פֿאַרנומען מיט טראַכטענישן, וואָס רײַסן מיך אַוועק ווײַט־ווײַט פֿונעם שאָפּ און פֿון מײַן אַרבעט.

עס איז אמת טאַקע, דער שאָפּ־אַרבעטער איז אַ מאַשינאַווע האַנט,

אַ טייל פון דער גולמדיקער מאַשין; אָבער די זעלבע „האַנט", רעדנדיק אויף שאַפּ־לשון, איז נאָר דעמאָלט אַ „גוטע", ווען עס העלפט איר אויס אַ ביסל אויך דער לעבעדיקער מוח...

און מײַן מוח, בעת איך אַרבעט, איז כסדר פאַרטראַכט און פאַר־חלומט.

וועגן וואָס טראַכט איך און וועגן וואָס חלום איך?

וועגן שרײַבן און שרײַבן...

צי מחמת דערפאַר, ווײַל די מענטשן אין מײַן שאַפּ האַלטן מיך פאַר אַ שרײַבער, האָט זיך בײַ מיר אויפגעוועקט די אַמביציע צו ווײַזן זיי, אַז איך בין טאַקע אַ שרײַבער, צי מחמת די שרײַבערישע ענערגיע האָט זיך איצט אויפגעכאַפּט בײַ מיר פון זיך אַליין — מײַן מוח איז איצט שטענדיק פאַרנומען דערמיט.

סוזשעטן און בילדער, היימישע און אַמעריקאַניש־רעוואָלוציאָנערע, מישן זיך און טומלען אין מײַן פאַנטאַזיע און רעגן מיך, זיי צו געבן אַ פאָרם, אַ געשטאַלט.

איך ראַנגל זיך קעגן דעם, ווײַל איך ווייס ווי דאָס דערהרגעט מײַן קאַריערע פון אַ אַרבל־נייער, און אַניוטאַ האָט שוין אויך מיר נישט איינמאָל אויפגעוואָרפן, פאַרוואָס איך אַרבעט אַזוי לאַנגזאַם, דערציילנ־דיק מיר, אַז דער פאָרמאַן איז שטאַרק נישט צופרידן פון דעם ווי אַזוי איך אַרבעט.

אָבער מײַן ראַנגלען זיך קעגן מײַנע טראַכטענישן העלפט מיר גאָרנישט.

איך נעם זיך אַמאָל צונויף און מאַך בײַ זיך אָפּ צו אַרבעטן ריכטיק, וועגן קיין אַנדער זאַך נישט טראַכטן ווי נאָר וועגן דער אַרבעט. אַרבעט איך דעמאָלט אַפּ אַרום אַ האַלב שעה מעשה ריכטיקע „האַנט" און דער־נאָך האַידאַ! — מײַן פאַנטאַזיע איז שוין דאָרט ערגעץ העט־ווײַט פון דער אַרבעט און פונעם שאַפּ!

און אַז אַנדערש מאָל פאַרטראַכט איך זיך אַזוי, זיצנדיק בײַ דער מאַשין, אַז פּלוצים כאַפּ איך זיך , אַז איך אַרבעט אַן אַ פאָדעם אין דער נאָדל.

דאַן הויב איך אָן צו באַמערקן, ווי מײַנע שכנים און שכנות ווינקען זיך איבער צווישן זיך מיט שפּאַטישע שמייכלען וועגן מיר, און העריי דער־לויבט זיך נאָך אַמאָל נאָך מער: ווען איך בין אַזוי פאַרטראַכט, בויגט ער זיך אַריבער צו מיר איבער זײַן מאַשין און ער טוט מיר אַ קריי אין אויער אַרײַן:

— קו־קו־רע־ע־קו!...

און אַז איך טו זיך אַ כאַפּ מיט אַ צאַפּל, לאַכט ער גוטמוטיק מיר אין פּנים אַרײַן:

— געגוג געשלאָפן, שוין גרויסער טאָג!

פאַרשטײט זיך, אַז טוען טוט ער עס ווען דער פאַרמאַן איז אינעם שאַפּ נישטאָ.

די „הענט" אַרום מיר לאַכן, ווען זײ זעען ווי הערי, דער שטיפער, קריכט מיר אין אויער אַרײַן.

מיר ווערט זײער שווער אויפן האַרצן סײַ פון זײַן שטיפן מיט מיר און סײַ פון דעם לאַכן פון די אַנדערע.

מחמת איך פיל, אַז מען מעג לאַכן, פון אַזאַ שלימזלדיקער „האַנט" ווי איך בין.

אָבער ווען הערי דערלויבט זיך מיט מיר אַזוינס נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, ווער איך אין כעס און לאָז אים פילן, אַז איך וויל נישט לײַדן אַזעלכע שטיק.

וואַקסט דערפון אַרויס אַ ברוגז צווישן מיר און אים, און מיר הערן אויף צו רעדן אײנער מיטן אַנדערן.

איז נאָכדעם מיר נאָך ערגער, ווײַל דער דאָזיקער הערי איז אַ ביטע־רער יונג, מיט אַ צונג — פעד און שווערבל. לאָזט ער נישט דורך קײן אײן געלעגנהײט מיטיק־צײט מיר אַ קיבעץ צו טאָן ביז אין דער זיבעטער ריפּ אַרײַן.

ער האָט מיר אַ נאָמען געגעבן „דער אַרבל־פּראָפעסאָר", רופן מיך די אַנדערע אויך אַזוי.

קורץ: די אײגענע „גענאָסן" מײַנע, רעוואָלוציאָנערן און רעוואָלוציאָ־נערקעס, מאַכן חוזק פון מיר און מײַן אַרבעט.

איז מיר ערגער נאָך ווי שלעכט. ממש, איך עס זיך אויף אַ לעבע־דיקער דערפון.

איך פלײַס זיך און פלײַס זיך צו אַרבעטן שנעלער, בעט זיך, ממש, בײַ זיך: „גוואַלד, גזלן, טראַכט נאָר וועגן דײַן אַרבעט, דער רוח זאָל דיך נעמען!"... נאָר פלײַס זיך הײַנט, פלײַס זיך מאָרגן, עס העלפט נישט! סײַדן, אַז איך זאָל מיר קאָנען צושליסן דעם מוח, אַז קײן אַנדערע גע־דאַנקען זאָלן אַהין נישט קריכן, און סײַדן איך זאָל מיר קאָנען צאַמען מײַן פאַנטאַזיע.

איצט, ווען מיר איז אַזוי ביטער אינעם שאַפּ, וועקט זיך בײַ מיר מײַן הײם־בענקעניש נאָך שאַרפער אײדער פריִער. מײַן הײם טראָגט זיך

פאַר מײַנע אויגן. איך זע מײַן טאַטע־מאַמע און מיר ווײַזט זיך אויס, אַז זיי קוקן אויף מיר, קוקן און באַקלאָגן מײַן מזל, וואָס פאַרוואָרפֿן בין איך אין אַ פֿרעמדער וועלט; וואָס איך מאַטער זיך, אַן עלנטער און אַ באַ־לײדיקטער, אין אַ שאַפּ, און קײנער איז נישטאָ, ווער עס זאָל זיך אָננעמען פֿאַר מיר.

— האָסטו זיך געריכט, ליבעלע מײַן זון, אַז דו וועסט אַמאָל אַזוי אויסגעריסן ווערן אין אַ פֿרעמדן לאַנד? — ווײַזט זיך מיר אויס, אַז איך הער דעם קול פֿון מײַן מאַמען.

און בשעת דעם ציטערט עפּעס בײַ מיר אין האַרצן, ציטערט און רײַסט זיך, קרעכצט און וויינט... וואָרום — ווי איך האָב דאָס שוין באַ־מערקט אין אַ פֿריִערדיקן קאַפּיטל — אַ צוואַנציק־יאָריקער, נאַיִווער און זייער סענסיטיווער בחור בין איך געווען, וואָס אַליין האָב איך פֿריִער קיינמאָל נישט געדאַרפֿט טראַכטן וועגן פֿאַרדינען אַ גראָשן; אין תוך גענומען, מער טאַטע־מאַמעס אַ קינד, איידער קעמפֿער און רעוואָלוציאָנער.

און מיטאַמאָל — אַ נײַע אַנשיקעניש אויף מײַן קאָפּ — טאַקע דער פֿאָרמאַן פֿונעם שאַפּ אַליין!

פֿריִער איז דאָס פֿעסעלע מיט די געלע באַקנבאָרדן אויפֿן לבֿנה־פּנים זעלטן ווען צוגעגאַנגען צו מײַן מאַשין, הגם וויסן האָב איך גוט געוווּסט פֿון אַניוטאַן, אַז ער איז גאָרנישט געווען צופֿרידן פֿון מיר, און איצט, נאָכאַנאַנד שפּיר איך אים הינטער זיך, שפּיר זײַנע בליקן אויף זיך און זײַן שפּאָטישן שמייכל, און די אַרבעט פֿאַלט דאַן בײַ מיר פֿון די הענט.

און אַמאָל בויגט ער זיך צו צו מיר און זײַנע געלע באַקנבאָרדן לאַכן שפּאָטיש מיר אין פּנים אַרײַן און ער טוט זיך אַזוי אַ זאָגעלע:

— זי שוויצן, הע? וואָס העטטע איך קאָלעגע, דער הענריך היינע, אָדער דער בערטאָלד אויערבאַך, געזאָגט, ווען זי העטטען זען זאָלן דעם קאָלעגע קאַברין זאָ שוועער שאַפֿן אין אַמעריקע, הע? כע, כע, כע, אַמע־ריקאַ. הע?

גוואַלד, ווי מיר וואָלט זיך וועלן דערמאָלט אָנכאַפּן דעם בלוטזויגער, אַט די „קאַפּיטאַליסטישע בעסטיע", פֿאַר די געלע באַקנבאָרדן און אַרײַנ־שרײַען אים אין זײַן לבֿנה־פּנים אַרײַן, אַז לאַנג וועט ער זיך נישט איזדע־קעווען אַזוי איבער זײַנע אַרבעטער; אַז זײַן סוף קומט באַלד!

איך דערשטיק אָבער אין זיך דעם כעס, ווײַל איך פֿיל, אַז ער וואָלט וועלן מיך אַרויספּטרן פֿונעם שאַפּ; אַז ווען איך זאָל נאָר איין וואָרט רעדן קעגן אים, וועט ער תּיכף מיר משלח זײַן פֿון דאָרט.

און צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן דערפֿיל איך דעמאָלט דעם טעם פֿון דער עקאָנאָמישער בײַטש, פֿון עקאָנאָמישן צוואַנג און שקלאַפֿערײַ, פֿון בויגן דעם קאָפּ אויס שרעק פֿאַר מאַטעריעלער נויט.

אין דער אייגענער צײַט אָבער פֿאַרשטאַרקט דאָס בײַ מיר אינעם האַרצן מײַן רעוואָלוציאָנערן גלויבן נאָך מער און די זיכערקייט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע קומט באַלד, באַלד...

און דער אויפֿגעוועקטער נקמה־געפֿיל מאָלט מיר אין דער פֿאַנטאַזיע אַ בילד פֿונעם רעוואָלוציאָנערן שטורעם, וואָס טיליקט אויס די גאַנצע אַלטע וועלט מיט אַלע אירע עקספּלואַטאַטאָרן און בלוט־זויגערס און איך טראָג זיך מיט אַט דעם „לעצטן שטורעם“, וואָס ער איז אָנגעטרונקען מיטן צאָרן פֿון די מיליאָנען אונטערדריקטע; און ווי איך נעם דאָס נקמה דע־מאָלט אין אַט דעם פֿעסעלע מיט די רויטע באַקנבאַרדן אויף זײַן לבנה־פּנים.

— ד —

גייט אַזוי אַוועק אַ שטיקל צײַט. דער פֿאָרמאַן הויבט אָן מיר צו דערגיין די יאָרן אויף אַן ערנסטן אופֿן. ער שפּאַסט שוין נישט מער. ער רעדט שוין צו מיר קלאָרע דיבורים, און מיט כּעס.

אויב איך וועל נישט אַרבעטן שנעלער, וועט ער מיך שיקן אַהיים. איך פֿאַרנעם אומזיסט אַ פּלאַץ אינעם שאַפּ.

טראַכט איך דעמאָלט מיט דער גרעסטער פֿאַרצווייפֿלונג: פֿאַרוואָס שיקט ער מיך נישט אַוועק? פֿאַרוואָס גיי איך אַליין נישט אַוועק? ווי קאָן איך אַזוי פֿיל דולדן פֿון אַזאַ שקלאַפֿן־טרײַבער? איך בין דאָך נישט קיין שקלאַף, איך בין דאָך אַ רעוואָלוציאָנער?!

און נאָך גרעסער איז מײַן פֿאַרצווייפֿלונג, וואָס אַניוטאַ זאָגט מיר, אַז איך טאָר אַפֿילו נישט טראַכטן וועגן אַוועקגיין פֿון דעם שאַפּ, ווײַל אַט דער שאַפּ איז גאָלד און בריליאַנטן לגבי די אַנדערע שעפּער.

ביז איינמאָל האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט מיך באַפֿרײַט פֿון אַט דעם שאַפּ און מיך געמאַכט פֿאַר אויס „אַרבל־פּראָפֿעסאָר“ בכלל.

די דאָזיקע באַפֿרײַאונג איז געשען אויף אַזאַ אומגעריכטן שטייגער:

יענעם אינדערפֿרי האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ גוואַלדיקע היים־בענקע־ניש. זיץ איך אינעם שאַפּ בײַ מײַן מאַשין און אַרבעט מעכאַניש, ווי גע־ווײנלעך, און פֿאַר מײַנע אויגן טראָגן זיך היימישע בילדער און היימישע געשטאַלטן.

און דווקא אַזעלכע בילדער און געשטאַלטן טראָגן זיך פֿאַר מיר, וואָס

מיט זיי זיינען פאַרבונדן די שענסטע און גליקלעכסטע שעהן פון מיַינע יונג־בחורשע יאָרן.

איך זע דעם דאָרף נאַוואָסעלסקי, אין מאָהילעווער גובערניע, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיַינע לעצטע זומערן, איידער איך בין אַוועק קיין אַמע־ריקע, צווישן די פישער, וואָס האָבן געאַרבעט ביַי מיַין טאַטן אויף די אָזערעס.

איך זע די דאָרפישע שטיבער מיט די שטרויענע דעכער, די גרויסע אָזע־רע אונטערן דאָרפישן באַרג, און איך זע אויך אין דעם פישער־שטיבל מיט די ייִדישע פישער, וואָס זיצן אויף דעם ליימענעם דיל אַרום אַ נעץ און פאַררינכטן מיט שפּאַגאַט, דורכגעצויגן דורך לאַנגע הילצערנע נאָדלען, די „אויגלעך" אין דעם נעץ.

און ווי פרייִלעך מיר איז מיט זיי, מיט אַט די פון דער זון פאַר־ברוינטע ייִדן, מיט די צעפּאַטלטע בערד, אַנדערע שוין מיט וויַיסע בערד, זקנים שוין אין די טיפע יאָרן, אָבער נאָך אַזוינע שטאַרקע, מיט אַזוי פיל זאַפט אין די ביינער, ממש אַלטע דעמבעס...

טרינקען פאַר צען און זיַינען נישט שיכור. עסן פאַר צען און האָבן נישט קיין בויכווייטיק. לאַכן געזונט, שעלטן זיך געזונט. שפּאַסן געזונט. און דאָרט, ווו זייערער אַ פּאַטש פאַלט, וואַקסט שוין נישט מער קיין גראָז...

אַט זיצן זיי און אַרום דעם לאַנגן טיש, וואָס ער איז פון פּשוטע, נישט־געהובלטע ברעטער צונויפגעקלאַפּט, און עסן; שעפּן מיט הילצערנע לעפל פון גרויסע הילצערנע שיסלען דאָס געקעכץ, וואָס איינער פון זיי האָט אָפּגעקאָכט; רייַסן מיט די קאַראַוווע פינגער דעם „לעשץ", וואָס מען האָט געטריקנט אויף שטרוי אין אַ הייסן אויוון, און טראָגן עס צום מויל מיט די פעטע פינגער און געמאַכט דערביַי דעם כוס און נאָך אַ כוס, און טאַקע נאָך אַ כוס...

די כוסות גיסט אָן דער עלטסטער פישער, זעליק־איצע, אַ זקן מיט אַ גרויסער, וויַיסער באָרד, וואָס פון איר טראָגט זיך כסדר דער ריח פון שמעקטאַבאַק און פון הונדערט־גראַדאָווען ספּירט, דער פרייִלעכסטער און לעבעדיקסטער ייִד צווישן זיי, אַ גרויסער קונדס און אַ ייִד אַ גיבור, נישט קוקנדיק וואָס ער איז שוין אַ זיבעציקער אין די יאָרן...

איך זיץ אויך מיט זיי ביַים טיש און עס. און ווי געשמאַק איך עס דאָס מיט זיי! ווי מיַין אַפּעטיט וואָלט געגאַנגען אין געוועט מיט זייערן, זוער וועט קאָנען מער עסן...

דאָס פענצטער איז אָפן. עס זעט זיך דורך אים די אָזערע, וואָס שפּרייט זיך דאָרט ווי אַ שפּיגל אונטער דער זון. אַ ווינטעלע ברענגט פון

דרויסן אין שטיבל אַרײַן די ריחות פֿון נאָוואָז און פֿון די קערב מיט פֿיש, וואָס שטייען נאָך דערווײַל דאָרט אויפֿן הויף, ביז מען וועט זיי שפּעטער אַרײַנשטעלן אין אײַז־קעלער. אַ יונגער הירזשען פֿון אַ לאַשעק דערטראָגט זיך. אַ הונט בילט ערגעץ...

אָפּגעגעסן וואַרעמס, פּאַרטרונקען דאָס עסן מיט זויער־מילך פֿון גאַנ־צע „האָלאַטשקעס". מען ווישט זיך די בערד, וואָס זײַנען נאַס פֿון דעם זויער־מילך. מען ווישט זיך די וואָנצעס, די ליפּן מיט קאַראָוועס הענט. דער גרעבצט אָפּ, יענער גרעבצט אָפּ...

עד מי, רבונו של עולם, ווו איז מײַן טאַבאַקערקע, טראַסצאַ טוואָ־יעי מאַטערי?... — מאַכט מיטאַמאָל דער אַלטער זעליק־איצע, און ער טאַפּט אַרום זיך מיט בײדע הענט.

געפֿונען די טאַבאַקערקע, אָנגעקלאַפּט זי מיטן גראָבן פֿינגער און אַ שמעק טאַבאַק געטאָן.

נאָכדעם — דעם קונדס פֿאַרגלוסט זיך אַ שטיף צו טאָן.

— הער דו, שנעק — מאַכט ער צו מיר — אַנו, לײבעלע, אַנו, ווײַז דײַן ידעלע, טראַסצאַ טוואָיעי מאַטערי!

דערלאַנג איך אים די האַנט. איך רעכן, אַז איך האָב אויך אַ קרעפּטיקע האַנט און בין גרויס געגוג זיך אַ מעסט צו טאָן מיט אים אין כוחות...

און באַלד: אַ, רבי זעליק־איצע פּאַזשאַלויסטע, לאָזט אײַן מײַן האַנט!

לאַכט זעליק־איצע און מאַכט צו מיר גוטמוטיק:

— דו שנעק, טראַסצאַ טוואָיעי מאַטערי, וואָס אַרט דיך, אַז דײַן ידל וועט בלײַבן בײַ מיר אין דער האַנט?

טוט זיך דערנאָך אַ בייזער אויף די אַנדערע:

— נו, וואָס וואַרט איר, ממזרים? נעמט די פֿיש אַרײַן אין „לעדאָוו־ניק!" (דער אײַנדרוק פֿון אָט דעם אַלטן פֿישער און פֿון אָט דער גאַנצער סביבה איז שפּעטער געווען דער באַזיס פֿון מײַן פֿישער־נאָוועלע און פֿון מײַן דראַמע „יאַנקל בוילע" — ל. ק.).

ווי איך האָב דאָס ליב מיט אָט די ייִדישע פֿישער אַרויסצופֿאָרן אין די זומערדיקע נעכט אויף די שיפֿן!

אָפֿט האָב איך, אַז אַכצניאָריקער בחור, אָנגעטאָן דעם פֿישערש: לעדערנעם פֿאַרטוך און די גרויסע פֿישערשע שטיוול מיט די הויכע כאָלע־וועס, און אָוועקגעפֿאָרן מיט זיי אויף דער אָזערע און אינאיינעם מיט זיי געוואָרפֿן די „פּאָדוואָלאָקע", דעם זומערדיקן נעץ, הייסט עס...

און יענעם אינדערפֿרי, בעת איך זיץ אין דעם שאָפּ און מײַן האַנט

אַרבעט מעכאַניש די אַרבל, פֿאַר איך אין מײַן פֿאַנטאַזיע מיט די פֿישער איבער דער אָזערע, צוויי שיפֿן אונדזערע פֿאָרן...

די נאַכט טונקלט. בערגלעך און וואַלד רוקן זיך אויף אונדז ווי שטיקער כמאַרעס. עס ווערט פֿינצטערער, פֿינצטערער. הימל, באַרג, וואַלד און אָזערע — איין שוואַרצער תהום...

מיר רוקן זיך אין חושך. דאָס וואַסער אונטער אונדז דרעמלט. נאָר פֿון צײַט צו צײַט לאָזט עס אַרויס אַ פֿאַרשלאָפֿענעם מורמל, ווען די וויעסלעס טוען צו־שטאַרק אַ קלאַפּ דאָס וואַסער. אָט אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס מען וועקט אים פֿון אַ געשמאַקן שלאָף.

איינער דעם אַנדערן זעט נישט אין דער אַרומיקער פֿינצטערניש.

מיטאַמאָל דערהערט זיך פֿונעם וואַלד אַ פֿאַרזשאַווערטער געשריי פֿון אַ קראַ, וואָס הילכט אָפּ אין דעם חושך מיט אַ באַזונדערער בייזקייט.

איינער פֿון די פֿישער הויבט אָן צו זידלען די „וואָראָנע", ווײַל אין איר געשריי זעט ער אַ סימן, אַז מיר וועלן הײַנט שוין קיין סך פֿיש נישט כאַפּן . . .

לאַכט פֿון אים דער אַלטער זעליק־איצע, וואָס פֿון די אַלע פֿישער איז ער דער איינציקער וואָס גלויבט נישט אין אַזעלכע „זאַבאַבאָנעס"...

— עך, טראַסצאַ טוואָיע מאַטערי — מאַכט ער — ווען די פֿיש וואָלטן דײַן שכל געהאַט, וואָלטן זיי זיך דערשראָקן פֿאַר אַ וואָראָנע און וואָלטן אַנטלאָפֿן; אַזוי אָבער ווי זיי האָבן מער שכל פֿון דיר, שרעקן זיי זיך נישט פֿאַר אַ וואָראָנע, וועלן זיי נישט אַנטלויפֿן און מיר וועלן זיי אַוודאי כאַפּן...

ער הייסט אָנצינדן די קוליעס שטרוי, וואָס מיר פֿירן מיט זיך אויף די צוויי שיפֿן (מחמת פֿײַער ציט צו די פֿיש), און די אָזערע איז באַלד באַלויכטן. איין שיף מיט מיר פֿאָרט אַוועק אין איין זײַט און די צווייטע — אין דער אַנדערער, און מען פֿאַרוואַרפֿט דעם נעץ.

דערנאָך קומען זיך ווידער צונויף די ביידע שיפֿן און מיר הייבן אָן צו דרייען דעם „קאָלוואָראָד", וואָס ציט דעם נעץ פֿונעם וואַסער . . .

אויף מײַן האַנט לויפֿן אָן מאַזאָליעס פֿון דרייען דעם „קאָלוואָראָד" און פֿונעם שלעפּן דעם נאַסן נעץ . . .

אָט איז אַ בלישטשענדיק פֿישעלע אויף איינעם פֿון די נעץ־פֿליגל, נאָך איינס, נאָך איינס... אַהאַ, עס זילבערט געדיכט, אַ סימן פֿון אַ גוטן פֿיש־פֿאַנג! . . .

דאָס האַרץ טאַנצט פֿאַר פֿריידיקער אויפֿרעגונג . . .

און מיטאַמאָל — אַ שטאָך אין דער האַנט ביז צו מײַן אַקסל

אַרויף... אײ־אײ, וואָס איז דאָס? דער קאָלוואָראַד״ צי עפּעס אַ פּיש מיט שאַרפע צײן האָט זיך מיר אין דער האַנט אײַנגעגעסן און רײַסט פון איר שטיקער!...

מיר ווערט פינצטער אין די אויגן...

און דאָ אַ געשרײ אַרום מיר... אַ טומל... עפּעס שלעפּט מען מיך פאַר די הענט... אונטער די אָרעמס...

איך טו זיך אַ כאַפּ. איך זיץ שוין נישט בײַ דער מאַשין, נאָר איך שטײ ווײַט אָפּגערוקט פון איר, און מען האַלט מיך אונטער די אָרעמס, און הערי גיסט מיר עפּעס רויטס פון אַ פלעשעלע אויף אַ פינגער, און אַניוטאַ, מיט ציטערדיקע ליפּן איז נעבן מיר, און דער פאָרמאַן, אַ רויטער ווי פײַער, שרײַט עפּעס בייז, און צענדליקער אַרבעטער און אַרבעטערינס שטייען צעשראָקענע אַרום מיר, און זײ אַלע קוקן אויף מײַן האַנט...

אַ קלייניקייט האָט פּאַסירט: בעת איך האָב דאָרט געכאַפּט פּיש אויף דער היימישער אַזערע, איז דאָ אין אַמעריקע, די נאָדל פון דער מאַשין אַרײַנגעפאָרן מיר אין איינעם פון מײַנע פינגער, וואָס האָט גע־האַלטן אונטער איר די וואָרע־צײַג פונעם אַרבל, ביזן ביין אַרײַן...

איך בין אוועק אַהיים און קיינמאָל מער האָב איך שוין יענעם שאָפּ נישט אָנגעקוקט. געענדיקט!

און אויף אַזאַ אופן בין איך באַפרײַט געוואָרן פון יענעם שאָפּ און פון יענעם פאָרמאַן און איך בין געוואָרן אויס „אַרבל־פּראָפעסאָר״...

# צענטער קאַפּיטל

## די דיסקוסיע צווישן יידישע אַנאַרכיסטן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן

— א —

נאָך יענע סיבה אינעם שאַפּ האָלט איך זיך אַ שטיק צײַט מיט אַ געשוואָלענער האַנט און, פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט קאָן איך אַפילו נישט טראַכטן וועגן זוכן נײַע אַרבעט.

יעדן טאָג גיי איך צום דאָקטער.

דער דאָקטער, וואָס היילט מיר די האַנט, איז נישט קיין אַנדערער ווי דער שפּעטער גוט־באַקאַנטער דאָקטער חיים ספּיוואַק, דער אייגענער, וואָס האָט מיט זײַן פרײַנט יהואָש צונויפגעשטעלט דעם יידישן ווערטערבוך.

ער וווינט דעמאָלט אין פילאַדעלפיע מיט זײַן ווײַב, וועלכע איז דאָרט אַ לערערין אין אַ „נאַיט סקול" פאַר יידישע אימיגראַנטן אין יענער צײַט.

אַניוטאַ האָט מיך דעם ערשטן מאָל צו אים אין אָפיס געבראַכט. נאָכדעם בין איך שוין אַליין צו אים געגאַנגען.

אַ האַרציקער מענטש געווען. נאָך גאָר אַ יונגערמאַן, אַ בלאָנדער, כמעט אַ רויטער, מיט דיקע, רויט־בלאָנדע וואָנצעס און מיט קלוג־שמייכלענדיקע אויגן.

קום איך צו אים, פאַרהאַלט ער מיך נאָכדעם, ווי ער האָט מיר איבערגעבונדן די האַנט, בײַ זיך אינעם אָפיס אַ מאָל אויף אַ פּאָר שעה, — משמעות קיין גרויסע פּראַקטיק האָט ער נישט געהאַט, און ער רעדט, און דערציילט, און דיסקוטירט מיט מיר, נאַטירלעך, אויף רוסיש.

ער האָט ליב צו ריידן וועגן דער רוסישער ליטעראַטור און וועגן די רוסישע שריפטשטעלער.

טורגעניעוו איז זײַן באַליבטסטער שרײַבער און דער העלד פון „טאַטעס און קינדער", באַזאַראָוו, איז זײַן באַליבטסטער העלד אין טורגעניעווס ראָמאַנען.

ער האַלט אויך אַ סך פון מיכאַילאָווסקין און האָט אויך ליב צו דעקלאַמירן אויף אויסנווייניק לידער פון נעקראַסאָוו, נאַדסאָן און פרוגדיכטער, — וואָס די ייִדיש־רוסישע אינטעליגענטן פון יענער צײַט האָבן וועגן זיי געהאַט גאָר אַ הויכע מיינונג...

און אַ מאָל הייבט ער אָן צו דערציילן וועגן דעם, וואָס ער אַליין האָט דורכגעמאַכט אין אַמעריקע, בעת ער איז נאָך אַ גרינער געווען, און וואָס זײַנע חברים, מיט וועלכע ער איז געקומען קיין אַמעריקע, האָבן דורכגעמאַכט.

(ער איז געקומען קיין אַמעריקע אַרום 1882 מיט דער ערשטער עם־עולם גרופע, וואָס זי איז אָנגעפירט געווען פון ניקאָלאַי אַלעיניקאָוו).

ער דערציילט וועגן דעם, ווי ער און זײַנע חברים האָבן זיך דאָ אָנגעפּלאָגט, אין אַ גוטמוטיקן טאָן און לאַכט דערבײַ האַרציק. ער לאַכט נאָכאַנאַנד. ווי פון אַ געזונטן קוואַל שלאָגט דאָס דאָזיקע געלעכטער אַרויס בײַ אים.

און דאָך גיי איך אַוועק פון אים כמעט יעדער מאָל אַ געקרענקטער.

מחמת ער האַלט גאָרנישט פון די אַנאַרכיסטן און פון אַנאַרכיזם און מאַכט אַפּט חוזק, אַפילו אויף אַ גוטמוטיקן אופן, לאַכנדיק מיט זײַן געזונטן, האַרציקן געלעכטער, פון מײַנע אַנאַרכיסטישע טענות און אַרגומענטן...

האָב איך עגמת־נפש דערפון. ביזן בײַן ממש קרענקט עס מיך, הלמאי ער, אַזאַ סימפּאַטישער און אינטעליגענטער מענטש, וויל נישט פאַרשטיין אַזאַ פּשוטע זאַך, וואָס דאַרף זײַן קלאָר, דאַכט זיך, פאַר יעדן ערלעך־דענקנדיקן מענטשן. דהיינו: אַז נאָר די אַנאַרכיסטן וועלן ברענגען די גאולה פאַר דער מענטשהייט, און אַז נאָר אין אַ פרײַער, אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפט, וווּ עס וועט נישט זײַן נישט קיין צוואַנג און נישט קיין הערשאַפט, וועט די מענטשהייט געפינען איר פול גליק...

איך היץ זיך און קאָך זיך און פּרוּוו אים איבערצײַגן אין דעם. נאָר גיי און איבערצײַג אַ מענטשן, וואָס קוקט דיר אין פּנים אַרײַן מיט לאַכנדיקע אויגן, בשעת דו רעדסט און בשעת דו לייגסט אַרײַן שטיקער פון דײַן האַרץ אין דעם, וואָס דו זאָגסט, און אינמיטן דרינען לייגט ער

דיר גאר ארויף א האנט אויפן אקסל און טוט דיר א זאג אין דעם גוט־מוטיקסטן טאן:

— מילי יונאשא (ליבער בחור), אם ירצה השם, אין א פאר הונדערט יאר שפעטער, אז מיר וועלן דערלעבן, אויב די סאציאלע רעוואלוציע וועט דעמאלט קומען און זי וועט זיגן, וועלן מיר זיך דעמאלט דורכשמועסן וועגן דעם, וואס פאר א מין געזעלשאפט איר מיט מיר זאלן אויפבויען פאר דער מענטשהייט. דערווייל אבער זאלן מיר בעטן די סאציאל־דעמאקראטן, אז זיי זאלן אונדז העלפן צו פארבעסערן די לעבנס־באדינגונגען פון דער מענטשהייט, וואס לעבט אין דער היינטיקער געזעלשאפט, אויף זייער שטייגער. יא, יא, ליבער בחור, וואס ערגער איז נישט בעסער — ווי אייערע אנארכיסטן פלאפלען — נאר וואס בעסער איז בעסער, באקענט זיך מער מיט דער ליטעראטור פון די סאציאל־דעמאקראטן...

איך הער אבער שוין נישט מער, וואס ער רעדט ווייטער, ווייל ער האט אפגעלייגט די סאציאלע רעוואלוציע אויף א פאר הונדערט יאר שפעטער...

צי לאכט ער דאס פון מיר? צי מיינט ער דאס טאקע אויף אן אמת?

ווייזט זיך ארויס דערנאך, אז ער מיינט דאס דווקא. ווייס איך שוין נישט דעמאלט, צי עס לוינט זיך בכלל צו דיסקוטירן מיט א מענטשן, וואס ווייסט אפילו נישט, אז די סאציאלע רעוואלוציע איז שוין ביי אונדז אונטער דער סאמע נאז?

זאג איך דאס אים, לאכט ער. לאכט אויפן קול מיט זיין געזונטן געלעכטער. משמעות, אז ער האט שטארק הנאה דערפון, וואס איך זאג אים, אז איך ווייס נישט, צי עס לוינט זיך נאך צו דעבאטירן מיט אזא מענטשן ווי ער...

און ער מאכט טאקע צו מיר:

— פארוואס זאל זיך אייך עפעס נישט לוינען? קלערט אויף דעם אומוויסנדיקן פינצטערלינג, וואס ביי אים איז אזוי פינצטער אינעם מוח...

פארשטייט זיך, אז ער מאכט חוזק פון מיר, און מיר פארגלוסט זיך אים צו ענטפערן אזוי, אז עס זאל אים טרעפן אין דער זיבעטער ריפ אריין.

ברענג איך אפריער א גאנצן בארג מיט ראיות וועגן דעם, אז די סאציאלע רעוואלוציע קומט אט־אט; ברענג אים ראיות פון שטרייקן, וועגן וועלכע איך לייען אין די צייטונגען (אניוטא און בארים און איך רופן אפט די שטרייקן „רעוואלטן"); ברענג אים ראיות פון דעם רעוא־

לוציאנערן גייסט אין די פאבריקן, און כמעט אין אלע הייזער, ווו איך קום אריין; און איך דערצייל אים אויך וועגן וועלוול־איצעסביידע טעכטער, אומוויסנדיקע מיידלעך, וואס אפילו זיי זיינען פארכאפט פונעם רעוואלוציאנערן גייסט. און איך פיר אויס, אז סיידן מענטשן, וואס זיינען לחלוטין טעמפ אויפן מוח און טויב אויף די אויערן, פארנעמען נישט, אז דאס קומט די סאציאלע רעוואלוציע און הערן נישט אירע טריט!...

בלייבט ער רויק און גוטמוטיק אויך ווען ער הערט די לעצטע באמערקונג מיינע, וואס מיט איר בין איך אויסן געווען צו טרעפן אים אין דער זיבעטער ריפ אריין, און ווידער צעלאכט ער זיך הארציק און מאכט צו מיר:

— מילי יונאשא ווי יונג און ווי קלוג איר זייט, און וואס פאר א פיינעם געהער איר האט!

ביז איינמאל ברענגט ער מיך אזוי ארויס פון די כלים מיט זיין גוטמוטיקן חוזק מאכן פון דעם אנארכיזם, אז איך האב זיך א כאפ געטאן אים זידלען.

— בורזשוי! רעאקציאנער! ציניקער! — האב איך אים אריינגעשאסן.

און א סוף. מער האב איך זיך מיט אים נישט געטראפן אין פילאדעלפיע.

— ב —

אט אזוי האב איך דעמאלט, אין דעם ברען פון מיין יונגן גלויבן, באליידיקט, צי אויסן געווען צו באליידיקן, איינעם פון די סימפאטישסטע און אידעאלסטע מענטשן, וואס האט אויף זיין אייגענעם שטייגער אזוי שיין געלעבט און אזוי שיין געארבעט צווישן אונדז, בפרט — וואס איז שייך צו מיר פערזענלעך, — איינעם, וואס האט מיר די האנט געהיילט און קיין געצאלט בשום אופן נישט געוואלט נעמען ביי מיר פאר זיין הילף.

אגב, מיט א סך יארן שפעטער — איך בין שוין געווען אן אנדערער און ד״ר ספיוואק אליין איז שוין נישט געווען מער רויט־בלאנד — טרעפן מיר זיך איינמאל אין א ניו־יארקער קאפע־הויז און שמועסנדיק אזוי איינער מיטן אנדערן וועגן כלערליי ענינים דערמאן איך זיך מיטאמאל וועגן דעם דאזיקן אינצידענט און דערצייל אים וועגן דעם.

צעלאַכט ער זיך מיט זײַן האַרציקן גלעכטער, גאָר ווי אַמאָל.

— אַזוי, — מאַכט ער דערנאָך צו מיר, און שמייכלט מיט זײַנע קלוגע אויגן, — בורזשוי און רעאַקציאָנער האָט איר מיך אָנגערופֿן? איר זײַט געווען גערעכט! האָב איך נישט געוואָלט אָפּלייגן די סאָציאַלע רעוואָלוציע אויף אַ פּאָר הונדערט יאָר!...

און ער ווערט ערנסט מיטאַמאָל און רעדט ווײַטער שוין פֿאַרטראַכט:

— אין יענער צײַט האָט באמת סײַדן נאָר אַ פֿינצטערער רעאַקציאָנער נישט געגלויבט דאַ־היי בײַ אונדז אויף דער ייִדישער גאַס, כ׳מיין צווישן אונדזערע קרײַזן, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע קומט אַז באַלד. אַפֿילו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אין דעם געגלויבט. נישט מער, זיי האָבן געגלויבט, אַז זי וועט קומען ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום. און די אַנאַרכיסטן האָבן געגלויבט, אַז שוין, מאָרגן...

און אפֿשר דערפֿאַר — און איך גלייב, אַז דערפֿאַר טאַקע — ווײַל יענע צײַט און די מענטשן פֿון יענער צײַט, סײַ די פֿירער און סײַ די מאַסן אויף דער אַמאָליקער ייִדישער גאַס, זײַנען איצט געווען אַזוי ווײַט אָפּגערוקט פֿון אים, האָט ער דערזען איצט זייער אידעאַליסטישע שיינקייט. ער זאָגט מיר בײַ יענעם שמועס אין דעם קאָפּע־הויז, אַז אַ מאָל בענקט זיך אים שטאַרק נאָך יענער צײַט...

— אַ וווּנדערלעכע צײַט געווען. ווי שיין מענטשן האָבן דעמאָלט געלעבט. ווי שיין זיי האָבן געגלויבט, יענע אומגלייביקע! און ווי שיין זיי האָבן געקאָנט הונגערן פֿאַר זייערע אידעאַלן! ווי ווייניק יעדער פֿון זיי, צי ער איז געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, צי אַן אַנאַרכיסט, צי אַ באַרימטער יחיד, אָדער איינער פֿון די אומבאַוווּסטע, אומבאַקאַנטע פֿון דער מאַסע, — ווי ווייניק יעדערער פֿון זיי האָט געדאַרפֿט פֿאַר זיך אַליין און וויפֿל ער האָט געפֿאָדערט פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט!... מענטשן האָבן זיך אַרומגעריסן און געפֿירט מחלוקות — אָבער מערסטנטייל נישט פֿאַר קנאה און שנאה פֿון איינעם צום אַנדערן, נאָר פֿאַר ליבע צו די מענטשן און פֿאַר איבערגעגעבנקייט צום אידעאַל...

איך דערמאָן זיך ווי ד״ר ספּיוואַק האָט זיך אַלץ מער און מער צעוואַרעמט דעמאָלט אין דעם קאָפּע־הויז בײַ יענעם שמועס מיט מיר.

— ער מוז באַוווּנדערן יענע מענטשן — האָט ער גערעדט, איצט, ווען ער קוקט אויף זיי דורך די אַלע פֿאַרפֿלויגענע יאָרן. מיט חסרונות אוודאי. און דאָס רוב פֿון זיי האַלב־געבילדעטע? אויך אמת. דערפֿאַר אָבער דיכטער מיט אויסגעדיכטעטע שיינע וועלטן אין זייער פֿאַנטאַזיע, מיט גוואַלדיקע שאַפֿונגס־ענערגיע אין זייער בלוט און מיט אַן עקשנותדיק־

פאַנאַטישן גלויבן אין זייער אידעאַל. אונדזערע אַלע אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס, אונדזערע צייטונגען, אונדזער בעסער טעאַטער, אונדזער ליטע־ראַטור, דאָס גאַנצע ביסל גייסטיקייט אין איר שענסטן ליכט, יאָ, יאָ, אין איר שענסטן ליכט, אויף אונדזער היגער יידישער גאַס, — זיי האָבן דאָך דאָס אַלצדינג געשאַפן, און פון וואָס, און פון וואָס פאַר אַ מענטשן־מאַטעריאַל?... מען האָט אָפט טענות צו זיי. פאַר די חסרונות פון דעם היינטיקן גייסטיקן לעבן מאַכט מען זיי שולדיק. דאָס קאָנען נאָר טאָן מענטשן, וואָס זיינען לחלוטין נישט באַקאַנט נישט מיט יענעם מענ־שטן־מאַטעריאַל, מיט וועלכן די בויער פון דעם היגן גייסטיקן לעבן איז אויסגעקומען צו האָבן צו טאָן, און נישט מיט די אומשטענדן, אונטער וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו אַרבעטן, און דער עיקר נישט מיט די כוחות, ממש גאַרנישט מענטשלעכע כוחות, וואָס זיי האָבן אַוועקגעלייגט, כדי צו שאַפן דאָס וואָס זיי האָבן געשאַפן...

און אַזוי ווי דאָס איז שטענדיק געווען אויך מיין מיינונג, געדענק איך מחמת דעם באַזונדערס קלאָר, וואָס ער, ד״ר ספּיוואַק, האָט דעמאָלט געזאָגט.

— ג —

דערווייל לייען איך די אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור, וועלכע איך קריג ביי אַניוטאַן און ביי רבקהן. איך לייען אויך די „פרייע אַרבייטער שטימע״ און דעם לאָנדאָנער „אַרבייטער פריינט״ און אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע „אַרבייטער צייטונג״. אויף אַזאַ אופן געוויין איך זיך מער צו צו לייענען יידיש.

און הגם איך האַלט זיך פאַר אַן אַנאַרכיסט, געפעלט מיר די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע „אַרבייטער צייטונג״ נישט אין אַ ערך בעסער איידער די אַנאַרכיסטישע „פרייע אַרבייטער שטימע״.

די דאָזיקע צוויי צייטונגען, וואָס מיט זיי הייבט זיך אַן פאַקטיש די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע (די פּאָעזיע — מיט דער יידיש־אַנאַרכיסטישער פּרעסע און די קינסטלערישע פּראָזע — מיט דער יידיש־סאָציאַל־דעמאָקראַטישער), ריידן אויף צוויי באַזונדערע שפּראַכן, נישט דווקא אידעיש.

די „פרייע אַרבייטער שטימע״ — ווי איך האָב שוין באַמערקט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל — אויף אַ טרוקענער, האַרטער שפּראַך, וואָס זי לייענט זיך זייער שווער, און די „אַרבייטער צייטונג״ רעדט אויף אַ

קלאָרן, פשוטן און פאַרשטענדלעכן לשון, וואָס ער איז כמעט ריינער מאַמע־לשון לגבי דער דײַטשמערישער שפּראַך פון דער „פרייער אַרבײַ־טער שטימע".

דער הויפּטטאָן ביי זיי ביידע איז אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישער, אָבער אין דער „אַרבײַטער צייטונג" ווערט אָט דער טאָן אַרויסגעבראַכט פון פעיקערע און לעבעדיקערע שרײַבער איידער אין דער „פרײַער אַרבייטער שטימע".

דער איינציקער פּראָזאַיקער, וואָס ער צייכנט זיך אויס צווישן די אַלע איבעריקע מיטאַרבעטער אין דער „פרײַער אַרבייטער שטימע" — סיי מיט זײַן סטיל און סיי מיט זײַן לעבעדיקן קלאָרן וואָרט, איז מ. קאַץ, אין יענער צײַט איינער פון די הויפּטפירער ביי די יידישע אַנאַר־כיסטן.

אין דער „אַרבייטער צייטונג" אָבער שרײַבן כמעט אַלע אירע מיטאַרבעטער לעבעדיק און קלאָר, סיי פיליפּ קראַנץ, סיי ב. פייגנבוים, סיי אַב. קאַהאַן, און סיי מאָרים הילקאָוויטש (דער שפּעטער הילקוויט), סיי לואי מילער און יעקב מילך, און סיי אַנדערע, וואָס שרײַבן דאָרט.

אַ חוץ דעם, איז זי אַ ליטעראַריש בלאַט אויך, אויף אירע שפּאַלטן געפין איך איבערזעצונגען פון דעם בעסטן אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. עס דרוקן זיך דאָרט זאָלאַס „זשערמינאַל", פלאָבערס „סאַלאַמבאָ" און דערציילונגען איבערזעצטע פון די באַליבסטע אייראָ־פּעיִשע און רוסישע שרײַבער מײַנע אין יענער צײַט...

איך ווייס ניט, אויב די דאָזיקע איבערזעצונגען וואָלטן מיר הײַנט געפעלן געוואָרן, אָבער דעמאָלט ווײַזן זיי זיך אויס מיר פאַר גאָר אַ וווּנדער אין דער וועלט. איך לייען און גלייב ניט פשוט מײַנע אויגן. ווי קאָן מען אַזוי איבערזעצן אויף „זשאַרגאָן"?...

ממש אַ נײַע אַמעריקע עפנט זיך פאַר מיר.

דערפיל איך דעמאָלט דעם שרײַבערישן זוד, וואָס ליגט בײַ מיר אין די ביינער נאָך פון יִינגלווײַז אָן, שטאַרקער. בפרט ווען אַניוטאַ רעדט מיך אויך צו, אַז איך זאָל עפּעס אָנשרײַבן...

פּרוּוו איך איינמאָל און נאָך אַמאָל אָנצושרײַבן עפּעס אויף „זשאַרגאָן" — אָבער ווייס איך וואָס!...

איך טראַכט אין רוסיש, און פּרוּוו איך דאָס איבערזעצן אויף יִידיש קומט בײַ מיר אַרויס אַ לשון, ווי מײַן יאַנקל בוילע וואָלט דאָס גערעדט!

דערצייל איך דערנאָך וועגן דעם אַניוטאַן, זאָגט זי מיר דאָס

אייגענע, וואָס זי האָט מיר שוין אַ פּאָר מאָל געזאָגט, אַז איך זאָל — הייסט עס — עפּעס אָנשרײַבן אויף רוסיש און מען וועט עס איבערזעצן נאָכדעם...

ווײַל איך דערפון ניט הערן. אויב איך זאָל ווערן אַ זשאַרגאָנישער שרײַבער — דערקלער איך איר — מוז איך אַליין אײַנבײַסן דעם „זשאַרגאָן". און איך וועל אים אײַנבײַסן, ניט קיין גוואַלדיק־שווערע תורה!...

און איך פּרוּוו ווידער און ווידער — אַ לשון, זאָל איין גאָט שומר ומציל זײַן!

פּרוּוו איך דערנאָך דאָס אייגענע אויף רוסיש — פּײַן! סײַ אַניוטאַ און סײַ באַריסן און סײַ סיאָמאַן געפעלט דאָס, באַזונדערס מײַן רוסישע שפּראַך!

איין חסרון האָט עס — און זייער אַ וויכטיקן בײַ אונדז אַלעמען אין די אויגן — ניט רעוואָלוציאָנער, ניט קיין אַגיטאַציע־דערציילונג.

אַ דערציילונג איז דאָס, וואָס אין איר האָב איך מײַן בענקשאַפט אויסגעגאָסן נאָך דער היים און נאָך די היימישע, און נאָך דער אַזערע און דעם היימישן דאָרף (טיילן פון אָט־דער דערציילונג זײַנען שפּעטער אַרײַן אין מײַן נאָוועלע „יאַנקל בוילע").

מײַן אַנאַרכיזם אונדזערן האָט עס ניט געהאַט צו טאָן. זאָגט מיר דערפאַר אַניוטאַ:

— אַ שיינע דערציילונג; אָבער אויף צו איבערזעצן אויף „זשאַרגאָן" פאַר דער „פרייע ארבעטער שטימע" טויג זי ניט. וואָס קען פון איר אַפּלערנען דער רעוואָלוציאָנערער לעזער?

און אַזוי ווי זי, דענק איך אַליין אויך אין יענער צײַט. עס פאַרדריסט מיר נאָר,הלמאי איך האָב אַזאַ דערציילונג גאָר אָנגעשריבן. פאַר מיר איז דאָס געווען דער בעסטער סימן, אַז איך בין ניט געווען קיין ריכטיקער אַנאַרכיסט...

איין סיאָמאַ האַלט אַז נאָר אַזעלכע דערציילונגען דאַרף איך שרײַבן און אַזעלכע דאַרפן אויך געדרוקט ווערן אין דער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע. ווו וואָלטן געווען טאָלסטאָי און טורגעניעוו, און טשעכאָוו און קאָראָלענקאָ און נאָך און נאָך אַנדערע אַזעלכע גרויסע שריפטשטעלער, ווען מען וואָלט זייערע ווערק ניט געדרוקט און ניט געלייענט, ווײַל זיי זײַנען ניט קיין אַגיטאַציע־ווערק? — טענהט ער.

מיט זײַנע טענות פונדעסטוועגן רעכן איך זיך ניט, און כמעט אַלע מאָל האָבן יענע דערציילונגען מײַנע דעם זעלביקן סוף: איך צערײַס זיי...

באַרים קומט צו מיר יעדן טאָג. ער קאָן זיך נאָך אַלץ ניט צושלאָגן צו קיין אַרבעט. אַ צוויי וואָכן איז ער עפּעס יאָ באַשעפטיקט געווען אין דעם פּלאַץ, וווּ אַבראַשאַ האָט געאַרבעט, דערנאָך האָט מען אים דאָרט אָפּגעזאָגט, און פון יענער צייט אָן גייט ער אַרום ליידיק. און סיאָמאַ אַרבעט איז דעם זעלביקן שאַפּ, וווּ זיין פעטער אַברהם־בער אַרבעט, און אויך ביי דער זעלביקער מלאכה, וואָס זיין פעטער, ביי פּרעסעריי, הייסט עס.

קומט צו מיר באַרים יעדן טאָג און אַמאָל פאַרברענגט ער ביי מיר ביז פאַרנאַכט, ליגט ביי מיר אויפן בעט און קריטיקירט אַמעריקע. אַ לאַנד אָן אַ נשמה איז זי און אָן אַ גייסט. אַ לאַנד פון מיליאָנען „הענט" און פון אַ קלייניקער צאָל פון גרויסע מאָגנס, וואָס פאַרשלינגען די פּראָצע פון אָט־די מיליאָנען „הענט". מוז מען פאַראייניקן די דאָזיקע מיליאָנען הענט פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן די דאָזיקע מאָגנס...

נאָכדעם הייבט ער אָן מיט אַמאָל צו דעקלאַמירן זיינע לידער מיט גרויסן פּאַטאָס אויף זיין טיפן באַסאָוון קול. פאַר דער צייט האָט ער אָנגעשריבן זעקס נייע לידער וועגן דעם רוסישן פייער, וואָס איך קען זיי שוין באַלד אויף אויסנווייניק. אַזוי פיל מאָל האָט ער זיי געלייענט פאַר מיר.

און אַמאָל, ווען ער קומט צו מיר, גייען מיר באַלד אַוועק אויף אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט. באַרים איז שוין באַהאַוונט מיט יעדער גאַס אין פילאַדעלפיע. ער איז שוין אין אַלע עקן פון אָט־דער ריזיקער שטאָט אויסגעוועזן אַליין און מיט מיר.

מיר שפּאַצירן איבער סאָוט סטריט, וואָס מיט אירע יידישע קרעמער און קרעמערקעס און מיט די אַרויסגעשטעלטע טישלעך און וועגעלעך מיט סחורה לעבן די קראָמען און מיט דעם יידישן הו־האַ, וואָס טראָגט זיך דאָרט פאַרהאַוועט, דערמאָנט זי אונדז אָן אַ יאַריד אין אַ רוסיש־יידישן שטעטל.

מיר שפּאַצירן איבער ביינברידזש סטריט, וואָס געפינט זיך אין שכנות מיט סאָוט סטריט, און מיר קוקן זיך צו צו די נעגערטעס, וואָס שטייען דאָרט לעבן די הילצערנע הייזלעך און ווינקן מיט זייערע ווייסע אויגן און שמייכלען פאַרפירעריש מיט זייערע דיקע ליפּן צו די פאַרבייגייער.

זייערע גלאַנציקע, שוואַרצע פּנימער מיט די ווייסע אויגן און מיט

די װײַסע צײן צװישן דיקע ליפּן און מיטן װילדן קװיטש, שרעקן מיך שױן ניט אַזױ, װי אין דער ערשטער צײַט. טרעפנדיק זײ יעדן טאָג אויף די גאַסן, האָט מײַן אױג זיך שױן צוגעװױנט צו זײ.

ביינברידזש סטריט איז אין יענער צײַט געװען דער נעגערשער „טענדערלאָין". יעדע הױז אױף אָט־דער גאַס איז אַן עפּנטלעכע יאַטקע פֿון שװאַרצן מענטשן־פֿלײש, װי באַרים רופֿט עס.

צװישן די שװאַרצע מײדלעך, װאָס שטײען דאָרט אַרום די הײַזער און װינקען צו די פֿאַרבײַגײער, זעען מיר אױך אמתע פֿאַרשװינען־מולאַטקעס.

די דאָזיקע מולאַטקעס באַמערקן מיר — זײַנען חוצפּהדיקער אײדער זײערע „רײן־שװאַרצע" שװעסטער: זײ װאַרפֿן זיך קעגן די װײַסע פֿאַרבײַגײער מיט ציניש באַװעגונגען און שעלמישע שמײכלען, טוען אַ פּאַק דעם־יענעם אונטערן אָרעם און שלעפּן אים מיט גװאַלד אין זײערע טירן.

און מיר באַמערקן אױך קלײנע קינדער, אַנדערע װײַסע, אַרומ־לױפֿנדיק פֿון אָט־די הײַזער. משמעות זײ װױנען דאָרט.

צעפֿלאַמט זיך דעמאָלט באַרים און הײבט אָן צו פֿלוכן אַזאַ געזעל־שאַפֿט װו עס עקזיסטירן אַזעלכע יאַטקעס פֿון מענטשן־פֿלײש און װו קלײנע קינדער זײַנען געצװוּנגען צו לעבן אין די דאָזיקע זומפּיקע יאַט־קעס...

— אַזאַ געזעלשאַפֿט מוז מען חרוב מאַכן — ברענט ער — מיט דינאַמיט מוז מען זי אױפֿרײַסן...

בין איך מסכּים מיט אים. איך אַלײן װאָלט אין יענער צײַט דער ערשטער מכבד געװען מיט אַ דינאַמיט־באָמבע אַזאַ געזעלשאַפֿט, הגם דעם אמת געזאָגט, איך האָב אַפֿילו נישט געװוּסט װי אַזאַ באָמבע זעט אױס...

ס'רוב שפּאַצירן מיר איבער בראָד סטריט.

די דאָזיקע ברײטע, פּרעכטיקע גאַס מיט אירע פּאַלאַצן, װאָס אַנדערע פֿון זײ זײַנען אַרומגערינגלט מיט דיקע געמױערטע פּאַרקאַנען און אָפּגע־צױמט פֿון דער גאַס מיט שװערע, אײַזערנע טױערן, — ממש, װי פֿעס־טונגען, — די דאָזיקע גאַס, איבער װעלכער מיט שלאַנקן געלאַף טראָגן זיך דין־פֿיסיקע, געפּוצטע און אױסגעבאַליעטע, אַריסטאָקראַטישע פֿערד, מיט קורצע געשאָרענע עקן און מיט פֿאַרביקע סטענגעס, אַרײַנגעפֿלאָכטן

אין זייערע גריוועס, געשפּאַנט אין זייערע עקיפּאַזשן, ווי מיליאָנערן און מיליאָנערשעס זיצן מיט אַ קוטשער אין אַ ליווריע פון פּאַרנט און מיט אַ לאַקעי פון הינטן, — די דאָזיקע גאַס איז פאַר אונדז ביידן דער הויפּט שלאַכטפעלד, ווו די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט זיך מוזן קאָנצענטרירן...

איינמאָל, ווען מיר קומען צו אַניוטאַן, טרעפן מיר אַ יונגנמאַן, אַ ריז, און זייער אַ סימפּאַטישער מענטש, וואָס ער איז פאַר יענער צייט זייער כאַראַקטעריסטיש. זיין נאָמען איז געווען דזשעק קראַפּאָטקין...

# עלפטער קאַפּיטל

## גענאָסע דזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקין

— א —

אין יענער צײַט, ווען בײַ אַ ייִדישן סאָציאַל־דעמאָקראַט, איז געבוירן געוואָרן אַ קינד, האָט מען עס אַ נאָמען געגעבן נאָך עמעצן פון די באַרימטע רעוואָלוציאָנערן.

אויף אַזאַ אופן איז דאָ געווען בײַ אונדז אויף דער ייִדישער גאַס אין יענער צײַט אַ גרויסע גערעטעניש אויף קאַרל מאַרקסעס, באַקונינס, לאַסאַלס און פּעראָווסקיס, זשעליאַבאָווס, און טשערנישעווסקיס.

עס זײַנען געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס זיי האָבן נישט געוואָרט ביז זיי וועלן האָבן קינדער, און זיי אַליין האָבן אָנגענומען אַ נאָמען פון עמעצן פון אָט די באַרימטע רעוואָלוציאָנערן.

אמת, קיין סך אַזעלכע זײַנען נישט געווען, אָבער מיר אַליין איז אין יענער צײַט אויסגעקומען צו טרעפן אין פילאַדעלפיע אַ פּאָר אַזעלכע, איינעם אַפילו אַ הערבערט ספּענסער — אַ שטאַרקן, ברייט־אַקסלדיקן יונגנמאַן — איך געדענק נישט אויף קלאָר, צי איז ער געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אָדער אַן אַנאַרכיסט (קיין „ספּענסיאַנער” זיכער נישט) — משמעות, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, ווײַל — איך דערמאָן זיך — ער איז געווען אַ הייסער חסיד פון מ. זאַמעטקין, וואָס האָט אין יענער צײַט געוווינט אין פילאַדעלפיע.

אַי, איז דאָך די קשיה, ווי אַזוי רוימט זיך עפּעס הערבערט ספּענסער מיטן סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם? איז דער תירוץ: רוימען רוימט זיך עס טאַקע נישט, נאָר דער בעל־דבר, דער ייִדישער הערבערט ספּענסער, האָט, משמעות, דאָס נישט געוווּסט.

איינעם אַזאַ, וואָס האָט אָנגענומען אַ נאָמען פון אַ באַרימטן רעוואָ־לוציאָנער, טרעפן מיר איינמאָל — איך און באַריס, הייסט עס — ביַי אַניוטאַן אויף דער קוואַרטיר. (סיאַמאַ איז נישט געגאַנגען מער צו איר, וויַיל — ווי ער האָט געטענהט, — זי האָט אים באַהאַנדלט ווי אַ קינד).

אין אַ שבת אויפדערנאַכט איז דאָס געווען, אין אַ קורצער, ציַיט נאָך דער „קאַטאַסטראָפע" מיַינער אינעם שאָפּ.

מיר קומען אַריַין צו איר אין צימער, זיצט דאָרט איינער אין אַ שוואַרצן פּלאַנעלענעם העמד, אָן אַ רעקל, מיט אַ צעשפּיליעטן קראַגן און מיט הויך־פאַרקאַטשעטע אָרבל איבער האָריקע אָרעמס, און ער לייענט אַ „פריַיע אַרבייטער שטימע".

אַניוטאַ אַליין איז אינעם צימער נישטאָ און דער יונגערמאַן אין דעם פּלאַנעלענעם העמד זיצט דאָרט, ווי ער וואָלט אַליין ביַי זיך אינדערהיים געזעסן.

און ווען מיר פרעגן ביַי אים אויף אַניוטאַן, לייגט ער אַוועק די ציַיטונג אויף די קני און קוקט אונדז אָן מיט קליינטשינקע, שפּיציקע אייגעלעך און רופט זיך דערנאָך אָן אויף אַ געזונטן, ברוסטיקן קול:

— דאָס זיַיט איר די גרינע? זי קומט באַלד...

און ער קוקט וויַיטער מיט זיַינע קליינטשינקע אייגלעך דאָ אויף מיר און דאָ אויף באַריסן, קוקט עפּעס גאַרנישט פריַינטלעך.

און מיטאַמאָל הייבט ער זיך אויף און נעמט שפּריַיזן איבערן צימער אַהין און צוריק.

זיַין אויסזען פאַראינטערעסירט מיך.

אַ יונגערמאַן שוין מיט אַ היפּשן פּליך, אָבער אויפן קוק ממש אַ גיבור.

איבער זעקס פוס הויך, אַ ברייט־אַקסלדיקער און אַ ברייט־ברוסטי־קער, אַ געשטאַלט, ווי פון פעלדז אויסגעהאַקט, און מיט אַ פּאָר הענט, רויטע און מעכטיקע לאַפּעס...

זיַין פּנים איז ברייט און פּלאַטשיק, כמעט טעמפּ, אָן דעם מינדסטן סימן פון אינטעליגענץ, און זיַינע קליינטשינקע אויגן קוקן בייז עפּעס...

דער דיל אונטער זיַינע פיס קרעכצט. משמעות איבער צוויי הונדערט פונט איז יעדער טראָט זיַינער...

ווען מיר טרעפן אים אויף דער גאַס, וואָלטן מיר אים אָנגענומען צי פאַר אַ בעל־עגלה־יונג, צי פאַר אַן אַרבעטער אין אַ שעכט־הויז, צי פאַר אַ האַפן־אַרבעטער.

איין זאַך איז זיכער, אַז פֿון צו װערן „גוט־ברודער" מיט אים װאָלטן מיר זיך געהיט, מחמת ער האָט אױסגעזען גאָר נישט פֿרײַנטלעך.

קײנעם פֿון אונדז, נישט מיר און נישט באַריסן, װאָלט געקאָנט גאָר אײַנפֿאַלן, אַז אַט דאָס שטיק געזונטער און עפּעס בײזער חומר האָט אַ װעלכע נישט־איז שײכות צו אַ רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג און צו אידעאַלן בכלל...

— ב —

אַניוטאַ קומט דערנאָך אַרײַן מיט אַ מאַנסבילשן רעקל אױפֿן אָרעם.

— גוטן אָװנט — מאַכט זי צו אונדז אױף רוסיש, גײט צו צום יונגנמאַן און דערלאַנגט אים דאָס רעקל.

— נאַט — רעדט זי צו אים אױף ייִדיש — אױסגעפּרעסט. די הױזן אײַערע װאָלט מען אױך באַדאַרפֿט אױספּרעסן.

דער יונגערמאַן טוט אָן דאָס רעקל און באַדאַנקט איר נישט אַפֿילו.

— גענאָסע דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין — שטעלט אים פֿאָר דערנאָך אַניוטאַ פֿאַר אונדז.

איך טו אַ קוק אױף איר: נײן, זי שפּאַסט נישט. זי זעט אױס זײער ערנסט, װען זי שטעלט אים פֿאָר אונטער דעם דאָזיקן נאָמען.

באַריס טוט אַ פֿיר מיט דער האַנט איבער זײַן שװאַרצער טשופּרינע, פֿאַרשאַרט זי אַרױף און קוקט דורך זײַנע פּענסנע אױף יענעם.

— פּיאָטר קראַפּאָטקין? דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין? — חזרט ער איבער נאָכאַמאָל מיט לײַכטן שפּאַס אױף רוסיש — טאָקע פֿון דער משפּחה פֿון פֿרינץ פּיאָטר קראַפּאָטקין אַלײן? אַ קוזין, צי אַ פּעטער?...

— העי — מאַכט דאַן דער ריז צו באַריסן אױף זײַן געזונטן ברוס־טיקן קול, און ער קוקט אים אָן שאַרף מיט זײַנע שפּיציקע, קלײנטשינקע אײגעלעך — איר גרינער פּאַניע, איך פֿאַרשטײ אױך רוסיש. איר מײנט, אַז איר טראָגט גלעזלעך אױף די אױגן און דאָס באַכאַלטשיקל אױפֿן שטערן, קאָנט איר פֿון מיר לאַכן? יעס, איך בין פֿון קראַפּאָטקינס משפּחה, אַ ברודער זײַנער. אַלע אַנאַרכיסטן זײַנען ברידער, יעס סע־ער!...

איז אַניוטע צעטומלט, שמײכלט צעמישט און גלעט אים איבערן אַקסל און מורמלט:

— װאָס איז דער מער מיט אײַך? ער איז נישט אױסן געװען קײן בײז מיט זײַן פֿראַגע, איך פֿאַרזיכער אײַך.

און זי טוט זיך נאָכדעם אַ קער צו אונדז מיטן צעמישטן שמייכל:

— אַ רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט. אין דער אמתן אָבער איז ער זייער אַ ווילער און אַ גוטער...

און זי רעדט ווייטער:

— אַ סך ענדערן דאָ זייערע נעמען, האָט ער זיין נאָמען אויך גע־ענדערט. און, אָננעמענדיק דעם נאָמען פון גענאָסע פּיאָטר קראָפּאָטקין, האָט ער דערמיט געוואָלט בלויז אויסדריקן זיין פאַרערונג צו אונדזער גרויסן גענאָסע — רעדט זי אין אַזאַ טאָן, ווי זי וואָלט זיך ביי אונדז געבעטן רחמים: „האָט רחמנות, לאַכט נישט פון זיין נאָמען".

און זי לייגט נאָך דערביי צו:

— נישקשה, גענאָסע קראָפּאָטקין דאַרף זיך גאָרנישט שעמען פאַר־וואָס דזשעק טראָגט זיין נאָמען. די אַנאַרכיסטישע אידעאַלן פאַרשוועכט ער נישט...

און אין אַ ווײַלע אַרום — ווי איך און באַרים וואָלטן גאָר ביי איר אינעם צימער נישט געווען. זי פרעגט אפילו נישט ביי מיר, צי די גע־שוואָלענע האַנט מײַנע, וואָס זי איז פאַרבאַנדאַזשירט ביי מיר, בעסערט זיך, און צי בין איך הײַנט געווען ביי דעם נײַעם דאָקטער, צו וועמען זי האָט מיך געשיקט...

נעבן דזשעקן זיצט זי. אויף אים נאָר קוקט זי, און מיט וואָס פאַר אַ ליכטיקע אויגן!

און ער, דזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקין, הייסט עס, טוט אויך נישט אַ קוק אין אונדזער זײַט און רעדט עפּעס צו איר אויף זיין ברוסטיקן קול, אָבער איצט דווקא געלאַסן און מיט אַן ערנסטער מינע.

איך קוק זיך איבער מיט באַריסן. מיט די בליקן פרעגן מיר איינער בײַם אַנדערן: וואָס איז דאָס פאַר אַ געשיכטע?...

צום סוף אָבער דערמאָנט זיך דאָך אַניוטאַ אַז אונדז, פרעגט זיך ביי מיר נאָך אויף מײַן האַנט און אויפן נײַעם דאָקטער, וואָס ער איז אַ גענאָסע אירער, און, משמעות, ווײַל זי וויל, אַז די שטימונג זאָל ווערן צווישן אונדז אַ פרײַנטלעכע, שיקט זי אַוועק דעם ריז נאָך אַ קעסל ביר. און ווען זי בלײַבט נאָכדעם אַליין מיט מיר און באַריסן, פאַרלויבט זי דזשעקן שטאַרק פאַר אונדז.

— אַ מערקווירדיקער מענטש — רעדט זי מיט באַגײַסטערונג וועגן אים — אַ געבוירענער רעוואָלוציאָנער. אַ מענטש אָן שום בילדונג, דער־פאַר אָבער אַזוי געזונט סײַ פיזיש און סײַ גײַסטיק. אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס איז צו יעדער מינוט גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זיין אידעאַל.

איר וועט אים בעסער דערקענען, וועט איר אים אויך ליב האָבן. אָבער — איך בעט אײַך — זײַט פֿרײַנטלעכער מיט אים, ווײַל אים דאַכט זיך רק, אַז אינטעליגענטע מענטשן ווילן אים באַליידיקן...

— ג —

דזשעק פּיאַטר קראַפּאַטקין קומט אַרײַן דערנאָך מיטן קעסל ביר.

מיר טרינקען דאָס ביר. דער ריז, קענטיק, וויל זיך אַרויסווײַזן פֿאַר אונדז, הייבט ער אָן צו פֿילאָזאָפֿירן וועגן דער הײַנטיקער און דער צוקונפֿטיקער געזעלשאַפֿט.

ער רעדט גראָד איצט געלאַסן, אין אַ זיכערן טאָן, נישט געאײַלט, ציִענדיק די ווערטער, ווי ער וואָלט אַ לעקציע אונדז געלייענט איבער אַן ענין, וואָס איז אים אַליין געווען קלאָר, ווי דער טאָג און אונדז — אינגאַנצן פֿרעמד. און, בעת ער רעדט, טשעפּעט ער צו צום „וואָס" דאָס וואָרט „וועלכער"...

באָריס, וואָס זיצט נעבן מיר און הערט זיך צו צו דעם, וואָס יענער רעדט און ווי אַזוי יענער רעדט, רײַסט פֿון מיר שטיקער פֿלייש פֿאַרגנבעטערהייט.

וואָס פֿאַר אַ ווערטער, און ווי טשיקאַווע יענער בינדט די פֿראַזן! הײַנט דער זיכערער, אויטאָריטעטנער טאָן, מיט וועלכן יענער רעדט דאָס!

קענטיק געווען, אַז ער האָט די אַלע שווערע ווערטער פֿון דער „פֿרײַע אַרבייטער שטימע" און דעם „אַרבייטער פֿרײַנט" אײַנגעשלונגען און האָט זיי איצט אַרויסגעקײַקלט פֿונעם מויל, ווי שווערע שטיינער, אמת, אָבער אַזוי זיכער, אין אַ געלאַסענעם טאָן און מיט אַזאַ איבערצײַגונג.

איך טו אַ קוק אויף אַניוטאַן: זי הערט זיך צו צו אים ערנסט. ער רעדט מעשה רעדנער:

— נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן וועלן מיר אָוועקשטעלן די פּאַפּעס, וואָס־וועלכע זײַנען נישט אויסגעשטיקט געוואָרן פֿון די באָמבעטשקעס פֿון אונדזער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, — וועלן מיר זיי אָוועקשטעלן צו רייניקן די רינשטאָקס. רייניקט איר, שוואַרצע פּאַפּעס, וואָס וועלכע איר, פֿאַרדאַמטע היפּאָקריטן, האָט געהאַלטן אין פֿינצטערניש די מענטשהייט מיט אײַערע היפּאָקריטישע ליגנס! און די קאַנאַליעס, די בעסטיעס, די בלוטזויגער און אויסבײַטער, די קאַפּיטאַליסטן, וועלן אויך מוזן אַרבעטן מיט זייערע איידעלע הענטעלעך! און מיט די „פּאָליאַטיוושטשיקס", די סאָציאַל־דעמאָקראַטלעך, וואָס־וועלכע זיי זײַנען נאָך גרע־

סערע היפּאָקריטן פון די פּאַפּען און פון אַנדערע קאַנאַליעס, — מיט אַט די „פּאַליאַטיוושטשיקעס" וועלן מיר אויך דעמאָלט לערנען אַ שטיקעלע סאָציאַלע רעוואָלוציאָן! . . .

רופט זיך אָן דאָן אַניוטאַ צו אים מיט צאַרטקייט אינעם טאָן:

— ניין, דזשעק, ביי אונדז אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט וועלן מיר קיינעם נישט דריקן. יעדער איינער וועט דאָרט זיין פריי, אַפילו איינער פון אונדזערע פּריוּערדיקע שונאים...

— ניין, נישט די פּאַפּן און נישט די קאַנאַליעס! די מענטשהייט וועט ביי אונדז זיין פריי, אָבער נישט זיי! — שרייט אויס דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין מיט עקשנות אינעם קול. — איך האָב עס אַליין געהערט פון געגאָסע מאַסטן ביי אים אויף אַ פאַרזאַמלונג. איינער האָט אים דאָרטן געשטעלט די פראַגע: ווער וועט רייניקן די רינשטאָקן אין דער צוקונפטי־קער געזעלשאַפט? האָט ער געענטפערט, אַז די רינשטאָקן וועלן דאָרטן רייניקן די היינטיקע פּאַפּן און קאַנאַליעס, די היינטיקע קאַפּיטאַליסטן...

וויל אים אַניוטאַ געבן צו פאַרשטיין, אַז געגאָסע מאַסט האָט זיך דערמיט נאָר געוויצלט, איז אָבער דזשעק פאַרעקשנט.

ער טענהט:

— געגאָסע מאַסט וויצלט זיך נישט, ווען ער רעדט וועגן אַזעלכע זאַכן. ניין, נישט געגאָסע מאַסט! איר, אַניוטאַ, וואָלט זיך אויך נישט געוויצלט, ווען איר וואָלט גערעדט וועגן דעם. און איך אויך נישט!...

מיטאַמאָל רופט זיך אָן צו אים באַרים אין אַ פריינטלעכן טאָן אויף זיין גוייִשן יידיש:

— איר רעדט זייער לאָגיש און אינטערעסנאָ, געגאָסע קראַפּאָטקין. טאָ יעסט, קאַניעטשנאָ, מען קאָן מיט אייך אַ ספּאָרע טאָן וועגן אַט די אַלע וואָפּראָסן! נאָ וסיאַטאַקי אינטערעסנאָ רעדט איר. זייער אינטערעסנאָ, דאַ־אַ, ביי וואָס אַרבעט איר? — שלאָגט ער זיך איבער מיטאַמאָל.

— אַ קלאָוקס־אָפּערעיטאָר. איך אַרבעט ביי פּרוויען־מאַנטלען.

— ווען ער אַרבעט — באַמערקט מיט אַ שמייכל אַניוטאַ.

— ער האָט דען נישט קיין אַרבעט? — פרעגט ווייטער באַרים.

— אָבער אַרבעט קאָן ער קריגן. און ער איז אַ גוטער אַרבעטער אויך. ער אַרבעט אָבער נישט, סיידן ער מוז.

— וואָס הייסט?

— ווען מיין ציַיטונג דאַרף האָבן געלט — רופט זיך אָן דאָן דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין — שפּאַן איך זיך איין דעמאָלט אין דעם קאַפּיטאַליס־

טישן יאָר און איך זעץ זיך אַוועק בײַ דער קאַטערינקע! אַזוי אָבער — אַ מכּה וועל איך אַרבעטן אויף דער קאַפּיטאַליסטישער בעסטיע! ניין, מיט מײַן פּראַצע וועל איך דעם געלטזאַק פון די אויסבײַטער נישט אָנשטאָפּן! איך אַרבעט אָפּ בײַ דער קאַטערינקע עטלעכע וואָכן, שפּאָר אָפּ אַ ביסל געלט פאַר מײַן צײַטונג און אַרבעט דערנאָך די גאַנצע צײַט פאַר אונדזער באַוועגונג...

שפּעטער, ווען איך מיט באַריסן פאַרלאָזן יענעם אַוונט אַניוטאַס קוואַרטיר, פאַרבלײַבט קראַפּאָטקין בײַ אַניוטאַן.

אין דרויסן רופט זיך אָן צו מיר באַריס:

— וואָס זאָגסטו עפּעס צו דעם? טויזנט מאָל אַ גוטער גענאָסע, אַן איבערגעגעבענער אַנאַרכיסט, אָבער ער איז דאָך אַזוי רוי, אַזוי אומאַנט־וויקלט, גײַסטיק ממש אַ ווילד קינד! הײַנט ווי אַזוי קאָן די צאַרטע, אינ־טעליגענטע אַניוטאַ אים אויסשטיין, בפרט אַרויסווײַזן אים אַזאַ פרײַנט־שאַפט? סימפּאַטי?...

— וואָס סימפּאַטי?

זאָגט ער דעמאָלט עפּעס, פאַרוואָס איך ווער אויף אים אין כּעס און וואָס איך קאָן גאַרנישט גלויבן.

— דו קענסט נישט אַניוטאַן — שרײַ איך אויף אים.

— איך ווייס אָבער, אַז אַניוטאַ איז אַ פרוי — טענהט ער — און דווקא ווײַל זי איז אַזאַ צאַרטע און ער איז אַזאַ בורלאַק, איז זי אינגאַנצן באַהערשט פון אים. דו, קינד — צעלאַכט זיך באַריס — גענאָסע דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין איז איר ראָמעאָ!...

און איך וויל דאָס נישט גלויבן, איך קאָן זיך אַזוינס גאַרנישט פאָר־שטעלן: יענער און אַניוטאַ!...

און אין אַן אַוונט שפּעטער, ווען איך גיי צו אַן אַנאַרכיסטישער מאַסן־פאַרזאַמלונג, דערוויס איך זיך עפּעס וועגן אַניוטאַן, וואָס איך האָב פריִער נישט געוווּסט.

— ד —

צו יענער מאַסן־פאַרזאַמלונג — די ערשטע, אויף וועלכער איך בין אין מײַן לעבן געווען — בין איך געגאַנגען מיט רבֿקה משה־לייבס.

אין אַ זונטיק אויפדערנאַכט איז דאָס געווען, אין אַ האָל אויף דריטער און פיין סטריטס.

אין דרויסן — געדענק איך — האָט געבליאַפּעט אַ נאַסער שניי.

דער האַל איז געפּאַקט מיט ייִדישע יונגעלייט און מיידלעך, אויך ייִדן מיט בערד באַמערק איך דאָרט, וואָס זעען אויס ווי בית־מדרש־ייִדן.

איך זע אויך צווישן עולם וועלוול־איצעס ביידע טעכטער, די דיקע, רויטע מאַלי מיטן באַשפּרינקלטן פּנים, און איר שיינע שוועסטער בעלאַ.

זיי ביידע שמייכלען צו מיר און מאַכן צו מיר מיט די הענט.

מיטאַמאָל, בעת איך און רבקה זוכן פּלעצער פֿאַר אונדז צווישן עולם, דערהערן מיר פֿון אַהינטער אונדז אַ קול, וואָס רופֿט אונדז בײַם נאָמען.

מיר דרייען זיך אום — ערשט אַניוטאַ.

זי זיצט דאָרט נעבן דזשעק פּיאָטר קראַפּאַטקין און שמייכלט צו אונדז ליכטיק.

צום סוף געפֿינען מיר פּלעצער און זעצן זיך אַוועק.

דער רעדנער איז דערווײַל נישטאָ. אַ ייִדישער אַנאַרכיסט מיט אַ פּאַק צײַטונגען אונטערן אָרעם גייט אַרום צווישן עולם און שרײַט:

— קויפֿט די „פֿרײַע אַרבעטער שטימע".

רבקה קוקט זיך אַרום און מאַכט דערנאָך צו מיר:

— עס וועלן שוין הײַנט זײַן סקאַנדאַלן: סאָציאַל־דעמאָקראַטן זײַנען דאָ. און אָט איז געגאַנגען ראַטנער... דו זעסט אָט יענעם, אָט דאָרט, מיט דער געלער באָרד! אָט דער, וואָס מאַכט צו מיר מיט דער האַנט? ער איז דאָך אונדזער אַ לאַנדסמאַן, פֿון וויטעבסק, פֿון דער קליינער זײַט. אין וויטעבסק איז ער געווען אַ פֿרומער שוחט און דאָ איז ער אַ שנײַדער און איז איינער פֿון אונדזערע בעסטע גענאָסן...

מיטאַמאָל הילכט אָפּ איבערן האַל קראַפּאַטקינס געזונטער, ברוסטיקער קול:

— קויפֿט, סאָציאַל־דעמאָקראַטלעך, די „פֿרײַע אַרבעטער שטימע"! וואָס וועלכע וועט אײַך מאַכן פֿאַר אמתע רעוואָלוציאָנערן!

עמעצער ענטפֿערט אים מיט אַ שפּאָטישער באַמערקונג, וואָס רופֿט אַרויס אַנדערע שפּאָטישע באַמערקונגען און אַ געלעכטער, משמעות סײַ פֿונעם אַנאַרכיסטישן צד און סײַ פֿון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן...

אין אַ ווײַלע אַרום, ווען עס ווערט שטיל, טו איך אַ פֿרעג בײַ רבקהן:

— זאָג מיר נאָר, ווער איז אָט דער קראַפּאַטקין, און ווי קומט עס, וואָס אַניוטאַ איז מיט אים אַזוי באַפֿרײַנדעט?

— ער איז זייער אַן ערלעכער גענאָסע, אַ קאָנסעקווענטער אַנאַר־

ביסט, און פאַר אַניוטאַן וואָלט ער אין פײַער געקראָכן. דערפאַר ווײַזט זי צו אים אַרויס פרײַנטשאַפט — ענטפערט רבקה.

— איז צווישן זיי נישט מער ווי פרײַנטשאַפט?

— נישט מער. ווען עס וואָלט צווישן זיי געווען עפּעס מער ווי דאָס, וואָלט איך דערפון געוווּסט. מחמת אַניוטאַ איז נישט דער מענטש, וואָס וואָלט זיך דערמיט באַהאַלטן. דו ווייסט, אַז זי האָט שוין דאָ געהאַט אַ מאַן? — טוט רבקה אַ קוק אויף מיר.

וווּנדער איך זיך:

— אַניוטאַ האָט דאָ געהאַט אַ מאַן?

— אוודאי. זי האָט דיר גאָרנישט דערציילט וועגן דעם? באַלד ווי זי איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט זי זיך מיט אים געטראָפן. ע־ איז דאָ געגאַנגען אין קאָלעדזש, האָט געשטודירט דאָקטאָר. אַ הייסער אַנאַרכיסט געווען. ער טאַקע האָט דאָס איר אויפגעקלערט דעם אַנאַרכיזם. נאָכדעם זײַנען זיי אַוועק לעבן. פרײַע ליבע, פאַרשטייט זיך. האָבן אָפּגעלעבט אַזוי אַרום צוויי יאָר און זי איז געווען משוגע פאַרליבט אין אים. און מיטאַמאָל... ערשט דעמאָלט האָט אַניוטאַ באַוויזן, וואָס פאַר אַ קאָנסעקווענטע אַנאַרכיסטקע זי איז! — האָבן בײַ רבקהן זיך צעלויכטן די אויגן.

— דהיינו? — בין איך שטאַרק פאַראינטערעסירט.

— איר מאַן, אַז ער האָט אויסגעשטודירט דאָקטאָר, איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, און ווי אַניוטאַ האָט אים נישט ליב געהאַט, האָט זי דערנאָך מיטן פאַררעטער, דעם רענעגאַט, נישט געוואָלט מער וווינען, און זי איז אַוועק פון אים. אָט טאַקע דערפאַר איז דאָך דזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקין אַזוי איצט צוגעבונדן צו איר. פריִער, ווען איר מאַן איז געווען אַן אַנאַרכיסט, און אַן אַנאַרכיסטישער רעדנער, איז דזשעק צו יענעם געווען אַזוי צוגעבונדן. דו האָסט געדאַרפט זען, ווי אָט דער דזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקין האָט זיך דאָס גענומען צום הארצן, פאַרוואָס יענער איז געוואָרן אַ רענעגאַט, נאָך מער ווי אַניוטאַ אַליין.

און ווי איך דערפריי זיך דעמאָלט, בעת איך הער, ווי אידעאַליסטיש־שיין אַניוטאַ האָט געהאַנדלט!...

דער רעדנער קומט אַרײַן אין האָל — אַ דײַטש מיטן נאָמען קאַיזער.

צווישן עולם ווערט אַ טומל. מען פּאַטשט, מען רוקט זיך מיט די שטולן נענטער צו דער פּלאַטפאָרם.

אַ נידעריקער און מאָגערער, טונקעלער ייִדישער יונגערמאַן, מיט

דינע, שוואַרצע וואַנצעלעך — יפה איז זײַן נאָמען געווען — באַווײַזט זיך אויף דער פּלאַטפאָרם, און הינטער אים, אויסטוענדיק אין גאַנג זײַן אויבער־מאַנטל, גייט פאַרהאַוועט דער רעדנער — אַ הויכער און אַ בלאָנדער, מיט אַ לענגלעכן און בלייכן פּנים, אַן אַ באָרד און אָן וואָנצעס.

ער איז שיין געקלײַדט און זעט אויס ווי איינער, וואָס ער לעבט אין וווילטאָג און וואָס איז געוווינט צו אַזאַ לעבן. סײַ־ווי־סײַ, דער דאָזיקער דײַטש, וואָס ער איז געווען אַ פֿײַערדיקער אַנאַרכיסט פֿון דעם יאַהאַן מאָסט טיפּ, האָט גאַרנישט אויסגעזען ווי איינער, וואָס אים זאָל זיך לוינען חרוב צו מאַכן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט.

דער טונקעלער יִדישער יונגערמאַן שטעלט אים פֿאָר:

— גענאָסע קאַיזער...

קאַיזער הויבט אָן צו ריידן. בעת ער רעדט, שטייט ער נישט אויף איין אָרט, נאָר הויבט אָן צו גיין איבער דער פּלאַטפאָרם פֿון איין עק צום אַנדערן אַהין און צוריק, צוערשט פּאַמעלעך, שאַרנדיק זיך, און מיט ביידע הענט אין זײַנע הויזן־קעשענעס, נאָכדעם אַלץ האַסטיקער און האַסטיקער, ביז ער הויבט אָן צו לויפֿן, שוין מיט די הענט אַרויסגענומען פֿון די קעשענעס. לויפֿט, לויפֿט, ווי ער וואָלט זיך געיאָגט נאָך עמעצן אויף דער פּלאַטפאָרם...

און ווי ער באַוועגט זיך, אַזוי רעדט ער: לכתחילה געלאַסן, געזאָגט אַ פֿראַזע און זיך אָפּגעשטעלט, נאָכדעם האַסטיקער און וואַרעמער, און הייסער, ביז גאַנצע שטראָמען פֿון פֿײַערדיקע ווערטער הויבן אָן צו כוואַליען ממש פֿון זײַן מויל...

דער בלייכער פּנים איז דעמאָלט בײַ אים צעפֿלאַמט און זײַן קול איז ווי אין פֿײַער געטונקט.

זעלטן ווער פֿון זײַנע יִדישע צוהערער אינעם האָל פֿאַרשטייט זײַן דײַטשע שפּראַך; אָבער ווען ער פֿײַערט אַרויס די ווערטער „סאָציאַל־רעוואָלוציאָן!" פֿאַרשטייען זיי אַלע, וואָס ער מיינט, און זיי אַפּלאָדירן אים מיט באַגײַסטערונג.

אַזוי אויך ווען ער דערמאָנט די פֿרײַע צוקונפֿטיקע געזעלשאַפֿט, צי ווען ער זאָגט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיט זייער „שטים־קאַסטן" מוז מען באַקעמפֿן נאָך מער איידער דעם קאַפּיטאַליזם...

איבער צוויי שעה רעדט ער. נאָכדעם הויבן זיך אָן דעבאַטן. ער, דער דײַטש קאַיזער, פֿאַרשטייט דווקא דעם דײַטשמערישן יִדיש פֿון די דעבאַטאַנטן.

צוערשט טרעטן אַרויס ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס יעדער איינציקער פון זיי ווערט אונטערבראָכן מיט שפּאָטישע באַמערקונגען פון דעם אַנאַרכיסטישן עולם.

באַזונדערס לאָזט זיך הערן איינע פון וועלוול־איצעס טעכטער, די רויטע, דיקע מאַלי, מיט די זומער־שפּרינקלעך אויפן פּנים. כסדר שפּרינגט זי אויף פון איר אָרט און כמעט צו יעדן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעבאַטאַנטן שרײַט זי אויף אַ קוויטשענדיקן קול:

— איר רעדט, ווי אַן אידיאָט! בודלער, האַקט נישט קיין טשאַיניק!...

איר שוועסטער בעלאַ שלעפּט זי פון הינטן פאַרן אָרעם, אַז זי זאָל זיך אײַנקוועטשן, זעצט זי זיך אַוועק און באַלד — זי שטייט שוין ווידער און שרײַט צו דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן דעבאַטאַנט אויף איר קוויטש:

— איר רעדט ווי אַ פּינצטערלינג. גייט צו אײַער שטים־קעסטעלע!...

— שאַראַפּ! אָרדער!

— וואָס געוואַלדעוועט דאָרט די רויטע מויד? — הודיעט פון ער־געץ אַ באַסאָווער קול. — פאַרשטאָפּט איר די גלאָטקע מיט אַ חתן, וועט זי דעמאָלט אַזוי נישט געוואַלדעווען!...

אַ געפּילדער פון אַלע זײַטן און אַ געלעכטער.

און אומזיסט בעט זיך דער פאָרזיצער בײַם עולם נישט אונטערצו־ברעכן די דעבאַטאַנטן. געגנאַסע קאָיזער פאַרשטייט ייִדיש און ער וועט די קעגנער שוין אַליין ענטפערן — בעט ער זיך בײַם עולם.

זײַן בעטן העלפט נישט: אַזוי גיך ווי איינער דאָרט, אויף דער פּלאַטפאָרם, הויבט אָן צו קריטיקירן דעם אַנאַרכיזם, ווערט אַ טומל פון אַלע זײַטן:

— בודלער!

— שטים־קעסטעלע!

— שטים־פּי!

און מאַלים קוויטש איבערשטײַגט די אַנדערע קולות.

מיטאַמאָל אַ נײַער טומל נישט ווײַט פון דעם פּלאַץ, וווּ איך מיט רבקהן זיצן. איך קוק זיך אום: צוויי ייִדן, ביידע מיט בערד — איינער מיט אַ געלער, דער אַנדערער מיט אַ שוואַרצער — רײַסן זיך איינער צום אַנדערן מיט אויפגעהויבענע הענט און צעברענטע אויגן. און צווישן זיי איז דזשעק פּיאַטער קראַפּאַטקין מיטן פּנים צו דעם ייִדן מיט דער געלער באָרד און מיטן הינטן צום אַנדערן מיט דער שוואַרצער באָרד, שטופּט

דעם שווארץ־באָרדיקן מיט זײַן הינטן און דעם געל־באָרדיקן כאַפּט ער אָן פאַר די הענט.

אין דעם ייִדן מיט דער געלער באָרד דערקען איך מײַן וויטעבסקער לאַנדסמאַן, דעם אַמאָליקן שוחט.

רײַסנדיק זיך צום ייִדן מיט דער שווארצע באָרד, שרײַט ער:

— מען דאַרף אײַך אַלעמען פאַרשטײַנען! אײַך און די אַנדערע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן! פאַלשע נביאים זײַט איר! איבער אײַך קומט נישט די סאָציאַל־רעוואָלוציאָן, אַ בהלה אויף אײַך!...

רבקה זאָגט מיר, אַז דער ייִד מיט דער שווארצער באָרד איז אַ שרעקלעכער בודלער. צו יעדער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן, קומט ער און זידלט זיי!

צום סוף — דער ייִד מיט דער שווארצער באָרד, דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, הייסט עס, קריגט אַזאַ שטויס פון דזשעק פּיאָטר קראָפּאָט־קינס הינטן, אַז ער וואָלט זיכער געפאַלן, ווען די מענטשן הינטער אים וואָלטן אים נישט אונטערגעכאַפּט. און דעם ייִד מיט דער געלער באָרד, מײַן לאַנדסמאַן, דעם אַמאָליקן שוחט און דעם איצטיקן אַנאַרכיסט, שטופּט אויך צו קראָפּאָטקין צו אַ שטול און זעצט אים דאָרט אַוועק.

און אַזוי ווי דער עולם איז נאָך אויפגערעגט און פּילדערט נאָך אַלץ, שפּרינגט אַרויף דזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקין אויף אַ שטול און הויבט אָן צו שרײַען:

— גענאָסן, אָרדער! גענאָסן, זאָל זײַן שטיל! גענאָסן, עס איז אַ שמאַד און אַ שאַנדע, קאָנסעקווענטע אַנאַרכיסטן, וואָס־ווערלכע דאַרפן ווײַזן דער מענטשהייט, ווי צו קעמפן מיט אויפקלערונג, מיט רעוואָלוציאָ־נערע דעבאַטן קעגן די בודלערס און די פינצטערלינגע — זאָלט איר זיך אַזוי אויפפירן, ווען גענאָסע קאַיזער איז דאָ! גענאָסן, לאָמיר זיך הײַנט האַלטן אין אָרדענונג אויס רעספּעקט צו גענאָסע קאַיזער. און לאָמיר זיך נישט קריגן מיט די פינצטערלינגע, מיט די סמאָרקעס, מיט די פאַרקויפטע נשמות און בודלער. און לאָמיר זיי איגנאָרירן הײַנט. גענאָסע קאַיזער וועט שוין אַליין זיי ענטפערן, די בודלערס!

מען אַפּלאָדירט אים. ער זעצט זיך אַוועק לעבן אַניוטאַן. דער רעד־נער ענטפערט דערנאָך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. און ווידער פאַרשטייט זעלטן־ווער פון אָט דעם עולם, וואָס דער דײַטש רעדט. אָבער ווען מ׳דער־הערט ווידער די ווערטער „די סאָציאַל־רעוואָלוציאָן", אַפּלאָדירט מען

אים. און מיט נאָך מער באַגײַסטערונג אַפּלאָדירט מען אים, ווען ער הויבט אָן צו אַטאַקירן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און וואַרפט זײ אױף, אַז זײ ווילן פאַרוואַנדלען די אַרבעטער אין „שטים־פי"...

דער רעדנער גײט אַוועק. אינעם האָל שטעלן זיך אַפּ בלויז אַנאַר־כיסטן און אַנדערע, וואָס סימפּאַטיזירן מיט זײ.

## צוועלפטער קאַפּיטל

### דזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקינס סוף

— א —

די אַנאַרכיסטן און די אַנדערע, וואָס פאַרבלײַבן אינעם האָל נאָך יענער מאַסן־פאַרזאַמלונג, האַלטן אַפּ דערנאָך דאָרט אַ „געשעפט־מיטינג". דער פאַרזיצער לייענט אַ בריוו פון ניו־יאָרק, אַז אויב די פילאַדעלפיער גענאָסן וועלן גלײַך נישט אַרויסשיקן קיין געלט, וועט שוין קומענדיקע וואָך נישט זײַן מער קיין „פרײַע אַרבעטער שטימע".

און מען שלעפּט פּאָרטמאָנעס פון די קעשענעס, און מען טראָגט צום פאַרזיצער האַלבע דאָלאַרס און קוואָדערס און אַנדערע — אַפילו גאַנצע דאָלאַרס.

רבקה טראָגט אויך צו צום פאַרזיצער אַ דאָלאַר און אַניוטאַ צוויי (איין דאָלאַר פאַר מיר), און דזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקין זוכט מיט ביידע לאַפּעס ביי זיך אין די ביידע קעשענעס און שמייכלט צעמישט.

דערנאָך בויגט ער זיך צו צו אַניוטאַן און זאָגט צו איר עפּעס. זי כאַפּט אַרויס האַסטיק אַ דאָלאַר פון איר פּאָרטמאָנע און דערלאַנגט אים.

— דערווײַל אַ דאָלאַר — ציט ער אויס זײַן יד מיטן דאָלאַר צום פאַרזיצער. — מאָרגן גיי איך זיך אײַנשפּאַנען אין דעם קאַפּיטאַליסטישן יאָך פאַר אונדזער צײַטונג!...

איך באַמערק אויך, ווי מײַן לאַנדסמאַן ראַטנער, דער ייִד מיט דער געלער באָרד, דער אַמאָליקער שוחט, דער אייגענער, וואָס האָט זיך פרײַער שיר נישט צעשלאָגן מיטן סאָציאַל־דעמאָקראַט, מיטן ייִדן מיט דער שוואַרצער באָרד, ווי אַט דער לאַנדסמאַן מײַנער שטייט אין אַ ווינקעלע און ציילט זילבערנע מטבעות, וואָס ער שלעפּט זיי פון אַ פּאָרטמאָנע.

איבערגעציילט, האָט ער אין איין האַנט די מטבעות און אין דער אַנדערער — דעם פּאָרטמאָנע און ער טראַכט; קענטיק, אַז ער איז זיך וועגן עפּעס מיישב.

מיטאַמאָל שיט ער אַרײַן די מטבעות צוריק אין פּאָרטמאָנע און נעמט ווידער אַרויס פון דאָרט אַ פּאָר מטבעות און לאָזט זיך גיין צו דער פּלאַט־פאָרם, ווו דער פּאַרזיצער זיצט נאָך און נעמט צו דאָס געלט.

דער געלער לאַנדסמאַן מײַנער לייגט אַוועק די פּאָר מטבעות פאַר דעם פּאַרזיצער אויפן טישל און לאַכט.

— איכ'ל מסתמא כאַפּן אַ פינצטערע מפּלה פון מײַן אשה — לאַכט ער. — דאָס גיב איך אויך פון איר געלט, וואָס זי האָט געלײַען בײַ אַ לאַנדס־פרוי אויף רענט. שוין איבער צוויי חדשים ווי איך דריי זיך אַרום אָן אַרבעט. פאַר יענעם חודש נאָך קיין רענט נישט געצאָלט — לאַכט ער. — וועט מײַן אשה, מסתמא, מיר די ציין אויסרײַסן. נאָר מילא...

צום ערשטן מאָל זע איך דעמאָלט, ווי ייִדישע אַרבעטער גיבן געלט פאַר זייער צײַטונג.

אין יענער צײַט איז דער ייִדישער אַרבעטער נישט אימשטאַנד געווען צו שטיצן זײַן צײַטונג מיט פינפערלעך און צענערלעך, ווי דער הײַנטי־קער. ביי יענע אַרבעטער, וואָס ס'רוב פון זיי האָט פאַרדינט זעקס־זיבן דאָלאַר אַ וואָך, איז אַ האַלבער דאָלאַר, און אַפילו אַ קוואָדער, געווען אַ היפּשע מטבע. און בײַ אַנדערע האָט דאָס געמיינט ממש אָפּצורײַסן בײַם ווײַב און קינדער פונעם ברויט...

— ב —

פונעם האָל גייען מיר דערנאָך אַרויס זאַלבעפערט: רבקה און איך, און אַניוטאַ און דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין.

די גאַס איז ווײַס פון דעם אַנגעפאַלענעם שניי. רופט זיך אָן אַניוטאַ, אַז מיר זאָלן שפּאַצירן אַהיים צופוס. רבקה וויל נישט שפּאַצירן, זאָגט זי אונדז „גוט נאַכט" און גייט צום טראַמוויי. נאָכדעם רופט זיך אָן דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין צו אַניוטאַן, אַז ער וועט אויך גיין אַהיים.

— איך דאַרף מאָרגן פרי אויפשטיין. איך מוז זוכן אַרבעט.

זאָגט „גוט נאַכט" און אַנטלויפט.

אַניוטאַ טוט האַרציק אַ לאַך.

— אַט אַזוי איז ער — מאַכט זי צו מיר. — דערהערט, אַז אונדזער צײַטונג איז אין נויט, וועט ער שוין איצט אַרבעטן.

און זי זאגט עס מיט אזא ווארעמקייט, אז נישט ווילנדיק פאלט מיר איין:

אפשר איז באריס פארט גערעכט?

מיר גייען ווייטער איבערן פארשנייטן טראטואר. און אזוי ווי דאס איז אין א זונטיק גאנץ שפעט ביינאכט, איז ארום שטיל.

מארקעט סטריט, וואס מיר שניידן איצט דורך, איז כמעט ליידיק. זעלטן־ווען גייט דארט דורך א פארבייגייער. זעלטן־ווען לויפט דארט דורך א קאר מיט א קלינגעריי.

דער געדאנק וועגן אניוטאן און יענעם לאזט מיך נישט רוען. בשום אופן קאן זיך מיר נישט לייגן אויפן שכל, אז אזא מענטש ווי דזשעק פיאטר קראפאטקין זאל זיין אניוטאס ראמעא, ווי באריס האט זיך אויסגעדריקט.

פונדעסטוועגן, כאטש איך און אניוטא פילן זיך אזוי נאענט איינער צום אנדערן, דערוועג איך זיך נישט איצט צו ריידן אפן מיט איר וועגן דעם. דער דאזיקער ענין איז א צו דעליקאטער...

גיי איך און טראכט נאר וועגן דעם און שוויינ.

און פלוצים אניוטא אליין הויבט אן ווידער צו ריידן וועגן אים.

— א מאדנער מענטש, אט דער דזשעק — זאגט זי מיט איר ליכטיקן שמייכל. — נישט אמת, אז מען טוט א קוק אויף אים, קאן מען זיך נישט פארשטעלן, אז ער איז אזא אידעאלער מענטש?

רייסט זיך ביי מיר ארויס קעגן מיין ווילן:

— איך וווּנדער זיך אויף דיר, אניוטא, ווי אזוי דו קענסט אים גאר אויסשטיין!

קוקט זי מיך אן פארוווּנדערט און פרעגט:

— פארוואס?

— ווייל ווען ער רעדט, ווייזט זיך מיר אויס, אז קיין גרעסערע קאריקאטור פון אים איז גאר נישטא — זאג איך.

צעלאכט זי זיך:

— יא? דיר געפעלט נישט, ווי אזוי ער רעדט, נישט אינטעליגענט גענוג? ער רעדט די ווערטער ארוים פארדרייט? וואס איז דער אונטערשייד, קינד, ווי אזוי ער רעדט, אבי אין זיינע ווערטער איז פאראן די ריכטיקע יאדרע! ווערטער אליין, מעגן זיי זיין די שענסטע, נאר אויב זיי זאגן גארנישט און מיינען גארנישט, זיינען זיי נישט מער ווי פוסטע שאלעכץ. ביי מיר, ווי ביי יעדן אמתן רעוואלוציאנער, איז די יאדרע, וואס געפינט זיך אין די ווערטער־שאלעכץ, דער עיקר...

זאָג איך איר, אַז פון דעם מערקווירדיק־זיכערן און אויטאָריטעטנעם טאָן, מיט וועלכן ער האָט גערעדט נעכטן בײַ איר אויף דער קוואַרטיר איבער פּאָציאַלע פראַגן, קאָן מען זיך משער זײַן, אַז ער אַליין איז דווקא פעסט בײַ זיך, אַז אין זײַנע ווערטער איז פאַראַן גאָר אַ גוואַלדיקע יאָדרע; איך וווּנדער זיך אָבער, ווי אַזוי זי, אַניוטאַ, האָט מיט אַזאַ ערנסטער אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו אים.

צעלאַכט זי זיך ווידער.

— ער רעדט אין אַזאַ טאָן דעמאָלט נאָר, ווען ער טרעפט בײַ מיר עמעצן פון די אינטעליגענטן. ווען ער איז אָבער מיט מיר אַליין, רעדט ער אַ סך פּשוטער. ער אַליין רעדט דעמאָלט איבערהויפּט ווייניק און הערט זיך צו מער צו דעם, וואָס איך רייד. דאָס, וואָס ער רעדט מיט אַזאַ אויטאָריטעטנעם טאָן, בעת ער טרעפט בײַ מיר אַן אינטעליגענט, קומט דערפון, וואָס ער פאַרדעכטיקט דעם אינטעליגענט, אַז ער קוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ. ווײַל ער דערפאַר ווײַזן, אַז ער אַליין ווייסט אויך עפּעס. און ווײַל ער וויל זיך אַרויסווײַזן, כאַפּט ער אָפּט אַ נישט־ריכטיקן טאָן און איז פאַר דעם זײַטיקן מענטשן, וואָס קען אים נישט, אָפּט אַ ביסעלע קאָמיש. איך אָבער קען אים און פאַרשטיי אים, רעספּעקטיר אים און איך האָב אויף אים רחמנות אויך.

— רחמנות?

— יאָ — זאָגט זי — רחמנות, ווײַל, צו מײַן באַדויערן, איז ער נאָך נישט גלײַכגילטיק צו מיר אויך. און, מחמת דעם פאַרלירט ער זיך אויך אָפּט, ווען ער טרעפט בײַ מיר אַן אינטעליגענט. ווײַל ער האָט אַלץ מורא, אַז איך זאָל זיך אין עמעצן פון די אינטעליגענטן, חלילה, נישט פאַרליבן. דערפאַר איז ער איצט אַזוי אומרויִק זינט דו מיט דײַנע חברים קומען אַרײַן צו מיר. און דערפאַר איז ער נעכטן באַפאַלן באַריסן. ער האָט שטאַרק מורא פאַר באַריסעס טשופּרינע און פאַר זײַנע פּענסנע — לאַכט אַניוטאַ.

ווערט מיר איצט קלאָרער די גאַנצע געשיכטע, און איך רוף זיך אָן:

— אפשר איז ער אין דיר פאַרליבט, ווײַל דו ביסט צו אים אַזוי אויפמערקזאַם?

— ניין, ער ווייסט מײַן באַציִונג צו אים. ער קאָן זיך אָבער נישט העלפן, נעבעך.

— דו ווייסט, אַניוטאַ, איך און באַריס האָבן דיך חושד געווען, אַז דו ביסט פאַרליבט אין אים...

— פארליבט? — טוט זי פלוצים שפאטיש א שמייכל. — הלוואי וואלט איך דאס געקאנט!

— פארליבן זיך אין אט דעם? — דאס וואלט דאך געווען אזוי ווילד!...

— פארוואס? דו מיינסט, ווייל ער איז נישט קיין טיטולירטער אינטעליגענט? נארישקייטן. איך וואלט זיך דערמיט גארנישט גערעכנט. איך קאן זיך נישט פארליבן אין אים, ווייל איך קאן זיך איבערהויפט נישט פארליבן אין קיינעם — רעדט אניוטא פארטראכט. און פלוצים שלאגט זי זיך איבער מיט א מאך מיט דער האנט — זאלן מיר בעסער נישט ריידן מער דערפון!

גייען מיר ווייטער און שווייגן. איך באמערק, אז אניוטא איז איצט אומעטיק און צעטראגן.

אין א ווײַלע ארום רופט זי זיך ווידער אן:

— קום איצט ארויף צו מיר. מיר וועלן טרינקען טיי. איך וויל דיר עפעס דערציילן. איכ'ל סײַ־ווי־סײַ נישט קאנען די נאכט שלאפן...

— ג —

שפעטער זיץ איך מיט איר בײַ איר אינעם צימער און בײַ א גלאז טיי דערציילט זי מיר וועגן איר מאן.

מיט ווייטיק און בענקעניש און א שיעור דערציילט זי וועגן אים.

זי האט אים נאך איצט אויך משוגע ליב און ער — זי אויך. ער איז איצט אין ניו־יארק און שרײַבט בריוו צו איר פון דארט, פול מיט בענקשאפט נאך איר.

זי לייענט מיר פאר איינעם פון זײַנע לעצטע בריוו, וואס זי האט פון אים באקומען מיט א פאר וואכן צוריק. אין דעם דאזיקן בריוו, וואס ער איז אין א גוטן רוסיש געשריבן, בעט ער זיך בײַ איר, אז זי זאל קומען קיין ניו־יארק און אנהויבן מיט אים דאס לעבן אויף דאס נײַ. זאל זי זײַן טאלעראנט צו זײַנע איבערצײַגונגען, ער וועט זײַן טאלעראנט צו אירע — שרײַבט ער אין אט דעם בריוו.

רוף איך זיך אן:

— אניוטא, דו האסט דאך אים אזוי ליב, אפשר טאקע?...

צעלאכט זי זיך ביטער:

— ניין, ליאווא — זי האט מיך גערופן מיטן נאמען ווי אין דער היים. — דאס ווײַזט נאר — לאכט זי ביטער — ווי ווײַט דו ביסט פון

דעוואָלוציאָנערע אידעאַלן בכלל. דאָס וואָרט „טאָלעראַנט" קלינגט זייער שיין, אמת; אָבער קאָן מען פאָדערן פון אַ רעוואָלוציאָנער, אַז ער זאָל זײַן טאָלעראַנט צום רוסישן צאַריזם, אָדער צום קאַפּיטאַליזם? אַזוי קאָן מען פאָדערן פון אַ קאָנסעקווענטן אַנאַרכיסט, אַז ער זאָל זיין טאָלעראַנט צו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. ביי אונדז אין די אויגן איז דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם נאָך געפערלעכער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איידער דער קאַפּיטאַליזם. ניין, ליאָווא, דאָס ווײַב פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט וועל איך קיינמאָל נישט זײַן, בפרט דאָס ווײַב פון אַ פאַררעטער, פון אַ רענעגאַט! גאָט מײַנער — פליסטערט זי און אירע בלויע אויגן פאַר־לויפן מיט טרערן — ווי איך האָס זיך, פאַרוואָס איך קאָן אים נישט פאַרגעסן!...

און איך טראַכט דעמאָלט אַ באַגײַסטערטער פון איר:

„וואָס פאַר אַן אידעאַלע שיינקייט! דו ליבע, דו ליכטיקע אַניוטאַ!"

(שפּעטער, אין מײַן ליטעראַרישער און דראַמאַטורגישער קאַריערע, האָט דער אײַנדרוק פון אָט דער אַניוטאַן מיר געגעבן דעם געדאַנק צו שרײַבן מײַן דראַמע „סאָניאַ פון איסט בראָדוועי", וואָס זי איז געשפּילט געוואָרן אין 1900 פון יאַקאָב אַדלער און מאַדאַם אַדלער אונטערן נאָמען „נאַטור, מענטש און חיה". אויך איז מײַן דראַמע „שטורם־פויגל", וואָס איז געשפּילט געוואָרן פון מאַדאַם קעני ליפּצין און מאָריס מאָשקאָוויטש אין 1906 אונטער דעם נאָמען „די שפּין", אַרויסגערופן געוואָרן בײַ מיר פון אָט דעם אײַנדרוק וועגן אַניוטאַן. און אויך אין דערציילונגען מײַנע האָב איך אַרויסגעפירט אַזעלכע פרויען, וואָס זיי האָבן געשטעלט דעם גלויבן אין זייער אידעאַל איבער דער ליבע זייערער צום מאַן, טאַקע אַ דאַנק דעם אײַנדרוק, וואָס איז אין מײַן האַרצן פאַרבליבן פון יענער ליכטיקער אַניוטאַן).

***

גייט אַוועק אַ שטיקל צײַט, איך קום ווידער צו אַניוטאַן מיט באָריסן און ווידער אין אַ שבת־צונאַכטס.

אַניוטאַ לויפט מיר אַנטקעגן מיט איר ליכטיקן שמייכל און זאָגט מיר אַז די בשורה, אַז זי האָט געזען מײַן דאָקטער, גענאָסע ב., און ער האָט איר אָפּגעגעבן אַ גוטן ראַפּאָרט וועגן מײַן האַנט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועל איך שוין קאָנען עפּעס טאָן. מען וועט מיך אויסלערנען די מלאכה פון מאַכן סיגאַרן. זי האָט זיך שוין געזען מיט אײנעם, וואָס ער וועט מיך אויסלערנען אָט די מלאכה.

איז דאָס פאַר מיר באמת אַ פרייל֗עכע בשורה. מחמת איך האָב שוין באַלד נישט קיין פאַר סענט אויף צו קויפן פּאַפּיראָסן...

באָריס, אַז ער דערהערט דאָס, צעקושט ער זיך פאַר שמחה מיט אַניוטאַן.

ער דונערט אויף זיין טיפן באַסאָוון קול אין אַ געהויבענער שפּראַך און אין אַ פייערלעכן טאָן:

— גאָלובושקאַ־אַניוטאַ, איר ווונדערלעך ווען, וואָס די מאַמע־נאַטור האָט אייך אויסגעוועבט פון ריינסטן ליכט און נשמהדיקייט, פאַרנעמט מיין בקשה: זעט, אַז מען זאָל מיך אויך וואָס־גיכער אַריינגעמען אין דעם טעמפּל פון אַרבעט, אַנישט האָב איך מורא, וועל איך נאָך מוזן מאַכן אַן אַטענטאַט אויף אייער פאַרמעגן; וואָרום מיינע אייגענע אוצרות פון דעם נישט־ווירדיקן מעטאַל זיינען שוין ביי מיר באַלד אינגאַנצן אויס־געלייקט געוואָרן. מוט עס, גאָלובושקאַ, און דערפאַר וועל איך אייך פאַראייביקן אין דעם שענסטן ליד, צו וועלכן איר, ווונדערלעכע, באַ־גייסטערט מיך פון לאַנג אָן.

פאַרזיכערט אים אַניוטאַ, אַז דער מאַן, וואָס וועט מיך לערנען די מלאכה פון מאַכן סיגאַרן, וועט אים, באָריסן, אויך די אייגענע מלאכה לערנען. זי וועט שוין זען, אַז יענער מאַן, וואָס איז אַ גוטער גענאָסע, זאָל אים אויך אויסלערנען די מלאכה.

באַדאַנקט באָריס ווידער אַניוטאַן, און טאַקע ווידער מיט קושן (אין דעם פּרט פון קושן שיינע מיידלעך איז ער גאָר־גאָר געווען אַ גרוי־סער פּאַעט).

און אַניוטאַ אַליין נעמט צו די דאָזיקע קושן אויף אַ חברשן אופן. זי מאַכט נישט דערפון קיין שום ווען. און אפשר האָט זי דערפון הנאה אויך, מחמת זי לאַכט אַזוי פרייל֗עך, בשעת ער האַלט זי אַרומגענומען און קושט.

און, מעשה שטן, קומט אַריין מיטאַמאָל אין איר צימער דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין. ער זעט ווי באָריס קושט אַניוטאַן. בלייבט ער שטיין אין זיין גאַנצן ריזיקן וווּקס אין מיטן צימער, קוקט און קוקט אויף זיי מיט זיינע קליינטשינקע, שפּיציקע אויגן און ווערט רויט ווי פייער.

דערנאָך הייבט ער אָן עפּעס צו זוכן מיט זיינע ביידע הענט אין די קעשענעס און קוקט אַרום זיך און אונטער זיינע פיס, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט, וואָס ער האָט פאַרלאָרן.

דערווייל האָט אַניוטאַ זיך אַרויסגעריסן ביי באָריסן פון די אָרעמס און זי שרייט אויס פרייל֗עך:

— העלאָ, דזשעק!

ענטפערט ער איר אונטער דער נאָז:

— פאַרלאָרן מיין ציַיטונג!

און טאַפּט זיך ווידער מיט ביידע הענט די הינטערשטע הויזן־קעשענעס.

באָריס, וואָס ער איז איצט באַזונדערס גוט אויפגעלייגט, באַגריסט אים אויף אַ באַזונדערן אופן, כמעט פייערלעך, אויף רוסיש דווקא:

— דאָברי־וויעטשער, גלובאָקאָ פּאָטשטענני טאָוואַרישט קראַפּאָטקין! (גוטן אוונט, טיף־געשעצטער חבר קראַפּאָטקין!)

טוט דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין אַ קוק אויף אים מיט אַ שטעכיק־שפּאָטישן שמייכל און בורטשעט אַרויס:

— גרויסער פּלעזשור, „דראַסצע"...

און דאָס וואָרט „דראַסצע" בורטשעט ער אַרויס ווי „טראַסצע", און שמייכלט.

מאַכט צו אים באָרים מיט אַ שפּאַסיקן טאָן:

— פאַרוואָס האָט איר מיך נישט ליב, חבר קראַפּאָטקין?

יענער ענטפערט נישט. זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל און בלייבט אַזוי זיצן, ממש אַ פינצטערע כמאַרע, וואָרפט פון זיך שוואַרצע, בייזע שאָטנס.

אפילו ווען אַניוטאַ רעדט צו אים, שווייגט ער. מיט אַמאָל עפּעס ער זיך איין אין איר פּנים מיט בייזע, שטעכיקע אויגן און אויפן שטערן און איבערן פּנים ביי אים שלאָגט אַרויס אַ שווייס. עס איז קאַנטיק, אַז ער האָרעוועט שווער, כדי נישט אַרויסצושיסן איינגאַנצן זיין כעס.

און פּלוצים דערהערן מיר זיין צערייצטן קול:

— אייער כאַכאַלטשיקל מיט די גלעזלעך אויף די אויגן איז אַ גאַנץ פּאַרדאַמטער היפּאָקריט. ער פּאַרפּאַסקודיעט דעם אַנאַרכיזם מיט זיין חזירשן היפּאָקריטישן מויל. דערפאַר זאָל ער ניט רופן מיך „געגאַסע". און אַז איר רופט אים „געגאַסע", זענט איר אויך אַ היפּאָקריטקע. יאָ, אַ גאַנץ פּאַרדאַמטע היפּאָקריטקע. איך האָב אייך גאָר נישט געקענט!

און ער טוט זיך אַ ריס פון זיין אָרט, כאַפּט זיין הוט און לאָזט זיך גיין מיט שווערע טריט צו דער טיר, שטעלט זיך אָפּ מיט אַמאָל און הויבט אָן צו זוכן אין זיינע ביידע קעשענעס און דערנאָך דרייט ער זיך אוים ווידער מיט אַן אויפגערעגטן פּנים צו אַניוטאַן און מאַכט צו איר:

— אײַך קומט פון מיר עטלעכע דאָלאַר, וועל איך זיי אײַך צושיקן מיט אַ גענאַסע.

און ער אַנטלויפט.

אַניוטאַ לויפט אים נאָך און רופט אים. נאָכדעם קומט זי אַרײַן מיט אַ שמייכל.

— אַנטלאָפן. נישט געוואָלט זיך אפילו אומקוקן אויף מיר. און שולדיק זענט איר, באַרים.

— מײַן כאַכאַלטשיק און מײַנע גלעזלעך, — לאַכט ער...

— אײַערע קושן, — שמייכל אַניוטאַ, — ער איז מוראַדיק איי־פערזיכטיק צו מיר.

און זי רעדט ווײַטער:

— איך וועל אײַך זאָגן דעם אמת: ווען איך ווייס, אַז דאָס וועט מאַכן אַ סוף צו זײַן ליבע, וואָלט איך צופרידן געווען. ווײַל איך האָב אויף אים רחמנות. וואָס טו איך מיט אים?

— שיקט אים צו אַל־די רוחות, — רופט זיך אָן באַרים מיט היץ, — הונדערט מאָל אַז אַנאַרכיסט, ער דאַרף דאָך אָבער וויסן זײַן אָרט.

צעהיצט זיך אַניוטאַ אויך:

ניט ריידן! וואָס איז, ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו באַ־
ריידן! וואָס איז, ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו באַ־
קומען בילדונג?

— און ווי וועט איר אָנרופן זײַן איבערערזוכט צו אײַך? און, בכלל, ווי פּאַרט זיך דאָס אַנאַרכיזם און פרײַהייט מיט איבערזוכט צו אַ פרוי? — גוואַלדעוועט באַרים אויף זײַן באַסאָוון קול.

איז אַניוטאַ מיט אים מסכים, אַז איבערזוכט איז טאַקע די גרעסטע סתירה צום פרײַען געפיל; ווייסט דאָס טאַקע דזשעק קראַפּאָטקין און ער ראַנגלט זיך מיט אַלע זײַנע כוחות קעגן אָט דער איבערזוכט, איי־וואָס, וואָס, אַמאָל רײַסט זיך בײַ אים דורך אַ נאַריש וואָרט, איז דאָס דערפֿאַר, ווײַל ער איז אַ מענטש מיט אַ פּרימיטיווער נאַטור און מיט אַ היציקן טעמפּעראַמענט.

ווען מיר פאַרלאָזן דערנאָך אַניוטאַן, איז דער זייגער אַרום צוויי פאַרטאָג.

— ד —

און אין אַ פּאָר װאָכן שפּעטער, װען איך אַלײן קום צו אַנױר־טאָן, זאָגט זי מיר אַז אַ שלעכטע בשורה: דער גענאַסע, װאָס האָט געזאָלט מיך אױסלערנען די מלאָכה פֿון מאַכן סיגאַרן, האָט פֿאַרקױפֿט זײַן סיגאַר־שאָפּקע און גײט אַלײן אַװעק אַרבעטן דערפֿאַר מוז איך איך זיך לערנען עפּעס אַן אַנדער מלאָכה, ניט בײַ דער מאַשין, מחמת צו דעם טױג איך נישט.

װערט מיר פֿינצטער און ביטער, אַז איך דערהער עס. מײַן גאַנץ פֿאַרמעגן איז איצט װייניקער פֿון אַ דאָלאַר, און װעלװל־איצען דאַרף איך אױך באַלד באַצאָלן — דרײַ דאָלאַר פֿאַר „לאָזשי". בלײַבן שול־דיק, אָדער לײַדן — די ערגסטע זאַך בײַ מיר!

אַניוטאַ באַמערקט דעם אײַנדרוק, װאָס איר בשורה האָט אױף מיר געמאַכט, און זי טרײסט מיך, אַז איך זאָל נאָר ניט זאָרגן. איך װעל ניט פֿאַרלאָרן גײן.

און דאָ טוט זי גאָר אַ קוק אױף מײַנע שיך און מאַכט צו מיר פּלוצים:

— קום, מיר װעלן כאַפּן אַ שפּאַציר.

— איצט?

— יאָ, עס איז ניט שפּעט. איך דאַרף גײן אױף סאַוט סטריט עפּעס קױפֿן. קום, דו װעסט בײַ מיר זײַן דער מבֿין.

אױף סאַוט סטריט גײט זי מיט מיר אַרײַן אין אַ שוכװאַרג־געשעפֿט און דאָרט הײסט זי מיר אױסטאָן אַ שוך. און אַז איך לאָז זיך בעטן, בײזערט זי זיך אָן אױף מיר.

— אין אַזעלכע צעקרימטע שיך װעל איך דיך ניט לאָזן אַרומ־גײן. דײַן שװעסטער בערטאַ װאָלט דאָס מיר קײנמאָל ניט מוחל געװען!

און שפּעטער, אַז זי האָט באַצאָלט אַ דאָלאַר און אַ קװאָדער פֿאַר מײַנע נײַע שיך (דאָס איז געװען דער געװײנלעכער פּרײַז פֿאַר נײַע שיך אין יענער צײַט), האָבן איך געמוזט נאָך בײַ איר נעמען עטלעכע דאָלאַר מזומנים.

און אַז זי האָט געזען, װי מיר איז שװער דאָס צו נעמען בײַ איר, זױ פֿאַרשעמט איך בין דערפֿון און װי דער פּנים פֿלאַמט בײַ מיר, האָט זי װידער זיך אָנגעבײזערט אױף מיר:

— רעװאָלוציאָנערן העלפֿן אײנע די אַנדערע! און אַ חוץ דעם

וועסטו מיר באַצאָלן, ווען דו וועסט האָבן! און דו ביזט בערטאַס ברו־דער ליאָווא, דער נאָענטסטער מײַנער אין אַמעריקע! און הער אויף צו קוקן ווי אַ מיאַמלע, פּע!...

איך האָב אָבער בײַ זיך פעסט אָפּגעמאַכט צו אַרבעטן וואָס פאַר אַן אַרבעט עס זאָל זיך ניט מאַכן, כדי צו באַצאָלן איר דעם חוב.

*
**

אויף מאָרגן אַזייגער פיר פאַרנאַכט זיץ איך בײַ מיר אינעם צימער און לייען. מיט אַמאָל אַניוטאַ קומט אַרײַן.

און זי זעט אויס בלייך און שטאַרק צערודערט.

— קום, איך דאַרף דיך האָבן, — רעדט זי נערוועז.

אויף דער גאַס דערלאַנגט זי מיר מיט אַ נערוועזער האַנט אַן אויפגעריסענעם קאָנווערט.

נעם איך פון דאָרט אַרויס אַ יִדישן בריוול, געשריבן מיט אַ שלעכ־טער האַנטשריפט. איך לייען איבער דעם אונטערשריפט: „דזשעק".

טאַקע פון דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין אַליין.

אין אָט דעם בריוול, וואָס איך האָב אים דורכגעקראָכן מיט מאַ־טערניש, לאָזט דזשעק וויסן אַניוטאַן, אַז ער האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו זײַן לעבן. אמת, ער ווייסט, אַז זי וועט זיך שעמען פאַר זײַן טאַט און אַז אַ קאָנסעקווענטער אַנאַרכיסט האָט געדאַרפט שטאַרבן אין קאַמף קעגן דער פאַרדאַמטער דרײַ־אייניקייט: קעגן שטאַט, קירך און קאַפּיטאַל, הייסט עס; אָבער צו זײַן שאַנד און שמאַד, פילט ער, אַז ער איז אַ פאַררעטער צום אַנאַרכיזם, און דאָס פּײַניקט אים אַזוי, אַז ער קאָן נישט לעבן מער. אַ פאַררעטער צום אַנאַרכיזם איז ער דער־פאַר, ווײַל ער איז אַזוי שענדלעך אייפערזיכטיק צו איר, כאָטש ער פאַרשטייט, אַז זי, אַניוטאַ, קאָן נישט ליב האָבן אַזאַ מענטשן ווי ער און אַנטלויפן פון איר קאָן ער אויך ניט און זעען זיך מיט איר איז פאַר אים אַ פּײַניקונג. דערפאַר האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו אָט דער נאַט־פאַרדאַמטער אייפערזוכט, וואָס איז אַ פאַרדאַמטע שקלאַפערײַ, און צו זײַן גאַנצן לעבן...

אַזוי ווי אָט דער בריוו זײַנער וואָלט אַן ענטפער געווען אויף דעם שמועס וועגן זײַן אייפערזוכט צווישן אַניוטאַן און באָריסן בײַ איר אינעם צימער.

מיר פאָרן צו אים אויף דער קוואַרטיר.

מיר קומען אויף קעטרין סטריט. אַרום און אַלץ, חושכדיק הויז אין אַ געזעמל פון ייִדן און יאַדענעס.

אַניוטאַ מורמלט:

— אָט דאָרט, וווּ דאָס רעדל מיט מענטשן שטייט...

דורך אַ פינצטערן, פּיצכטן קאָרידאָר גייען מיר אַרײַן אין אַ טיר אויפן סאַמע אונטערשטן שטאָק. עס שמעקט עפּעס מיט גאַז.

אינעם ערשטן צימער טרעפן מיר עטלעכע ווײַבער, משמעות, שכנות, וואָס סודען זיך.

מיר בלײַבן שטיין פאַר דער טיר. קיינער גייט נישט צו צו אונדז. קיינער פרעגט בײַ אונדז ניט, וואָס און וועמען מיר דאַרפן.

נאָר אָט באַווײַזט זיך פון אַ זײַטיקן צימער דער מיט־קוואַרטיראַנט פון דזשעקן, וואָס ער איז אויך אַניוטאַס אַ געגאָסע — אַ בלייכער, מאַגערער יונגערמאַן אין ברילן.

— אײַנגענומען גאַז, געגאָסע, — מאַכט ער מיט אַ צעדולטער מינע צו אַניוטאַן.

און ער דערציילט, ווי אַזוי די לעצטע עטלעכע וואָכן איז דזשעק געווען עפּעס שטאַרק צערודערט און קיין אַרט זיך ניט געפונען. נעכטן בײַנאַכט דאָס אייגענע. פרעגט ער בײַ דזשעקן, וואָס איז מיט אים, ענטפערט ער ניט קיין וואָרט, שווײַגט און קוקט, ווי אַ צעדולטער. הײַנט אין דער פרי וועקט אים אויף אַ גוואַלד. ער עפנט די אויגן — גאַז צו דערשטיקט ווערן! ער לויפט אַרײַן אין קיך, פון וואַנען דער גוואַלד טראָגט זיך און דער גאַז־גערוך, ערשט ער טרעפט דאָרט דעם באַלעבאָס אַרום דזשעקן. ער זיצט דאָרט אין גאַנצן אַן אַנגעטאָענער אויף אַ שטול מיט אַ גאַז־רערל אינעם מויל...

דער יונגערמאַן פירט אונדז דערנאָך אַרײַן אין אַ קליינעם צימער, דערציילנדיק ווײַטער, אַז פּאָליציי איז שוין אויך דאָ געווען...

אינעם צימער אויפן בעט ליגט דער ריז דזשעק פּיאָטר קראַפּאָטקין, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך.

ער דעקט אָפּ דזשעקס פּנים — געל, ווי פון וואַקס, מיט צוגע־מאַכטע אויגן.

אַניוטאַ בלײַבט שטיין, ווי אַ צעשראָקן קינד. מיט אַמאָל טוט זי זיך אײַנגאַנצן אַ צאַפּל, צעכליפּעט זיך פאַרשטיקט און לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ.

איך נעם זי אַן פאַר אַן אָרעם און פיר זי אַרויס פונעם צימער.

דער יונגערמאַן באַגלייט אונדז.

— די לויה וועט זײַן מאָרגן — לאָזט ער אונדז וויסן. — דזשעק האָט דאָ צוויי ברידער,ביידע פֿרומע, וועלן זיי מאַכן די לויה. ער מיט אַ פּאָר אַנדערע גענאָסן האָבן געוואָלט מאַכן די לויה, סטראַשען אָבער די צוויי ברידער, אַז זיי וועלן די געגאָסן די קעפּ צעשפּאָלטן, אויב זיי וועלן זיך אַפֿילו באַווײַזן בײַ דזשעקס לויה...

— אײַ, אײַ — זיפֿצט דער יונגערמאַן — געווען אַזאַ קאָנסעקווענטער אַנאַרכיסט, און צום סוף — געשטאָרבן אַזוי נאַריש, און אַ לויה אַפֿילו מיט אַ קדיש...

קומענדיק צוריק אויף איר קוואַרטיר, איז אַניוטאַ געווען אויסער זיך. זי האָט געטענהט:

— פֿאַרוואָס האָט ער מיך אַזוי ליב געהאַט? בין איך דען ווערט דאָס לעבן פֿון אַזאַ מענטשן, וואָס פֿאַרמאָגט אַזוי פֿיל ליבע!...

דעם דאָזיקן דזשעק קראַפּאַטקין האָב איך, אַגב, אין אַ פּאָר יאָר אַרום טײלווײַז געשילדערט אין איינער פֿון מײַנע ערשטע דערציילונגען: פֿונעם ייִדישן אַרבעטער-לעבן אין אַמעריקע, וואָס זי איז געדרוקט געווען אין אַ זונטיקדיקן „אָבענדבלאַט" אונטערן נאָמען „באָקונין".

## דרייצנטער קאַפּיטל

### אין „סוועט־שאָפּ"

— א —

אַז עס איז געוואָרן אויס מיט דעם לערנען די מלאכה פון מאַכי־סיגאַרן, האָט באַריס געמוזט ־דעמאָלט זוכן אַן אַנדער מלאכה, און ער איז אַוועק אין שוויץ־שאַפּ, וווּ סיאַמאַ מיט זיין פעטער אברהם־בער האָבן געאַרבעט. און ער האָט דאָרט אָפּגעמאַכט צו לערנען זיך די מלאכה מיטן פּרעסאייזן, דאָס הייסט די מלאכה וואָס סיאַמאַ האָט געטאָן.

פאַר לערנען די דאָזיקע מלאכה האָט ער געדאַרפט אַרבעטן אין דעם שוויץ־שאָפּ צוויי וואָכן אומזיסט. און דערביי האָט ער דווקא געכאַפּט אַ מציאה.

מחמת, געוויינלעך, פאַר לערנען די מלאכה אין די שוויץ־שעפּער האָבן גרינע אין יענער צייט, אחוץ וואָס זיי האָבן געמוזט אַרבעטן אַ פּאָר וואָכן אומזיסט, נאָך געדאַרפט צוצאָלן מזומן געלט אויך דעם באַלעבאָס פונעם שוויץ־שאָפּ פון פופצן ביז פינף און צוואַנציק דאָלאַר אַמאָל.

די דאָזיקע מציאה האָט באַריס געכאַפּט אַ דאַנק דער בלאָנדער, דיקער ווייב פונעם באַלעבאָס, וואָס זי האָט געהאַט אַ גרעסערע דעה אינעם שאָפּ איידער איר מאַן.

קלאָר געדענק איך נאָך יענעם אינדערפרי, ווען באַריס איז געקומען צו מיר און האָט מיך גערופן, אַז איך זאָל גיין מיט אים צו סיאַמאַן אין שאָפּ, כדי אַ שמועס צו טאָן דאָרט מיטן באַלעבאָס וועגן לערנען זיך סיאַמאַס מלאכה.

און אַזוי ווי מיין האַנט איז נאָך געווען ביי מיר פאַרבאַנדאַזשירט, און צייט פריי האָב איך געהאַט גענוג, און, אַגב, טאַקע געוואָלט אויך

זען צי איז נישט גאָר בעסער אפשר פאַר מיר אַליין צו לערנען די דאָזיקע מלאכה מיטן פּרעסאייזן איידער אַנדערע מלאכות, ביז איך געגאַנגענען מיט אים.

אין דרויסן כליאַפּעט אַ נאַסער שניי. שטעלן מיר אָן די קאָלנערס פון אונדזערע מאַנטלען — און איך אַליין פאַררוק מײַן אַרומגעבונדענע האַנט צו זיך אונטערן בוזעם — און געלאָזט זיך גיין צופוס — שליאַפּ־שליאַפּ איבערן נאַסן שניי — צום שאַפּ.

דער דאָזיקער שאַפּ געפינט זיך ערגעץ אויף לאָמבאַרד סטריט, וואָס איז אין יענער צײַט געדיכט באַפעלקערט געווען פון ייִדן און נעגערס.

מיר קומען צו דעם שאַפּ — אַ הויז, ווי די אַנדערע הײַזער אויף יענער גאַס.

פאַר דעם סאַמע אַרײַנגאַנג פון אַט דעם הויז שטייען פולע עמערס מיט כל־טוב, פון וועלכע עס שלאָגט אַזאַ ריח ניחוח, אַז די נעזער בײַ אונדז הייבן אָן צו רעוואָלטירן...

ווען מיר הערן נישט דעם אײַזערנעם געפּילדער פון ניי־מאַשינען, וואָס טראָגט זיך אין דרויסן אַרויס פון אַט דעם הויז, וואָלט גאָר אונדז נישט געקאָנט אײַנפאַלן, אַז דאָ איז אַ שאַפּ.

ווײַזט זיך אַרויס נאָכדעם, אַז דער שאַפּ געפינט זיך אויפן אונ־טערשטן שטאָק און אַז אויף די איבעריקע שטאָקן, סײַ איבער אים און סײַ אונטער אים, אינעם קעלער, האָבן געוווינט ייִדישע פאַמיליעס מיט זייערע „באָרדערס".

דאָס איז געווען אַ טיפּישער „סוועט־שאַפּ", וואָס האָט זיך ס'רוב געפונען אין אַזעלכע וווינהײַזער, אַמאָל אפילו אין פינצטערע קעלערס פון אַזעלכע הײַזער.

הקיצור, מיר גייען אַרײַן אינעווייניק. דער אַרײַנגאַנג איז דורך דער קיך.

בלײַבן מיר שטיין בײַ דער טיר און קוקן אַרײַן.

אויף אַ גרויסן אײַזערנעם אויוון אין דער קיך גליִען פּרעסאייזנס. אַ לאַנגער, הילצערנער טיש, פאַרוואָרפן מיט קינדער מאַנטלען, פאַרנעמט די גאַנצע קיך.

סיאַמאַ און נאָך איינער, אַן עלטערער, הויכער ייִד, מיט אַ לאַנגער, גרויער באָרד און מיט רויטע, פאַרשוואָלענע אויגן, פּרעסן די מאַנטלען, קלאַפּנדיק מיט די הייסע פּרעסאייזנס.

סיאַמאַ, וואָס ווייסט צוליב וואָס מיר זײַנען געקומען, אַז ער דערזעט אונדז, טוט ער נאָר אַ שמייכל צו אונדז מיט זײַן צאַרטן, פאַרחלומטן

שמײכל; אָבער ער גײט נישט צו צו אונדז און ער אַרבעט װײַטער מיט זײַן פּרעסאײַזן.

ער אַרבעט אין אַ רעקל, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל איבער זײַנע מאָגערע, כמעט קינדערשע אָרעמס, און דער בלאָנדער קאָפּ בײַ אים גלאַנצט פון שװײס, און דער מײדלשער פּנים איז בײַ אים צערױטלט פון דער אַרבעט און פון דער היץ, װאָס שלאָגט פון דעם גרױסן, אײַזערנעם אױװן.

די היץ אין דער קיך שטיקט ממש און, אַחוץ דעם, שמעקט דאָרט װי מיט עפּעס צעװאָרעמטן װאַקס...

אין דעם צװײטן חדר, אין דעם גרעסטן, װאָס ער איז באַלױכטן פון אַ גאַז-ברענער (װײַל פענצטער האָבן דאָרט נאָר דאָס פראָנט-צימער און די קיך), שטײען אַרום אַ צװעלף מאַשינען אַזױ נאָענט אײנע נעבן דער אַנדערער, אַז עס װײַזט זיך אױס אַז די „אָפּערעיטאָרס", װאָס אַרבעטן אױף זײ, צװישן װעלכע מיר באַמערקן אױך סיאַמאַס פעטער אַבּרהם-בערן, רײַבן זיך מיט די אַקסלען אײנער אין דעם אַנדערן.

ייִדן מיט בערד זײַנען זײ אַלע, װאָס אַרבעטן אין אָט דעם חדר, די מערסטע מיט יאַרמולקעס אױף די קעפּ און מיט אײַנגעבױגענע רוקנס און נאַקנס איבער זײער אַרבעט...

זײ יאָגן די מאַשינען מיט אַלע זײערע רמ״ח אבֿרים, פאַרגינען זיך נישט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם אױף קײן אײן מינוט, מחמת עס איז אַ שאָד די צײַט, און, אפֿשר, אױס מורא פאַר דעם באַלעבאָס...

אױפן דיל אַרום זײ ליגן פּעק מיט פאַרטיקע מאַנטלען.

אין אַ דריטן חדר זיצן מײדלעך. אַנדערע פון זײ נאָך גאָר יונגינקע, ממש צװעלף-דרײַצן יאָריקע קינדער, מיט בלײַכע פּנימער, און זײ נײען קנעפּלעך אין די מאַנטלען מיט אַ מין אימפּעט.

אין אַ שלאָף-צימער, װאָס איז אױך באַלױכטן פון אַ גאַז-ברענער, זיצט אױפן בעט אַ דיקע װײַבל, נאָך גאָר אַ יונגע, מיט צעשױבערטע בלאָנדע האָר אױפן קאָפּ, און זי קוקט איבער מיט אַ פאַרהאַװעטער מינע פאַרטיקע קינדער-מאַנטלען.

אױפן דיל בײַ אירע פיס זיצט אַ באַלנד ייִנגעלע פון אַ יאָר פיר, מיט אַ פאַרברודיקטן פּנימל, און קוקט צו איר אַרױף. משמעות, ער װיל עפּעס פון איר; מחמת יעדע װײַלע טוט ער זי אַ צי בײַם קלײד און זי טוט זיך אַ צאַפּל און שטױסט אים אָפּ פון זיך מיט אַ פוס.

— ב —

מיר וואַרטן, אַז עמעצער זאָל צוגיין צו אונדז, אָבער, אַחוץ סיאַ־מאַן, קוקט זיך אַפילו קיינער נישט אום אויף אונדז.

גייען מיר נאָכדעם צו צו סיאַמאַן, דערוויסן מיר זיך פון אים, אַז דער „באָס" איז ערגעץ אַוועק, אָבער די „באָסיכע" איז דאָ — טאָקע יענע בלאַנדע ווײַבל, וואָס זיצט דאָרט איצט אינעם שלאָף־צימער, און אַז מיט איר קאָן באַרים אויך אַ שמועס טאָן וועגן זײַן עניו.

דערבײַ באַמערקט ער, אַז ער וואָלט געגאַנגען זי רופן, איז זי אָבער אָנגעשטויסן אויף אים, ווײַל ער האָט נעכטן זיך אָנגענומען פאַר איינעם פון די אַרבעטער, אַז עלטערן ייִדן, וואָס זי האָט געזידלט, ווי אַן אמתע אַרורה. האַלט ער דערפאַר, אַז עס איז בכלל בעסער, ווען די אַרורה זאָל נישט וויסן, אַז באַרים איז זײַן פרײַנט.

און מיטאַמאָל — זי אַליין איז דאָ. זי שטייט אַ ווײַלע מיט אירע צעשויבערטע, בלאַנדע האָר און מיט אַ הויכן בוזעם, וואָס רײַסט זיך דורך איר רויטער בלוזקע און זי קוקט פונדערווייטנס, ווי סיאַמאַ רעדט מיט אונדז — און קוקט נישט גאָר פרײַנטלעך מיט אירע בלויע און זייער שיינע אויגן. נאָכדעם גייט זי צו צו אונדז מיט אַן אימפּעט און פרעגט:

— וואָס דאַרפט איר?

זאָגט צו איר באַרים, אַז ער וויל זען דעם באָס, און ער דערציילט איר וועגן וואָס.

קוקט זי אים אַן, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז צו די פיס, און מיטאַמאָל קערט זי זיך אָפּ פון אים, און זי רופט זיך אָן צו סיאַמאַן:

— הערט נאָר, באַיטשיקל, איר טראַכט גאַרנישט וועגן אײַער אַרבעט. איר הערט, וואָס איך רעד צו אײַך? איך וואָרן אײַך...

און זי טוט פאַרהאַוועט אַ כאַפּ אַן אויסגעפּרעסטן מאַנטל און אַ צווייטן, קוקט זיי אַרום פון אַלע זײַטן — דער ייִד מיט דער לאַנגער, גרויער באָרד טוט דערבײַ אַ קוק אויף איר אומרויִק מיט זײַנע רויטע, פאַרשוואָלענע אויגן — און נאָכדעם לייגט זי אַוועק צוריק די מאַנטלען אויף זייער אָרט און זי מאַכט:

— גוואַנדזשעט נישט אַזוי פיל, גוואַלד, טוט זיך אַ ריר, טוט זיך אַ קער, מען דאַרף די אַרבעט!

דרייט זיך אום ווידער צו אונדז און ווידער קוקט זי אויף באַריסן, און פּלוצים טוט זי אַ צי די רויטע בלוזקע אויף זיך איבער איר הויכן

בוזעם און זי צעשמייכלט זיך אַזוי גנעשמאַק מיט ווייסע ציין און ווונ־דערלעכע בלויע אויגן, און זי מאַכט צו באַריסן כמעט אין אַ שטיפע־רישן טאָן:

— אויף אַן אמת, איר ווילט טאַקע ווערן אַ פּרעסער? וואָס טויג דאָס אייך? סטאַרעט זיך בעסער צו ווערן אַ דאָקטער.

און אַז באַריס זאָגט צו איר ־ערנאָד ווידער, אַז ער איז געקומען צו איר אין שאָפּ, ווייל ער וואָלט זיך וועלן לערנען די מלאכה פון פּרעסן, צעלאַכט זי זיך:

— אַט מיט אייערע שיינע האָר און מיט די פינגער אַ פּרעסער? איכ'ל דאָך קיין העזה נישט האָבן אייך צו זאָגן, אויב אייער אַרבעט וועט טויגן אויף כפּרות...

און זי שלאָגט זיך איבער:

— מילאַ, מיין מאַן קומט באַלד. איר וועט ריידן מיט אים.

און זי לויפט אַוועק אין צווייטן חדר און פון דאָרט — אין דריטן, צו די מיידלעך, און דורך דעם טומל פון די מאַשינען הערן מיר באַלד איר קול. זי בייזערט זיך דאָרט אויף די אַרבעטערינס.

רופט זיך אָן צו מיר באַריס:

— אַ זאַפּטיקע יאַגאָדע, אַן אמתע פּאַרשוין, דער טייוול זאָל זי נעמען! אָבער איבער דער שנוצע האָט מען איר נעדאַרפט דערלאַנגען, אַזאַ בלוט־זויגערין, אַזאַ קאַפּיטאַליסטישע קסאַנטיפּאַ!... האָסטו געזען, ווי זי האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן מיט סיאָמאַן?... ווי אַזוי האָט ער איר געקאָנט דאָס פּאַרשויינען?...

און אַזוי ווי מיר שמועסן, קומט אָן דער באַלעבאָס אַליין.

— ג —

מיר גלויבן נישט ממש אונדזערע אויגן, אַז ער איז דאָס דער מאַן פון דער שיינער ווייבל.

אַ פּאַרשוינדל אַ קליינטשיקער, אַ מאָגערינקער, מיט אַ געלן פּנים, אינגאַנצן איינגעטונקט אין זומער־שפּרינקלעך, און מיט ווייסע, צעטראָ־גענע אויגן און ־טער געלע ברעמען איז ער.

ער גייט צו צו אונדז אַ פּאַרהאָוועטער, הויבט אָן צו ריידן און בשעת דעם וואַרפט ער די צעטראָגענע, ווייסע אויגן אויף אַלע זייטן, און אין מיטן דערינען לויפט ער נאָך צו־צו אַ פּרעסער, צי צו אַן „אָפּרעי־

טאָר", צי ער דערמאָנט זיך גאָר אָן עפּעס און הויבט אָן צו רופן זײַן ווײַב גיטל, און נאָכדעם רעדט ער ווײַטער מיט באָריסן וועגן זײַן ענין.

ער איז די צעטראָגנקייט און די פאַרהאַוועטקייט אַליין, דאַכט זיך. ניִשט אַלע קנעפּלעך אויף זײַנע תחתונים זײַנען בײַ אים פאַרשפּיליעט, און איין פּאַנטאָלאָנע איז בײַ אים הויך פאַרריסן און ווײַזט אַרויס בײַ אים אַן אַרונטערגעלאָזטע זאָק איבער אַ שוך.

אינגאַנצן מאַכט ער אַן אײַנדרוק פון עפּעס אַ מאָגערן הענדל מיט אַ פאַרטשאַדעטן קעפּל.

אָבער זײַן „ביזנעס" פאַרשטייט ער, משמעות. אַז געלט וויל ער באָריסן ניִשט לערנען די מלאכה.

— 15 דאָלאַר און צוויי וואָכן אַרבעט אָן געצאָלט, ווען איר וועט זיך אויסלערנען די מלאכה — זאָגט ער.

און, ווען באָריס דערציילט אים, אַז קיין געלט האָט ער ניִשט, קנייטשט ער מיט זײַן שמאָלן אַקסל און מאַכט צו אים:

— איז וואָס זשע זענט איר געקומען צו מיר, אַז איר קאָנט ניִשט באַצאָלן?

גייט צו דאָן מיטאַמאָל זײַן ווײַב גיטל צו אונדז.

— נו, וואָס הערט זיך? — פרעגט זי.

ענטפערט איר מאַן:

— ער האָט ניִשט קיין געלט, זאָגט ער, מיט וואָס צו באַצאָלן.

— מאַקס, אַן אײדעלער יונגערמאַן; מיר וועלן אים אַרײַננעמען אין שאַפּ אָן געלט.

און אַז איר מאַן וויל נאָכדעם עפּעס זאָגן, בויגט זי זיך אײַן פלוצים צו אים און זאָגט אים עפּעס אויפן אויער...

ער טוט זיך אַ כאַפּ, פאַרדעקט מיט אַ האַנט די אָפּגעשפּיליעטע קנעפּלעך אויף זײַנע הויזן און לויפט אַרײַן אין שלאָף־צימער.

— אַ צעטראָגענע בריאה — באַמערקט זײַן ווײַב נאָכדעם מיט אַ שמייכל, און זי לייגט צו קוקנדיק אויף באָריסן — קומט מאָרגן צו דער אַרבעט. קיין פּרעסער וועט איר דאָך סײַ־ווי־סײַ ניִשט פאַרבלײַבן. איר וועט זײַן אַ דאָקטער.

און אַז באָריס האָט בײַ איר אַ פרעג געטאָן, פון וואַנען זי ווייסט דאָס, האָט זי אים געענטפערט:

— וואָס הייסט, איך זע דען ניִשט, אַז איר זענט אַן אײדעלער, געבילדעטער יונגערמאַן? איר רעדט דאָך קוים ייִדיש!... אָבער מיט מיר

װעט איר קאָנען רײדן רוסיש. װי איר קוקט מיך אָן, בין איך נישט קײן אינגאָראַמוס! („אינגאָראַמוס״, מסתמא, געװאָלט זאָגן).

און, װען מיר פֿאַרלאָזן דערנאָך איר שאַפּ, שרײַט זי אונדז נאָך:

— פּראַשטשאַיטע, דאָסװידאַניצע!...

***

באָריס האָט זיך גענומען לערנען די מלאכה פֿון פּרעסן אין יענעם שװיץ־שאַפּ.

אַפּאַרבעטנדיק דעם ערשטן טאָג מיטן פּרעסאײַזן, קומט ער פֿאַרנאַכט צו מיר אױף דער קװאַרטיר מיט סיאַמאַן און ער װײַזט מיר קלײנע, אױפֿגעלאָפֿענע, װײַסע פּענכערלעך אױף זײַנע הענט.

— זעסט? — מאַכט ער צו מיר. — עס גײט שױן בײַ מיר אױף אַ לאַד. די אַרבעט ברענט שױן בײַ מיר אונטער די הענט, דאָס הײסט, דער הײסער פּרעסאײַזן...

שלאָגט אים איבער סיאַמאַ און ער װײַזט דערבײַ זײַנע הענט אױך, װאָס אױף זײ זעען זיך אָן רױטע צײכנס פֿון פּענכערס, װאָס זײַנען שױן פֿאַרהאַרטעװעט געװאָרן.

— אין אַ װאָך אַרום װעלן זײ זײַן בײַ דיר װי בײַ מיר. זעסט? די אײדלקײט פֿון דײַנע הענטעלעך װעט דער פּרעסאײַזן אױסברענען — זאָגט ער צו באָריסן.

— און דו װײסט — מאַכט װידער צו מיר באָריס, און ער צעלאַכט זיך אױף זײַן באַסאָװן קול — דו װײסט, װער עס לערנט מיך די מלאכה? דו װעסט קײנמאָל נישט טרעפֿן!

— די קאַנאַליע, די באַסיבע אַלײן — כאַפּט אונטער סיאַמאַ. — מיר אין דעם שאַפּ װוּנדערן זיך מאַקע אַלע אױף דעם...

— יאָ, יאָ, זײ װוּנדערן זיך אַלע אין דעם שאַפּ, פֿאַרװאָס זי איז אַזױ גוט צו מיר — הודיעט װײַטער באָריס אױף זײַן באַסאָװן קול. — אַלע דאַרט ציטערן דאָך פֿאַר איר, האַלטן זי פֿאַר אַ קאַנאַליע, אַפֿילו איר אײגענער מאַן ציטערט פֿאַר איר דױד, װי סאָקראַטעס פֿאַר זײַן ארורה קסאַנטיפּאַ! און צו מיר — הױלע גוטסקײט און אױפֿמערקזאַמקײט און נעדולד. יעדע װײַל גײט זי צו צו מיר. װײַזט מיר װי אַנצונעמען דעם פּרעסאײַזן, װי צו האַלטן אים און װי צו פֿירן אים איבערן שטיקל װאַרע־געצײַג. און װי זי שמײכלט דאָס דערבײַ! דער טײַװל זאָל זי נעמען, די זאַפּטיקע יאַגאָדע. שמײכלט אַזױ מיט אירע צײנדלעך, אַז זי בײַסט זיך

מיט זיי אַרײַן צו דיר אין האַרצן! און ריידן רעדט זי מיט מיר נאָר רוסיש...

סיאָמאַ טוט זיך אַ כאַפּ מיט געבעט אין זײַן קול:

— דערמאָן מיר נישט איר רוסיש, האָב רחמנות!

— אײַ, אַ מין רוסיש — לאַכט באָריס ווידער — האָט געלערנט, משמעות, איר רוסיש בײַ אַ ייִדישער קרעמערקע ערגעץ אין אַ ליטוויש שטעטל. אפשר איז זי דאָרט געווען אַ פּריקאַזשטשיצע אין אַ ייִדישער קראָם. „סלוכאַיעטע. אַ טשאָמו ווי יעטאַ דיעלאַיטע? נע טאַק!" — מאַכט באָריס נאָך, ווי די „זאַפּטיקע יאַגאָדע" רעדט רוסיש.

סיאָמאַ רופט זיך אָן דערנאָך פאַרטראַכט:

— פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך פאָרט נישט, פאַרוואָס זי איז אַזוי גוט צו דיר, סײַדן זי האָט זיך פאַרליבט אין דיר.

טוט באָריס שעלמיש אַ שמייכל און מאַכט:

— דאַי באָג!... הלוואַי, הייסט עס.

און ער שלאָגט זיך איבער מיט התפעלות:

— איך הער׳ט, חברה, אויב נאָר איר גוטסקייט צו מיר וועט אָנ־האַלטן אַזוי ווײַטער, וועט זי בײַ מיר ווערן אַן אַנאַרכיסטקע, איך וועט שוין זען!

און ער טוט אַ קלאַפּ סיאָמאַן איבערן אַקסל מיט די ווערטער:

— דו וועסט זי נאָך רופן „גענאָסינע", געדענק!...

— ד —

און מיט אַמאָל, בעת מיר שמועסן אַזוי, דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין דער צוגעמאַכטער טיר פון מײַן צימער. באָריס טוט זיך אַ צאַפּל און מורמלט אַרויס:

— אָ, די רויטע קליאַטשע, לאָמיר אַנטלויפן!

„רויטע קליאַטשע" רופט ער די רויטע מאַלי, וועלוול־איצעס עלטערע טאָכטער.

לכתחילה, אין דער ערשטער צײַט, בעת ער האָט זיך באַקענט מיט איר, האָט זי אים אַ ביסל פאַראינטערעסירט סײַ ווי אַ מיידל און סײַ ווי אַ גע־נאָסינע, און אַמאָל אפילו אין מיטן הייסן שמועס וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָט ער אַ שטיף געטאָן מיט איר, צי גאָר אַוועקגעזעצט זי צו זיך אויפן שויס, צי געוויזן איר, ווי געזונט ער איז געווען און אויפגעהויבן

זי, ווי דיק און שווער זי איז נישט געווען, אין דער הויך און אַ קוויטשענ־דיקע זי דערנאָך געקאַטשעט אין זײַנע אָרעמס, ווי אַ קינד.

(איך שײַנע שוועסטער בעלאַ האָט מחמת דעם שטענדיק זיך געהיט צו גיין מיט איר צו מיר אין צימער, ווען באַריס איז דאָרט געווען, האָפּנ־דיק, משמעות, אַז פון זײַן שטיפן מיט איר שוועסטער מאַלין וועט סוף כּל סוף זיך עפּעס „אויסתּכליתן"...).

טרעפט דערנאָך איינמאָל אַזאַ מעשה: בשעת ער קאַטשעט מאַלין אין זײַנע אָרעמס אַ קוויטשענדיקע, רײַסט זיך פּלוצים אַרײַן אין דער טיר פון מײַן צימער איר טאַטע וועלוול־איצע, און דער פּנים איז בײַ אים ווײַס, און זײַן גרויסע, רויטע באָרד איז אַזוי ווילד צעפּאַטלט, אַזוי ווי יעדע איינציקע האָר אין איר וואָלט מיט רויטן צאָרן געברענט; און ער קוקט אויף באַריסן, וואָס זײַן טאָכטער איז נאָך בײַ אים אין די אָרעמס, מיט אויגן, וואָס שיטן מיט פונקען, און אַ ווײַלע קאָן ער נישט אַרויסברענגען קיין איין וואָרט פאַר אויפרעגונג.

און מיטאַמאָל רײַסט זיך בײַ אים אַרויס:

— גוואַ־אַ־לד־ד!!!...

דער צעטומלטער באַריס לאָזט אַרונטער מאַלין אויף דר'ערד!

וועלוול־איצע שרײַט צו באַריסן:

— אוועק, מיסיאַנערטשיק. דײַן דוד זאָל בײַ מיר נישט זײַן! איך צעברעך דיר לונג און לעבר!...

און ער וויל זיך אַ לאָז טאָן צו באַריסן, וועלכער קוקט אויף אים אַ צעטומלטער און אַ פאַרשעמטער.

אָבער מאַלי כאַפּט אָן איר טאַטן פאַר די אָרעמס, שטופּט אים צו דער טיר און קוויטשעט אַריבער זײַן געשריי:

— איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט נישט קריכן אַהער! נישט דײַן דאגה וואָס מיר טוען דאָ! דאָ איז נישט וויטעבסק, דאָ איז אַמעריקע! גיי, גיי — הויבט זי אָן צו טופן מיט די פיס — אַנישט אַנטלויף איך אינ־גאַנצן פון דײַן שטוב. דו וועסט מיך נישט פאַרשקלאַפן, טאַטע, איך בין אַ פרײַער מענטש!

איך מאַמע לויפט אַרײַן, די ברייטע, געזונטע און גוטמוטיקע זעלדע מיט די קאַסאָקע אויגן, און אויך די שוועסטער, די שײַנע בעלאַ, און זיי בײדע טוען אויך אַ כאַפּ וועלוול־איצען פון הינטן און שלעפּן אים פון מײַן צימער; ער איז אָבער שטאַרקער פון זיי אַלעמען, רײַסט זיך אַרויס פון זייערע הענט און ער טוט אַ פּאַק מאַלין פאַר אַן אַקסל, טרייסלט זי און שרײַט מיט פאַרצווייפלונג און וויטיק אָן אַ שיעור אין זײַן קול:

— אַמעריקע, האַ? אַמעריטשקע, אַמעריטשקע! אַי, גוואַלד, זעלדע, מיר וועלן נאָך האָבן ממזרים־אייניקלעך דאָ אין דער אַמעריטשקע פון אַט דער מויד מיט די מיסיאָנערשטשיקעס!...

— זאָל דיר די צונג אָפּדאָרן, דו אַלטער פערד! — שפּײַט אויס זעלדע דרײַ מאָל.

און מאַלי, צי ווײַל זי וויל אים פּאַר כעס ווי טאָן, אָדער, ווײַל זי וויל אַרויסווײַזן פאַר אונדז וואָס פאַר אַ קעמפּערין זי איז, מוטשט זי זיך דאָן אַ כאַפּ מיט אַ שפּאַטישן לאַך און שרײַט אויס צו איר טאַטן:

— וואָס דען האָסטו געמיינט, אַז דו וועסט מיך פירן אונטער דער חופּה און אַז איך וועל שטיין אונטער די פיר פלעקער? שלאָג זיך דאָס אַרויס פון קאָפּ. נישט איך און נישט בעלאַ וועט דאָס טאָן! מיר וועלן האָבן קינדער אָן חופּה און אָן דעם רינגעלע. און מיר וועלן זיי נישט מל זײַן אויך. און דו, מיט די אַנדערע פינצטערע מוחות, רעדט זיך וואָס איר ווילט!...

בשעת זי רעדט אַזוי צו איר טאַטן, קערט ער זײַנע צעטומלטע אויגן דאָ אויף איר און דאָ אויף זעלדען און אַרום זײַנע ליפּן, אונטער די רויטע וואָנצעס, קרימט זיך אַ שטומער געוויין.

און מיטאָמאָל כאַפּט ער אַרײַן אַ פּויסט אינעם מויל, בײַסט אים און אַזוי לויפט ער אַרויס דערנאָך פונעם צימער.

זײַן ווײַב און ביידע טעכטער לויפן אַרויס נאָך אים.

און שפּעטער, ווען באַריס איז שוין אַוועק, קומט וועלוול־איצע אַרײַן צו מיר אין צימער בלומרשט שוין אַ רויקער און זאָגט צו מיר:

— דו זוך זיך אויף אַן אַנדער דירה. דו ביסט אויך אַ מיסיאָנער־טשיק. וואָרט, איכ'ל שוין שרײַבן צו דײַן טאַטן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ פרי דו ביסט געוואָרן אין אַמעריקע!...

זעלדע איז אַרײַנגעלאָפן.

— שוין ווידער? קום, קום, וועלוול־איצע, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן!

און זי האָט אים מיט גוואַלד אַרויסגעשלעפּט פון מײַן צימער.

איך בין פאַרבליבן בײַ זיי ווײַטער. נישט זעלדע און נישט אירע ביידע טעכטער האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל זיך אַרויסציִען אין אַן אַנדער דירה.

און ווען באַריס האָט נאָך דער דאָזיקער געשיכטע אויפגעהערט צו קומען צו מיר, האָבן מאַלי און בעלאַ אים דערנאָך אויפגעזוכט און צום סוף בײַ אים געפּועלט, אַז ער זאָל ווידער אָנהויבן צו גיין צו מיר.

איז ער ווידער געקומען צו מיר, אָבער מיט מאַלין האָט ער שוין מער נישט געשמיפּט. ער האָט זיך געהיט דערפון.

האָט זי אָבער געוואָלט, אַז ער זאָל דווקא שטיפן מיט איר. און ווי נאָר זי האָט דערשמעקט, אַז ער איז בײַ מיר אינעם צימער, איז זי תיכף אַרײַנגעלאָפן, געקראָכן צו אים, ממש אַ קלעק, געזעצט זיך צו אים אויפן שויס, פאַרוואָרפן איר אָרעם אַרום זײַן האַלדז און כסדר גערעדט מיט אים נאָר וועגן פרײַע ליבע.

און „פרײַע ליבע" אין יענער צײַט האָט געמיינט פּשוט „תכלית" — נישט קיין פרײַע אויסגעלאַסנקייט, ווי אַנדערע מיינען הײַנט, נאָר חתונה האָבן פרײַ, אָן חופּה און קדושין, הייסט עס, און אָן דער סאַנקציע פון דעם געזעץ. און לעבן ווי מאַן און ווײַב, כּל־זמן מען האָט זיך ליב, און זיך צעשיידט אָן „טענות", ווען מען האָט אויפגעהערט זיך צו ליבן.

כמעט אַלע ייִדישע ראַדיקאַלן אין יענער צײַט האָבן אַזוי פרײַ חתונה געהאַט, האַלטנדיק אַזאַ פרײַע חתונה פאַר אַ „רעוואָלוציאָנערע טאַט", ווי מען האָט דעמאָלט גערעדט.

פאַרשטייט זיך, אַז עס זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן „פרײַע ליבע" דעמאָלט אויסגענוצט אויף אַ הפקרדיקן אופן: אַזעלכע אָבער זײַנען געווען אויסנאַמען אין יענע ראַדיקאַל־ייִדישע קרײַזן...

און באַרים, וואָס ער האָט אויך אַזוי פאַרשטאַנען „פרײַע ליבע", האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז מיט איר קריכן צו אים און מיט איר שטענדיקן שמועסן וועגן פרײַע ליבע איז די רויטע מאַלי אויסן געווען „תכלית", האָט ער איר ווידער און ווידער געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ער טראַכט נישט וועגן חתונה האָבן, נישט אַפילו, דורך פרײַע ליבע; איז זי נאָך מיט מער עקשנות געקראָכן צו אים.

ביז ער האָט זי צום סוף אַזוי פײַנט געקראָגן, אַז ער האָט זי פיזיש פּשוט נישט געקאָנט פאַרטראָגן מער.

— עס שמעקט פון איר, ווי פון אַ פאַרשוויצטער קליאַטשע — האָט ער גערעדט.

און קיין פינף מינוט צײַט האָט ער נישט געקאָנט מער פאַרבלײַבן אינעם צימער, ווען זי איז אַרײַנגעקומען.

דערזען זי, איז ער תיכף אַנטלאָפן.

קורץ, באַרים האָט מוראַדיק זי פײַנט געהאַט און זי נישט אַנדערש גערופן ווי „רויטע קליאַטשע".

דערפאַר יענעם אויפדערנאַכט, ווען ער קומט מיט סיאַמאַן צו מיר אויף דער קוואַרטיר און ער דערציילט מיר וועגן זײַן שאַפּ און וועגן דער באַלעבאָסטע פונעם שאַפּ, וואָס זי אַליין לערנט אים די מלאכה פון פּרעסן,

דערשרעקט ער זיך, ווען עס דערהערט זיך אמאל א קלאפּ אין מײַן טיר, און ער וויל אנטלויפן.

אבער אַרײַנלאזן מוז איך דאך מאלין. עפן איך די טיר, און מאלי קומט אַרײַן מיט א ברייטן „גוט איוונינג, גענאָסן", און זי קוקט אויף באָריסן און זי פּאַרציט איר פּיסקעלע מיט א שפּיציקן שמייכל, ווי יעדעס מאָל, בעת זי זעט באָריסן.

— וואָס הערט זיך עפּעס וועגן אײַער אַרבעט? — רופט זי זיך אן צו אים.

— א דאנק! — טוט ער זיך א כאַפּ — פײַן! נו, לאָמיר גיין, מען וואַרט דאך דאָרט אויף אונדז! — צופּט ער מיך און סיאָמאַן פאַר די אַרעמס.

— וווהין אַנטלויפט איר? — פרעגט מאלי כמעט א צעמישטע — מאָדנע, די לעצטע צײַט קאָנט איר נישט אײַנזיצן קיין מינוט אויף איין אָרט, נאָר איר לויפט!

אבער באָרים ענטפערט איר נישט, אײַלט אונטער מיך און סיאָמאַן:

— גיכער, גיכער, טוט זיך א קער, האָרי אַפּ!...

און אין א ווײַלע אַרום זײַנען מיר אויף דער גאַס.

שפּעטער שפּאַצירן מיר איבער דער פּרעכטיקער בראָד סטריט און ריידן וועגן דעם, ווי צו אָנהויבן צו פּראָפּאַגאַנדירן וועגן דעם אַנאַרכיזם צווישן די אַרבעטער פון דעם „סוועט-שאַפּ", וווּ סיאָמאַ און באָרים אַר־בעטן; ריידן וועגן דער באַלעבאָסטע פון יענעם שאַפּ און אויך וועגן שרײַבן...

באָרים דעקלאַמירט פאַר אונדז א נײַ ליד, וואָס איז בײַ אים געבוירן געוואָרן הײַנט בעת ער האָט געאַרבעט מיט זײַן פּרעסאײַזן אינעם שאַפּ; אויך סיאָמאַ הויבט אָן צו לייענען אויף אויסנווייניק א ליד וועגן א שיינער לבנה־נאַכט אויף דער אוקראַינע, וואָס עס איז בײַ אים געבאָרן געוואָרן אינעם שאַפּ בײַ דער אַרבעט. אין מיטן דערינען פאַרשעמט ער זיך אָבער און ער הערט אויף צו לייענען; און איך אַליין הויב אויך אָן צו ריידן וועגן א דערציילונג, וואָס מיך רייצט אָנצושרײַבן, וואָס איך וואָלט זיכער אָנגעשריבן ווען נישט מײַן האַנט...

צוריקוועגס אַהיים שלעפּט אַרוים סיאָמא מיטאַמאָל א געדרוקטן יידישן צירקולאַר פון א קעשענע און דערלאַנגט מיר מיט די ווערטער:

— דאָס האָט מיר געגעבן מײַן מיטקוואַרטיראַנט זאַמקע וועגן א לעקציע. לייען!

איך לײען איבער: דער באַרימטער רעדנער מיכאַיל זאַמעטקין װעט רײדן איבער ליעװ טאָלסטאָיס „קרײַצער סאָנאַטאַ", אין דעם האָל אויף דער דריטער און פּײַן סטריט.

דער נאָמען זאַמעטקין איז אונדז אַביסל באַקאַנט געװען און מיט „קרײַצער סאָנאַטאַ" האָט געטומלט דעמאָלט די װעלט; האָבן מיר אַלע דרײַ באַשלאָסן דעמאָלט צו גײן צו יענער לעקציע פון מ. זאַמעטקין, װאָס זי איז פאָרגעקומען אין אַ שבת אויפדערנאַכט אין דער אײגענער װאָך...

# פערצנטער קאַפּיטל

## מ. זאַמעטקין און זײַן לעקציע איבער טאָלסטאָיס „קרייצער סאָנאַטאַ"

— א —

מ. זאַמעטקין איז געווען דער ערשטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רעדנער, וואָס איך האָב געהערט דעמאָלט, זינט איך בין געווען אין אַמעריקע.

די טעמע פון דער לעקציע, און טאָקע אויך דער נאָמען פון דעם רעדנער, וואָס ער איז שוין באַרימט געווען דאָ אין אַמעריקע צווישן די ייִדישע אַרבעטער, האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם.

דער זאַל אויף דער דריטער און פיין סטריט — דער איינענער זאַל, וווּ מיט אַ קורצער צײַט צוריק האָט גערעדט דער דײַטשער אַנאַרכיסט קאַיזער — אין יענעם שבת אויפדערנאַכט, בעת מ. זאַמעטקין האָט דאָרט גערעדט, איבערגעפּאַקט געווען.

אויך אַניוטאַ און רבקה זײַנען צווישן עולם געווען און כמעט אַלע, וואָס איך האָב דעמאָלט געקענט, וואָס זיי זײַנען געגאַנגען צו אַזעלכע פאַרזאַמלונגען.

גערעדט האָט מ. זאַמעטקין אויף רוסיש.

איך געדענק דעם טשיקאַווען אײַנדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט דעמאָלט: ער האָט געהאַלטן דאָס רעקל איבער די אַקסלען, איין אָרעם פאַררוקט אין אַן אַרבל און דעם אַנדערן פרײַ, האָט זיך געטראָגן איבער דער פּלאַטפאָרם אַהין און צוריק מיט אַ שטעק־שוד אויף איין פוס און מיט אַ זאָק אויף דער אַנדערער, און געפּלאַמט און פּראָטעסטירט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. פון צײַט צו צײַט האָט ער נערוועז געטאָן אַ רוק אַרויף דעם פרײַען אַרבל איבער זײַן אָרעם, אָדער געטאָן אַ ציִ אויף

זיך אַן אַנדער טײל פון זײַנע מלבושים — ס׳רוב טאַקע די הויזן זײַנע פון הינטן. (אַזאַ טבע האָט ער געהאַט אין יאָרן שפּעטער אויך, ווען איך האָב אים געקענט).

גערעדט האָט ער מיט אַ וואַרעמען באַריטאָן, וואָס האָט פון צײַט צו צײַט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן באַסאָוון קלאַנג, באַזונדערס, ווען ער האָט גע־וואָלט אונטערשטרײַכן עפּעס אַ וויכטיקן ענין.

און נאָך אַפּטער האָט ער דעמאָלט גענוצט די ווערטער: „דאַ, דאַ, גאָלובטשיקי,דאַ־דאַ!״ (יאָ, יאָ, טײַבעלעך, יאָ־יאָ!).

עפּעס איז אין זײַן קול געווען און אין דעם גאַנצן אופן פון זײַן רעדן, וואָס האָט אָנגעשטעקט זײַנע צוהערער מיט היסטעריק.

אַלצדינג האָט אין אים גערעדט, מען קען זאָגן: געפּלאָמט און פּראָ־טעסטירט — אַפּילו די מלבושים אויף אים, האָט זיך געדאַכט. און ווען מען האָט אים אַפּלאָדירט, האָט ער זיך געווענדט צום עולם: „גאָלובטשיקי, אַה, הערט אויף! אַפּלאָדירט נישט! איך בין נישט קיין בעלערינע און נישט קיין אַקטיאָר; בעסער פאַרטראַכט זיך וועגן דעם, וואָס איך זאָג אײַך דאָ!״.

און ער האָט דווקא געמיינט, וואָס ער האָט געזאָגט. איך האָב אים געקענט.

קיינער פון די דעמאָלטיקע באַרימטע יידישע רעדנער, אַנאַרכיסטן אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, האָט נישט גערעדט אַזוי אַקטיאָריש, ווי ער, און קיינער פון זיי איז נישט געווען וויינציקער אַקטיאָר איידער ער.

הגם זײַן טעמע איז געווען אַ ריין־ליטעראַרישע, האָט ער זי באַהאַנדלט דורכאויס פון אַ רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. עס איז אויסגעקומען בײַ אים, אַז אין דער אייפּערזוכט פון פּאָזדנישאָוון, דעם העלד פון ל. טאָלסטאָיס „קרײַצער סאָנאַטאַ״, און אין דעם מאָרד, וואָס ער באַגייט דאָרט, איז שולדיק נאָר די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט.

איך געדענק קלאָר: זײַן רעדע האָט דעמאָלט אַזאַ אײַנדרוק געמאַכט אויף די צוהערער זײַנע, אַז אַ היפּש ביסל פון זיי איז שיעור נישט געוואָרן היסטעריש און די שיינע בעלאַ, דער רויטער מאַליס שוועסטער, וואָס זי איז גראָד דאָרט געזעסן צווישן מיר און באַריסן, האָט מיט טרערן אין די אויגן צו מיר אַרויסגעזיפצט:

— אײַ־אײַ, ווען וועט שוין קומען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן!

בײַ אַזוינע ווי זאַמעטקין, ווי בײַ די מערסטע יידיש־רוסישע רעוואָ־לוציאָנערן אין יענער צײַט, האָט ליטעראַטור לשם ליטעראַטור נישט עקזיס־טירט. יעדעס געדרוקט און אַרויסגערעדט וואָרט האָט געמוזט אַגיטירן און

פּראָפּאַגאַנדירן פאַר דער רעוואָלוציע און פאַר דעם סאָציאַליזם, צי, לכל־הפּחות, געטײַטשט װערן מיט אַ רעוואָלוציאָנערן פּשט...

נאָך זײַן רעדע האָט מען אים געשטעלט פראַגן. איך געדענק אַפילו דעם פאָרזיצער פון יענער פאַרזאַמלונג — דעם ברייטן און רונדן ליטווישן יונגערמאַן, הערבערט ספּענסער, וואָס איך האָב אים אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט.

איך בין אויך געווען איינער פון די דעבאַטאַנטן. ווי רעוואָלוציאָנעריש איך בין נישט געשטימט געווען, האָט זיך מיר דאָך עפּעס אויפן זינען נישט געלייגט, אַז די צוקונפטיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט אָפּשאַפן די אייפערזוכט אויך, ווי זאַמעטקין האָט דעמאָלט אַרויסגעבראַכט אין זײַן רעדע.

און דערבײַ האָב איך געטראַכט וועגן גענאָסע רזשעק פּיאָטר קראָפּאָטקין, וואָס אַפילו ער, די ערלעכע רעוואָלוציאָנערע קאָנסעקווענץ אַליין, האָט זיך נישט געקענט באַפרײַען פון דער אייפערזוכט סײַדן דורכן טויט...

אויך באַרים האָט גערעדט. און ער דווקא האָט מסכים געווען מיט זאַמעטקינען.

ער האָט גערעדט מיט נישט ווייניקער פײַער ווי זאַמעטקין, און כמעט אַזוי לאַנג, ווי זאַמעטקין. ער האָט דערמאָנט אויך דעם ראָמאַן „שטאָ דיעלאַט" פון טשערנישעווסקין. און, אין סך־הכל, האָט ער וועגן אָט דעם ענין אייפערזוכט געזאָגט דאָס, וואָס פאַר אים און נאָך אים האָבן אַ סך אַנדערע ראַדיקאַלן, שרײַבער און רעדנער, געזאָגט; אָבער אין יענער צײַט און אויף יענער פאַרזאַמלונג האָט דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן אייפערזוכט געמאַכט גאָר אַ גרויסן רושם, מחמת עס איז געווען אינגאַנצן אין דעם גײַסט פון „פרײַער ליבע", וואָס איז געווען איינס פון די רעוואָלוציאָנערע געבאָטן בײַ די מערסטע פון יענעם עולם אינעם האָל.

מען האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט, אויך זאַמעטקין אַליין. און מער פון אַלעמען האָט אים אַפּלאָדירט די רויטע מאַלי, וואָס זי איז געזעסן מיט אַ בחור אַהינטער מיר און באַרימען און אַהינטער איר שוועסטער בעלאַן.

זי, מאַלי, האָט זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט, בעת זי האָט אַפּלאָדירט. זי האָט געוואָלט, משמעות, אַז באַרים זאָל טאַקע זען, ווי זי אַפּלאָדירט אים.

ער, באַרים, און, ווי עס ווײַזט אויס, איך אויך, זײַנען דעמאָלט אַזוי געפעלן געוואָרן זאַמעטקינען, אַז נאָך יענער פאַרזאַמלונג האָט ער אונדז פאַרבעטן צו אים אַהיים אויף אַ „גלעזל טיי". (הערבערט ספּענסער איז

אויך מיט אונדז מיטגעגאַנגען. און סיאָמאַ איז אַוועק מיט אַניוטאַן און רבקהן פונעם האָל).

און, גייענדיק מיט אונדז צו אים אַהיים, האָט זאַמעטקין שוין גע־טראָגן ביידע שטעק־שיך אויף די פּיס, אָבער דאָס רעקל, מיט איין אָרעם בלויז פאַררוקט אין אַן אַרבל, איבער די אַקסלען.

און די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע, אַ ווינטערדיקע.

דערמאָן איך זיך, וואָס זאַמעטקין האָט דעמאָלט געענטפערט באַריסן, ווען יענער האָט געפרעגט בײַ אים, פאַרוואָס ער גייט אין שטעק־שיך.

— מאַזאָליעס, גאָלובטשיק, האָבן מיר מײַנע שיך געמאַכט. און דווקא נײַע, גאָלובטשיקי. נאָר אויף אַ דריטן טאָג — קאַראַאול, וואָס פאַר אַ מאַ־זאָליעס, די אויגן קריכן מיר פונעם קאָפּ!... נו, גיין ריידן האָב איך דאָך געמוזט הײַנט, האָב איך אָנגעטאָן די טופליעס, אָנישט וואָלטן די מאַזאָ־ליעס מיך נישט געלאָזט הײַנט ריידן.

און צוגעלייגט מיט די אונטערשטע טענער פון זײַן באַריטאָן:

— דאָ, גאָלובטשיק, נאָך אַ באַווײַז, אַז מיר מוזן וואָס גיכער מאַכן אַ סוף צו אונדזער הײַנטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אין אַ סאָציאַ־ליסטישער אָרדענונג וואָלט איך קיין מאַזאָליעס נישט געהאַט איצט אויף די פּיס. פאַרוואָס, גאָלובטשיק? פּראָסט און פּשוט, מחמת דאָרט וואָלט נישט געווען ווער עס זאָל זיך יאָגן נאָך קאַפּיטאַליסטישן פּראָפיט. וואָלט מען דאָרט געגעבן שיך פון ריכטיקן, נישט געבלאָפטן לעדער, שיך, ריכטיק געמאַכטע, אַז זיי זאָלן נישט אָנקוועטשן די פּיס און נישט מאַכן מאַזאָליעס! איר פאַרשטייט, גאָלובטשיק?

אַוודאי און אַוודאי איז ער גערעכט געווען!

— מיר מוזן די רעוואָלוציע האָבן וואָס גיכער, גאָלובטשיקי! — האָט ער אויסגעשריגן.

און אין דער שטילקייט פון דער קאַלטער, ווינטערדיקער נאַכט האָט אָפּגעקלונגען דערנאָך זײַן קול, ווי די שטים פון אַ רוסישן דיאַקאָן, האַלב אַרויסגערעדט און האַלב אַרויסגעזונגען:

— נאַראָד ראַבאָטשי, ווסטאַן, פּאָדנימאַיסיאַ!... (שטיי אויף, אַר־בעטער־פאָלק, הויב זיך אויף!).

— ב —

אויף לאָמבאַרד סטריט האָט ער ערגעץ געוווינט, צווישן דער דריטער און פערטער סטריט, דאַכט זיך. איך געדענק נאָך יענע הויז — אַ דרײַ־

שטאקיקע, אלטע, הילצערנע חורבה. ער האט געוווינט גאנץ אונטן און איבער אים האט געוווינט א משפחה פון ארעמע נענערס.

א גרויסן עסצימער האט ער דארט געהאט, וואס עס איז באלויכטן געווען פון איין איינציקן גאז־ברענער. מיר זיינען געזעסן ארום טיש אין האלב־פינצטערניש און מיר האבן געטרונקען טיי. און צווישן האט ער, מ. זאמעטקין, תורה געזאגט, סאציאליסטישע, רעוואלוציאנערע, און איך, און באריס, און הערבערט ספענסער, און די יונגע אדעלע קין, זאמעטקינס ווייב, האבן זיך צוגעהערט צו איר, און די לופט אין צימער האט זיך אויך ווי עפעס אנגעזאפט מיט איר, און דעם גייסט פון דער רעוואלוציע האבן מיר ארום געפילט, און דעם גייסט פון דער פרייער, שיינער צוקונפט, וואס זי איז דעמאלט, מיט א האלב יארהונדערט צוריק, געווען פאר אונדז דא א סך, א סך נענטער, איידער זי איז פאר אונדז היינט!...

ער האט גערעדט אינטערעסאנט, זייער אינטערעסאנט יענעם אויפדער־גאכט ביי אים אינדערהיים, אזוי אינטערעסאנט, אז באריס, וואס צו דיס־קוטירן איז ביי אים געווען ממש אן איינגעבוירענע באדערפעניש, האט אט די באדערפעניש זיינע מקריב געווען, כדי צו קאנען הערן וואס זאמעטקין האט גערעדט.

און ווי פרום און ווי צניעותדיק האבן געלויכטן אדעלע קינס אויגן, ווען ער האט גערעדט! ווי די נאך גאר יונגע אדעלא האט זיך צוגעהערט. יא, ווי פרום, און וואס פאר א שטילע צניעותדיקע פארגעטערונג האט אין אירע אויגן און אין איר שמייכל דאן געלויכטן...

איך זאג „פרום”. יא, דאס איז דאס ווארט, וואס מיט אים וואלט מען געקענט אונדז אלעמען פון יענער צייט כאראקטעריזירן.

פרומע זיינען מיר געווען און יום־טובדיקע. פרומע אין אונדזער גלויבן, און יום־טובדיקע, ווייל מיר האבן געטראגן אין זיך דעם חלום און דעם דראנג, און טאקע דעם כוח אויך, צו בויען און צו שאפן וועלטן גאנצע פאר אונדזערע מיטמענטשן און פאר אלע מענטשן אויף דער וועלט...

צוויי פארטאג דערלאנגט אדעלא קין לאטקעס פון קארטאפל צום טיש. זי ארבעט ערגעץ אין א שאפ, און מ. זאמעטקין פארדינט אויך עפעס, דאכט זיך, אז ער לערנט ענגליש גרינע אין אוונט־שול...

באריס לייענט זיינס א ליד, וואס געפעלט שטארק סיי אדעלאן און סיי זאמעטקינען, און סיי הערבערט ספענסערן, וועלכער רעדט רוסיש מיט א שארפן ליטוויש־יידישן אקצענט. און איך אליין מוז אויך צוזאגן, אז איך וועל קומען ווען־עס־איז מיט א רוסישער דערציילונג מיינער צו זיי.

דערנאך פארפירט זיך צווישן אונדז א שטיקל וויכוח וועגן סאציאל־

דעמאָקראַטיזם און אַנאַרכיזם, און זאַמעטקין האָט זיך צעהיצט, און באַרים נאָך מער, און מיטאַמאָל — אין מיטן פֿײַערדיקן וויכוח — צעלאַכט זיך זאַמעטקין גוטמוטיק און מאַכט:

— ניעט, גאָלובטשיקי, צעקריגן זיך מיט אײַך וויל איך נישט. איר ביידע געפֿעלן מיר און אַדעלע, ווילן מיר מיט אײַך פֿאַרבלײַבן פֿרײַנט! איר בלײַבט זיך געזונטערהייט, וואָס איר זענט. ביז איר וועט ווערן קליגער, און מיר וועלן פֿאַרבלײַבן אײַערע פֿרײַנט און וואַרטן מיט געדולד און טאָלע־ראַנץ אויף יענער צײַט, ווען איר וועט קליגער ווערן!

און אַדעלע און הערבערט ספּענסער האָבן מיט אים מסכּים געווען און אַפּלאָדירט אים פֿאַר דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט.

און אַז ער האָט אין אַ ווײַלע אַרום גענומען מיטאַמאָל ריידן וועגן פּלעכאַנאָוון, וועלכער האָט מיט אַ שטיקל צײַט צוריק געדרוקט אונטער דעם נאָמען „בעלטאָוו" אַרטיקלען קעגן די אַנטי־מאַרקסיסטן אין איינעם פֿון די רוסישע זשורנאַלן, האָט אַדעלע אים באַלד איבערגעשלאָגן:

— מיכאַיִל, דו האָסט דאָך עפּעס געזאָגט, אַז דו ווילסט נישט דער־באַטירן מער?

— גערעכט, אַדעלאַ, גערעכט — האָט ער גוטמוטיק זיך צעלאַכט. און ער האָט זיך מיטאַמאָל צעזונגען אויף זײַן באַריטאָן:

— ווא פּאָליע בעריאָזענקאַ, אײ־ליו־ליו־ליו סטאָיאַאַלאַ!

און פֿאַרענדיקט:

— גאָלובטשיקי, דאַיטע נאַטשניאָם רעוואָלוציו! (קומט, הייסט עס, מיר וועלן אָנהויבן די רעוואָלוציע!).

שפּעטער האָב איך אים נאָך אַ פּאָר מאָל געטראָפֿן; צום סוף אָבער, ווען איך האָב זיך מער מיטגעריסן מיט דער ייִדישער אַנאַרכיסטישער באַ־וועגונג, האָב איך זיך אויפֿגעהערט מיט אים צו טרעפֿן.

איך האָב אים ערשט גענומען ווידער טרעפֿן — און אָפֿט — אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער.

שטענדיק דער באַגײַסטערטער סאָציאַליסט, האָט נאָך געאַרבעט אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, די בעסטע יאָרן זײַנע און זײַן פֿײַער־דיקן רעדנער־טאַלאַנט האָט ער איר אַוועקגעגעבן.

איינער פֿון די ערשטע רעדאַקטאָרן פֿונעם „פֿאָרווערטס" איז ער געווען, בעת די רעדאַקציע פֿונעם „פֿאָרווערטס" איז נאָך געלעגן אין אַ קעלער אויף דיוויזשאָן סטריט, נאָך טיפֿער ווי אין דר'ערד, און ווען דער „פֿאָר־ווערטס" האָט זיך יעדן טאָג געזעגנט מיט זײַן לעבן...

— ג —

איך גיי איצט אפט צו באריסן, ווייל ער האט אויפגעהערט צו קומען צו מיר, כדי זיך נישט צו טרעפן מיט דער רויטער מאלין.

ביי באריסן אויף דער קוואַרטיר, וווּ אויך סיאמא וווינט, באמערק איך א גאנצע איבערקערעניש. ער, באריס, און סיאמא, און דער דריטער „באר־דער", דער לאנגער זאמקע, מיט די לאנגע פיס, ווי ביי א בוטשאן, דער הייסער חסיד פון יאזעף בעראנדעסן, האבן דאס אט די „איבערקערעניש" דארט געמאכט. זיי האבן דארט „אויפגעקלערט" סיי אברהם־בערן און סיי זיין ווייב פריידל, ווי נויטיק עס איז א יוניאן פאר די „ארבעטער" און, בכלל, דער קאמף פון ארבעטער קעגן זייערע „אויסבייטער", די עקספלו־אטאטארס.

קום איך אהין איינמאל זיצט זאמקע דארט ביים טיש און לייענט א יידישע צייטונג הויך אויפן קול פאר אברהם־בערן און זיין ווייב פריידל.

דאס צימער, ווי געווײנלעך, איז האלב באלויכטן פון א גאז־ברענער.

איך הער זיך צו וואס זאמקע לייענט. אן ארטיקל לייענט ער וועגן דעם, אז ארבעטער דארפן זיך ארגאניזירן אין א יוניאן.

אבער גאט, ווי אזוי ער זאגט דאס ארויס די עברי, יעדעסווארט איז א נהרג! (נעריג).

זעלטן ווער פון די יידישע לייענער אין יענער צייט האט געקענט גוט לייענען א יידישע צייטונג. ס'רוב פון זיי האבן זיך עס נאך געדארפט אויסלערנען. ווי דאס רוב פון די שרייבער פון די יידישע צייטונגען האבן זיך נאך געדארפט אויסלערנען צו שרייבן גוט יידיש...

אבער דעם זין פון דעם ארטיקל, וואס זאמקע האט אים אזוי שלעכט געלייענט, האבן זיי דווקא געכאפט; מחמת יעדע ווײלע האט אברהם־בער, צוהערנדיק זיך צום לייענען, זיך א גלעט געטאן די לאנגע, שווארצע בארד און צוגעשאקלט דעם קאפ מיטן אלטן קאפעלוש, וואס איז ביי אים ארונ־טערגעהאנגען איבער די אויערן, און ער האט צוגעגעבן:

— אמת! אמת! מען מוז דאך עפעס טאן קעגן אזוינע „עקספלוטאַ־טעס" (עקספלואטאטארס).

— אוודאי — האט מיט אים מסכים געווען זיין פריידל — דער „פעיפער" וועט דאך נישט שרייבן סתם אין דער וועלט אריין!...

אט אזוי האט אברהם־בער, א דאנק זיינע קווארטיראנטן, לסוף איינ־געגעבן זיין מיינונג וועגן „יוניע", און ער האט זיך שוין אויך געקליבן

אַרויסצונעמען אַ ביכל פֿון דער יוניאָן, הגם זײַן פֿרײדל האָט נאָך אַלץ, נישט קוקנדיק וואָס זי האָט מסכּים געווען מיט דעם, וואָס דער „פּעיפּער״ האָט געשריבן, געחלומט, אַגב, ווי טויזנטער אַנדערע ווײַבער פֿון די דער־מאָלטיקע ייִדישע אַרבעטער, וועגן עפּעס אַ קרעמל, און זי האָט געשפּאָרט פֿאַר דעם אַ דאָלאַר צו אַ דאָלאַר...

שפּעטער זיצן מיר בײַם טיש און טרינקען טיי. אַברהם־בער וויל איצט גאָר מיר אויפֿקלערן, וואָס פֿאַר אַ בלוטזויגער אַז „עקספּעטאַטאָ״, דער באַלעבאָס, בפֿרט די באַלעבאָסטע פֿון זײַן שאָפּ איז, און אַז מיר מוזן עפּעס טאָן קעגן אַלע „עקספּעטאַטאָס״...

פֿרוּווט אים באָרים פֿאַרריכטן:

— זאָגט: „עקספּלואַטאַטאָר״, דאַראַגאַי. אָדער, ווייסט איר גאָר וואָס? זאָגט: „סוקין סין״, אַנשטאָט „עקספּלואַטאַטאָר״. ווײַל עקספּלואַטאַטאָר און סוקין סין איז אָדנאָ אי טאָזשע (די זעלבע זאַך), און מען דאַרף זיי ביידן מאַכן כּניק! — טוט אַ פֿיר באָרים מיט אַ האַנט איבער זײַן האַלדז. — פּאָניעמאַיטע, דאַראַגאַי, מאַי באָרעץ? (פֿאַרשטייט איר, מײַן טײַערער קעמפּפֿער?).

— אַוודאי, אַזאַ מזל אויף מיר, ווי איר זענט גערעכט! — איז דער איצטיקער אויפֿגעקלערטער אַברהם־בער מיט אים מסכּים.

און אין אַ ווײַלע שפּעטער רעדט אַברהם־בער ווידער וועגן דער באַלע־באָסטע פֿון זײַן שאָפּ. ער וואָלט קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז אַזאַ שלעכטס, אַזאַ אַרורה, אַזאַ המנטע, ווי זי, וואָס ווײַזט אַרויס אַזוי פֿיל רשעות צו אירע אַנדערע „אַרבעטורער״, זאָל זײַן אַזוי גוט צו אַ גרינעם לערנער, ווי צו אים, באָריסן.

— פּעטער — מאַכט סיאָמאַ — באָרים וועט זי נאָך מאַכן פֿאַר אַ קעמפּפֿערין אויך.

— אי, גיי שוין גיי!

— יאָ, יאָ — טוט זיך באָרים אַ כאַפּ — אויב זי אַליין וועט בײַ מיר נישט ווערן קיין קעמפּפֿערין, וועלן אַלע אַרבעטער בײַ איר אינעם שאָפּ ווערן בײַ מיר קעמפּפֿער.

— טוט עס, באָרים, טוט עס — מישט זיך אַרײַן דער לאַנגער זאַמ־קע — אַגיטירט. זאָלן זיי ווערן „יונעלײַט״. מאַכט זיי ליכטיק אין די פֿינצ־טערע מוחות. אויב איך קען אײַך העלפֿן, זאָגט מיר, איך וועל אײַך צו־שטעלן אַ רעדנער.

— ריידן קען איך אַליין! — מאַכט באָרים.

און אין יענעם אויפדערנאַכט בלייבט ביי אונדז אַלעמען צו אַגיטירן שטאַרקער צווישן די אַרבעטער פון אַט דעם שוויץ־שאַפּ, אַז זיי זאָלן אַרויס־נעמען ביכלעך פון דער יוניאָן, דאָס הייסט, אַז זיי זאָלן ווערן יוניאָן־לייט...

— ד —

אין אַ שטיקל צייט שפּעטער, ווען איך טרעף זיך מיט באַריסן אין די אָוונטן, הויבט ער אָן מיר צו דערציילן טשיקאַווע מעשיות וועגן דער באַלעבאָסטע פון זיין שאַפּ.

צען מאָל דורכן טאָג שטעלט זי זיך אַוועק מיט אים ריידן און שמייכלט צו אים מיט אירע וווּנדערלעכע אויגן און מיט אירע ווייסע ציין.

דאַכט זיך, זי איז דאָרט שטאַרק פאַרהאַוועט אַרום די אַנדערע „הענט" אין איר שאַפּ, קיועטשעט זי זיך דורך דאָרט מיט איר דיקן גוף צווישן די מאַשינען, שטעלט זיך אַפּ לעבן אַ „האַנט", טאַפּט אַרום מיט די אויגן און הענט די אַרבעט, ווייזט אָן אויף חסרונות דעם, יענעם, שרייט און ליאַרעמט, און מיטאַמאָל — זי איז לעבן אים, און שוין גאָר אַן אַנדער ווייבל, אַ שמילע און אַ שמייכלענדיקע...

כלומרשט גייט זי צו צו אים לכתחילה צו זען ווי אַזוי ער אַרבעט; אָבער, ווען זי איז צוגעגאַנגען, פאַרפירט זי מיט אים תיכף אַ שמועס אויף איר רוסיש, שמועסט מיט אים כסדר וועגן זיך.

זי האָט אים שוין דערציילט, אַז זי איז זעקס און צוואַנציק יאָר אַלט און אַז זי איז זעקס יאָר פאַרהייראַט.

זי האָט זיך שוין געקלאָגט פאַר אים אויף איר פינצטערן מזל אויך: זי האָט גאָרנישט קיין הנאה פון איר לעבן. זי אַרבעט צוואַנציק שעה אין מעת־לעת, ווי אַ רוח, און וואָס? און אַז מען מאַכט שוין דעם דאָלאַר, וואָס קומט אַרויס דערפון, אויב דאָס ביסעלע גליק פעלט אינגאַנצן?...

ווען זי וואָלט געהאַט אַן אַנדערן מאַן — קלאָגט זי זיך שפּעטער פאַר באַריסן — וואָלט כדאי געווען אַזוי שווער צו אַרבעטן. זי וואָלט געאַרבעט נאָך הונדערט מאָל שווערער און זי וואָלט געקענט זיך אַרויספאַרבעטן אויף אַ גרויסן שאַפּ, ווייל זי טויג זיך אויס צו דעם; אָבער ווען מען האָט אַזאַ מאַן ווי אירן — זי רופט אים „גאַרגל" — צוליב זיין מאַגערן האַלדז מיטן פליישיקן קנאַפּ ביים גאָרגל, — ווען מען האָט אַ מאַן אַזאַ גאַרגעלע — רעדט זי — פאַרגייט דער גאַנצער חשק צו אַרבעטן אין דעם שאַפּ אויך...

זי איז אַ לעבעדיקער מענטש, זי וויל לעבן. גוואַלד, ווי זי וויל לעבן! —

דערציילט מיר באַריס, ווי זי קלאָגט זיך פאַר אים, און דערבײַ לאַכט ער אויף זײַן באַסאָווען קול.

און יעדעס מאָל, ווען ער דערציילט מיר וועגן דעם, באַמערקט ער צום סוף:

— עד, וואָס פאַר אַ זאַפּטיקע יאַגאַדע, טײַפל! און ווי זי בעט זיך: פּרעס מיך! פּרעס מיך!

טו איך אים אַמאָל אַ פרעג אויף אַ נאַיִוון אופן (זייער נאַיִוו בין איך געווען אין אַט די ענינים אין יענער צײַט):

— וואָס הייסט, זי בעט זיך בײַ דיר, אַז דו זאָלסט זי פּרעסן?

— אַוודאי בעט זי זיך בײַ מיר מיט אירע אויגן, מיט איר שמייכל, מיט איר גאַנצער רעדערײַ וועגן איר „פּינצטערע דאַליע" און וועגן איר מאַן, דעם „גאַרגעלע"... דו פאַרשטייסט דען נישט אַליין?...

און ער רעדט ווײַטער:

עד, ווען ער וואָלט געהאַט זײַן באַזונדער קוואַרטיר, צי ווען בײַ דער „זאַפּטיקער יאַגאַדע" אינעם שאַפּ וואָלטן כאָטש נישט געגעכטיקט אַרבעטער! (אין יענער צײַט זײַנען געווען ייִדישע אַרבעטער וואָס האָבן גענעכטיקט אין די שוויץ-שעפּער, שלאָפנדיק דאָרט אויף די טישן און אויפן דיל מיט די בינטלעך אַרבעט צוקאָפּנס, כדי זיי זאָלן קענען זיך זעצן צו דער אַרבעט מיטן טאָג צוגלײַך).

זאָג איך צו אים דעמאָלט, אַז ער האָט בעסער געדאַרפט טאָן זײַן רעוואָלוציאָנערן חוב צו די אַרבעטער אין זײַן שאַפּ און זיי אויפקלערן, איידער צו פאַרנעמען זיך דאָרט מיט אַ ווײַבל אַן עקספּלואַטאַטאָרקע. און איך דערמאָן אים דערבײַ אויך וועגן דעם, אַז ער האָט זיך דאָך באַרימט, אַז ער וועט דאָרט אויפטאָן מעשים...

לאַכט ער:

איך זאָל נאָר האָבן געדולד. ער און סיאָמאַ האָבן שוין דאָרט אָנגעהויבן צו טאָן רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. און איך מעג אויך זײַן זיכער, אַז די עקספּלואַטאַטאָרקע וועט ער אויך מאַכן פאַר אַ מענטשן.

אַרום אַט דער צײַט הייבן מיר אָן צו גיין אין אַן אָוונט-שול, וווּ מען לערנט אימיגראַנטן ענגליש.

אונדזער לערער איז אַ געוויסער העריס — אַ הויכער, פעסט-געבוי־טער ייִד, מיט אויסגעכאַליעטע, פּריצישע באַקן און אין גאָלדענעברילן, וואָס מאַכן אַן אײַנדרוק אויף אונדז, סײַ מיט זײַן אימפּאַזאַנטער פיגור

און סײַ מיט זײַן געלאַסענער האַלטונג, און סײַ מיטן אופן ווי ער רעדט פון אַן עבֿטן דזשענטלמאַן.

נאָך די פּאָר שעה ענגליש לערנען רעדט ער מיט מיר און באָריסן תּמיד רוסיש. (אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז ער געווען אַ ווילנער ייִד און האָט דאָרט געענדיקט דעם לערער־אינסטיטוט).

דער אייגענער הערים, אַגבֿ, איז געוואָרן שפּעטער אַ באַוווּסטער אַד־וואָקאַט אין פֿילאַדעלפֿיע, און אַרום 1894 האָט ער אַרויסגעגעבן אין פֿילאַ־דעלפֿיע אַ ייִדישע וואָך־צײַטונג „דער פֿאָלקס־וועכטער", אין שותּפֿות מיט יאָהאַן פּאָלעי.

קורץ, בײַ אָט דעם מיסטער הערים אין אָוונט־שול טרעף איך זיך איצט מיט באָריסן אין די מיטנוואָכעדיקע אויפֿדערנאַכטן און פֿרײַטיק, שבת און זונטיק אויפֿדערנאַכט זײַנען מיר כּמעט שטענדיק אויף אַנאַר־כיסטישע פֿאַרזאַמלונגען.

און מיטאַמאָל באַרים הערט אויף צו דערציילן מיר מעשׂיות וועגן דער „זאַפּטיקער יאַגאָדע", און, אַז איך פֿרעג זיך אַמאָל נאָך אויף איר בײַ אים, רעדט ער וועגן איר נאָר גוטס און תּמיד אַזוי וואַרעם.

זי איז אַן איידעלע פֿרוי מיט אַ גאָר פֿײַנעם כאַראַקטער. ער האָט אויף איר רחמנות. ווײַל פֿאַר אַזאַ פֿרוי צו לעבן מיט אַזאַ מאַן, ווי איר „גערגעלע", איז באמת אַ טראַגעדיע.

אָט אַזוי רעדט איצט באַרים וועגן איר און רופֿט זי שוין מער נישט אַן „זאַפּטיקע יאַגאָדע".

און אַז איך שמועס דערפֿון אַמאָל מיט סיאַמאַן, דערוויס איך זיך, אַז דווקא פֿאַרקערט, דאָס הייסט, אַז זי איז שוין איצט נישט אַזוי גוט צו באַריסן; אַז זי קוקט שוין נישט מער אַפֿילו אין זײַן זײַט.

בין איך דאָך, ווי איך האָב באַמערקט פֿריער, זייער נאַיוו — נישט היינט געדאַכט — אין הלכות מאַן־ און ווײַב־פּאָליטיק — און איך ווייס נישט וואָס צו טראַכטן און ווי אַזוי צו פֿאַרשטיין דאָס, וואָס באַרים רעדט אַזוי וואַרעם וועגן איר.

— ביז איינמאָל, ווען באַרים איז געגאַנגען מיט מיר פֿון דער אָוונט־שול, איז ער געווען אין אַזאַ שטימונג, אַז ער האָט גענומען אויסריידן פֿאַר מיר דאָס האַרץ.

# פופצנטער קאַפּיטל

## דער רעוואָלט אינעם „סוועט־שאַפּ"

— א —

אויסרעדנדיק פאַר מיר דאָס האַרץ, האָט באַריס גערעדט: ער, באַריס, איז אַ טויגעניכטס, אַ פּאַדליעץ, גאַרנישט קיין רעוואָלוציאָנער. ער זעט ווי די אַרבעטער בײַ אָט דער קסאַנטיפּע אין שאַפּ ווערן אויף דעם שרעקלעכסטן אופן עקספּלואַטירט, און ער שווײַגט. ער שווײַגט, כאָטש ער ווייסט, אַז מען וואָלט זיי געקענט איצט אַלעמען אַרויסרופן אויף אַ שטרײַק, ווײַל ער און סיאָמאַ האָבן שוין אַ ביסל דאָרט אַרײַנגעוואָרפן ליכט אין דעם „חושך פון מצרים" פון יענע ייִדישע אַרבעטער... און שווײַגן שווײַגט ער — הודיעט זײַן באָסאָוועד קול מיט מער כעס — צוליב איר, אָט דער עקספּלואַטאַטאָרין! ער, דער פּאַדליעץ, האָט פאַרקויפט זײַן רעוואָלוציאָנערן געוויסן צוליב אַ ווײַבל. אמת, ער האָט זי ליב, זי איז שיין ווי אַ טײַוול. איין שטיק פײַער.. איז וואָס, נו? דערפאַר וואָס־האָ? דערפאַר ווערן אָט דאָס, וואָס ער פילט, אַז ער איז איצט?... ער איז דאָך אַ רעוואָלוציאָנער, דער טײַוול זאָל אים נעמען, און זי מיט איר „גערגעלע" זײַנען דאָך הויטשינדער און בלוט־זויגער...

און צום סוף דערקלערט ער, אויף זײַן היציקן און ענערגישן אופן, אַז אויס, מער נישט! זאָל איך אים אַנשפּײַען אין פּנים, אויב שוין מאָרגן, אָט טאַקע שוין גלײַך מאָרגן, רופט ער נישט אַרויס אַ „רעוואָלט" אינעם שאַפּ! (די אַנאַרכיסטן, וואָס האָבן לכתחילה נישט געגלייבט אין קיין שטרײַקן, קוקנדיק אויף דעם נישטיקער ווי אויף איינעם פון די „פּאַליאַטיווע" מיטלען, האָבן שפּעטער גענומען קוקן אויף דעם קלענסטן שטרײַק, זוי אויף אַ „רעוואָלט". ס'הייסט, ווי אויף אַן אָנזאָג פון דער ריכטיקער,

אדער פון א מין איינמושטירן זיך פאר דער ריכטיקער סאציאלער רעוואָ־לוציע).

ער קומט היינט אויף זיין קוואַרטיר, — האָט ער גערעדט ווייטער, — וועט ער זיך דורכשמועסן מיט סיאַמאַן וועגן דעם, ווי אַזוי זיי זאָלן מאָרגן האַנדלען. און זאָל טאַקע זאַמקע אויך מאָרגן קומען אַהין אין שאַפּ, און אויך איך זאָל אַהין קומען, מיר וועלן דאָרט צוניץ קומען. מען וועט דאַרפן ווירקן אויף די אַרבעטער און העלפן זיי אַרויסטראָגן די מאַשינען פונעם שאַפּ. (אין יענער צייט האָבן די מערסטע יידישע אַרבעטער אין די סוועט־שעפּער געאַרבעט יעדער איינציקער אויף זיין אייגענער ניי־מאַשין, אָדער אויף זיין אייגענער „קאַטערינקע").

דעמאָלט, יענעם ביינאַכט, דערוויס איך זיך אויך פון אים, אַז ער האָט זיך שוין עטלעכע מאָל געטראָפן מיט דער „עקספּלואַטאַטאָרקע", דעם ערשטן מאָל פאַראַכטאָגן שבת, טאַקע ביי איר אינעם שאַפּ גופא.

שבת האָט מען ביי איר אינעם שאַפּ קיינמאָל נישט געאַרבעט, און פון די אַרבעטער האָט דאָרט אויך קיינער נישט גענעכטיקט לכבוד שבת; האָט זי פאַראַכטאָגן שבת מיט א כיוון אָוועקגעשיקט איר „גערגעלע" מיטן קינד צו זיין ברודער און זי איז נאָכדעם פאַרבליבן אַליין אינדערהיים, דאָס הייסט, אינעם שאַפּ ביי איר, וואוהין ער, באַרים, איז שפּעטער דערנאָך צו איר געקומען...

פון דעמאָלט אָן האָבן זיי זיך עטלעכע מאָל ווידער געטראָפן שפּעט ביינאַכט. ערשט נעכטן ביינאַכט נאָך צען האָט ער זיך געטראָפן מיט איר. זי האָט אים אָפּגעוואַרט אויף אַרטש סטריט לעבן א האָטעל. און נאָך יעדן מאָל, ווען ער טרעפט זיך מיט איר, פילט ער, אַז ער פאַרפּלאָנטערט זיך אַלץ מער און מער, און דערפאַר האָט ער באַשלאָסן צו באַפרייען איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיין רעוואָלוציאָנערן געוויסן פון איר כישוף און האַנדלען ענערגיש, אַט אַזוי ווי א ריכטיקער רעוואָלוציאָנער...

— ב —

און ווי באַרים פאַלט דעמאָלט אין מיינע אויגן, אַז איך דערוויס זיך פון אים וועגן אַט דער געשיכטע. אין מיינע אויגן איז ער שיעור נישט קיין רענעגאַט. סטיימש, סטיימש, צוליב א ווייבל אַן עקספּלואַטאַטאָרקע מקריב זיין כאָטש אויף איין מינוט דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף! (אַזעלכע פראַזן אין יענער צייט זיינען ביי אונדז גאָרנישט געווען קיין „פראַזן").

איך בין אַזוי אויפגעבראַכט קעגן אים, אַז איך גיי דערנאָך מיט אים

אויף זיין קוואַרטיר, כאָטש עס איז שוין נאָך צען בייַנאַכט, כדי איך זאָל זיין דערבייַ, ווען ער וועט אַפּריידן מיט סיאָמאַן און זאַמקען וועגן דעם „רעוואָלט" ביי זיין געליבטער אינעם שאַפּ...

אויף דער קוואַרטיר בייַ אים, דאָס הייסט, בייַ אַברהם־בערן איז דער היים, טרעפֿן מיר סיאָמאַן און זאַמקען און אַברהם־בערן אַליין.

דער לאַנגער זאַמקע שפּרייַזט מיט זיינע לאַנגע, דינע פיס איבערן צימער און קאָכט זיך וועגן עפּעס, וואָרפֿנדיק מיט זיינע לאַנגע אָרעמס. סיאָמאַ און זיין פעטער זיצן בייַם טיש און הערן זיך צו צו אים.

ער, זאַמקע, רעדט וועגן זיין גאָט, וועגן דעם ברודער יאָזעף בּאַראַנ־דעם, וואָס ער איז מקריב זיין לעבן פאַר די ברידער־אַרבעטורער, און ער שעלט דערבייַ די ברידער־אַרבעטורער, וואָס יעדערער פון זיי איז אַ שקלאַף מיט אַ הינטישער נשמה און וואָלט נאָר געלעקט בייַ די באָסעס, די בלוט־זויגערס, דעם שמויב פון זייערע פּאַדעשוועס...

— און גיי, פיר איין מיט אַזעלכע שקלאַפישע הינטישע נשמות אַ נייַע סיסטעם פון אַ בעסערער געזעלשאַפט! — פּאַטשט ער ממש פאַר־צווייפלט מיט זיינע הענט, — ניין, ברודער יאָזעף באַראַנדעס, אַזאַ מאַן האָט נישט געדאַרפט אוועקלייגן זיין לעבן פאַר אַזעלכע!...

אין אַ ווייַלע אַרום זיצן מיר אַלע זאַלבע־פינף אַרום טיש און ריידן אַרום דעם מאָרגנדיקן „רעוואָלט", אָדער שטרייק.

זאַמקע צינדט זיך אָן:

— טאָמער וועט עמעצער פון זיי נישט וועלן אַרויסגיין אויפן שטרייק, וועל איך אים פאַר די פיס אַרויסשלעפּן, פאַר דער באָרד! מיט גוואַלד דאַרף מען זיי אַרייַנטרייַבן אין די „יונעס", די הינטישע נשמות! — צעשרייַט ער זיך.

אַברהם־בער זאָגט צו אים, אַז ער זאָל אַזוי נישט שרייַען, כדי זיין פריידל זאָל נישט דערהערן בייַ זיך אינעם שלאָף־צימער. זי קען נאָך אים, אַברהם־בערן, זאָגן, אַז ער זאָל נישט שטרייקן. און ער פאַרשטייט, אַז מען דאַרף איצט יאָ שטרייקן און מאַכן אַרויסנעמען די ביכלעך פון דער „יונע".

— ביכלעך פון דער יונע דאַרף זיין אונדזער ערשטע פאָדערונג, — כאַפּט אונטער זאַמקע שוין אויף אַ גאַנץ שטילן קול.

— און אַ ניקל מער אויף אַ טוץ יעדן, וואָס ער אַרבעט, — מאַכט אויף נאָך אַ שטילערן קול אַברהם־בער.

— פאַרוואָס עפּעס נאָר אַ ניקל? פאַרוואָס נישט צען סענט? —

רופט זיך אָן זאַמקע — וויניק ווערן זיי פעט פון אונדזער בלוט, די בלוט־זויגערס, וואָס?

— צען סענט אפשר אַ בוטעלע צופיל? — פּרוּווט אַבּרהם־בער זיך דינגען מיט אים.

און עס בלייבט דערנאָך אַזוי ווי זאַמקע האָט געזאָגט.

צום סוף באַשליסן מיר, אַז מיר זאָלן אַרויסשטעלן אָט די פאָדע־רונגען:

א. אַ העכערונג פון צען סענט אויפן טוץ „אַרבעט", וואָס יעדער אײנציקער פון די אַרבעטער אַרבעט אויס אינעם שאַפּ.

ב. אַלע, וואָס אַרבעטן אין אָט דעם שאַפּ, מוזן ווערן יוניאָן־ברידער.

ג. די אַרבעטער פונעם שאַפּ זאָלן נישט דאַרפן שלעפּן די בינטלעך „אַרבעט" פון די עקספּרעס־וועגענער, ווי זיי האָבן עס ביז איצט געטאָן. (דער „באָס" מיט דער „באַסיכע", ווי זאַמקע האָט געזאָגט, זיינען אַליין נישט קראַנק דאָס צו טאָן).

ד. קיינער פון די אַרבעטער טאָר נישט נעכטיקן אינעם שאַפּ, וויל מער ווי צוועלף שעה אַ טאָג טאָר אַן אַרבעטער נישט אַרבעטן.

ה. די „באַסיכע" טאָר נישט שרייען מער, טאָר נישט זידלען און שעלטן די אַרבעטער, ווי ביז אַהער...

— ג —

אויף מאָרגן אינדערפרי קום איך צולויפן צום שאַפּ, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט.

אין דרויסן, עטלעכע הייזער פונעם שאַפּ, שטייען באַרים, סיאָמאַ און זאַמקע. זיי וואַרטן אויף מיר.

זיי אַלע זעען אויס פייערלעך־ערנסט. עס איז דאָך באמת נישט קיין קלייניקייט אַרויסצורופן אַרבעטער אויף אַ „רעוואָלט".

באַרים ווישט זיך אויס זיינע פענסנע און נאָכדעם מאַכט ער צו אונדז אויף זיין ענערגישן אידיש:

— קומט!

— און מיר לאָזן זיך גיין, ממש סאָלדאַטן פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי (שיער נישט אנגעשריבן: פון דער רויטער אַרמיי), מיט פעסטע, הילכעדיקע טריט, צום קאַמף. ביי מיר אַליין צאַפּלט זיך דאָס האַרץ פאַר אויפרעגונג.

— מיר גייען אַריין אין שאַפּ און בלייבן שטיין אין דער קיך, ווו דער

עלטערער הויכער ייִד, מיט דער לאַנגער, גרויער באָרד און מיט די רויטע, פֿאַרשוואָלענע אויגן, אַרבעט אַליין מיט זײַן פּרעסאײַזן.

אין די אַנדערע חדרים אַרבעטן אַלע „הענט", ווי אַלע מאָל, און אַברהם־בער אַליין אַרבעט אויך צווישן זיי.

דער „באָס", דאָס „גערגעלע" מיטן געלן פּנים, וואָס איז אײַנגעטונקט אײַנגאַנצן אין זומער־שפּרינקלעך, שפּרינגט אַרום דאָרט אַ פֿאַרהאָוועטער צווישן די פּעק מיט אַרבעט, וואָס ליגן אָנגעוואָרפֿן אויפֿן דיל, און ציילט זיי, און וואַרפֿט ווײַסע אויגן פֿון אונטער די געלע ברעמען אויף אַלע זײַטן. ער איז אָן אַרבל, מיט די אַרבל פֿונעם העמד הויך פֿאַרקאַשערט איבער זײַנע געלע, מאָגערע אָרעמס.

זײַן דיקע, בלאָנדע ווײַבל איז דאָרט פֿאַרנומען אין דעם לעצטן חדר, ווו די מיידלעך אַרבעטן.

דערזעט אונדז מיטאָמאָל דאָס „גערגעלע" און שטעלט אָן אויף אונדז פֿאַרוווּנדערטע ווײַסע אויגן.

ער לויפֿט צו צו אונדז און קוקט דאָ אויף באַריסן און דאָ אויף סיאָמאָן און רופֿט זיך אָן דערנאָך:

— וואָסי? פֿאַרוואָס שטעלט איר זיך נישט אַוועק אַרבעטן?

אָנשטאָט אים צו ענטפֿערן, דונערט אַרויס מיטאָמאָל באַריס אויף זײַן באַסאָווען קול, אַריבערשרײַענדיק דעם אײַזערנעם געפּילדער פֿון די ניי־מאַשינען:

— אַרבעטער, נאַראַד ראַבאָטשי, הערט אויס!...

און בשעת ער שרײַט אַזוי, לויפֿט אַרײַן זאַמקע צו די אַרבעטער אין צווייטן חדר און ער הייבט אויף זײַנע לאַנגע הענט אין דער הויך און מאַכט צו זיי צייכנס, אַז זיי זאָלן אויפֿהערן צו אַרבעטן.

ווערט דערמאָלט שטיל. די ייִדן מיט די בערד האָבן אָפּגעשטעלט זייערע מאַשינען און קוקן פֿאַרוווּנדערט צו זאַמקען.

— דאָ איז אַ שטרײַק, ברידער אַרבעטער, — שרײַט זאַמקע, — און מיר זײַנען געקומען אַרויסשטעלן פֿאַר אײַך פֿאָדערונגען צו אײַער באָס!...

דער צעטומלטער באָס טוט זיך ראַפּטאָס מיטאָמאָל אַ כאַפּ פֿון זײַן אָרט:

— וואָס איז דאָס? גאָר אַ שטרײַק בײַ מיר? אַרויס, מיסיאָנערטשיק, דו גרינער קירבעס דו, אַנאַרכיסט דו, — לויפֿט ער צו צו זאַמקען, — אַרויס, איך רוף אַרײַן אַ פּאָליסמאַן!

און ווי ער וויל אַזוי אַ פּאַק טאָן זאַמקען פֿאַר אַן אָרעם, טוט יענער

א פאר אים איבערן באשפרינקלטן און אויפגערעגטן פנים מיט זײַן לאנגער האנט, און דער קלײנינקער, אויסגעדארטער באַס, וואָס זאמקע וואלט אים, דאכט זיך, מיט אײַן בלאָז געקענט אוועקלײגן, רוקט זיך אפּ פון אים א צעשראָקענער.

און זאמקע שרײַט ווידער צו די ייִדן מיט די בערד, וואָס זיצן אלײן אויך צעשראָקענע בײַ זײערע מאשינען, און ער ווײַזט דערבײַ מיט זײַן לאנגער האנט אויפן באס, וואס זעט איצט אויס, ווי ער וואלט געפילט דעם חלף פון שוחט בײַ אים אויפן האלדז:

— ארבעטער, קוקט אים אן אט דעם בלוט־זויגער אײַערן; ער ווערט דאך פעט פון אײַער בלוט און פון אײַער הארעוואניע, אט דער „קאסע־רוטש"!...

— פּא־א־ל־יס! — הייבט אן פּלוצים צו רופן פארצווייפלט דאס „געדרגעלע". — גיטעלע! — שרײַט ער צו זײַן ווײַב, — רוף ארײַן פּאליצײ און ארעסטיר דעם גרינעם קירבעס, דײַן אײדעלן יונגנמאן מיט די פענסנע. דאס איז זײַן קאפּ, א שווארץ יאר אויף דיר אויך!...

באָריס איז אויך לעבן זאמקען, און ער רעדט אויך צו די ארבע־טער. סיאמא האט ארויסגענומען דעם פּרעסאײַזן בײַ דעם אלטן פּרעסער פון די הענט און שרײַט צו אים, אז ער טאר ניט ארבעטן, ווײַל עס איז א שטרײַק. און איך ווארט, אז מען זאל מיך רופן צו העלפן ארויס־טראגן די נײַ־מאשינען פונעם שאפ, הגם איך בין נאך אלץ א קאליקע אויף מײַן האנט.

און מיט אמאל באמערק איך, ווי די דיקע, בלאנדע גיטל איז צו־געלאפן צו באָריסן מיט א פּנים פלאם־פײַער און רעדט צו אים עפּעס שטארק אויפגערעגט און שלעפּט אים ערגעץ פאר אן ארעם.

ווײס איך דאך, אז זי איז זײַן געליבטע, און אז מען דארף איצט היטן באָריסן, אז ער זאל זי ניט פאלגן, היט איך זײ.

איך זע, אז ער איז מיט איר ארײַן אין שלאף־צימער, לויף איך ארײַן נאך זײ.

איר קינד שלאפט דארטן אויפן בעט.

איך הער, ווי זי רעדט דארט צו באָריסן און דערבײַ איז זי אזוי צעטומלט, אז זי באמערקט אפילו ניט, אז איך שטײ הינטער איר.

— אזוי באדאנקסט איר פאר אלצדינג? — רעדט זי צו אים מיט טרערן אינעם קול אויף א שרעקלעכן רוסיש, — מאמא, קאקאי אוזשאס־ני סקאנדאל! פּאלני גלאזא סעביע נאפּליו זא עטאווא סאמאווא! (מא־

מע, וואָס פאַר אַ מוראידיקער סקאַנדאַל! איך וועל זיך פולע אויגן אָנ־שפּײַען פאַר דעם אַליין!)

באָריס ענטפערט איר, אַז ער טוט זײַן חוב צו די אַרבעטער, וואָס ווערן עקספּלואַטירט אויף דעם שענדלעכסטן אופן בײַ איר אינעם שאַפּ.

צעוויינט זי זיך מיט אַמאָל:

— נו, יאַקאָיע וואָס דיעלאַ דאָ ניד? (וואָס, הייסט עס גייען אים אָן די אַרבעטער; ער וועט נאָך סײַ־ווי־סײַ נישט בלײַבן קיין אַרבעטער)

— וויינט זי און בעט זיך רחמים בײַ אים, אַז ער זאָל זיך נישט מישן.

און אַז זי זעט, אַז זי קאָן דאָס בײַ אים ניט פועלן, טוט זי זיך דערנאָך מיט אַמאָל אַ כאַפּ: גוט, זי וויל הערן, וואָס מען פאַרלאַנגט פון איר.

רעכנט אים דעמאָלט באָריס די אַלע פאָדערונגען.

אָזש זי טוט ניט אַ געשריי צו אים אויף אַ קוויטש, און דווקא אויף ייִדיש:

— אַ גוטע מכה וועט איר בײַ מיר קריגן! זשוליק! שאַרלאַטאַן! פאַרלאָזט גלײַך מײַן שאַפּ, אַניט וועל איך אײַך אָפּגיסן מיט זודיקן וואַסער!...

און זי לאָזט אַרײַן אירע בײדע הענט אין די בלאָנדע האָר און שרײַט אויף אַ קוויטש:

— אוי, מאַמע! אוי, מאַמע מײַנע, ווי בלינד איך בין געווען! ווי בלינד! ווי בלינד!...

באָרים לאָזט זי איבער אין דעם שלאָף־צימער, איך נאָך אים.

די ייִדן מיט די בערד, און די מיידלעך, וואָס אַרבעטן דאָרטן, שטייען אַלע אין אַ רעדל אַרום דעם אויפגערעגטן באָס, וואָס טענהט זיך אויס מיט זאָסקען און מיט סיאָמאַן און סטראַשעט זיי נאָך אַלץ מיט פּאָליציי

פון די ייִדן מיט די בערד רעדט איין אַברהם־בער.

ער טענהט צום באָס:

— מיר ווילן אַ ביסעלע יושר. מיר אַרבעטן צו שווער און פאַרדינען ווייניקער ווי די אַרבעטורער, וואָס האָבן ביכלעך פון דער „יוניע".

ענטפערט אים דאָס „נערנעלע" מיט גראָבע זידלערײַען.

און באָרים נעמט זיך אַז פאַר אַברהם־בערן און האַלט אַזאַ פײַערדיקע רעדע פאַר די ייִדן מיט די בערד, אַז זיי צעצינדן זיך מיט די פּנימער, מיט די אויגן און מיט זייערע בערד. דאַכט זיך, קוקן זיך אָן איינער דעם אַנדערן, און ווען אַברהם־בער שרײַט דערנאָך אויס: „ייִדן,

גוואַלד ייִדן, לאָמיר נעמען אונדזערע מאַשינען און „יונג־ברידער לאָמיר ווערן!" — כאַפּן אונטער אויך אַנדערע:

— געראָטן! גייען אין „יונגע"! אין „יונגע"!

און באַלד רייַסט אָפּ אַבֿרהם־בער דעם „סטענד" פֿון זייַן נייַ־מאַשין, וואָס איז צוגעשלאָגן צום דיל. זאַמקע העלפֿט אים. אַנדערע ייִדן טוען פּאַד אַבֿרהם־בערן, און סיאָמאַ און באָריס און איך העלפֿן זיי אויך.

מיר שלעפּן די מאַשינען פֿונעם שאַפּ אין דרויסן אַרויס. די מערסטע פֿון די מיִדלעד־אַרבעטאָרינס גייען נאָך אונדז; אָבער מער ווי אַ העלפֿט פֿון די אַרבעטער האָט חרטה און שלעפּן די מאַשינען צוריק.

הויבט אָן באָריס דעמאָלט ווידער צו ריידן צו זיי, טרייבט אים דער באָס און שרייַט:

— פּאָ־אָ־לי־ס־ם!...

און מיטאַמאָל לויפֿט אַרויס גיטל פֿונעם שלאָף־צימער און זי וואַרפֿט זיך אויף באָריסן מיט ווילדער רציחה, רייַסט בייַ אים אַרונטער די פּענסנע און הויבט אָן צו שלאָגן מיט ביידע פֿויסטן איבערן קאָפּ, און קוויטשעט:

— נאַ! נאַ! נאַ!...

זאַמקע רייַסט אים אַרויס קוים אַ לעבעדיקן פֿון אירע הענט.

אָבער זינען האָבן מיר סוף־כּל־סוף געזיגט אין אָט דעם שאַפּ. ווייַל אין יענעם אינדערפֿרי נאָך האָט זאַמקע אָוועקגעפֿירט אין יוניאָן־לאָקאַל אַ קנאַפּע העלפֿט פֿון אַרבעטער פֿון אָט דעם שוויץ־שאַפּ, אויך אַבֿרהם־בערן. און נאָכדעם האָבן די יוניאָן־אַרבעטער דערקלערט די אַנדערע, וואָס זייַנען פֿאַרבליבן אַרבעטן אין יענעם שאַפּ, פֿאַר „סקעבס", פֿאַר שטרייַק־בּרעכער, און זאַמקע, און סיאָמאַ און נאָך אַ פּאָר יוניאָן־אַרבעטער, אויך אַבֿרהם־בער צווישן זיי, האָבן אָפּגעוואַרט די דאָזיקע סקעבס בשעת זיי זייַנען געגאַנגען פֿון דער אַרבעט, און אַזוי לאַנג זיי „באָאַר־בעט" סייַ מיט גוטן און סייַ מיט שלעכטן — טאַקע מיט פּעטש אויך!

— ביז זיי אַלע זייַנען צום סוף אַרייַנגעטראָטן אין דער יוניאָן.

דעמאָלט האָבן די אַרבעטער געוווּנען בייַ גיטלען אין דעם שוויץ־שאַפּ דעם שטרייַק, און זי האָט זיי נאָכגעגעבן די מערסטע פֿאָדערונגען זייערע. איר שאַפּ איז געוואָרן אַ יוניאָן־שאַפּ און אַלע פֿריערדיקע אַרבעטער האָבן ווידער דאָרט געאַרבעט, אַ חוץ באָריס, פֿאַרשטייט זיך, וואָס האָט אַפֿילו נישט געקאָנט טראַכטן דערנאָך וועגן אַרבעטן אין דעם דאָזיקן שאַפּ...

אָט אַזוי האָט מען במעט געצוווּנגען אין יענער צייַט ייִדישע אַר־

בעטער, פריערדיקע קרעמערס און הענדלערס מיט קרעמערישער פּסיכאָלאָגיע פון דער היים, צו אָרגאַניזירן זיך דאָ אין יוניאָנס און צו ווערן דאָ „יוניאָן־לייט”. און אַזוי האָט מען דעמאָלט געקעמפט קעגן די מוראדיקע צושטאַנדן אין די דעמאָלטיקע שוויץ־שעפּער. און אַזוי האָט די דעמאָלטיקע ייִדישע אינטעליגענץ געאַרבעט פאַר אירע אידעאַלן מיט וועלכע זי האָט אויך אָנגעצונדן אַזעלכע ניט־אינטעליגענטן, ווי זאַמקען, און זיי פאַר באַוווּסטזיניקע קעמפער געמאַכט.

— ד —

נאָך דעם „רעוואָלט” אין יענעם שוויץ־שאָפּ גייט אַרום באַרים ליידיק. קיין אַרבעט קאָן ער ניט געפינען אין אַן אַנדער שאָפּ.

זיין אינטעליגענטער אויסזען, זיין טשופּרינע, זיינע פּענסנע, און זיין גאַנצע שטאָלצע שטעל הרגענען אים אַוועק.

מחמת אַז ער קומט פרעגן אויף זיין אַרבעט אין אַ שאָפּ, האָט דער באָס לכתחילה נישט קיין צוטרוי צו דער מלאָכה פון אַ יונגנמאַן, וואָס זעט אויס אַזוי.

וואָלט ער זיך אָנגעגעבן פאַר אַן „אָפּערעיטאָר” ביי העמדער, צי ביי „ראָפּערס” (וויבערישע קאָפּאָטעס), וואָלט מען אים געגלייבט; מחמת ביי אָט די פּראָפעסיעס האָבן געאַרבעט אויך אינטעליגענטן מיט טשופּרינעס און אין פּענסנע. אָבער פּרעסער, וואָס זיי זאָלן אויסזען אַזוי ווי ער, האָט מען אין די שעפּער נישט געטראָפן (סיאַמאַ איז געווען אַן אויסנאַם צווישן זיי).

די פּרעסער אין די שעפּער האָבן אַנדערש אויסגעזען. מיטל־יאָריקע, ס׳רוב מיט פּנימער און הענט געקאַרבט פון שווערער פּראַצע נאָך פון דער היים. צווישן זיי האָט מען אויך געקאָנט טרעפן אַ היימישן שמיד, צי אַ היימישן בעל־עגלה.

דערפאַר, אַז אַ באָס פון אַ שאָפּ האָט אַ קוק געטאָן אויף באַריסן, ווען יענער איז צו אים געקומען פרעגן אויף אַרבעט, האָט ער גאָר לכתחילה נישט געוואָלט פאַרלירן די טייערע צייט אפילו אויף אויסצופּרוּוון אַ פּרעסער מיט אַזאַ אויסזען, צי ער קאָן די מלאכה; און קיין אַנדער בלאָנדע, וואָס ער, באַרים, זאָל צערודערן איר הארץ תיכף ביי דער ערשטער באַגעגעניש, האָט זיך אויך מער נישט געפונען אין די שעפּער. איז ער געבליבן אָן אַרבעט.

און אפילו אַז ער האָט אַ פּאָר מאָל יאָ אָנגעטראָפן אויף אַ שאָפּ און

מען האָט זייער נויטיק געדאַרפט האָבן אַ פּרעסער און מען האָט אים שוין דאָרט אָוועקגעשטעלט צו דער אַרבעט, האָט מען אים אויך באַלד משלח געווען פון דאָרט. מחמת זײַן מלאכה האָט ער באמת נאָך נישט געקענט.

איז ער געווען אויף צרות און אין יענער צײַט איך אַליין אויך.

די הענט זײַנען בײַ מיר שוין געווען אויסגעהיילט און קיין אַרבעט האָב איך נישט געקאָנט געפינען.

אַניוטאַ האָט אַ פּאָר מאָל עפּעס יאָ געקראָגן אַרבעט פאַר מיר אין קלענערע שעפּער, אַ דאַנק באַקאַנטע אַרבעטער אירע, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט, בין איך אָבער געווען אַזאַ צרהדיק „האַנט“, אַז מער ווי צוויי־דרייַ טעג האָב איך זיך ניט געקאָנט האַלטן אין אַ שאַפּ.

אין יענער צײַט, ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן צו לערנען די ענגלישע שפּראַך, איז דאָס וואָרט „סעק“ געווען איינס פון די ענגלישע ווערטער, וואָס האָט זיך אַם טיפסטן אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון...

די הויפּט־צרה, פאַרוואָס איך קאָן זיך נישט אײַנהאַלטן אין אַ שאַפּ, איז מײַן אַלטע צרה. איך אַרבעט צו לאַנגזאַם, צו „סלאָוו“. די אַרבעט ווערט ממש אַנטשלאָפן בײַ מיר אונטער די הענט. די מאַשין דרעמלט אײַן בײַ מיר...

און דאָס איז אַלץ דערפאַר, ווי אין די פריערדיקע צײַטן, ווײַל מײַן קאָפּ איז ניט בײַ דער „אַרבעט“; ווײַל עס שלעפּט מיך אַוועק אין די חלומות, אַזוי ווײַט פונעם שאַפּ...

און עס העלפט גאָר ניט, וואָס ווידער און ווידער טו איך זיך אָן אַ כח נישט צו טראַכטן און נישט צו חלומען, אַזוי גיך, ווי איך זע זיך אַוועק צו דער מאַשין, טראָגט מיך עפּעס אַוועק, ווי אין אַ חלום, אין דעם אַרומיקן טומל פון די מאַשינען, און אין אַ ווײַלע אַרום הער איך שוין ניט אַפילו דעם דאָזיקן טומל אויך...

און יעדעס מאָל, אַז מען איז מיך משלח פון אַ שאַפּ, ווען איך קריג דעם „סעק“, הייסט עס, לײַד איך מוראַדיק. איך לײַד מער פאַר בזיון, פאַר באַליידיקונג, איידער פאַר מורא, טאָמער וועל איך הונגערן.

תמיד ווײַזט זיך מיר אויס דעמאָלט, אַז אַלע אין דעם שאַפּ זעען, ווי מע וואַרפט מיך פון דאָרט אַרויס, ווי עפּעס אַ שמאַטע, וואָס מען קאָן נישט נוצן...

צום סוף הער איך אויף אַפילו צו זוכן מײַן אַרבעט אוי[illegible] די [illegible]פער, וואָס איז די פּעולה? איך ווייס דאָך פון פריער, אַז מ'וועט מיך „סעקן“. משמעות, אַז קיין לײַטישער „אָפּערעיטאָר“ בײַ אַ נײַ־מאַשין

װעל איך שױן קײנמאָל נישט זײַן. הױב איך אָן דעמאָלט װידער צו טראַכטן, װי שױן נישט אײנמאָל פֿריער, װעגן עפּעס אַן אַנדער מלאָכה.

אַניוטאַ איז ממש אױסער זיך, פֿאַרװאָס איך קאָן זיך נישט „אײנ־אָרדענען", און רבֿקה באַדױערט מיך אױך. און איר מאַן משה־לײב, װאָס ער איז אַ סיגאַר־מאַכער, ראָט מיר, אַז איך זאָל פּרוּװן פֿאַרט זיך אױסלערנען די מלאָכה פֿון מאַכן סיגאַרן. אפֿשר װעל איך פֿאַר דעם טױגן, אפֿשר װעל איך פֿאַר דעם נישט זײַן אַזאַ שלים־מזל? טענהט ער.

זײַן עצה איז: אין דער געבײַדע פֿון באַראָן הירשס קאָמיטעט אױף צענטער און קאַרפּענטער סטריט, איז פֿאַראַן אַ מין פֿאַך־שול, װוּ מען לערנט גרינגע דעם פֿאַך פֿון מאַכן סיגאַרן, זאָל איך דאָרט אָנהײבן זיך צו לערנען אָט די מלאָכה...

און אײדער איך גײ אַהין, — זאָגט ער מיר אָן, — זאָל איך, למען השם, װערן אױס מטורף, פֿאַרגעסן װעגן דער „קאָמונקע" און װעגן די אַלע אַנדערע שײנע זאַכן, װאָס זײ האָבן זײַן רבֿקהן דאָ משוגע געמאַכט, און טראַכטן נאָר װעגן אױסלערנען זיך דעם פֿאַך.

װאָלט איך אפֿשר געגאַנגען אין יענער פֿאַך־שול אױף דער צענטער און קאַרפּענטער סטריט, דאַרף דאָך אָבער געדױערן אַ שטיק צײַט ביז װאַנען איך װעל זיך אױסלערנען די מלאָכה, און װוּ נעם איך דאָס געלט אױף אױסצוהאַלטן זיך ביז יענער צײַט?...

מײַן פֿאַרמעגן אין יענער צײַט זײַנען אינגאַנצן אַ פּאָר דאָלאַר, װאָס זײַנען בײַ מיר פֿאַרבליבן פֿון די „פּאַרינסטן" אין די שעפּער, פֿון װאַנען מען האָט מיך, נאָך צװײ־דרײַ טעג אַרבעטן, כּסדר משלח געװען.

אמת, איך װאָלט געקענט לײַען בײַ אַניוטאַן נאָך עטלעכע דאָלאַר און רבֿקה װאָלט אױך אַװדאי צופֿרידן געװען מיר „אױסצוהעלפֿן" מיט עטלעכע דאָלאַר, בין איך אָבער קינדיש־שטאָלץ און איך קאָן דאָס בשום אופֿן נישט פּועלן בײַ זיך, אַז איך זאָל לײַען געלט, בפֿרט בײַ אַניוטאַן, װאָס איר האָט געקומט געלט פֿון מיר נאָך פֿון פֿריער, געלט װאָס זי האָט מיט געװאָלט מיך געצװוּנגען בײַ איר צו לײַען...

אפֿילו, װען אַניוטאַ אַלײן פֿרעגט זיך נאָך דעמאָלט בײַ מיר װעגן דעם, צי איך דאַרף געלט, זאָג איך איר אױך, אַז נײן.

זיידלט מיך באַריס, הלמאַי איך לײַ נישט קײן געלט בײַ אַניוטאַן. איך װעל איר באַצאָלן. ער װעט איר באַצאָלן פֿאַר מיר. אױב איך װיל װעט ער פֿאַר מיר לײַען געלט בײַ אַניוטאַן. פֿאַרװער איך אים דאָס.

— טאָ שרײַב אַ בריװ צו דײַן טאַטן, אַז ער זאָל דיר שיקן געלט; װען איך װאָלט געהאַט אַ טאַטן, װאָס ער װאָלט מיך געקאָנט שטיצן

מיט געלט, וואָלט איך שוין לאַנג צו אים געשריבן — בייזערט זיך אויף מיר באַרים — דו פּוסטער בעל־גאוה (באַל־גאַיווע), באַלד וועסטו האָבן פאַר הונגער!

דערפון וויל איך אודאי נישט הערן. מחמת אהיים שרייב איך אין אַלע מיינע בריוו, אַז איך אַרבעט און פאַרדין און אַז מיר פעלט גאָר נישט. ווייל איך ווייס, וויפל געזונט עס וואָלט דאָרט געקאָסט מיין מאַמען, און די אַנדערע דאָרט, ווען זיי זאָלן וויסן אויף וואָס פאַר אַ צרות איך בין דאָ.

האָט דאָך מיין מאַמע מיר כמעט אין יעדן בריוו אירן מיר דערציילט, ווי זי קען נישט פאַרגעסן, אַז איך, איר זון ליבקע, איז „פאַרוואָרפן איבער אַלע ימען, אויפן אַנדערן עק וועלט"...

בלייבט דערנאָך ביי באַרימען און ביי מיר, אַז מיר זאָלן אָנהייבן צו זוכן סתם אַרבעט, מעג זיין אפילו גראָבן קאַנאַוועס, צי האַקן שטיינער — מיט איין וואָרט, פון קיין אַרבעט זיך נישט אָפּזאָגן...

# זעכצנטער קאַפּיטל

## הונגער

— א —

און פאַר אַ שטיקל צײַט דערנאָך קויפן מיר יעדן אינדערפרי דעם „פילאַדעלפיער לעדזשער" און צווישן די אַנאָנסן, וואָס פאָדערן אַרבע־טער צי סתם אַרבעט, ס'הייסט, נישט דוקא צו אַ געוויסער באַשטימטער אַרבעט, זוכן מיר אויף דאָרט אַן אַדרעס אָדער צוויי און מיר לאָזן זיך אַוועק צו־פוס אויף יענע אַדרעסן.

צו־פוס גייען מיר מחמת ביי אונדז איז אויסגערעכנט, אַז פאַר די עטלעכע סענט, וואָס אונדז דאַרף קאָסטן דאָס פאָרן אויף אַ טראַמוואַי קאָנען מיר קויפן אַ ברויטל און עפּעס נאָך צו דעם, און טאָמער אַ פּעקל פּאַפּיראָסן אויך.

(צוליב „עקאָנאָמיע" זײַנען מיר ביידע שוין זינט איבער אַ וואָך אויף אונדזער איגענער „קעסט" אויך, דאָס הייסט, מיר עסן שוין ניט, אַזוי ווי פריער, קיין מאָלצײַטן, נישט איך ביי מײַן „מיסעס" און נישט ער ביי זײַנער).

שלעפּנדיק זיך צו־פוס איבער דער ריזיקער שטאָט פילאַדעלפיע, אַמאָל אַזוי ווײַט ווי אַ פערציק־פופציק קוואַרטאַלן, און ס'רוב אויף אַ ניכטערן מאָגן, קומען מיר אָן כמעט שטענדיק צו־שפּעט אויף אונדזער אַדריס, ווען דער „דזשאָב", הייסט עס, איז שוין אָפּגעגעבן צו אַנדערע.

און אַמאָל אַפילו, אַז מיר קומען אָן אין צײַט אויף אַן אַדרעס, איז אונדזער קומען אַהין אויך אַרויסגעוואָרפן. מחמת דער ביטערער קריזיס פונעם יאָר 1893 האָט זיך שוין געלאָזט פילן, און בעלנים אויף אַזעלכע „דזשאָבס" זײַנען שוין געווען מער ווי גענוג, און דוקא פון די האָרעפּאַשנע און אַמעריקאַנישע שיכטן...

פארשטייט זיך דעריבער, אז דעם „דזשאב" האבן תמיד באקומען יענע און ניט אזעלכע פארשוינען, ווי איך און בארים, וואס לגבי יענע מיט די שווארצע, פארמאזאליעטע הענט און מיט די פנימער פון האַ־רעפּאשניקעס, האבן מיר ביידע זיכער אויסגעזען שטארק קאמיש אין די אויגן פון דעם, וואס האט אונדז געזאלט געבן דעם „דזשאב"...

הקיצור — זוך ארבעט היינט, זוך ארבעט מארגן — נישטא!...

און יונג איז מען, און אפעטיט צו אכלען פעלט נישט, חלילה, און בארים איז ביי מיר אויך אויף סעסט, כל זמן די עטלעכע סענט זיינען ביי מיר נישט אויסגעגאנגען אינגאנצן. קויפן מיר דערווייל די ברויטלעך מיט די הערינג און נאכדעם ביי מיר אינעם צימער — חי־געלעבט!...

יא, חי־געלעבט. מחמת, ווי מיר זיינען דעמאלט ניט אויף צרות, איז אין תוך גענומען, אונדז ביידן גוט, איז אונדז ביידן פריילעך, זיינען מיר ביידע גוט אויפגעלייגט.

ווייל ערשט איצט זעען מיר ממש באשיינפערלעך, אז ליכטיקע צייטן קומען אן פאר אונדז, און נישט נאר פאר אונדז אליין, נאר פאר אלעמען. אלעמען, — פאר דער גאנצער מענטשהייט. בפירוש, הייסט עס, זעען מיר איצט, אז די סאציאלע רעוואלוציע, די וועלט־דערליי־זעריןן, קומט אן...

סיידן נאר אידיאטן קאנען איצט אין דעם צווייפלען, איצט, ווען אפילו אזא קאפיטאליסטישע צייטונג, ווי דער „פילאדעלפיער לעדזשער", שרייבט יעדן טאג וועגן די טויזנטער און טויזנטער ארבעטער, וואס ווערן ארויסגעווארפן פון די פאבריקן אין אלע שטעט איבער גאנץ אמעריקע.

די דאזיקע טויזנטער און טויזנטער און מיליאנען הונגעריקע אר־בעטער מיט זייערע פאמיליעס וועלן דאך סוף־כל־סוף מוזן איינזען, אז די רעוואלוציע — די סאציאלע — איז פאר זיי די איינציקע הילף!

בפרט, ווען דעם דאזיקן גלויבן אונדזערן, אויסגעדריקט אין א פריעדדיקער שפראך, געפינען מיר דעמאלט ביי מאסטן אין דער „פריי־הייט" און אין דער „פרייער ארבעטער שטימע" אויך...

זי קומט די סאציאלע רעוואלוציע, זי קומט!

איז דאך באמת גאר נאריש אפילו צו טראכטן וועגן אזא קליינ־קיים דעמאלט, צי מיר קאנען קריגן ארבעט, אדער ניט; צי מיר וועלן מארגן האבן וואס צו אכלען, אדער ניט...

זאלן נאר אלע ארבעטער וואס־ניכער פארלירן זייער ארבעט און

וואָס גיבער זאָלן זיי אָנהייבן צו הונגערן, וועט אַ סוף באַלד ווערן צו אַזאַ וועלטל!

ווײַל, וואָס ערגער איז בעסער — האָבן די אַנאַרכיסטן שוין לאַנג פּראָקלאַמירט...

— ב —

און, זוכנדיק אַרבעט, אַז מיר קומען אַמאָל אויף אַן אַדרעס און טרעפן דאָרט צענדליקער אַנדערע, וואָס גייען פון דאָרט אַוועק מיט לײדיקן, אַזוי ווי מיר, זײַנען יענע בײַ אונדז אין די אויגן נישט סתם מענטשן, וואָס זיי זײַנען געקומען זוכן אַ „דזשאָב" און האָבן אים נישט געקראָגן, נעבעך, נאָר מאָרגנדיקע מיטקעמפער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

עס איז נאָר אַ שאָד געווען, וואָס מיר ביידע זײַנען טעמפּיק געווען אויף דער ענגלישער עברי און האָבן נישט געקענט ריכטיק צונויפרייד זיך מיט די דאָזיקע מאָרגנדיקע מיטקעמפער אונדזערע.

ראשית, וואָלטן מיר זיי אוודאי און אוודאי געוואָרנט, אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן; צווייטנס, וואָלטן מיר זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן זײַן גרייט מקבל פּנים זײַן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס אירע טריט הערן זיך שוין גאָר־גאָר נאָענט...

יאָ, מיר הערן די טריט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, און כסדר טראַכטן מיר דעמאָלט וועגן דעם, און אין די דאָזיקע רייד און איז דעם דאָזיקן חלום פאַרגעסן מיר וועגן דעם הונגער אונדזערן...

אָבער אינגאַנצן גוט איז דעם מענטשן קיינמאָל ניט, נישט אפילו אַזעלכע גליקלעכע מענטשן, ווי איך און באַרים זײַנען דעמאָלט געווען.

מחמת מיר האָבן געדאַרפט דערווײַל צאָלן דירה־געלט, און באַרים האָט נישט געצאָלט אַ חדשים צוויי און איך — אַ חודש פאַר דער דירה, ליגט עס מיר אויפן קאָפּ, ווי אַ שווערע משא.

אמת, די גוטמוטיקע זעלדע מאַנט נישט דערווײַל בײַ מיר קיין דירה־געלט; אָבער בעת איך בין בײַ זיך אינעם צימער, ווײַזט זיך מיר כסדר אויס, אַז אָט־אָט וועט זי אַרײַן און מאַנען, און פון אָט דעם גע־דאַנק אַליין פעלט מיר אײַן דאָס האַרץ.

בפרט נאָך, ווען איך פאַרשטיי, אַז בכלל לוינט זיך איר ניט איצט מיך צו האַלטן פאַר אַ „באָרדער", מחמת איך האָב אויפגעהערט צו עסן בײַ איר מאָלצײַטן.

און, אַחוץ דעם, שטויס איך זיך אויך אָן, אַז איר עלטערע טאָכ־טער, די רויטע מאַלי, וואָלט צופרידן געווען איצט אויך, ווי איר טאַטע, וועלוול־איציע, אַז איך זאָל זיך אַרויסקלייבּן אויף אַן אַנדער „לאָזשי".
(איר טאַטע — ווייל אין זיינע אויגן בין איך געווען אַ „מיסיאָנערטשיק" און האָב זיך געחברט מיט „מיסיאָנערטשיקעס", און מאַלי — ווייל זי האָט צום סוף דערפילט, ווי באַרים האָט זי פיינט געהאַט, און זי האָט נישט געקאָנט פאַרליידן, פאַרוואָס ער איז געגאַנגען צו מיר.)

איז מיר מיין דירה שטאַרק נישט ניחא און, ווען איך קאָן נאָר, מייד איך אויס זיך צו טרעפן פּנים לפּנים סיי מיט זעלדען און סיי מיט איר מאַן, און סיי מיט אירע טעכטער...

איך כאַפּ זיך אַריין אין מיין צימער און איך זיץ דאָרט דערנאָך גאַנץ אָפט אין איין ציטערנישׁ, טאָמער קומט אַריין זעלדע, צי גאָר וועלוול־איציע אַליין, און בעט דירה־געלט; צי גאָר ער זאָגט מיר, אַז איך זאָל זיך אַרויסקלייבן....

ווען איך קאָן ערגעץ אַנטלויפן און נישט ווייזן זיך מער פאַר זייערע אויגן!

נאָר דעמאָלט פאַרגעס איך זיך אָן דעם אַלעם, ווען איך שרייב עפּעס אויף דעם קליינעם טישל, וואָס שטייט דאָרט ביי דעם איינציקן פענצטער, איז וועלכן עס קוקט אַריין פון דרויסן אַ שוואַרצע וואַנט פון אַן אַנטקעגנדיקן אַלטן, הילצערנעם הויז.

און באַרים איז אין אַט דעם פּרט נאָך אין אַן ערגערער לאַגע, ווי איך בין. מחמת זיין מיסעס פריידל, וואָס זי איז אַ מער אויסגערעכנטע מיסעס איידער מיינע, האָט שוין עטלעכע מאָל ביי אים געמאָנט, וואָס איר האָט געקומט...

ווען נישט איר מאַן אַברהם־בער און סיאָמאַ, און טאַקע זאַמקע אויך, וואָלט זי שוין לאַנג געהייסן באַריסן, אַז ער זאָל זיך אויפזוכן אַ נייע „לאָזשי".

אמת טאַקע, וואָס עס איז שייך צו אַזעלכע זאַכן, ווי צו צאָלן דירה־געלט און צו באָרגן געלט, איז ער, באַרים, נישט אַזוי משונהדיק־סענסיטיוו, ווי איך, בפרט נאָך, ווען ער האָלט, אַז דירה־געלט דאַרפן רעוואָלוציאָנערן בכלל נישט צאָלן פון פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט; פונ־דעסטוועגן רייסט זיך אַרויס אַמאָל ביי אים אויך אַן אויסגעשריי ווענן דעם, ווו נעמט ער געלט צו פאַרשטאָפּן די „גלאָטקע" זיין מיסעס!...

ער האָט שוין געליען געלט ביי סיאָמאַן און מער קען ער ביי אים נישט לייען, ווייל פון די עטלעכע דאָלער, וואָס סיאָמאַ פאַרדינט אַ

וואך, שיקט ער א העלפט צו זיין מאמען אהיים; און זאמקען קומט שוין אויך פון אים א פאר דאלאר, און ער דערוועגט זיך נישט צו בעטן ביי זאמקען א נייע הלואה.

און ער שטייט צו ווידער צו מיר, אז איך זאל לייען געלט ביי אניוטאן, און ווידער קען ער דאס ביי מיר נישט פועלן.

און אזוי פאוואלינקע, פאוואלינקע רוקט זיך אונטער דער הונגער, דער אמתער הונגער... נישטא קיין ברויט, נישטא קיין פאפיראסן, די איינציקע האפענונג אונדזערע איז די סאציאלע רעוואלוציע!

אודאי קומט זי; אבער דערווייל... ווו געפינט מען דערווייל ארבעט? וועלכע־ניט־איז ארבעט, צו פארדינען כאטש אויף א טרוקן שטיקל ברויט און אויף א פאפיראס, מעג זיין פון דעם ערגסטן סארט!

און ווידער שלעפן מיר זיך ארום גאנצע טעג איבער דער גרויסער שטאט, זוכנדיק ארבעט, מעסטן אויס אירע גרויסע און ברייטע גאסן, טרעפן אז אנדערע מענטשן, וואס זוכן ארבעט, אין די צענדליקער און אין די הונדערטער, און אזוי ווי זיי, געפינען מיר אויך גאר נישט.

שטעלן מיר זיך אפ פאר די גרויסע רעסטאראנען און קוקן אויף די געבעקס און אויף די אנדערע מאכלים. וואס זיינען ארויסגעשטעלט אין די גרויסע שויפענצטער, און מיר שלינגען די סלינע און פרעסן מיט הונגעריקע אויגן די דאזיקע מאכלים מיט דעם גלאנצנדיקן שויפענצטער אינאיינעם...

און אמאל באמערקט דעמאלט בארים אז אוועקגעווארפן שטיקל פאפיראס ארום אזא רעסטאראן, הויבט ער עס אויף און פארריכערט, און מיר טיילן זיך נאכדעם דערמיט: ער א ציי און איך א ציי...

בארים האט געהאט א זילבערנעם זייגער, וואס איז אים טייער געווען, ווייל עס איז אן אנדענק געווען פון א מיידל, וואס ער האט זי ליב געהאט און וועלכע איז געשטארבן אין דער קיעווער טורמע, ווו מען האט זי פארשפארט פאר רעוואלוציאנערער ארבעט; האט ער איינמאל גענומען יענעם זייגער און צו אים אויף רוסיש געזונגען א געזעגנס־ליד, וואס ער האט עקספראמט פארפאסט אויף זיין באסאווען קול, צארט און מיט ערפורכט צוגעטראגן צו אים די ליפן און אוועק דערנאך מיט אים אין „פאון־שאפ". און מיין מאמעס פוכאווע קישעלע איז אויך אוועק נאך יענעם זייגער, און עטלעכע טעג נאכדעם האבן מיר געהאט סיי וואס צו עסן און סיי וואס צו רויכערן.

— מיר וועלן אונדזערע זאכן צוריקקריגן — האט בארים געטרייסט

סײַ זיך און סײַ מיך — די רעוואָלוציע וועט שוין אויפמאַנען פאַר אונדז אי מײַן זײַגער און אי דאָס קישעלע!

און דערנאָך ווידער הונגער...

אמת, ווען אַניוטאַ צי רבקה, צי גאָר אַפילו משה־לייב אַליין, וואָלטן געוווּסט, אַז איך הונגער, וואָלטן זיי אודאי נישט דערלאָזט צו דעם. בין איך אָבער געווען אַזאַ בריאה, אַז דווקא, בשעת איך האָב געהונגערט, האָט איך זיך אויסבאַהאַלטן פון לאַנדסלײַט און באַקאַנטע. מחמת מיר האָט זיך רק אַרויסגעוויזן, אַז אויפן שטערן בײַ מיר איז אָנגעשריבן, אַז איך הונגער. און דער געדאַנק וועגן דעם, אַז מענטשן זאָלן רחמנות האָבן אויף מיר, איז מיר געווען מוראדיק שווער.

איז באַרים דעמאָלט געפאַלן אויף אַ פּלאַן: ער האָט גענומען אָפּ־היטן, ווען זײַן מיסעס איז נישט געווען אין שטוב און בײַ איר פון דער שאַפע געגנבעט ברויט פאַר אים און פאַר מיר.

און אַמאָל, ווען מײַן מיסעס איז נישט געווען אין שטוב, האָט ער זיך אַרײַנגעכאַפּט צו איר אין שאַפע אויך, הגם איך אַליין האָב דאָס גאָר נים געוואָלט לײַדן.

— פרעס און שווײַג! — האָט ער זיך געבייזערט אויף מיר — איך וועל נאָך אַמאָל צונויפנעמען עטלעכע מענטשן און מיר וועלן באַפאַלן אַ גאַנצע בעקערײַ. איין מענטש זאָל נישט הונגערן, ווען בײַם אַנדערן אין דער שאַפע, צי אויף די פּאָליצעס, ליגט ברויט, דו בורזשוק!...

— ג —

אַרום אָט דער צײַט, אַז ערד אַ וואָך פאַר פּסח, טרעפן מיר איינמאָל אויף מאַרקעט סטריט דעם פריערדיקן מירער ישיבה־בחור, אַבראַשאַ, און שטעלן אים אָפּ.

די לעצטע צײַט, ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, האָבן מיר אים געזען בײַ וועלוול־איצען אינדערהיים. (ער איז געקומען אַהין צוליב בעלאַן, אין וועמען — מען האָט דאָס געקאָנט זען — ער איז פאַרליבט געווען.) דעמאָלט האָט ער אויף אונדז געמאַכט אַ אײַנדרוק, אַז ער הויבט אָן צו סימפּאַטיזירן מיט אונדזערע אידייען (משמעות, כדי צו געפעלן בעלאַן).

זינט דעמאָלט איז ער עפּעס גאָר אַ נײַער אָדם. ער האַלט זיך גלײַך און זיכער, נישט אַזוי אַביסעלע אײַנגעהויקערט, ווי פריער, און זײַן פּנים איז באַלעבט און די אויגן זײַנען שמייכלען צופרידן.

און אַנגעטאָן איז ער אויך שיעור ניט מעשה פּראַנט: אין אַ העלן, לײַכטן אויבערמאַנטל און אין געלע לאַקירטע שיך.

— ווי גייט עפּעס, אַבראַשאַ? — מאַכט צו אים באַריס נישט נאָר־אין אַ פרײלעכן טאָן, מחמת ער קוקט עפּעס אויף אים מיט חשד ווען ער דערזעט אים איצט אַזאַ אויסגעפּוצטן און אַזאַ קאָנטענטן.

אַבראַשאַ ענטפערט אים אויף ענגליש, אַז אים גייט בעסער ווי ער־האָט זיך אַליין געווונטשן, און ער שלאָגט אונדז פאָר, אַז מיר זאָלן אַרײַנגיין מיט אים אין אַ דערבײַיאיקן רעסטאָראַן.

און אַזוי ווי אַ ריכטיקער מאָלצײַט איז בײַ אונדז איצט נאָר אַ גרויסער עניין, לאָזן מיר זיך נישט לאַנג בעטן און גייען מיט אים אַרײַן אין רעסטאָראַן.

זיצן מיר נאָכדעם בײַ אַ טישל און עסן דעם געשמאַקן מאָלצײַט. אַבראַשאַ, אַז ער זעט, ווי אַזוי מיר עסן דאָס ברויט מיט די געריכטן, שטויסט ער זיך אָן, משמעות, אַז מיר הונגערן אונטער, און ער פרעגט זיך נאָך בײַ אונדז, ווי עס גייט אונדז.

אין דעם גאַנצן אמת דערציילן מיר אים ניט, דאָס הייסט וועגן דעם, אַז, פּשוטו כמשמעו, מיר הונגערן; אָבער וועגן דעם, אַז מיר זוכן אַר־בעט און געפינען ניט, — דערציילן מיר אים יאָ.

לייגט ער דאָן פאָר באַריסן און מיר, אַז מיר זאָלן אָנהייבן צו אַר־בעטן פאַר זײַן פירמע (ער האָט מאַקע אַזוי געזאָגט: „מײַן פירמע״), און מיר וועלן קאָנען פאַרדינען אַ סך געלט.

—וואָס הייסט אײַער פירמע? איר האָט דען אַן איינן געשעפט? — פרעג איך.

— יאָ, — ענטפערט ער.

און ער דערציילט אונדז, אַז ער אַרבעט שוין נישט מער אין דער „פעדלער־סופּלאַי״־געשעפט, וווּ באַריס האָט אַ שטיקל צײַט אויך פריער־געאַרבעט; נאָר ער האָט איצט, אין שותפות מיט זײַנעם אַ פעטער, אַליין אַזאַ געשעפט, און פאַר זײַן פירמע אַרבעטן אַגענטן, וואָס פאַר־דינען בײַ אים שטיקער געלד...

און אונדז — רעדט ער ווײַטער — וועט ער געבן מער. יענע קריגן 25 פּראָצענט פון דעם, וואָס מען פאַרדינט פון אַן אַרטיקל, און אונדז וועט ער געבן דרײַסיק.

וואָס מיר דאַרפן טאָן? אַרויסגיין פּעדלען איבער די הײַזער מיט סחורה. ער איז אונדז ערב פאַר 20־25 דאָלאַר אַ וואָך פאַרדינסט. זײַן פירמע וועט אונדז געבן די סחורה. זייגערס און אַלבאָמען, האַנטוכער

און טישטוכער און אונטערוועש — אַלצדינג אויף אויסצאָלן. אויף אויסצאָלן נעמט יעדע פאַמיליע פון אַ טענעמענט־הויז...

רופט זיך אָן באָרים, אַז דאָס איז אַן עסק פאַר הויטשינדער און ניט פאַר אונדז.

און איך בין מיט אים אויך מסכים.

שמייכלט אבראשאַ:

— אַ בעסערער עסק, ווי צו הונגערן.

— דער הונגער וועט ברענגען די רעוואָלוציע — טוט באָרים כמעט אַ געשריי אויף אים.

— אפשר! — טוט אבראשאַ שפּאַטיש אַ לאַך.

— ביי מיר איז דאָס ניט קיין „אפשר" — צעהיצט זיך נאָך מער באָרים.

— און ביי מיר אויך ניט! — צעלאַכט זיך נאָך העכער אבראשאַ.

— וואָס מיינט איר? — טוט באָרים אַ קוק אויף אים.

— איך מיין גאָר נישט, גאָר נישט — לאַכט אבראשאַ — און דעם אמת געזאָגט, בין איך איצט אַזוי פאַרנומען, אַז איך האָב גאָר קיין צייט נישט צו טראַכטן פון אַן אַנדער זאַך, ווי נאָר פון „ביזנעס"...

— הייסט עס, איר לאַכט איצט פון רעוואָלוציאָנערן? — רופט זיך אָן באָרים.

ענטפערט אים מיט אַמאָל אבראשאַ אויף רוסיש, און מען זעט, ווי ער היט זיך, אַז ער זאָל נישט מאַכן קיין גראַמאַטיקאַלישן גרייז:

— איך וועל אייַך זאָגן, ווי איך קוק איצט אויף דעם: דער רוח האָט געמעגט נעמען מייַן זיידן, פאַרוואָס ער האָט די רעוואָלוציע פאַר מיר נישט געמאַכט; און צען רוחות מעגן מיך נעמען, איידער איך זאָל די רעוואָלוציע מאַכן פאַר מייַנע אייניקלעך!...

אַז באָרים דערהערט אָט די דיבורים, הערט ער אויף אַ רגע צו קייַען; נאָכדעם טוט ער אַ קוק אויף מיר מיט אויפגערעגטע אויגן און ער הויבט אָן צו קייַען ווייַטער מיט כעס.

צום סוף שטעלט ער אָן די אויגן אויף אבראשאַן און מאַכט צו אים:

— סע פאַרדריסט מיך, וואָס מיר האָבן ביי זיך נישט קיין געלט אויף צו באַצאָלן דאָ אין דעם רעסטאָראַן. מיר וועלן אָבער שוין אייַך אויפזוכן און אייַך צוריקקערן דאָס געלט, וואָס איר וועט דאָ באַצאָלן. אָבער אַ מערזאַוועץ זענט איר, אַ סוויניאַ און אַ פּאַסקודנינקער שיילאָק! אַזאַ איינעם, ווי אייַך, ווילן מיר גאָר נישט קענען!

האָט זיך אויפגעהויבן פונעם טיש און אַ שלעפּ געטאָן מיך פאַר אַן אָרעם:

— קום! ...

און אַזוי האָבן מיר דעמאָלט אויף אַלע מאָל איבערגעריסן מיט איינעם, וואָס ער האָט אין אַ יאָר אַרום טאַקע חתונה געהאַט מיט דער שיינער בעלאַן, און וואָס איז אין יאָרן שפּעטער געוואָרן איינער פון די רײַכסטע פאַבריקאַנטן אין ניו יאָרק און אין פילאַדעלפיע.

— ד —

דעם זעלביקן אויפדערנאַכט אַ סורפּריז: אַניוטאַ קומט צו מיר און ברענגט מיר געלט, וואָס עס איז אָנגעקומען אויף איר אַדרעס פאַר מיר פון מײַנע עלטערן.

אַזאַ מעשה געווען: זי האָט בסוד פון מיר געשריבן צו מײַן שוועסטער בערטאַן — איר חברטע פון קינדערווײַז אַז וועגן מײַן פּלאָגן זיך אין אַמעריקע. האָט מען פון דערהיים אַרויסגעשיקט 25 רובל פאַר מיר און איר אָנגעזאָגט אין דעם בריוו, אַז זי זאָל, למען השם, זען, אַז מיר זאָל, חלילה, נישט פעלן דאָ, וואָס איך מוז האָבן; זיי פון דער היים וועלן ביז אַ קאָפּיקע באַצאָלן, וואָס זי וועט אויסלייגן פאַר מיר (מײַן שוועסטער בערטאַס בריוו און אויך מײַן טאַטנס, וואָס ער האָט צו איר, אַניוטאַן, געשריבן וועגן דעם, האָט זי מיר געגעבן לייענען).

אין יענעם בריוו איז אויך געווען אָנגעגעבן אַן אַדרעס פון מײַן מאַמעס אַ שוועסטערקינד, פון אַ ייִד מיטן נאָמען קאַסובקין, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע פאַרם ערגעץ אין ראַזענהיים, לעבן כרמל, ניו דזשוירזי.

אפשר זאָל איך נאָר פּרוּוון צופאָרן צו אָט דעם קרוב? — האָט מײַן טאַטע געשריבן.

האָט אַניוטאַ מיר דערלאַנגט דעמאָלט גאַנצע 12 דאָלאַר. און פון דעם געלט האָט זי געמוזט נעמען ביי מיר — איך בין באַשטאַנען אויף דעם — אַ העלפט אויף דעם חוב, וואָס איר האָט געקומט פון מיר. בלײַב איך מיט זעקס דאָלאַר, און איך בין זיך מיישב: צי זאָל איך מיט אַ טייל פון די זעקס דאָלאַר אַרויסנעמען מײַן מאַמעס קישעלע פונעם „פּאָון־שאָפּ", אָדער געבן אַ העלפט דערפון רבקהן אויף דעם חוב, וואָס איר קומט. און פאַר דעם חודש דירה־געלט מוז איך דאָך אוודאי באַצאָלן ...

און דערנאָך, אַז אַניוטאַ גייט אַוועק — אַ צווייטער סורפּריז:
וועלוול־איצע קומט אַריין אין צימער צו מיר מיט גאָר אַ רויקער מינע און זאָגט צו מיר „גוט אָוונט” אויף אַזאַ פריילעכן אופן, אַז איך האָב זיך ממש געוווּנדערט, פאַרוואָס מיט אַמאָל אַזאַ פריינטשאַפט צו מיר, דעם „מיסיאָנערטשיק” ?...
נאָכדעם טוט ער זיך אַ גלעט זיין גרויסע געלע באָרד פון אויבן אַרונטער און צוריק אַרויף, און קוקט אויף מיר מיט זיינע אויגן פון אונטער די גרויסע געלע ברעמען, און פּלוצים מאַכט ער צו מיר:
— און וואָס הערט זיך עפּעס מכּה פּסח? מכּה סדרים, מצה?... כ׳מיין, פאַרשטייסט דאָך, וואָס איך מיין?...
פאַרשטיי איך דווקא ניט, וואָס ער מיינט.
גיט ער מיר דערנאָך צו פאַרשטיין אין אַזאַ לשון:
— היות ווי מיר, ייִדן, ראַמען אויס דעם חמץ פון דער שטוב לכּבוד פּסח, און אַזוי ווי דו, „מיסיאָנערטשיק”, ביזט דאָך אודאי און אודאי אַ שמיק חמץ אין שטוב. און אַזוי ווי איך האָב אויך געהערט, אַז דו האָסט געקראָגן געלט צוגעשיקט פון דיין היים, און מען דאַרף נישט קיין רחמנות האָבן מער אויף דיר, ווי מיינע האָבן אויף דיר רחמנות געהאַט, האָב איך דערפאַר געפּועלט ביי מיין זעלדען, אַז איך זאָל דיר זאָגן: לך־לך געזונטערהייט פון מיין שטוב; אַז דו זאָלסט זיך אויפזוכן אַ נייע „לאַזשי” אויף פּסח!...
איך מורמל צעטומלט:
— איך האָב פאַר אייך דירה־געלט.
— מוחל. איך׳ל אַנשרייבן דיין טאַטן, וועט ער דאָרט געבן אַן אי־בעריקן פּוד פיש מיין אָרעמער שוועסטער פאַר דעם דירה־געלט, וואָס מיר קומט פון דיר.
— הקיצור — רעדט ער וויַיטער — היינט נאָך קענסטו דאָ אי־בערנעכטיקן. אויף מאָרגן אָבער האָבן מיר שוין אַן אַנדער „באָרדער”...
און אַזוי רויק גייט ער דערנאָך אַרויס פון מיין צימער.
און אויף מאָרגן דערוויס איך זיך פון אַניוטאַן וועגן אַן אַנדער דירה ווידער, ביי אַ לאַנדס־פרוי.
און אויף מאָרגן אויף צי איך אַהין אַריין, און באָרים מיט מיר.

---

אָבער אויף דער נייער „לאַזשי” זיינען מיר לאַנג נישט פאַרבליבן ווינען. נישט לענגער ווי איין וואָך. מחמת איינמאָל קומט באָרים אַ פריילעכער פון דער גאַס. ער האָט אַרבעט — זאָגט ער — ביי אַ פאַר־

מער בײַ אַ „פּענסילװעניער דאַטש״. איך האָב דאָס אויך געדאַרפט טאָן. דורך דעם אַפּיס דורך װעלכן ער האָט זײַן אַרבעט געקראָגן, קאָן איך אַזאַ אַרבעט אויך קריגן. קיין ראָטשילדס קאָן מען נישט װערן פון די פּאַרדינסטן בײַ אַזאַ פּאַרמער, אָבער פרעסן װעט זײַן גענוג, און אויף רויכערן װעט אויך סטאַיען. און, אַחוץ דעם, גאַלובטשיק, נאָ לאַניע פּריראָדי!... (אויפן שויס פון דער נאַטור.)

טראַכט איך מיר: אי טאַקע אַ טײַערע זאַך! עס איז פרילינג. אויפן דאָרף איצט שפּראָצט און גרינט מסתמא. און איך האָב ליב דאָס דאָרף. און איך האָב משוגע ליב די נאַטור. און, אַחוץ דעם, װעל איך זיך אַביסל אײַנאײַבן אין דער לאַנד־אַרבעט, װעל איך קאָנען דערנאָך מיט אַ גרינ־גערן האַרצן פאָרן צו מײַן קרוב דעם פּאַרמער קיין ראָזענהיים...

אי, װאָס עס װעט אויסקומען צו איבערלאָזן די רעװאָלוציע, די באַװעגונג, — זאָל זי נאָר קומען, די רעװאָלוציע, מיר װעלן זײַן אויפן פּלאַץ צװישן אונדזערע גענאָסן!...

און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער — באַריס איז שוין דעמאָלט ערגעץ אויפן פּאַרם בײַם „פּענסילװעניער דאַטש״ — פירט מיך צו דער מאַן פון דער „עמפּלאָימענט אײדזשענסי״ צו אײנעם, װעלכער זיצט דאָרט אויף אַ באַנק, מיט אַ הוט, װאָס זעט אויס װי אַן אַלטער האַלבער צי־לינדערהוט, און מיט אַ קאַלירטן זשילעט, איבער װעלכן עס הענגט אַ געפלאָכטענע זילבערנע, אָדער שטאָלענע, קייטל, צי פון אַ זייגער, אָדער גאָר פון אַ בינטל שליסלען, און װאָס ער רויכערט אַ ליולקע מיט אַ לאַנגן, װײַסן פּאָרצעלײַענעם ציבוק.

— אָט דאָ איז דער מאַן, מיסטער שולץ — מאַכט יענער פון דער „עמפּלאָימענט אײדזשענסי״ צו אים.

קוקט מיך אָן מיסטער שולץ פון אונטער זײַן האַלבן צילינדער־הוט און נעמט ניט אַרויס די ליולקע פון זײַן מויל.

ער קוקט און קוקט אויף מיר — אויף מײַנע װאָנצעס, משמעות, — גאָר גװאַלדאָװנע, לאַנגע װאָנצעס האָב איך געהאַט — און אויף מײַן געקרויזטן קאָפּ, און אויף דעם גאַנצן נפש מײַנעם, װאָס האָט װײַט־װײַט נישט אויסגעזען װי אַ „פּאַרמער־האַנט״ — נאָכדעם טוט ער רויק אַ שפּײַ אויס אַן אַ זײַט און נעמט אַרויס די ליולקע פון זײַן מויל מיט אַ האַנט, װאָס זי איז שװאַרץ און טרוקן, װי פאַרטרוקנטע ערד.

— שפּריכסט דאַיטש? — פרעגט ער.

— יאָ.

— אונד אויפן לאַנדע האַסטו שאָן געשאַפן?

און ער שטעלט מיר נאָך פראַגן — און אַנדערע פאַרשטיי איך איך גאָר ניט — אָבער אויף אַלע, אַלע ענטפער איך: יאָ!

דאַן הויבט ער זיך אויף — אַ ברייטער און אַ פעסט־געבויטער, און נישט קיין הויכער, מיט אַ פּנים אָן וואָנצעס, נאָר מיט אַ קופּקעלע שוואַרצע האָר אונטער דער מאַרדע, ווי אַ שוואַרץ שטיקל פּוטערוואַרג, און ער מאַכט צו מיר:

גוט, בובע! פינף דאָלאַר דעם מאָנאַט, דאָס קריגסטו שאָן! אונד וואַן דו ביסט אַ קעי, ווירסטו בעקאָמען איין ראַיז. יאָ, וואָס איזט דיין נעים? וואָס? לעאַ? גוט! לעאַ! אַ קעי!...

און ער הייסט מיר גיין נאָך מיינע זאַכן, און ער זאָגט מיר אָן, אַז איך מוז זיין צוריק אין אַ שעה צייט, אַנישט קענען מיר נאָך פאַרשפּעטיקן די באַן.

אין אַ ווײַלע שפּעטער זעגן איך זיך מיט מיין נײַער מיסעס און גיב איר איבער אַ פּאַק פון מיינע כּתבים, וואָס זײַנען געשריבן אויף רוסיש, און בעט זי, אַז זי זאָל דאָס האַלטן ביז איך וועל אַמאָל קומען דאָס אָפּנעמען.

אויפדערנאַכט קום איך אָן מיט מיין באַלעבאָס אויף דער סטאַציע, ווו מיר דאַרפן אַרונטערגיין. אַ וווּנדערלעכער אויפדערנאַכט. אַ לבנה שיינט איבער אַ פריש־גרינער, פול מיט מחיהדיקע ריחות, וועלט. ליכטיק ווי בייטאָג.

צוויי פרויען וואַרטן אונדז אָפּ אויף דער סטאַציע — אַן עלטערע און גאָר אַ יונגע. די עלטערע איז דעם פאַרמערס ווײַב און די יינגערע איז זיין טאָכטער, נאָך גאָר אַ יונג מיידל, אַ פאַרשוין מיט גאָלדיק־בלאָנדע האָר און בלויע אויגן.

דיביידע פרויען קוקן מיך אָן פאַרוווּנדערט, און נאָכדעם טוט אַ לאַך די מאַמע און תּיכף נאָך איר — די בלאָנדע טאָכטער, אַלץ הייסט גע־לאַכט!...

— דומע גענדז! — בייזערט זיך אויף זיי מיין באַלעבאָס, — ער איזט איין פאַירסט קלעס פאַרמער, דער בובע, איך וואַים דאָס! זיין נעים איזט לעאַ!...

און ער רעכנט אויס פאַר זיי אַזעלכע מעלות מיינע, אַז מיר ווערט פּינצטער פאַר די אויגן, ווען איך הער, ווי ער דערציילט זיי, וואָס פאַר אַ גוואַלדאַוונער „העלד" איכ'ל זײַן אויף דער פאַרם...

שפּעטער, ווען מיר זיצן אין דעם וואָגן, וואָס ווערט געשלעפּט פון צוויי פערד באַרג אַרויף, ווו דער פאַרם געפינט זיך, קומט אויס דער בלאָנדער

טאָכטער צו זיצן לעבן מיר. און די גאַנצע צײַט באַמערק איך, ווי זי נעמט נישט אַרונטער די אויגן פון מײַנע הענט.

און, אַזוי ווי איר טאַטע־מאַמע זיצן אויף דער קעלניע מיט זייערע רוקנס צו אונדז, נעמט זי שטילינקערהייט אָן אַ האַנט מײַנע און מיט דער אַנדערער אירער טוט זי ווייך און צאַרט אַ פיר איבער די דינע, לאַנגע פינגער פון מײַן האַנט, וואָס זי האָט אָנגענומען, און פרעגט שטיל און מיט אַ שמייכל, וואָס איז אַזוי ליב, אַזוי מחיהדיק:

— דו שפּילסט קלאַוויר, יאַ, לעאָ?...

זאָג איך איר, אַז נישט.

— ווי זאָ, מיט סאָטשי פינגער? נאַין, דו זאָגסט ניכט די טרוט, לעאָ!...

מיר איז אָנגענעם צו קוקן אויף איר, אָנגענעם צו פילן מײַן האַנט אין אירער, און איר שטים, וואָס רעדט, אַגב, אַ לשון, וואָס עס איז אַזוי ענלעך צו דעם דעמאָלטיקן ייִדיש אין אַמעריקע, איז מיר אויך אָנגענעם צו הערן, פונדעסטוועגן, ווען איך קען אַרונטערשפּרינגען פונעם וואָגן און אַנטלויפן, אַנטלויפן אין אָט דער ווײַסער ליכטיקער נאַכט און נישט ווערן!...

מחמת איך פיל, אַז איך האָב זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט אין עפּעס אַ משוגהדיק־ווילדן פּלאָנטער, אָנגעבנדיק זיך פאַר אַ פאַרמער־האַנט!...

וואָס טוט מען? וואָס זאָל איך טאָן? אַי, וואָס פאַר אַביסל צרות איך וועל דאָס האָבן! וואָס פאַר אַ פינצטערן סוף...

זי רעדט ווײַטער, דער בלאָנדער כישוף, און האַלט נאָך אַלץ מײַן האַנט אין אירער; אָבער איך הער שוין נישט, וואָס זי רעדט. איך הער נאָר מײַן אייגענעם קול, וואָס רעדט בײַ מיר אין די געדאַנקען: אפשר דערציילן איצט דעם אמת, איידער מען רופט מיך צו דער „אַרבעט"...

און אַזוי קומען מיר אָן אין אַ ווילע אַרום אויפן פּלאַץ, און דער וואָגן בלײַבט שטיין לעבן אַ ווײַסן הויז מיט אַ גרויסן גרינעם גאַניק.

## זיבעצנטער קאַפּיטל

### ווי אַזוי דעם פאַרמערס קי האָבן געשטראַיקט קעגן מיר

— א —

אין מײַן לעבן איז מיר א סך מאָל אויסגעקומען דורכצומאכן דאָ־הי אין אמעריקע, סײַ ווי א שרײַבער און סײַ ווי א פּריוואַטער מענטש, מינוטן גאָר־גאָר שווערע און ביטערע; נאָר ישרעס מאָל, ווען עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס איז שוין קיין כוח נישטאָ מער צו ראַנגלען זיך דערמיט, האָט זיך פּלוצים בײַ מיר אויפגעוועקט א באַזונדערע רויִקייט אַזאַ, וואָס האָט געשטילט מײַן שטאַרק־אויפגערעגטן געמיט און דערמוטיקט מיך זיך נישט צו אונטערגעבן, זיך נישט צו פאַרלירן...

עפּעס אַזוינס האָט אויך איצט מיט מיר פּאַסירט.

מיטאַמאָל האָב איך זיך געזאָגט: „איך וועל טאָן אַלצדינג, וואָס נאָר איך וועל קענען... איך וועל פּרוּוון זיך אויך לערנען ווי צו אַרבעטן אויף דעם פאַרם. וועל איך נישט טויגן, נו, דער טײַוול וועט מיך נישט נעמען! דער הימל לייגט זיך נאָך נישט אויף דר'ערד. פּרוּוון האָב איך געדאַרפט, האָב איך געמוזט! און פילאַדעלפיע שטייט נאָך; און געלט אויף צו פאָרן צוריק האָב איך אויך, אויפן ערגסטן פאַל!"

און ווען איך בין אויפן גאַניק אַרויף מיטן פאַרמערס ווײַב און איר טאָכטער, בין איך געווען כמעט אינגאַנצן רויִק.

דער פאַרמער איז געבליבן זיצן אויף דער קעלניע און פון דאָרט אַרונטערגעשריִען צו זײַן ווײַב און טאָכטער:

— דער בובע זאָל עסן אונד גלײַך שלאָפן גאיִן. אונד, מערי, דזשאַנב „אָוועראָלס" ניכט פערגעסן דעם לעאָ צו געבן!

און ער טוט אַ ציִ די לײצעס און פּאַרט אָװעק מיטן װאָגן װײַטער, צו דער װײַסער שטאָל מיטן רויטן דאַך.

מיט מײַן הײמישן רענצל גײ איך אַרײַן נאָך די פּרױען אין דעם הויז, צוערשט אין פֿראָנט־צימער.

ממש אַ זאַל אין אַ פּריצישן הויז, מיט טעפּיכער אויפֿן דיל און מיט װײכע סאָפֿעס און קרעסלאַס זע איך, און אױף אײנעם פֿון די טישן אַ גרױסער לאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור, װאָס אין אים זײַנען אײַנגעהעפֿט קלײנע פּערלעך, ביסער — הייסט עס — קענטיק האַנט־אַרבעט — און אַ קלײנער קלאַװיר שטײט אויך דאָרט אין אַ װינקל, — און דאָס אַלצדינג איז באַלויכטן פֿון אַ נאַפֿט־לאָמפּ, װאָס הענגט דאָרט אַרונטער פֿון דעם באַלקן אויף אַ קייט, װי בײַ מײַנע עלטערן אינדערהײם, אין װיטעבסק.

און איך, װאָס איך בין אונטער דעם אײַנדרוק, אַז אַ פֿאַרמער אין אַמעריקע איז כּמעט דאָס אײגענע, װאָס אַ פּויער, אַ מוזשיק, אין רוסלאַנד, װוּנדער זיך. יענעם פּויער פֿון מיט 50 יאָר צוריק אין װײַסרוסלאַנד האָב איך גוט געקענט. איך האָב געקענט גוט זײַן „איזבאַ" מיטן שטרויענעם דאַך װאָס איז באַשטאַנען ס'רוב פֿון אײן חדר מיט אַ לײמענער פּאָדלאָגע און מיט אַ פּאָר „פּאַליאַטעס" (געלעגערס) לעבן דעם גרויסן אויװן מיט אַ „לעזשאַנקע" (אויך אַ געלעגער).

אין אַזאַ „איזבאַ" איז, געװײנלעך, אַנגערױכערט געװען פֿון דעם אויװן, און אָפֿט האָט מען דאָרט געקענט זען, אַ חוץ דעם פּויער און זײַן פּויערטע מיט זײערע קינדער, אַ חזיר מיט חזירימלעך, און אַ יונג קעלבל אַמאָל אַ צוגאָב...

יאָ, יענעם פּויער און יענע „איזבאַ" זײַנע האָב איך גוט געקענט: אין די זומערס, װען איך בין געפֿאָרן אין די דערפֿער, אַרום װעלכע עס זײַנען געלעגן די אַזערעס פֿון מײַן טאַטן, האָב איך געזען יענע פּויערים, געזען, װי זײ װױנען און װי זײ לעבן. ס'רוב פֿון זײ האָבן געאַרבעט בײַ מײַן טאַטן אױף די אַזערעס אַלס פֿישער פֿאַר זיבן רובל אַ חודש געהאַלט...

אין אַזאַ הויז, װי פֿון מײַן באַלעבאָס, װאָלטן זײ נאָר מורא געהאַט אַרײַנצוגײן, װי זײ האָבן מורא געהאַט דאָרט, אין רוסלאַנד, אַרײַנצוגײן אין די „פּאָקאָיעס" פֿון דעם „פּאַן"...

און אין אַ װײַלע אַרום װוּנדער איך זיך נאָך מער. מען האָט מיך אַװעקגעזעצט בײַ אַ טיש אין אַ צװײטן חדר, און אַסור, אויב צען אַזעלכע עסערס װי איך, װאָלטן דאָס אַלצדינג געקענט אין זיך אַרײַנפּאַקן!

װאָס־װאָס האָט מען דאָרט נישט אַנגעשטעלט אויפֿן טיש, סײַ פֿלײשיקס און סײַ מילכיקס! און די בײדע װײַבער טראָגן אַרײַן נאָך און נאָך!

— ווילסטו אַפּעל־קוואַס טרינקען? — פרעגט ביי מיר דער יונגער בלאָנדער כישוף — אַריינקומענדיק מיט אַ קריגל פון אַט דעם געטראַנק.

— דו מוזט דאָך עסן, לעאַ, איין ביסכען מאָר — מאַכט צו מיר מערי, די מאַמע — ביז סעוועו אַקלאָוק פרימאָרגן קריגסטו ניכטס צו עסן מער!...

און עסן דווקא עס איך־דעמאָלט מער ווי ווען־עס־איז אויף מיין לעבן. ווייל זאָל איך כאָטש זיי מיט מיין קענען אַכלען ווייזן, אַז איך בין אַ ריכ־טיקע „פאַרם־האַנט". און אַחוץ דעם טאַקע, שמעקט גאָר גוואַלדיק מיר דאָס עסן נאָך די אַלע וואָכן הונגער אין פילאַדעלפיע.

איין געדאַנק נאָר לאָזט מיך נישט רוען. איך טראַכט: אויב די אַנ־דערע פאַרמערס אין אַמעריקע האָבן דאָ אויך אַלצדינג אַזוי לרוב, ווי אַט דער באַלעבאָס מיינער, איז דאָך גרויסענע צרות מיט דער רעוואָלוציע. וואָרום לויט דער אַנאַרכיסטישער „אַנשויאונג" מיינער איז דאָך פאַר דער רעוואָלוציע וואָס ערגער בעסער און, ממילא, וואָס בעסער איז דאָך ערגער, און טאַקע — אפשר — גאָר־גאָר נישט גוט...

— ב —

מערי, דעם פאַרמערס ווייב, האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ ריינעם, ציכטיקן חדר, וווּ עס איז געשטאַנען אַ בעט, וואָס האָט געבלאַנקט פון ציכטיקער ווייסקייט, און צו מיר געזאָגט, אַז דאָ וועל איך שלאָפן. און אין אַ מינוט שפּעטער האָט דער בלאָנדער כישוף אַריינגעבראַכט אַ פּאָר בלויע „אָוועראָלס" און מיר דאָס דערלאַנגט.

— היר, לעאַ, דעם דזשאָנס „אָוועראָלס" — מאַכט זי, און זי קוקט אויף מיר אַזוי מיט אירע בלויע אויגן, ווי זי וואָלט מיך שוין לאַנג־לאַנג געקענט — די „אָוועראָלס" זיינד זשאַסט דיין סאַיז...

— ווער איז דאָס „דזשאָן"? — פרעג איך.

און איך דערוויס זיך פון איר און פון מערין, איר מאַמען, אַז דזשאָן איז אַן אַרבעטער זייערער, אַ פּאָליאַק, וואָס ער איז געקומען צו זיי פון סקרענטאָן, פּענסילווייניע. ער האָט געאַרבעט ביי זיי אויפן פאַרם אַרום צוויי יאָר, ביז מיט אים האָט געטראָפן אַן „עקסידענט".

— וואָס פאַר אַן עקסידענט?

— אַ בוהאַי פון אַ שכנישן פאַרמער האָט מיט די הערנער אים אויפ־געריסן דעם בויך, און אין אַ טאָג שפּעטער איז דזשאָן דערפון געשטאָרבן.

און מערי ווייזט מיר די גרויסע לאַטע פון בלויען שטאָף, וואָס זי

האָט אָװעקגעלײגט אױף די „אָװעראָלס", טאַקע אױף יענעם פּלאַץ, װאָס האָט געזאָלט אַרומנעמען אױך זײַן בױך...

אַ שװידער נעמט מיך דורך. מיר װײַזט זיך אױס, אַז פֿון אַהינטער דער גרױסער בלױער לאַטע אױף די „אָװעראָלס" קוקט אױף מיר דזשאָנס אױפֿגעריסענער בױך. דאָס יונג און געזונט, זײער געזונט, און זײער קאַ־בעדיק לעבן אין מיר, װעקט װידערװילן בײַ מיר קעגן אָט די „אָװעראָלס". איך זאָג גאָרנישט, נאָר בײַ זיך אין האַרצן מאַך איך אָפּ: צו אָנהױבן אַר־בעטן אין מײַנע קלײדער און שפּעטער, אױב איך װעל אױף דער פֿאַרם בלײַבן, װעל איך זיך אַלײן קױפֿן „אָװעראָלס" נײַע.

און דערנאָך דערהערט זיך מיטאַמאָל פֿון ערגעץ אינעם הױז דעם פֿאַרמערס קול, װאָס בײזערט זיך, פֿאַרװאָס די „דומע גענדז" רײדן אַזױ שפּעט בײַ מיר אינעם צימער.

— שלאָפֿן, דומע גענדז, שלאָפֿן! — בײזערט זיך דאָס קול — שױן שפּעט!

די בײדע פֿרױען טוען זיך אַ כאַפּ און לױפֿן אַרױס פֿון מײַן צימער.

דער זײגער איז, מסתמא, אַרום נײַן, נישט שפּעטער.

איך בלײַב אַלײן. אױף אַ טישל, לעבן אײנציקן פֿענצטער, ברענט אַ קלײן לעמפּל.

אױפֿן בעט ליגן די „אָװעראָלס". מיט װידערװילן נעם איך דאָס אַרונ־טער און טו דאָס אַ װאָרף אױפֿן שטול, װאָס שטײט דאָרט לעבן טישל.

און אין אַ װײַלע אַרום ליג איך אױפֿן בעט און טראַכט װעגן דער אַרבעט, װאָס איכ'ל דאָרט דאַרפֿן טאָן, און װעגן דעם, װאָס איך קען און װאָס איך קען נישט טאָן אױף דער פֿאַרם.

סוף־כּל־סוף אײנגאַנצן פֿרעמד איז די אַרבעט אױפֿן לאַנד מיר דאָך נישט. אַז מען װיל, קען מען זאָגן, אַז איך בין פֿונדערהײם אַ דאָרפֿישער בחור אױך. אַנו, װאָס האָב איך געקענט, בעת איך האָב געלעבט אין די װײַסרוסישע דערפֿער בײַ די אָזערעס פֿון מײַן טאַטן?

אײַנשפּאַנען און אױסשפּאַנען אַ פֿערד; געבן אים עסן; פֿירן אַ פֿערד צו טרינקען, „פּאָיען"; רײַטן, און גוט רײַטן, אױף אַ פֿערד, װען מען דאַרף; גײן מיטן אַקעראײַזן, דאָס האָב איך קײנמאָל דאָרט נישט געפּרוּװט, אָבער די תּורה װעט נישט שװער זײַן זיך אױסצולערנען, און אױך װי צונױפֿ־נעמען „נאַװאָז", און אַפֿילו, װי מיטן האַק און זעג אַרבעטן... אָן סכּנות, איך װעל זיך אױסלערנען, װעל קענען אַרבעטן, גיכער װי אַ מלאכה אין אַ שאָפּ!...

און טראַכטנדיק אַזױ, פֿאַרגעס איך װעגן די „אָװעראָלס". איך װער

רויִק און דער מינדסטער ספק איז שוין ביַי מיר נישטאָ מער, אַז איך וועל זיך אָפּשטעלן אויף דער פאַרם אַרבעטן.

דער לאָמפּ אין מיַין חדר איז אויסגעלאָשן; אָבער ליכטיק איז דאָרט פון לבנה־שיַין, וואָס פאַלט דורכן פענצטער פון דרויסן. קוק איך אויף דער מאַטאָווער ליכטיקייט, וואָס גיסט זיך דאָרט דורכן פענצטער אין מיַין חדר אַריַין, הער זיך איַין אין דער אַרומיקער טיפער שטילקייט, און איך קען נישט איַינשלאָפן.

מיטאַמאָל הויבט אַן מיך צו ציען אַ קוק צו טאָן אויף דער פרילינג־נאַכט אין דרויסן. דאָרט, אין דער גרויסער שטאָט פילאַדעלפיע, צווישן יענע היַיזער, האַלבע חורבות, ווו איך האָב געוווינט, האָב איך קיין ריכטיקע פרילינג־נאַכט נישט געזען.

איך כאַפּ זיך אַרויס אויף די שפּיץ־פינגער פון מיַין צימער אויפן גאַניק. וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע נאַכט! וואָס פאַר אַ כשופדיקע ליכטיקייט, און וואָס פאַר אַ ניַי לעבן וועקט זיך דאָרט אונטער אָט דער ליכטיקייט, אין אָט דער טיפער אַרומיקער שטילקייט, און שפּראָצט און שפּריצט מיט יונגער גרינקייט!

הינטער דער שטאַל מיטן רויטן דאַך שטייט אַ וואַלד פאַרחלומט אונטער יענער כשופדיקער ליכטיקייט, וואָס גיסט זיך פון דער לבנה אַיבער אים.

דערנאָך בין איך ווידער אין מיַין צימער, ווידער אויפן בעט, ביז איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן.

דער פאַרמער האָט מיר אויפגעוועקט. דער לבנה־שיַין איז שוין נישט געווען מער אין מיַין חדר.

— שטיי אויף, בובע — שטייט ער לעבן מיַין בעט מיט אַן אָנגעצונדענער לאָמטערנע — שנעל! ניכט לויזע זיַין, לעאָ! פיל אַרבייט דאָ! מאַך שנעל, האַריאָפּ!...

צינדט אָן אויף גיך מיַין לאָמפּ, משמעות, כדי איך זאָל זען, ווי זיך אָנצוטאָן, און ער לויפט אַרויס מיט דער לאָמטערנע פון מיַין צימער.

— ג —

אויפן גאַניק וואַרטן אויף מיר מערי און איר טאָכטער. ביידע טראָגן זיי אויף די קעפּ גרויסע הויבלעך, וואָס זיַינען מיט שנירלעך ביַי זיי אַרומגעבונדן אונטער דעם קין.

אין יעדער האַנט ביַי זיי איז אַ בלעכענער עמער. אַן אָנגעצונדענע

לאָמטערנע שטייט דערבײַ אויף דר׳ערד. קיין לבנה איז שוין מער נישטאָ. אַרום איז אַלצדינג אין נעבל אײַנגעוויקלט.

מערי דערלאַנגט מיר אויך צוויי בלעכענע עמערס און זאָגט מיר, אַז דער פאַרמער איז אַוועקגעלאָפן צו די קי אַ בייזער, ווײַל מען האָט פאַרשפּעטיקט הײַנט אויף אַ גאַנץ פערטל שעה צו מעלקן די קי, און מיר זאָלן דערפאַר זיך אונטעראײַלן.

און מיר פאַלט גאָרנישט אײַן בשעת מעשה, אַז זי מיינט, אַז איך דאַרף אויך טאָן אָט די מלאכה.

אַז אַ מאָן זאָל מעלקן קי, וואָס אין רוסלאַנד האָבן געטאָן פרויען — דאָס איז מיר אַפילו נישט אײַנגעפאַלן!...

מערי גיט מיר איבער נאָך איינעם פון אירע עמערס, נעמט די אַנגעצונדענע לאָמטערנע פון דר׳ערד און לאָזט זיך גיין. איך און איר מאַכטער נאָך איר.

מיר גייען צום וואַלד־צו, פאַראיבער דער שטאַל. אין נעפל איז ער אײַנגעהילט. איבערן וועג שפּרייטן זיך ווײַסע, פײַכטע לײַלעכער פון אָט דעם נעפל. וווּ־נישט־וווּ פינקלט אַ שטערן אויפן טונקל־גרויען הימל.

דער פאַרמערס טאָכטער פרעגט בײַ מיר, פאַרוואָס איך האָב נישט אָנגעטאָן דזשאַנס „אָווערא̈לס". זאָג איך איר, אַז איך וועל זיך בעסער קויפן נײַע.

מיר זײַנען אַרײַן אין וואַלד. מיר גייען פאַרבײַ אַ פערד, וואָס קאָרטשעט זיך דאָרט און פאַרשקעט און קלאַפּט מיט די קאָפּיטעס איבער דעם פײַכטן גראָז. דערנאָך דערהערן מיר פון ערגעץ אינעם וואַלד דעם פאַרמערס קול: ער בייזערט זיך דאָרט אויף זײַן הונט, וואָס הויבט אָן באַלד צו בילן...

און אָט זײַנען די קי. פאַמעלעך און שטיל הויבן זיי זיך פון זייערע פײַכטע געלעגערס.

מערי נעמט בײַ מיר צו איינעם פון די עמערס און ווײַזט מיר אָן אויף איינער פון די בהמות און זאָגט צו מיר:

— די פוירסט!...

און גייט אַוועק צו אַן אַנדער קו, און באַלד הילכט די וואַרעמע מילך אין איר בלעכענעם עמער.

איר טאָכטער הויבט אויך אָן צו מעלקן אַ קו נישט ווײַט פון יענער, וואָס איך דאַרף מעלקן. ווער איך צעטומלט. וואָס טוט מען? און איך שטיי.

מאַכט צו מיר שטיל די יונגע, די טאָכטער:

פאַרוואָס טו איך נישט מײַן אַרבעט? איר פאָטער וועט באַלד צוגיין. ער וועט וועלן זען.

— אָבער ווי אַזוי? — פּרוּוו איך איר זאָגן.

— זיי דאַרף ניכט פּעררייקט, דו פאַולער לודער. פאַנג אָן!

מילא, פּרוּוו איך. אויף אַזוי פיל וויים איך, אַז מעלקן אַ בהמה דאַרף מען נישט פון אירע הערנער, נאָר פון אירע אייטער. פּרוּוו איך אַזוי טאָן; אָבער יעדעס מאָל, ווען איך טו אַ צי אירע אייטער, לאָזט מיך די בהמה איבער מיט מײַן עמער אין מײַן האַלב־זיצנדיקער פּאָזע, און זי גייט זיך אַוועק ווײַטער.

איך פּרוּוו אַן אַנדער בהמה — די זעלבע געשיכטע. זי לאָזט מיך איבער אַ האַלב־זיצנדיקן מיט מײַן עמער, און זי גייט זיך אַוועק. אַ שטרײַק! די בהמות שטרײַקן קעגן מיר!

און דאָ — פונוואַנען האָט ער זיך גענומען, דער מיסטער שולץ? — קיין וואָרט האָט ער נישט געזאָגט, נאָר אויסגעזען האָט ער ממש אַ בייזע שטיק כמאַרע, וואָס וועט אָט־אָט אַרויספּלאַצן מיט דונער און בליץ. גענו־מען מײַנע ביידע עמערס און האָט באַלד געמאָלקן מײַנע שטרײַקערינס!

און נישט גערעדט האָט ער מער צו מיר און נישט זײַן ווײַב מערי און נישט אַפילו זײַן בלאָנדע טאָכטער.

ביז די עמערס זײַנען אַלע אָנגעפילט געוואָרן מיט מילך. און אַפילו דעמאָלט, ווען איך האָב געוואָלט העלפן טראָגן די עמערס מיט מילך, האָט מען דאָס מיר אויך נישט געלאָזט טאָן. האָבן זיי זאַלבע דריט געשלעפּט די עמערס צום שטאָל צו און איך בין זיי נאָכגעגאַנגען, און, ווי איך האָב געפילט דעמאָלט, אויף אַלע אונדזערע שונאים געזאָגט געוואָרן!

און דערווײַל איז אַ רויט־פײַערדיקע זון אַרויסגעשוווּמען און האָט אַלצדינג באַגאָסן מיט ליכט און וואַרעמקייט. דער וואַלד האָט זיך צעזונגען; מיט פייגל־געזאַנג און די פעלדער אַרום — מיט פרילינג־גרינקייט. אַפילו די הינער אַרום גאַניק און ווײַטער דאָרט, אויף דער גרינער לאָנקע, האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן מיט אַט דעם פרילינג־אינדערפרי זיך געפרייט.

נאָר מיר, דעם צוואַנציק יאָריקן בחור, איז געווען דעמאָלט ווידער אַזוי שלעכט, אַזוי קאַלט און אַזוי פינצטער!...

איך טראַכט: מען דאַרף זיך אָפּטראָגן. מחמת איך פיל, אַז סײַ דער באַלעבאָס אַליין און סײַ מערי און סײַ זייער טאָכטער ווילן מיך נישט אָנקוקן מער.

איך קוק אויף דעם זאַמדיקן וועג, וואָס לויפט פון אַט דעם פאַרם

באַרג אַרונטער, ווי אַ גלײַכע שורה, צו דער סטאַציע, וווּ די באַן מיט מיר און מיסטער שולצן האָט זיך נעכטן אָפּגעשטעלט.

נעמען מײַן הײמישן רענצל, וואָס ליגט דאָרט אין דעם צימער, און אָפּטראָגן זיך, נאָך אײדער זײ קומען אַהײם עסן פֿרישטיק.

אפֿשר גײט די באַן קײן פֿילאַדעלפֿיע פֿונדאַנען אױך אינדערפֿרי? אין אַ דרײַפֿערטל שעה צײַט קען איך זײַן דאָרט אויף דער סטאַציע. אַרום צוויי מײַל פֿונדאַנען, און אַראָפּ באַרג...

איך מוז האָבן. איך קען זיך אַפֿנים העלפֿן אויף אַן אַנדער אופֿן? אמת פֿון פֿילאַדעלפֿיע האָט מיך אַהער געטריבן דער הונגער; און איצט, אַז איך וועל קומען אַהין?...

און קײנמאָל נאָך האָב איך נישט געפֿילט אַזוי שאַרף, וואָס פֿאַר אַ קללה דער קאַפּיטאַליזם איז אויף אונדזער לעבן, ווי דעמאָלט, יענעם אינדערפֿרי!...

איך וויל אַרבעטן, ערלעך אַרבעטן, פֿאַרדינען מײַן ברויט נישט פֿון דעם, וואָס איך וועל עקספּלואַטירן אַן אַנדערן, נאָר פֿון מײַן אײגענער ערלעכער פּראַצע; טרײַבט מיך דער הונגער צו אונטערנעמען זיך צו טאָן זאַכן, וואָס איך קען נישט און ווײס נישט, ווי דאָס צו טאָן; טרײַבט מיך דער הונגער, אַז איך זאָל אַן ערלעכן האַרעפּאַשניק, ווי אַ פֿאַרמער, זיך אַנגעבן פֿאַר אַ ריכטיקן פֿאַרמער־אַרבעטער, פֿאַר אַ ריכטיקער „פֿאַרם־האַנט" און אָפּנאַרן אים, און באַטריגן...

האָב איך דאָס אָבער געוואָלט? בין איך אויסן געווען אים אָפּצונאַרן?

אָ, נײן! שולדיק אין דעם בין איך זיכער נישט, נאָר...

און איך האָב זיך געשוווירן מיט אַלצדינג, וואָס מיר איז הײליק געווען, אַז ווען איך וועל צוריקקומען קײן פֿילאַדעלפֿיע, זאָל איך זיך נאָך מיט מער פֿײַער, אײדער פֿריער, אַרײַנוואַרפֿן אין דעם קאַמף קעגן דעם אמתן שולדיקן, דאָס הײסט קעגן דעם גאַנצן הײנטיקן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם...

— ד —

ווען איך גײ נאָכדעם אַרײַן אין צימער נאָך מײַן רענצל, פֿאַלט מיר אײַן, אַז איך זאָל וואַרטן ביז זײ וועלן זײַן אינעם הויז; מיט אַזאַ מײנונג, וואָס זײ האָבן איצט וועגן מיר, קענען זײ נאָך מיך חושד זײַן, אַז איך האָב עפּעס „צוגענומען" בײַ זײ פֿונעם שטוב אויך — טראַכט איך.

און, אַחוץ דעם, פֿאַרוואָס מאַכע נישט אַ שמועס טאָן מיט עמעצן פֿון זײ? זאָלן זײ מאַקע אַזױ ווײסן, ווער באמת איז שולדיק אין דעם!

אַזאַ ביסעלע אַנאַרכיסטישע אויפקלערונג וועט זיי גאָרנישט שאַטן!...
זיץ איך אינעם צימער און וואַרט.

איך הער נאָכדעם ווי די מאַמע מיט דער טאָטבער טאָכטער זײַנען אַרײַנגעקו־מען זיי ריידן עפּעס. און אין אַ ווײַלע אַרום זע איך מעריין דורכן פענצ־טער פונעם צימער, ווו איך וואַרט מיט מײַן רענצל. זי שטייט דאָרט קעגן דער שמאָל מיט אַ גרויסער שיסל און נעמט פון דאָרט הויפנס קערנער און שיט זיי פאַר די הינער, וואָס טראַגן זיך מיט אַ טומל צו איר פון אַלע זײַטן, אַנדערע פון זיי ווײַסע, ווי שניי, מיט רויטע קעפּלעך און רויטע בערדלעך.

אין דער אייגענער צײַט דערטראָגט זיך צו מיר פון דער קיך דאָס שיפּן פון עפּעס, וואָס עס פּרעגלט זיך אויף אַ סקאָוואָראָדע. די טאָכטער, משמעות, גרייט דאָרט צו פרישטיק. דער ריח דערפון וועקט מײַן אַפּעטיט.

ווען איך וויים, וואָלט איך פון דעם נעכטיקן מאָלצײַט עפּעס פאַר זיך אָפּגעלייגט אויף הײַנט. איך גלויב נישט, אויב איך וועל הײַנט קריגן בײַ זיי צו עסן. אַזוי עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ.

און טאַקע באַלד איז שוין קיין מינדסטער ספק בײַ מיר נישטאָ מער וועגן דעם: דעם פאַרמערס קול דערהער איך פון דעם עס־צימער:

— וועק, וועק, וועק זאָל דער פראָם היר! דיזער רוסע איז איין שווינד־לער! קאַנסטו דאָס? יאָ! קאַנסטו דאָס? דאָס? דאָס? יאָ! יאָ! יאָ! אַלעס קאַן דער!... וועק זאָל דער פראָם היר, זאָפאָרט, מאַין איך, זאָנסט, דאָנער וועטער!...

און פון אָט דעם „דאָנער וועטער" פאַרשטיי איך, אַז עס איז בעסער איך זאָל נישט וואַרטן מער. און איך נעם מײַן רענצל און גיי מיר אַרויס פון מײַן צימער און פונעם הויז כמעט אויף די שפּיץ־פינגער.

ווען איך בין שוין געווען נישט ווײַט פון דער סטאַציע, הער איך, אַז אַהינטער מיר לויפט עמעצער. איך קוק זיך אום — ערשט די בלאָנדע טאָכטער פון דעם פאַרמער.

בלײַב איך שטיין. מיר פאַלט אײַן, אַז זי לויפט נאָך מיר, ווײַל זי וויל זען, צי האָב איך נישט צוגענומען אין מײַן רענצל עפּעס פון דער שטוב...

זי לויפט צו צו מיר אַ פאַרסאָפּעטע און כאַפּט אַרויס פון אונטער די פּאָלעס פון איר געבלומטער סיצענער בלוזקע אַ פּעקעלע, וואָס איז אײַנגע־וויקלט אין פּאַפּיר, און דערלאַנגט מיר.

— היר — מאַכט זי אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם — דו האָסט דאָך קיין ברעקפעסט ניכט געהאַבט? עס!...

און זי לייגט צו ערנסט, און דערבײַ קוקט זי ברוגז מיט אירע בלויע אויגן מיר אין פּנים:

— אַ פּוילער לודער אונד דו שפּריכסט ניכט די טרוט, אָבער עסען מוזט דו דאַר, נאַין?...

און אַזוי ווי עסן וויל איך שטאַרק, נעם איך דאָס פּעקעלע בײַ איר, באַדאַנק איר, אָבער איך דערקלער איר אויך דערבײַ, אַז איך בין ניט אויסן געווען צו אָפּנאַרן איר טאַטן; אַז איך בין ניט קיין באַטריגער, נאָר אַז דער פּאַרפלוכטער קאַפּיטאַליזם איז שולדיק אין דעם.

און איך פּרוּוו צו געבן איר פאַרשטיין אַזוי קלאָר, ווי איך קען נאָר, אַט דעם גאַנצן ענין.

קוקט זי און קוקט אויף מיר אַלץ מער פאַרוווּנדערט, הערט זיך צו און ציט אירע אַקסלען.

נאָכדעם פרעגט זי:

— איזט דאָס רוסיש, וואָס דו שפּריכסט? איך פאַרשטיי קיין וואָרט ניכט!

און זי טוט זיך אַ כאַפּ.

זי האָט קיין צײַט נישט. זי מוז לויפן צוריק. אַ סך אַרבעט וואַרט דאָרט אויף איר.

און מיטאַמאָל נעמט זי מײַנע אַ האַנט.

— איך ווינטשע „לאַק", לעאַ...

זי קוקט אויף מײַן האַנט מיט אַ מין בענקשאַפט און צער אין די שיינע, בלויע אויגן. דערנאָך מאַכט זי:

— סאָטשי נײַס הענד. אונד דײַנע האַאַרע לאַיק איך אוד. שעהנע האַאַרע, און דאָך שפּריכסטו ניכט די טרוט. שעמע דיך, לעאַ!...

כאַפּט אַרויס פון ערגעץ אין קלייד אַ פּאַפּירענעם דאָלאַר און איין זילבערנעם האַלבן דאָלאַר, און איידער איך קוק זיך אַרום, שפּאַרט זי אַרײַן דאָס געלט מיר אין אַ האַנט מיט די ווערטער:

— פיר דײַן פּער... זאָפּיל קאָסט דער טיקעט קיין פילאַדעלפיע!

און אַוועק, ווי מיט גוואַלד וואָלט זי זיך אַוועקגעריסן.

איך האָב איר נאָכגעשריגן, זי זאָל נעמען דאָס געלט צוריק, ווײַל איך האָב גענוג פאַר דעם באַן-בילעט; זי אָבער האָט זיך נישט אומגעקוקט און איז געגאַנגען אַלץ ווײַטער און שנעלער מיטן באַרגיקן וועג.

און ווי טײַער זי איז מיר איצט געווען. וואָס-וואָס וואָלט איך נישט געגעבן, אַז איך זאָל איצט זײַן אַ ריכטיקע „פאַרם-האַנט" און אַרבעטן בײַ איר טאַטן. כדי צו זײַן נאָענט לעבן אַט דער גוטער, ליבער מיידל, וואָס

זי האָט אין מײַנע אויגן דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ טייל, ווי דער שענסטער טייל, פון יענעם וווּנדערלעך־שיינעם בלויען און גרינעם פרילינג־אינדערפרי...

איך זע דערנאָך אויף אַ פעלדז, וואָס ליגט בײַם זײַט וועג, אונטער אַ גרויסן בוים, און עס מיט הנאה דעם אָנבײַסן, וואָס זי האָט מיר געבראַכט, און טראַכט אַלץ וועגן איר.

וויפל גוטסקייט זי האָט דאָס איצט אַרויסגעוויזן! אַלע מענטשן ווערן געבוירן גוטע — דערמאָן איך זיך, וואָס איך האָב געלייענט אין אַן אַנאַרכיסטישער בראָשור, — נאָר דאָס לעבן אין דער הײַנטיקער געזעלשאַפט מאַכט זיי פאַר שלעכט!...

***

פון צווישן די ביימער אַנטקעגן באַווײַזט זיך אַ מאַן מיט אַ פּאַק. דער פּאַק איז אַרומגעבונדן מיט רימענס אַרום די אַקסלען פון דעם מאַן.

אַ ייִד, קענטיק, אַ פּעדלער, נאָר אָן אַ באָרד. נישט אַזוי ווי די אַנדערע ייִדישע פּעדלער, וואָס איך האָב געזען אין פילאַדעלפיע, מיט גרויסע בערד.

ער גייט צו צום פעלדז, וווּ איך זיץ, מיט האַסטיקע טריט, קוקט זיך אײַן אין מיר מיט פאַרזשמורעטע אויגן, דערנאָך מאַכט ער גוטמוטיק:

— אַ יאַהודי, דאַכט זיך? אַ גוטן שלום עליכם!

פונאַנדערגעבונדן די רימענס און אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דעם פּאַק אויף דר'ערד און אַליין זיך אַוועקגעזעצט אויפן פעלדז.

פון מײַן ייִדיש־ריידן שטויסט ער זיך אָן תיכף, אַז איך בין נאָך אַ גרינער און אויך, אַז איך בין פון דער ייִדיש־רוסישער אינטעליגענציע, און ער כאַפּט זיך אַרום מיט מיר מיט אַזאַ פרייד, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל דערזען זײַנעם אַ לײַבלעכן ברודער, וואָס איז אים געווען זייער טײַער.

ער רעדט שוין נישט מער קיין ייִדיש מיט מיר, נאָר רוסיש, און אַ גוטן, ליטעראַרישן רוסיש, און מיט אַן אַקצענט אַן עכט רוסישן.

עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער איז שוין דאָ אַ יאָר נײַן, זינט 1883. פון קיִעוו קומט ער. ער האָט פאַרענדיקט דאָרט אַ גימנאַזיע. געקומען אָבער גלײַך קיין סאַוט דאַקאָטאַ. דאָרט איז געווען אַ קאָמוניסטישע קאָלאָניע „בית לחם", וווּ זײַנער אַן עלטערער ברודער האָט שוין געאַרבעט מיט די אַנדערע ייִדיש־רוסישע אינטעליגענטן־רעוואָלוציאָנערן. יענע קאָלאָניע האָט געזאָלט זײַן אַ מוסטער פאַר דער וועלט, ווי אַזוי צו לעבן אָן דעם קאַפּיטאַליזם און אָן עקספּלואַטאַציע.

די קאָלאָניע יענע האָט לאַנג נישט אויסגעהאַלטן, מחמת איר האָט

געפּעלט געלט און שטיצע, האָבן די אײגענע קאָלאָניסטן דערנאָך גע־גרינדעט אַז אַנדער קאָמוניסטישע קאָלאָניע אין אַרקענזעס שטאַט.

און דערבײַ האָט ער דערמאָנט די נעמען פון סאָלאָמאָן מענאַקער און פון משה הערדער, דעם גרינדער פון דעם „עם עולם", װאָס זײ זײַנען געװען די הױפּט־פירער אין יענע בײדע קאָלאָניעס.

און אָט דער נײַער באַקאַנטער מײַנער — גריגאָר װאָלטשאָק איז זײַן נאָמען געװען — דערצײלט מיר אױך װעגן דעם, װאָס פאַר אַ באַ־װעגונג איז געװען די „עם־עולם"־באַװעגונג, װי אַזױ זי איז אױפגעקומען נאָך די פּראָגראָמען אין רוסלאַנד אין 80ער יאָרן און װער אירע גרינ־דער זײַנען דעמאָלט געװען.

װי אַזױ גריגאָר װאָלטשאָק איז געװאָרן אַ פעדלער? ביז מיט אַ יאָר צוריק האָט ער געאַרבעט. אַז די קאָלאָניעס זײַנען אונטערגעגאַנגען, האָט ער געאַרבעט דאָ און דאָרט, סײַ אין די פאַבריקן און סײַ אױף פאַרמס; נאָכדעם איז אים אײַנגעפאַלן, ער װעט פאָרן קײן באַלטימאָר און שטו־דירן דאָקטאָר; איז ער אַװעק מיט אַ פּאַק איבער די פאַרמס, כדי אָפּצו־שפּאָרן גענוג געלט פאַר שטודירן. קומענדיקן װינטער פאָרט ער דאָס קײן באַלטימאָר און הױבט אָן דאָרט צו שטודירן.

פרעג איך בײַ אים, צי מײנט ער נישט, אַז מיר לעבן אין אַ רע־װאָלוציאָנערער צײַט, זאָגט ער: אפשר יאָ און אפשר נישט; נאָר גיכער יאָ; מחמת ער איז נאָך אַלץ אַ רעװאָלוציאָנער און גלױבט, אַז די רע־װאָלוציע מוז קומען צו באַפרײַען די װעלט. און אױך אַז איך זאָל גע־דענקען, אַז אפילו אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט װעט זײַן פּלאַץ פאַר ערלעכע דאָקטוירים...

— גריגאָר װאָלטשאָק געפעלט מיר, און, װי עס איז קענטיק געװען — איך אים אױך.

אַז ער באַקענט זיך מיט מײַן לאַגע, טוט ער זיך אַ כאַפּ:

דאַראַגאָי, איך האָב פאַר אײַך די בעסטע עצה. פאָרן צוריק קײן פילאַ־דעלפיע דאַרפט איר נישט. װאָס דען? איר פאָרט מיט מיר. איך פאָר פון דאַנען קײן ברידזשטאָן און נישט װײַט פון דאָרט געפינט זיך יענער פּלאַץ. װוּהין איר דאַרפט פאָרן.

— װאָס איז דאָס פאַר אַ פּלאַץ?

— כרמל. אַ שטעטל, װאָס דער ייִדישער אַליִענס האָט אױסגעבױט מיט נאָך עטלעכע שטעטלעך פאַר ייִדישע אימיגראַנטן. לכתחילה איז דאָס געמײנט געװען אַ שטעטל פאַר ייִדישע פאַרמערס; נאָר הײַנט װױנען דאָרט אַרבעטער פון אַ קאָאָפּעראַטיװן שאָפּ, װאָס ער װערט אָנגעפירט פון מײַן

אַלטן פּריַינט, מענאַקער. איך מיין, אַז אין יענעם שאַפּ וועט איר קריגן אויך באַשעפטיקונג.

און ער דערציילט מיר וויַיטער, אַז אַזוי ווי די וואָך פֿעדלט ער אין יענער געגנט, וועט ער זיך זען מיט מענאַקערן און אַ שמועס טאָן וועגן מיר.

און ער לייגט צו:

— איך וועל אייַך זאָגן: ווען איך מאַך נישט אַפּ ביַי זיך צו שטודירן מעדיצין, וואָלט איך אַליין אויך געגאַנגען אַהין אַרבעטן, אין דעם קאָ־אָפּעראַטיוון שאַפּ.

און שפּעטער, וויַיזט זיך אויך אַרויס, אַז ער האָט געקענט מיַין קרוב קאַסוכקין פֿון ראַזענהיים, וואָס איז אַ קנאַפּער מיַיל פֿון כרמל.

דער דאָזיקער קאַסוכקין, וואָס ער איז געווען פֿריִער אַ מילנער אַרום סמאָלענסק, איז צוליב געוויסע סיבות אַוועק קיין אַמעריקע מיט זיַינע עטלעכע זין און ער איז דאָ געוואָרן אַ פֿאַרמער אין ראַזענהיים, לעבן כרמל.

און איך דערוויס זיך אויך, אַז איינער פֿון זיַינע זין, מאָשקע, אַ בחור מיט אַ וויַיסער בעלמע אויף איין אויג, וועלכער איז אָפּט געקומען קיין וויטעבסק פֿון סמאָלענסק און איז דאָרט איַינגעשטאַנען ביַי אונדז אין הויז, — אַז ער, אָט דער מאָשקע, אַרבעט מיט זיַין פֿערד און וואָגן טאָקע פֿאַר יענעם קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ אין כרמל.

בליַיבט ביַי מיר, אַז איך זאָל פֿאָרן מיט מיַין נײַעם פֿריַינט, גריגאָר וואָלטשאָק, קיין כרמל און פֿאַרפֿאָרן זאָל איך צוערשט צו מיַין קרוב אין ראַזענהיים.

# אַכצנטער קאַפּיטל

## דער קאָאָפּעראַטיווער שאַפּ און סאָלאָמאָן מענאַקער

— א —

אַט אַזוי האָט מײַן נײַער פרײַנט, גרעגאָר וואָלטשאָק, אין דעם אייגע־נעם טאָג נאָך מיך דעמאָלט געבראַכט קיין ברידזשטאָן, און פון דאָרט, אויף אַ געדונגענער פור, קיין כרמל, ווו עס האָט זיך געפונען דער קאָאָפּעראַ־טיווער שאַפּ פון „ראַפּערס״ (ווײַבערשע קאַפּאָטן), וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון סאָלאָמאָן מענאַקער און פון נאָך איינעם. אַן יידיש־רוסישן רעוואָלוציאָנער, וואָס זײַן נאָמען איז געווען קאָשעט.

איך געדענק קלאָר יענעם פאַרנאַכט סוף אַפּריל — מיט פּײַעריקע אוזאָרן אַרום אַ בלויען הימל — ווען די פור אונדזערע האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט לעבן דעם איינשטאָקיקן הילצערנעם קאָטעדזש מיטן גרויסן גרינעם גאַניק, ווו סאָלאָמאָן מענאַקער האָט געוווינט.

זיצט גראָד דעמאָלט סאָלאָמאָן מענאַקער אויף זײַן גאַניק און לייענט עפּעס.

שפּרינגט ער אויף, אַז ער דערזעט גרעגאָרן און לויפט אים אַנט־קעגן מיט אַ פרייליכן „העלאָ״ און וויל בײַ אים פון די הענט אַרויסנע־מען דעם פּאַק, וואָס ער שלעפּט. אָבער גרעגאָר לאָזט נ שט.

אין יענער צײַט איז מענאַקער אַלט געווען, מסתמא, אַ יאָר 28—30, מיט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע האָר און הייסע פינקלענדיקע אויגן.

און נאָכדעם זיצן מיר אינעווייניק אַרום אַ גרויסן טיש און מענאַ־קערס ווײַב. אַ פרוי אין זײַנע יאָרן, מיט קורץ־געשאָרענע שוואַרצע האָר און מיט אַ שמייכל, וואָס איז האַרציקע גוטסקייט אַליין, דערלאַנגט עסן

גריגאָרן און מיר, און זי באַדויערט, וואָס מיר האָבן פּאַרשפּעטיקט אַ ריכטיקע וועטשערע ביי איר.

— טשעם באַגאַטאַ, טיעם אי ראַדאַ (מיט דעם וואָס איך האָב, מיט דעם באַנוגן איך זיך) — רעדט זי מיט אַ טאָן. ווי זי וואָלט זיך פאַר־ענטפערט פאַר עפּעס.

און גראָד דערלאַנגט זי צום טיש מאכלים, פון וועלכע סיי גרעגאָר און סיי איך פאַסמאַקעווען זיך: אַ הערינג, צוגעפּראַוועט ריכטיק מיט עסיק און ציבעלעס, און שטשאַוו, גוט פאַרוויַיסט מיט סמעטענע און מיט אַריַינגעבראָקטע שטיקלעך האַרטע איַיער.

שפּעטער זיצן מיר אויפן גאַניק און גרעגאָר איז זיך מיישב מיט מענאַקערן וועגן מיר. די שוואַרץ־חנעוודיקע פרוי מענאַקער הערט זיך אויך צו און איך באַמערק, ווי יעדע ווייַלע טוט זי אַ קוק אויף מיר מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט אין איר בליק. מיט מוטערלעכער וואַרעמ־קייט, וואָלט איך געזאָגט.

— סאַלאָמאָן — רופט זי זיך אָן צו איר מאַן — אפשר קען מען עפּעס געפינען פאַר אים ביי אונדז אין שאַפּ.

— מסתמא — ענטפערט ער — עפּעס וועט מען מוזן געפינען.

ער רעדט מיט אַ קאַרטאַוון קול און מיט אַ שאַרפן ליטוויש־ייִדישן אַקצענט. נאָכדעם טוט ער מיט אַמאָל אַ ווונק צו זיַין וויַיב און ער גייט מיט איר אַריַין אין שטוב.

— נו — מאַכט גרעגאָר צו מיר — איר וועט שוין אַרבעטן אין דעם קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ. מענאַקער וועט שוין עפּעס דאָרט געפינען פאַר איַיך וואָס צו טאָן.

און גרעגאָר שמייכלט.

— איכ'ל איַיך אויך צופירן באַלד צו איַיער קרוב אין ראָעזנהיים. נישט וויַיט פונדאַנען — זאָגט ער דערנאָך.

מענאַקער קומט אַרויס פונעם הויז אָן זיַין וויַיב.

ער לאָזט וויסן גרעגאָרן, אַז ער, גרעגאָר, וועט די נאַכט שלאָפן מיט מיר. זיַין וויַיב גרייט דאָרט צו אַ געלעגער פאַר אונדז.

דערציילט אים גרעגאָר, אַז איך האָב גאָר בדעה צו גיין קיין ראָזענ־היים שלאָפן. צו מיַין קרוב קאַסוכקין. הייסט עס.

לאַכט מענאַקער און רופט זיך אָן נאָכדעם:

— דער אַלטער קאַסוכקין, מיַין קרוב, וועט איך אפשר אין הויז נישט אַריַינלאָזן, סיַידן איך לייג צוויי פאַר תפילין, אויך רבינו תמם — הייסט עס. ער האָט עטלעכע זין. דער אַלטער, רעדט ער נישט מיט קיינעם

פון זיי, מחמת זיי זיינען נישט געגוג פרום. אַ משודאַק אַ ייִד. ערלעד ביז גאָר. און פאַרדינט כשר זיין ברויט פון זיין אייגענער אַרבעט אויף דער פאַרם. און צו אַן אַרעמאַן וועט ער דעם לעצטן ביסן זיינעם אוועקגעבן. און אין דער אייגענער צייט אָבער איז ער פעניק אויף דער גרעסטער רציחה פאַר גאָטס וועגן.

און ער, מענאַקער, טוט זיך אַ קער צו מיר און מאַכט גוטמוטיק:

— איך קען אייך ערוב זיין, ווען ער זאָל דערזען נאָר אייערע זשאַנדאַרמסקע וואָנצעס אָן אַ בערדל, וועט ער דריי מאָל אויסשפּייען און נישט וועלן אַ קוק טאָן מער אין אייער זייט. איז בעסער דערפאַר. אַז איר זאָלט דערווייַלע דאָ בלייבן. שפעטער וועט איר זען. אויב אַלצדינג מיט אייך וועט זיין ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועט איר דעמאָלט קענען צוגיין אַמאָל צו אים צוגאַסט, אַז איר וועט וועלן.

און אַזוי בין איך פאַרבליבן דעמאָלט וווינען ביי די מענאַקערס...

— ב —

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענע קורצע צייט. וואָס איך האָב פאַרבראַכט צווישן יענע ייִדן אין כרמל. וואָס פאַר אַן אידעאַליסטן די מערסטע פון זיי זיינען געווען! וואָס פאַר ליבע, גרויסע קינדער, און ווי זיי האָבן געגלויבט אין זייער אידעאַל, און וויפל זיי האָבן מקריב געווען פאַר אים!

אַרבעטנדיק אין יענעם קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ. ווי אַן אַרויסהעלפער צום דאַרטיקן בוכהאַלטער רייכלין — אַ ייִד מיט אַ גוטמוטיק־שמייכלענדיק און יונג בולאַנזשע בערדל — און וווינענדיק ביי די מענאַקערס, ווו אַגב, קיען, מאַדאַם אַדעלאַ קיענס ברודער, דער שפּעטערדיקער דר. קיען, האָט אויך דעמאָלט געוווינט (ער איז דאָן געווען דער מאַשיניסט אין דעם קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ), האָב איך געפילט ממש די ברידערלעכקייט פון אַ צוקונפטיקער געזעלשאַפט, ווי זי האָט זיך געמאָלן דעמאָלט אין מיין פאַנטאַזיע.

און בעת איך שרייב אָט די שורות, דערמאָן איך זיך אָן יענע מענטשן, וואָס איך האָב דעמאָלט דאָרט געטראָפן, בפרט אָן מענאַקערן און אָן זיין פרוי, וועלכע האָט געאַרבעט, אַזוי ווי איר מאַן, פון אינדערפרי ביז ביינאַכט מיט דער אייגענער בריטוויליקייט פאַר פרעמדע ווי פאַר אייגענע, און איך טראַכט מיר אפילו נאָך איצט: אויב דער מענטשלעכער

מיך קען נאָר ארויסגעבן אַזעלכע מענטשן, מעג מען אין דעם מענטשן נאָך גלויבן!...

אמת, אַביסל אַן עקשן איז מענאַקער געווען. אָבער זײַן עקשנות איז נישט געווען פון אַן אײַנגעשפּאַרטן מענטשן, וואָס וויל ארויפצווינגען זײַן מיינונג אויף אַן אַנדערן סתם צוליב משוגעדיקע שגעונות, נאָר זי איז תמיד געווען — ווי ווײַט איך געדענק, און אויך אַפילו ווי ווײַט איך האָב אים אין די שפּעטערע יאָרן געקענט — די עקשנות פון איבערצײַגונג. די רעליגיעזע עקשנות פון דעם אמת־גלויביקן.

יאָ גלויביקע זײַנען זיי געווען כמעט אַלע, און אפשר דורכויס אַלע, וואָס איך האָב זיי דאָרט געטראָפן אין כרמל דעמאָלט מיט מענאַקערן אין יענעם קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ.

„גלויביקע" — יאָ, איז דאָס ריכטיקע וואָרט פאַר יענע אידעאַליסטן, די חברים פון סאָלאָמאָן מענאַקערן. זיי האָבן פריִער מיט אים געאַר־בעט, ווי „עם־עולמניקעס", אין דער קאָמוניסטישער קאָלאָניע „בית־לחם", אין סאָוט דאַקאָטאַ, און נאָכדעם אין די אַנדערע קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, וואָס ער, מענאַקער, האָט געגרינדעט צוזאַמען מיט זיי, און אַצינד אין אָט דעם קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ.

אוודאי זײַנען נישט אַלע פון יענע קאָלאָניסטן פאַרבליבן קעמפער מיט מענאַקערן צוזאַמען פאַר אַ לעבן אויף נײַע יסודות אין אַ קאָמו־ניסטישער אָדער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע. אייניקע פון זיי צוליב פאַר־שיידענע פּערזענלעכע טעמים און טאַקע צוליב די באַזונדערע שווערע מאַטעריעלע אומשטענדן, וואָס דעם קאָלאָניסט איז אויסגעקומען דורכ־צומאַכן, האָבן פאַרלאָזן זייערע חברים און זײַנען אַוועק „מאַכן שבת פאַר זיך", אַרבעטן פאַר זיך און פאַר דעם אייגענעם תכלית.

געבליבן זײַנען דאָרט די מער איבערצײַגטע אידעאַליסטן, ווי למשל, סאָלאָמאָן מענאַקער אַליין און די חברים זײַנע, וואָס די מערסטע פון זיי האָב איך געטראָפן דעמאָלט אין כרמל.

באַזונדערס געדענק איך פון יענער צײַט אַ רעדע וואָס סאָלאָמאָן מענאַקער האָט דאָרט געהאַלטן לכבוד דעם ערשטן מאַי. יענע רעדע אַגב, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר גאָר־גאָר אַ סך פון אונדזערע דעמאָל־טיקע רוסיש־ייִדישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זײַנען דעמאָלט וויניק באַ־האַוונט געווען אין דער טעאָריע פון סאָציאַליזם און קיין באַשטימטע, קלאָרע, פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אַנזיכטן דעמאָלט נאָך נישט געהאַט.

איך געדענק יענעם ערשטן מאַי־מאַרש. מענאַקער האָט אים אָנגע־פירט און אַליין געטראָגן די רויטע פאָן אין פאָרויס פון אַלעמען.

אַרום אַן אַכציק פאַרשוין האָבן נאָך אים מאַרשירט. צווישן זיי זייַבער און קינדער. אויך זייַן ווייַב און זייַנע דרייַ פּיצלעך קינדער. זיי מיט רויטע טיכלעך אין די הענט...

און ווי זייַן פּנים האָט געלויכטן דעמאָלט, בעת ער האָט מאַרשירט מיט דער רויטער פאָן אין דער הויך. מיט אַזאַ התלהבות אויפן פּנים גייען נאָר פרומע ייִדן צו הקפות אין די שולן, טראָגנדיק די ספר־תורהס.

און אַט זענען אַלע שטיין געבליבן פאַר דער ווייַסער געבייַדע פון זייער קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ, וואָס איז געווען צוגעשלאָסן לכבוד דעם ערשטן מאַי. סאָלאָמאָן מענאַקער גיט איבער די פאָן צו אַן אַנדערן און ער אַליין, אַ יום־טובדיקער, שטעלט זיך אַוועק ריידן צום עולם וועגן דעם אַרבעטער יום־טוב.

ער רעדט מיט זייַן קאַרטאָווען קול און מיט זייַן ליטוויש־ייִדישן אַק־צענט; ער רעדט און צעוואַרעמט זיך אַלץ מער און מער. און צום סוף פון זייַן רעדע רייַסן זיך בייַ אים אַרויס אָט די כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

— בין איך אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט? איך ווייס נישט. בין איך אַן אַנאַרכיסט? איך ווייס נישט. איך ווייס אָבער איין זאַך, און באַשטימט: איך בין אַ שונא, און דער גרעסטער שונא, פון די שונאים פון דעם אַרבעטער־קלאַס! דער גרעסטער שונא בין איך פון די קאַפּיטאַליסטן, פון אַ דזשייַ גולד, פון אַ קאַרנעגי, פון אַ וואַנדערבילד, אַפילו פון אחינו ראָטשילד אַליין! עקספּלואַטאַטאָרס זייַנען זיי אַלע! בלוטזויגערס רשעים, וואָס פאַרשקלאַפן די גאַנצע לייַדנדע מענטשהייט.

און ער האָט פאַרענדיקט יענע רעדע — דערמאָן איך זיך — מיט אָט די ווערטער:

— די פרומע ייִדן האָבן נישט לאַנג אָפּגעריכט אַ סדר, אויך לכבוד פרייַהייט, ברידער און שוועסטער! מיר, אַליין, כאָטש נישט קיין פרומע. קענען אַלע אייַנשטימיק זייַן מיט דער זייַט פון דעם פּסחדיקן יום־טוב. און מיט נאָך עפּעס, ברידער און שוועסטער, קענען מיר אייַנשטימיק זייַן מיט די פרומע ייִדן: מיט דעם. וואָס זיי זאָגן בייַ דעם סדר אין דער פּסחדיקער הגדה וועגן דעם רשע. דער רשע איז פאַר אונדז דער הייַנטי־קער קאַפּיטאַליסט־עקספּלואַטאַטאָר, און פאַר אים איז דאָ איין ענטפער, טאַקע דער זעלבער ווי אין יענער פּסחדיקער הגדה: „הכהה את שיניו" — האַק אים אויס די ציין — ואמור לו — און זאָג אים:

— די רעוואלוציע וועט עס טאן! לעבן זאל די רעוואלוציאן, וואס וועט באפרייען די גאנצע וועלט און די מענטשהייט!"

און געענטפערט האט אים אן אורא און א געזאנג פון דער מאר־סעליעזע אויף רוסיש, און געזונגען האבן אלע, אפילו די קינדער.

און אינעם הויז ביי די מענאקערס — איך געדענק נישט אויף קלאר, אויב יום־טובדיקע מאכלים זיינען דארט געווען, אבער יום־טוב איז געווען דארט, יום־טוב האט דארט געזונגען יענעם ערשטן מאי!

אזוינס עפעס האב איך שפעטער אין עטלעכע יאר ארום געפילט נאר ביי איין ב. פייגענבוים אין הויז דעם ערשטן מאי.

— ג —

און, ווי מענאקער, האט יעדער איינציקער פון זיי, וואס האט גע־ארבעט אין יענעם קאפעראטיוון שאפ, געקענט זאגן וועגן זיך: „בין איך א סאציאל־דעמאקראט? איך ווייס נישט. בין איך אן אנארכיסט? איך ווייסט נישט. איך ווייס אבער, אז איך בין א שונא פון די שונאים פון דעם ארבעטער־קלאס, פון דעם קאפיטאליסט דעם עקספלואטאטאר; און איך ווייס, אז נאר די רעוואלוציע וועט באפרייען די גאנצע וועלט און די גאנצע מענטשהייט!"

אוודאי האבן זיי געוווּסט וועגן די שטרייטיקייטן, וואס זיינען אנגע־גאנגען, סיי אין ניו־יארק און סיי אין פילאדעלפיע, צווישן די סאציאל־דעמאקראטן און די אנארכיסטן. אבער זיי, אדער די מערסטע פון זיי, האבן נישט געוווּסט באשטימט צו וועלכן צד — צי צו דעם אנארכיסטישן אדער צו דעם סאציאל־דעמאקראטישן צד, זיי אליין געהערן.

אמאל האט זיך עמעצן פון זיי געקענט אויסווייזן, בעת ער האט געלייענט די אנארכיסטישע „פרייע ארבעטער־שטימע", וואס מען האט באקומען פון ניו־יארק, אז ער, מיט זיין „וועלט־אנשויאונג", געהערט צום אנארכיסטישן צד; און אמאל בעת ער האט געלייענט די סאציאל־דעמאקראטישע „ארבעטער־צייטונג" — פארקערט — אז ער, הייסט עס, מיט זיין „וועלט־אנשויאונג" געהערט צו דעם סאציאל־דעמאקראטישן צד.

ערשט, ווען אזא איינער איז פון כרמל אוועק און האט זיך באזעצט אין פילאדעלפיע אדער אין ניו־יארק, ווו אויף דער יידישער גאס האט געקאכט דער שטרייט צווישן די אנארכיסטן און די סאציאל־דעמאקראטן, איז ער דארט נאכדעם צוגעשטאנען צו איינעם פון אט די צוויי בא־שטימטע צדדים.

אין יענער צײַט האָב איך כסדר, בײַ יעדער געלעגנהייט, אויסגע־דריקט מײַן אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישן „אני־מאמין". און אויך בײַ די מענאַקערס אינעם הויז. אפשר מיט דער אויסנאָם פון איין מענטשן. אַדרעלאַ קיענס ברודער און מ. זאַמעטקינס שוואָגער — פון דעם מאַשיניסטס קיעז, הייסט עס — האָט זיך מײַן אַנאַרכיזם־קאָמוניזם נישט אָנגעשטויסן דאָרט אויף קיין ערנסטן קעגנער.

אפילו קיען אַליין — בכלל אַ מענטש אַ שווײַגער — האָט זײַן קעגנערשאַפט צו מיר דעמאָלט אַרויסגעוויזן — ווי איך גלויב הײַנט — מער, ווײַל ער איז געווען אַ שוואָגער פון דעם באַרימטן סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישן רעדנער, מ. זאַמעטקין, איידער ווי פון אייגענער אידעישער איבערצײַגונג.

איך וואָלט נישט געוואָרן אַזוי נאָענט באַפרײַנדעט דעמאָלט מיט סאָלאָמאָן מענאַקערן ווען ער וואָלט געווען אַ קעגנער פון מײַן אַנאַרכיזם, און ער אַליין וואָלט נישט געקענט זײַן קיינמאָל מײַן פרײַנט, ווען ער וואָלט אַזאַ קעגנער געווען.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ סאָציאַל־דעמאָ־קראַט, וואָלט ער בשום אופן מײַן פרײַנט נישט געווען, אויב איך וואָלט פאַרבליבן, ווי פריִער, אַ היציקער אַנאַרכיסט. יענע, וואָס זיי האָבן געקענט סאָלאָמאָן מענאַקערן, וואָלטן געקענט עדות זאָגן אויף דעם.

מענאַקער און סײַ די אַנדערע דאָרט זײַנען געווען און פאַרבליבן די זעלבע אידעאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן — „עם־עולמניקעס", ווי פריִער, בעת זיי זײַנען געקומען קיין אַמעריקע. דאָס זײַנען זיי געווען, און דאָס האָט מען געקענט זאָגן ווען זיי באַשטימט.

זיי האָבן געגלויבט אין דעם כוח פון רעוואָלוציע. וואָס וועט שאַפן אַ נײַע, פרײַע סאָציאַליסטישע וועלט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. און זיי האָבן געגלויבט, אַז אויך אפילו אין דער הײַנטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט קענען מענטשן לעבן אַן ערלעך, אידעאַליסטיש לעבן, נישט עקספּלואַטירן אַנדערע און נישט זײַן קיין שקלאַפן בײַ דעם קאַפּיטאַליזם, ווען מען זאָל לעבן אין קאָמוניסטישע קאָלאָניעס.

אַזאַ לעבן וואָלט געקענט אויך זײַן אַ מוסטער פאַר דער וועלט.

אמת, זיי זײַנען ביז אָהער מיט עטלעכע קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אַזעלכע דורכגעפאַלן, זיי האָבן אָבער געהאַט תירוצים, פאַרוואָס זיי זײַנען דורכגעפאַלן, איבערהויפּט סאָלאָמאָן מענאַקער.

ער און די אַנדערע, וואָס זײַנען פאַרבליבן מיט אים נאָך דעם דורכפאַל פון די פריִערדיקע קאָמוניסטישע קאָלאָניעס און וואָס האָבן

מיט אים געארבעט אין דעם קאאפעראטיווז שאפ, האבן געפלאנט איצט צו גרינדן א נייע קאלאניע אזא, און דווקא ערגעץ ארום ניו־יארק, ווו זיי וועלן נישט האבן די שטערונגען וואס די פריערדיקע קאלאניעס האבן געהאט.

דער קאאפעראטיווער ישוב זאל נאר האבן שטענדיקע ארבעט — האבן זיי גערעדט. מחמת יעדער איינציקער פון זיי האט פון זיין וועכנט־לעכן פארדינסט אפגעלייגט, וויפל ער האט נאר געקענט „אפרייסן", פאר דעם פאנד פון אט דער נייער קאמוניסטישער קאלאניע, וואס זי האט געזאלט געגרינדעט ווערן.

אין דעם דאזיקן קאאפעראטיווז שאפ — א גרויסער, דריַיעקיקער, ווייס־געפארבטער בניז, וואס האט באלאנגט צו א דייטש פון יענער געגנט מיטן נאמען מילער — האבן געארבעט א זעכציק־זיבעציק פאר־שוין; צווישן זיי עטלעכע מיידלעך, טעכטער פון דערביַיִקע יִדישע פאר־מערס, וואס זיינען נישט געווען קיין מיטגלידער.

דער ארבעטס־טאג דארט איז געווען אכט שעה; וועכנטלעכער לוין איז דארט געווען דער זעלבער פאר אלע מיטגלידער. אפילו יענע עטלעכע, וואס זיינען נישט געווען קיין מיטגלידער, האבן אויך דארט באקומען, וואס מען האט אין יענער צייט גערעכנט פאר „יוניאן וועידזשעס".

יעדערער פון זיי האט געדארפט אויסארבעטן דורך דער וואך א באשטימטע צאל ארבעט, און די מענטשן וואס האבן געקענט ארבעטן שנעלער, האבן ארויסגעהאלפן דארט די אנדערע, וואס האבן נישט געקענט ארבעטן אזוי שנעל.

די ארבעט פאר זייער שאפ האבן זיי באקומען אין ברידזשטאן, ביַי א גרויסן פאבריקאנט פון „ראפערס".

און אז מען דערמאנט זיך, אז יענע צייט איז געווען די צייט פון דעם „סוועטינק סיסטעם" מיט אלע זיינע שוידערלעכע באדינגונגען אין די גרויסע שטעט, ווען יִדישע ארבעטער האבן געארבעט פערצן־פופצן שעה דורכן מעת־לעת אין זייערע שעפער, און ווען אנדערע פון אט די ארבעטער האבן אפילו גענעכטיקט אין די שעפער, כדי צו קענען זיך זעצן דארט ביַי דער מאשין וואס פריִער, און מיט דעם אלעם האבן זיי נישט פארדינט גענוג אויף צו מאכן א לעבן — אז מען דערמאנט זיך אן דעם אלעם, זעט מען ערשט, ווי אנדערש איז אט דער שאפ געווען פון די אלע אנדערע אין אמעריקע, דער עיקר, ווי נישט־קאפיטאליסטיש אין כאראק־טער ער איז געווען אינגאנצן...

נאר אזוינע, ווי סאלאמאן מענאקער און די אנדערע פון די עם־

עולמניקעס, וואָס איך האָב זיי דאָרט געטראָפֿן. האָבן געקענט אײַנאָרדענען אין יענער צײַט אַזאַ שאָפֿ אין מיטן דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע! און אויך, אַגב נאָך אַזעלכע סאָציאַליסטן, ווי זיי, האָבן נישט געוואָלט טראַכטן וועגן די מעגלעכקייטן, וואָס יעדער איינציקער פֿון זיי האָט געקענט האָבן אין יענער אַמעריקע, כּדי צו דערגרייכן פֿאַר זיך אַ וויכטיקן תּכלית...

***

זיי האָבן געלעבט מיט די אידעאַלן פֿון דער דעמאָלטיקער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד, אַזוי ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק. ווען די „עם־עולם"־באַוועגונג איז אָקאָרשט אויפֿגעקומען.

באַזונדערס האָט זיך דאָס געפֿילט בײַ די מענאַקערס אינעם הויז. זײַן ווײַב איז פֿאַרנומען געווען מיט וואַשן און קאָכן און סקראָבן די דילן אינעם הויז, אחוץ מיט דערציִען אירע קינדער אין דעם ריכטיקן גײַסט, און זיי דערציילן מעשׂיות, איידער זיי גייען שלאָפֿן, און פֿונדעסטוועגן האָט זי אַמאָל, נאָך צוועלף בײַנאַכט, פֿאַרגעלייענט פֿאַר מיר צי פֿון פּושקינען, צי פֿון טורגעניעוון — אירע צוויי ליבסטע רוסישע שרײַבער — צי אַפֿילו אַמאָל אַ קאַפּיטל פֿון סטאַניוקאָוויטשעס אַ ווערק, צי נאָך פֿון אַ מיכאַילאָוו־שעלער.

און קיינמאָל וועל איך נישט פֿאַרגעסן, מיט וויפֿל געפֿיל און מיט וואָס פֿאַר אַ באַגײַסטערונג זי האָט אַמאָל געלייענט פֿאַר מיר דאָבראָליובאָוס באַרימטע קריטיש־ליטעראַרישע עסיי וועגן דער העלדין פֿון אָסטראָווסקיס פּיעסע „גראָזאַ" — „סווייעטלי לוטש וו'טאַמניאַם צאַרסטוויע" (אַ שטראַל אַ ליכטיקער אין דער פֿינצטערער קיניגרײַך).

אויך זי האָט באַלאַנגט צו דער „עם־עולם"־באַוועגונג און אויך זי איז געקומען אַהער פֿון רוסלאַנד מיט אַן „עם־עולם"־גרופּע.

וואָס פֿאַר אַ באַוועגונג איז דאָס געווען?

פֿאַר די, וואָס זיי זײַנען נישט באַקאַנט מיט אָט דער היסטאָרישער „עם־עולם"־באַוועגונג, וויל איך פֿרוּוון געבן אין קורצע שטריכן אַ כאַראַקטעריסטיק פֿון איר.

— ד —

נאָך די פּאָגראָמען פֿון 1881—1882 אין רוסלאַנד הייבט זיך אויף דאָרט אַן עמיגראַציע־באַוועגונג איבער דעם גאַנצן ייִדישן תּהום. אָבער וווּהין?

האָבן זיך דאָרט באַוויזן צוויי פּאַרטייען: איינע האָט אָנגעוויזן דעם וועג קיין פּאַלעסטינע, די אַנדערע — קיין אַמעריקע.

די ערשטע האָבן זיך גערופן „פּאַלעסטינצעס", אָדער „בילוצעס" („בילו" איז צונויפגעשטעלט פון די ווערטער: „בית יעקב לכו ונלכה") די אַנדערע — „אַמעריקאַנצעס".

צווישן די „בילוצעס" זיינען געווען אויך סאָציאַליסטיש-דענקענדיקע ייִדן, ווי דאָקטאָר חיים ספּיוואַק, למשל — אַ סטודענט פון אַ רוסישן אוניווערסיטעט, וואָס האָבן געחלומט צו שאַפן אין פּאַלעסטינע סאָציאַ־ליסטישע קאָלאָניעס.

אָבער נישט אין אַן ערך אַ גרעסערן דערפאָלג האָט געהאַט די פּאַר־טיי פון די „אַמעריקאַנצעס".

די דאָזיקע פּאַרטיי האָט אַגיטירט פאַר אַמעריקע — פאַר דער „פרייַער, גרויסער רעפּובליק".

און אויך מיט דעם ציל צו שאַפן קאָמוניסטישע קאָלאָניעס...

און אין פאַרשיידענע שטעט האָבן זיך קאָמיטעטן דאַן געגרינדעט צו העלפן די עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון רוסלאַנד, ווי אַ טשערעדע צעשראָקענע שאָף.

דער דאָזיקער שטראָם האָט זיך געטראָגן קיין אַמעריקע, ווייַל די פרייַהייט פון דער גרויסער רעפּובליק האָט געדעדט מער צום האַרצן פון יענע עמיגראַנטן, איידער די טערקישע ארץ-ישראל; און, אפשר, מחמת דער געזונטער אינסטינקט פון דעם ייִדישן פאָלק האָט זיי אונטערגעזאָגט, וווּהין צו לויפן און ווו צו זוכן אַן עיר מקלט און אַ זיכערע היים...

סיי־ווי־סייַ, אַז מען קוקט אויף דעם אין דעם ליכט פון אונדזער מוראדיקן הייַנט, מוז מען צוגעבן, אַז יענע מאַסן-עמיגראַציע אונדזערע קיין אַמעריקע איז געווען איינער פון די גרעסטע נסים אין אונדזער ייִדישער געשיכטע, וואָס זי איז אַזוי פול מיט נסים...

אָבער יענע מאַסן-עמיגראַציע קיין אַמעריקע איז געווען אַ כאַאָטי־שע און זי האָט זיך געטראָגן, ווי אַ בהלה, און די עמיגראַנטן האָבן זיך אויפגעפירט אין אויסלאַנד, ווי פאַרצווייפלטע מענטשן און זיי זיינען געווען אָפט אַ שווערע לאַסט אויף דער דאָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג.

אָט דעמאָלט האָט אין רוסלאַנד זיך אָנגעהויבן די באַרימטע „עם־עולם"־באַוועגונג.

די דאָזיקע באַוועגונג האָט זיך לכתחילה געשטעלט פאַר אַ ציל — אַרייַנצוברענגען אָרדענונג אין דער עמיגראַציע קיין אַמעריקע.

די אמתע גרינדער פון „עם־עולם" זײַנען געװען משה הערדער און מיכאַיל באַקאַל.

משה הערדער, אַ מלמד פון אַטשאַקאָװ (כערסאָנער גובערניע) און באַקאַל — אײנער פון די שענסטע אידעאַליסטן, װאָס האָט געהאַט אַ גרױסע װירקונג אױף מענטשן, װאָס זײ זײַנען געקומען אין נאָענטער באַרירונג מיט אים, האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט אין אָדעס, װאָס האָט קאָרעספּאָנדירט מיט פאָרשטײער פון אַנדערע גרופּן אין אַנדערע שטעט און אױך אין אױסלאַנד.

דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט באַשטימט אױך פּונקטן, װוּ די עמי־גראַנטן זאָלן זיך צונױפקומען אין גרופּן. ער האָט אױך זײ געהאָלפן אַרי־בערצוגײן די גרענעץ.

אָט צו דער באַװעגונג, װאָס זי האָט לכתחילה געזאָלט זײַן אַ רײן־נאַציאָנאַלע, װי מען קען זיך אָנשטױסן פון דעם נאָמען „עם־עולם" אַלײן, װאָס מײנט „דאָס אײביקע פאָלק", שטײען צו רעװאָלוציאָנער־געשטימטע ייִדישע יונגעלײַט, װעלכע באַזעלן זי מיט זײער אידעאַליזם. שאַפן אין אַמעריקע קאָמונעס לױט דעם מוסטער פון דעם באַרימטן ראָבערט אָװען — װערט דער אידעאַל.

און דער דאָזיקער אידעאַל פון אַ קאָמוניסטישן לעבן אין אַמעריקע באַגײַסטערט ייִדן; מען אַגיטירט װעגן דעם אױף פאַרזאַמלונגען, מען האַלט לעקציעס װעגן דעם און מען קלײַבט „קאָמונע־פאָנדן" פאַר אַמע־ריקע...

אין אָדעס, אין קיִעװ, אין װילנע און אין אַ סך אַנדערע שטעט װערן פירער פון אָט דער באַװעגונג ייִדישע יונגעלײַט, װאָס זײַנען באַזעלט פון סאָציאַליסטישע אידעאַלן. פּ. קאַפּלאַן, אונדזער שפּעטערדיקער דאָק־טער פּ. קאַפּלאַן, און מ. זאַמעטקין אין אָדעס; דער שפּעטערדיקער פרײַנט מײַנער דאָקטער אַב. קאַספּע אין װילנע; נ. אַלײניקאָװ, אַ סטודענט פון קיִעװער אוניװערסיטעט און אַ סאָציאַליסט אין קיעװ, און אַזױ אױך אין אַנדערע שטעט.

אַנדערע פון אָט די גרופּן זײַנען געפאָרן קײן אַמעריקע מיט שױן פאַרטיקע סטאַטוטן פאַר זײערע שפּעטערדיקע קאָמונעס אין אַמעריקע.

צװישן אַנדערע פּונקטן אין יענע סטאַטוטן איז געװען, אַגב, אַ פּונקט, נישט צו דערלאָזן, אַז אין דער קאָמונע בײַ זײ זאָלן אַרבעטן לױנ־אַרבעטער.

װי אַזױ מען האָט געקוקט אױף אָט דער באַװעגונג. באַװײַזט דער פאַקט, װאָס װעגן אים דערצײלט ה. בורגין אין זײַן בוך „געשיכטע פון

דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג" (זייט 73), אַז ווען איינע פֿון אַט די „עם־עולם"־גרופּן איז דורכגעפֿאָרן אין יענער צייט קראָקע, אויפֿן וועג קיין אַמעריקע, האָבן די פֿירער פֿון די דאָרטיקע סאָציאַליסטן איר אַ מתנה געגעבן. די מתנה איז געווען... „דאָס קאַפּיטאַל" פֿון קאַרל מאַרקס...

⁂

איינער פֿון אַט די עם־עולמניקעס איז געווען אויך סאָלאָמאָן מענאַ־קער (פֿון אַב. קאַספּעס ווילנער גרופּע). און אַזוי האָבן באַלאַנגט צו די „עם־עולמניקעס" די מערסטע פֿון די פּיאָנערן־שאַפֿער פֿון אונדזער היגער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און פֿון אונדזער ייִדישער אַרבעטער־פּרעסע, און דאָס מיינט אויך, פֿון אונדזער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

סאָלאָמאָן מענאַקער איז, אַגב, פֿאַרבליבן דער טרוימער און דער אידעאַליסט אויף זיין גאַנץ לעבן. איך האָב אַ סך מאָל אים געטראָפֿן שפּעטער, ווען דער קאָפּ ביי אים איז שוין לאַנג געווען ווייס, און אויך דעמאָלט איז ער געווען דער ייִנגסטער צווישן יונגע. און אויך דעמאָלט האָט ער מיטן פֿייער פֿון דעם פֿריִערדיקן יונגן מענאַקערן געקעמפֿט פֿאַר זיינע אידעאַלן.

אין דעם קאַמף פֿון דעם אַרבעטער־רינג צווישן די „יונגע" און די „אַלטע" איז ער געשטאַנען מיט די „יונגע", און אַנדערש האָט גאָר־נישט געקענט זיין. דער אייביק יונגער מענאַקער האָט אין אַ קאַמף גע־מוזט זיין צווישן די „יונגע"...

⁂

אַגב, האָב איך דעמאָלט אין כרמל אויך געטראָפֿן משה הערדערן, דעם גרינדער פֿון „עם־עולם", און וועגן אים ווילט זיך מיר דערציילן אַ כאַראַקטעריסטישן פֿאַקט:

ער האָט דאָרט געהאַט אַ הויז מיט אַ שטיקל ערד, וואָס ער האָט באַ־אַרבעט. פֿון מענאַקערן און די אַנדערע סאָציאַליסטן האָט ער זיך געהאַלטן פֿון דערווייטנס, זייענדיק, ווי ער האָט מיר דערקלערט איינמאָל, אַ פּאָ־זיטיוויסט. זיין טאָכטער, וועלכע האָט אויך געאַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוון שאָפּ, האָט אַמאָל פֿאַר מיר געזונגען זיינע לידער. אין וועלכע ער האָט באַזונגען די מענטשהייט.

דעם אינהאַלט פֿון יענע לידער געדענק איך נישט; איך געדענק אָבער קלאָר דעם מוראדיקן קוויטש, מיט וועלכן זײַן טאַטע, זייער אַ דיקע מיידל, האָט יענע לידער געזונגען.

גיי איך איינמאָל פֿון כרמל צו ראָזענהיים, געוואָר צו ווערן דאָרט מײַן קרוב, באמת, נישט אים — וואָס ער, דער פֿאַנאַטיש-פֿרומער קאָסוב־קין, האָט אפֿילו אין מײַן זײַט נישט געוואָלט קוקן, טאָפּע ווי מענאַקער האָט מיך דעמאָלט געוואָרנט — נאָר געוואָר ווערן זײַן ווײַב און זײַנע זין, בפֿרט מאַשקען, מיט דער בעלמע אויף איין אויג, וואָס ער איז, באמת, געווען אַ פֿײַערדיקער אַנאַרכיסט.

מיטאַמאָל, ווי איך גיי אַזוי דורכן וואַלד, דערהער איך דעם באַ־קאַנטן קוויטש פֿון הערדערס טאַכטער הילכן דורכן וואַלד, און צוזאַמען מיט אים אַ קול, ווי פֿון אַ צעבראָכענער כּלי, זינגט מיט.

אין אַ ווײַלע אַרום דערזע איך דעם אַלטן הערדערן און זײַן דיקע טאַכטער. זיי בײדע שלעפּן אַ גרויסן וואָגן איבערן וואַלד-וועג.

זיי שטעלן זיך אָפּ. דער אַלטער משה הערדער, דער אַמאָליקער ייִדישער מלמד, אַן אַ היטל, מיט לאַנגע גרויע האָר און מיט אַ גרויער באָרד, וועלכער זעט אויס מער ווי אַ דײַטשער פּראָפֿעסאָר, איידער אַן אַמאָליקער ייִדישער מלמד, קוקט אויף מיר דורך זײַנע ברילן מיט זײַן שטילן שמייכל און ער זאָגט צו מיר, אַז דאָס זינגען זיי זײַנס אַ נײַ ליד.

איך פֿרעג בײַ אים, פֿאַרוואָס זיי שלעפּן דעם וואָגן און וווּהין. ענט־פֿערט ער:

— איך דאַרף אַביסל האָלץ און דאָס פֿערד, פֿאַרשטייט איר מיך, האָט עפּעס אַ פּאָר מאָל אַ הוסט געטאָן, נו, האָבן מיר זיך אײַנגעשפּאַנט אינעם וואָגן...

קוק איך אים אַן פֿאַרוווּנדערט:

— וואָס מיינט איר?

— וואָס איך מיין? — ענטפֿערט ער — איך מיין גאַנץ פּשוט: טאַמער איז עס קראַנק, אַ בריאה אָן לשון, דערציילן קען עס דאָך נישט, נו... איר פֿאַרשטייט?...

איך האָב פֿאַרשטאַנען.

אין כרמל האָט איך זיך אויף נאָך אַ פּאָר וואָכן צווישן יענע מענטשן. וואָס אַזעלכע — ווי איך זע זיי הײַנט, אין 50 יאָר שפּעטער — האָט געקענט נאָר אַרויסגעבן אַ פֿאָלק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די גרעסטע בעלי-חלומות אין דער וועלט-געשיכטע, אונדזערע נביאים, און

אויך אַזעלכע קעמפּער, גײַסטיקע גיבּורים, ווי פון דער וואַרשעווער געטאָ!...

דערנאָך אָבער — דער קריזיס פון 1893 האָט זיך דערנענטערט אויך צו כּרמל: דער פאַבּריקאַנט, וואָס האָט ביז אַהער געגעבן „אַרבּעט" דעם קאָאָפּעראַטיוון שאַפּ האָט מער קיין אַרבּעט נישט געהאַט. דער קאָאָפּעראַטיווער שאַפּ אין כּרמל האָט זיך געמוזט צומאַכן. בין איך נאָכדעם צוריק אַוועקגעפאָרן פון דאָרט קיין פילאַדעלפיע. דאָרט בין איך אַרײַנגעטראָטן אין דער אַנאַרכיסטישער גרופּע „ריטער דער פרײַהייט", וואָס אומדירעקט אַ דאַנק איר בין איך געוואָרן שפּעטער אַ ייִדישער שרײַבער.

# ערשטער קאַפּיטל

## „די ריטער דער פרײַהײט"

— א —

אַז איך בין געקומען נאָכדעם פון כרמל צוריק קיין פילאַדעלפיע, האָב איך נישט געדאַרפט דאַגהנען וועגן אַ דירה פאַר מיר. ערשטנס, האָב איך געבראַכט מיט זיך גענוג אָפּגעשפּאָרטע געלט, איבער צען דאָלאַר — אַן־ערד — מזומנים; צווייטנס, איז מײַן פריִערדיקע דירה, בײַ מײַן לאַנדספרוי, גיטל, נאָך נישט געווען פאַרנומען.

האָט זיך די אַלטע גיטל דערפרייט, ווען איך בין צו איר געקומען און האָב איר אָנגעזאָגט, אַז איך וויל ווידער זײַן בײַ איר אויף קעסט. ס'הייסט אַ „באָרדער".

אין יענער צײַט איז אַ „באָרדער" געווען גאָר אַ וויכטיקער ענין בײַ אַזאַ אָרעמער פרוי, ווי מײַן לאַנדספרוי, גיטל, איז געווען. מחמת איר מאַן, חיים־ברוך, אַ זעכציק־יאָריקער ייִד, אַ חלוש, אַ סטאָליער פון דערהיים און דאָ אַ פּרעסער בײַ קינדערשע קליידלעך, האָט נישט פאַרדינט גענוג אויף חיונה, אַרבעטנדיק יעדן טאָג, אַחוץ שבת, צוועלף לאַנגע שעה אין אַ „שוויץ־שאָפּ".

בפרט נאָך, אַז איך האָב באַצאָלט פאַר צוויי וואָכן קעסט פאָרויס, גאַנצע זעקס דאָלאַר, הייסט עס!

און, אַחוץ דעם, האָט זי גלאַט געהאַלטן פאַר אַ שטיקל כבוד, אַז איך זאָל זײַן איר „באָרדער", ווײַל זי האָט מיך געקענט פון דערהיים, געקענט מײַן טאַטן, מײַן מאַמען, וואָס פאַר זיי האָט סײַ זי און סײַ איר חיים־ברוך געהאַט גרויסן דרך ארץ אין דערהיים.

ער, חיים־ברוך, איז אין וויטעבסק פון שטענדיק אָן געווען אונדזער

סטאָליער אויך. צי מען האָט געדאַרפט אינעם הויז ביי אונדז פאַריכטן אַן אַלמער, אַ שטול, אַ קאַנאַפּע, אַ טיר, צי מאַכן גאָר אַ נייע טיר, אָדער אַנקלאַפּן דאָרט ביי אונדז אינעם זאַל געשניצטע קאַרניזן — האָט דאָס אַלצדינג שטענדיק געטאָן חיים-ברוך.

איז יענער היימישער דרך ארץ זייערער פאַר מיינע עלטערן דאָ אי־בערגעגאַנגען אויף מיר.

אין יענער צייט, אַז מען האָט געקויפט אַ פונט פליש ביים יִדישן קצב, האָט מען ביי אים געקראָגן פאַר אַ צולייג אומזיסט אַ שטיקעלע מילץ און אַ שטיקעלע לונג, אחוץ ביינער פאַר דער יויך, — האָט גיטל אַלע מאָל אָנגעפילט דאָס שטיקעלע מילץ ספּעציעל פאַר מיר, נאָר דער־פאַר, ווייל איך בין געווען דער זון פון „פּאַטשע” (פאַרצויגן פון רפאל) רחל-לאהס.

זי האָט געהאַט אַ פּאָר פערינעס, האָט זי מיט דער בעסערער, מיט דער פון גאַלע פוד, מיין געלעגער אויסגעבעט.

אַזוי האָט זי מיר פאַריכט אַמאָל אַ ריס אין גאַרניטער, אַ העמד מיר פאַרלאַטעט, פאַרצירעוועט אַ זאָק מיר, געזען, אַז איך זאָל האָבן אַ ריין נאַזטיכל, און אַלץ דערפאַר, ווייל איך בין געווען נישט סתם אַ „באָרדער”, נאָר אַ זון פון פּאַטשע רחל-לאהס.

און אַז זי האָט באַמערקט אַמאָל אַז איך בין אומעטיק. האָט זי געזאָגט מיט אַ טיפן זיפץ:

— נו, אַז אַמעריטשקע! ווער וואָלט זיך דאָס געקענט ריכטן דאָרט ביי אונדז אינדערהיים, אַז פּאַטשע רחל-לאהס אַ קינד — אַ גרויל! אַ גרויל!

און נישט נאָר דאָס אַליין. זי, די גוטע גיטל, האָט געוואָלט אַפילו פאַרהיטן מיך פון שמיץ אויך אויף יענער וועלט. זי האָט געטענהט צו מיר אַמאָל:

— האָב נאָר נישט קיין פאַראיבל, וואָס איך זאָג דאָס דיר. דיין טובה מיין איך. פאַרוואָס, כ'לעבן. זאָלסטו נישט זיין קיין יִיד, ווי עס באַדאַרף צו זיין? פאַרוואָס זאָל מען דיך שמייסן אויף יענער וועלט? און פאַר־וואָס זאָלסטו פאַרשעמען דיין טאַטן אַזאַ ערלעכן, פרומען טאַטן?

און אַז איר מאַן חיים-ברוך, אַ ייִד מיט אַ ווייס, שיטער בערדל, וועלכער האָט קוים גערעדט פאַר שוואַכקייט, האָט דאָס דערהערט, האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— דיין טאַטע דאָרטן וואָלט זיך אוודאי געשעמט, ווען ער זעט, וואָס פון זיינעם אַ קינד איז דאָ געוואָרן. היט נישט אָפּ קיין יִדישקייט

און איז בײַ מיר אַ „באָרדער". נעבער, פֿון אַזאַ שטוב אין וויטעבסק. .
איך געדענק נישט וואָס? ...

אַגב. ווען איך בין געקומען צוריק קיין פֿילאַדעלפֿיע, האָב איך זיך דערוווּסט דרײַ אומאַנגענעמע זאַכן. ערשטנס, אַז אַניוטאַ איז פֿון פֿילאַ־דעלפֿיע ערגעץ וווּהין אַוועקגעפֿאָרן, מחמת דער מאַן אירער, דער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַט, איז געקומען פֿון ניו־יאָרק און ער האָט זי נישט געלאָזט רוען, אַלץ געבעטן זיך בײַ איר, אַז זי זאָל מיט אים גיין וווינען. און ווען אַניוטאַ האָט דערפֿילט — האָט מיר דערציילט רבֿקה — אַז עס וועט איר שווער אים בײַצושטיין, ווײַל זי האָט אים אויך ליב געהאַט, איז זי אַוועקגעפֿאָרן פֿון פֿילאַדעלפֿיע. וווּהין — האָט זי אַפֿילו רבֿקהן נישט דערציילט.

צווייטנס, פֿון רבֿקהן האָב איך זיך אויך דערוווּסט, אַז באַרים האָט געלאָזט וויסן אַניוטאַן, אַז אים מאַכט זיך אַ געלעגנהייט צו פֿאָרן קיין באַלטימאָר, ווו ער האָט קרובֿים, און ער וועט זיך באַנוצן מיט אָט דער געלעגנהייט.

דריטנס — וועגן מײַן פּעקל רוסישע כּתבֿים, וואָס איך האָב איבער־געלאָזט בײַ גיטלען, איידער איך בין אַוועק צום פֿאַרמער אַרבעטן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין איינציק בלעטל דערפֿון איז שוין נישט געווען מער אויף דער וועלט. פֿאַר דער צײַט, וואָס איך בין געווען אין כּרמל, האָט חיים־ברוך אומשולדיקערהייט, נישט וויסנדיק, וואָס פֿאַר אַ בינטל בלעטלעך מיט אַ „גויִשן כּתבֿ" האָט זיך דאָרט געוואַלגערט אין דעם קליידער־אַלמער, און אונטערגעהייצט דערמיט דעם אויוון, און דעם עסן, וואָס ער האָט יעדן טאָג גענומען אין שאַפּ, האָט ער אויך אין אָט די בלעטלעך אײַנגעוויקלט — קורץ, ער האָט די אַלע רוסישע כּתבֿים מײַנע אויסגענוצט מיט אַ תּכלית... ·

און דווקא האָב איך זיך דאָס צום האַרצן שטאַרק נישט גענומען. מחמת אין יענער שטימונג, אין וועלכער איך האָב זיך דעמאָלט געפֿונען, וואָלט איך סוף־כּל־סוף אַ סך פֿון אָט די דערציילונגען מײַנע צעריסן, ווי איך האָב פֿריִער אַנדערע מײַנע דערציילונגען צעריסן, ווײַל זיי זײַנען געווען נישט גענוג רעוואָלוציאָנעריש אויסגעשפּראָכן... .

מיך האָט געאַרט מער וואָס אַניוטאַ און באַרים זײַנען נישט געווען אין פֿילאַדעלפֿיע. איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך זיי, בפֿרט נאָך ווען סיאָמאַ האָט אונטער דער צײַט גענומען זיך צוגרייטן צום דאָרטיקן אוני־ווערסיטעט און זײַן נאָענטסטער פֿרײַנט איז געוואָרן דער פּראַקטישער אַבֿראַשאַ, דער פֿריערדיקער ישיבֿה־בחור פֿון דער מירער ישיבֿה...

אַז דעמאָלט זײַנען מײַנע נאָענטסטע פרײַנט געוואָרן די מיטגלידער פון דער אַנאַרכיסטישער גרופּע „ריטער דער פרײַהייט", און איך אַליין בין צוגעשטאַנען צו אַט דער גרופּע, ווי אַ מיטגליד אירער...

— ב —

יענע גרופּע איז באַשטאַנען פון אַן ערד אַ טוץ פּאַרשוינען, וואָס האָבן געלעבט אין דער אייגענער וועלט.

יענע וועלט איז צעטיילט געווען אויף דרײַ הויפּט־חלקים: אויף אַנאַרכיסטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן און קאַפּיטאַליסטן. דער צענטער, אַרום וועלכן די דאָזיקע וועלט האָט זיך געדרייט, ווי די ערד אַרום דער זון, איז געווען די פאַרשקלאַפּטע מענטשהייט, וואָס די אַנאַרכיסטן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זי געוואָלט באַפרײַען, און די קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן זי אַלץ מער און מער פאַריאָכט.

רעדנדיק מיט דער שפּראַך, אין וועלכער מ'האָט דעמאָלט גערעדט אין יענער וועלט אונדזערער, האָבן סײַ די אַנאַרכיסטן, סײַ די סאָציאַל־דעמאָקראַטן געהאַט דעמאָלט איין ענד־ציל — די באַפרײַאונג פון דער פאַרשקלאַפּטער מענטשהייט פון דעם קאַפּיטאַליסטישן יאָך און די אָפּשאַפונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם דורך אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אָבער אָפּגעלייגט די דאָזיקע רעוואָלוציע אויף אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ביז די אַרבעטער וועלן בעסער אָרגאַניזירט ווערן ווי אַן אַרבעטער־קלאַס; ביז זיי וועלן בעסער אויפגעקלערט ווערן וועגן זייערע קלאַסן־אינטערעסן דורך אַגיטאַציע, און דער עיקר — דורך דעם פּאָליטישן קאַמף.

און אין זייער אַגיטאַציע האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן — אויסער ב. פייגענבוים — געלאָזט גאָט אויך צורו. רעליגיע — האָבן זיי דער־קלערט — איז אַ פּריוואַט־זאַך.

די אַנאַריכסטן — ווי די לייענער ווייסן פון מײַנע פריִערדיקע קאַפּיטלעך — זײַנען געווען קעגנער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און פון זייער „וועלט־אַנשויאונג". זיי האָבן געקוקט אויף די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווי אויף די פאַרפירער פון די מאַסן, באַשולדיקנדיק זיי, אַז מיט זייער שלעפּן די אַרבעטער צום „שטים־קעסטל", מיט זייער רופן די אַרבעטער צום פּאָליטישן קאַמף, פאַרפינצטערן זיי די מוחות פון די מאַסן און מיט זייער שאַנעווען גאָט און רעליגיע און בכלל „אויטאָריטעט", שטיצן זיי דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם און שטערן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע...

קיינמאָל פריִער, דאַכט זיך מיר, איז מײַן גלויבן נישט געווען אַזוי פעסט אין דעם אַנאַרכיסטישן אידעאַל און אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז נאָענט, ווי דעמאָלט, בשעת איך בין געווען אַ מיטגליד פון אָט דער גרופּע „ריטער דער פרײַהייט".

מיר אַלע פון יענער גרופּע האָבן געגלויבט באמונה שלמה, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע שטייט שוין הינטער דער טיר; דער אומגליק איז בלויז, וואָס די טיר איז באַוואַכט פון „רעליגיאָן, שטאַט און קירכע". דאַרף מען נאָר אַפּראַמען פון דער טיר אָט די פאַרהאַמטע „דרײַ־אייניקייט" און די סאָציאַלע רעוואָלוציע רײַסט זיך אַרײַן!... האָבן מיר גע־קעמפט קעגן דער דאָזיקער „דרײַ־אייניקייט" און קעגן די פאַרפירער, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס האָבן מיט זייער אַגיטאַציע פאַרפינצטערט די מוחות פון די מאַסן און פאַרהאַלטן די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווידער, האָבן, דעבאַטירנדיק מיט די אַנאַר־כיסטן, געטענהט, אַז זיי, די אַנאַרכיסטן, הייסט עס, זײַנען אומוויסנדיקע ייִנגלעך און פאַרשטייען נישט דעם „גאַנג פון דער געשיכטע". און אַפּט האָט אין די דאָזיקע דעבאַטן — ווי איך האָב דאָס שוין געשילדערט אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל — דער קאַמף צווישן די ביידע צדדים זיך אַזוי צעפלאַקערט, אַז שטולן־אַרגומענטן און בענק־אַרגומענטן זײַנען אי־בער די קעפּ געפלויגן.

און אַ הייליקער קאַמף איז דאָס געווען פון מענטשן, וואָס יעדערער פון זיי איז גרייט געווען מקריב צו זײַן ממש זײַן לעבן פאַר דעם גליק פון דער מענטשהייט; און אַ נויטיקער קאַמף איז דאָס געווען, ווײַל אויף זײַן פײַער האָט זיך אויסגעשמאָלצן יענער מאַטעריאַל, וואָס פון אים איז נאָכדעם אויסגעבויט געוואָרן אונדזער ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג איז נאָך גאָר־גאָר אַ סך דערפון, וואָס עס באַשײַנט הײַנט נאָך אונדזער ייִדיש לעבן דאָ־הי...

אונטער דער ווירקונג פון דעם דאָזיקן קאַמף האָבן נישט ווייניק ייִדישע אַרבעטער זיך אויסגעלערנט צו דענקען, און עס איז אַ סברה, אַז נישט ווייניק נישט־ייִדישע אויך...

יאָ, אויב איך האָב דאָס שוין פריִער געזאָגט, זאָג איך דאָס נאָכ־אַמאָל ווידער: אַ וווּנדערלעכע צײַט איז יענע געווען פאַר וווּנדערלעכע זעאונגען. אויך זאָג איך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, מחמת דאָס איז מײַן טיפסטער גלויבן אויך הײַנט. אַז אַזוינע בעלי־חלומות. מיט אַזאַ פײַנעם, כמעט קינדערשן גלויבן, האָט נאָר דאָס ייִדישע פאָלק געקענט אַרויסגעבן, דאָס פאָלק, וואָס מיט זײַן גײַסט וועגן וועלט־יושר און וועלט־גערעכטיקייט

האָבן געערדט די זין זײַנע, די נביאים און קאַרל מאַרקס, און לאַסאַל, און משה העס, און טויזנטער און טויזנטער זײַנע אין אַלע דורות, ביז צו דעם דור פון די לעצטע קעמפער אין דער וואַרשעווער געטאָ! . . .

***

פון יעדן נײַעם קעמפער, וואָס איז דאָן אין אונדזערע רײַען צוגעקומען, איז אונדזער פריידיקע איבערצײַגונג, אַז דער סוף קומט צו דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, פאַרשטאַרקט געוואָרן, און דער קלענסטער שטרײַק האָט פאַרשטאַרקט נאָך מער אונדזער גלויבן, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז שוין דאָ... אין יענער צײַט — געדענק איך — האָבן מיר אין פילאַדעלפיע געהערט, אַז אין ניו יאָרק האָט איינער פון די הויפּט־פירער פון די יידישע אַנאַרכיסטן, אַ רעדנער און שרײַבער, טאַקע דר. ה. זאָלאָטאַראָוו, ריידנדיק אין יענער צײַט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון עטלעכע צענדליק יידישע אַרבעטער, בעת אַ שטרײַק, האָט ער מיטאַמאָל אַרונטערגעכאַפּט זײַן רעקל און אויסגעשריען:

— גענוג געבאַלאַמוטשעט מיטן מויל! קומט מיט מיר אויף דער פינפטער עוועניו און מיר וועלן אָנהייבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע!

און דאָס האָט דעמאָלט געקלונגען אַזוי נאַטירלעך און אַזוי זעלבסט־פאַרשטענדלעך פאַר מיר, ווי פאַר די אַנדערע.

פונקט ווי דאָס, וואָס אַז אַנדער אַנאַרכיסט אין ניו־יאָרק, אַ געוויסער רוהאַשעווסקי, פון דער ניו יאָרקער גרופּע „ריטער דער פרײַהייט", האָט איינמאָל אין יענער צײַט, ווען ער איז געווען פאָרזיצער אויף אַ מיטינג פון אָט דער גרופּע, בשעת אַ שטרײַק פון עטלעכע יידישע אַרבעטער, אַרויסגעשטעלט פאַר דעם ערשטן פונקט „צור טאַגעס־אָרדנונג": די באַוואָפענונג פון די אַרבעטער פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

איך געדענק אפילו, ווי מײַן ווייניקייט אַליין... גיטל, די זעלבע, וואָס איך האָב בײַ איר געוווינט, קומט צו מיר איינמאָל נאָך אַן עצה: זי וויל שיקן אַ שיפסקאַרט איר זון, האָט זי אָבער געהערט, אַז שפּעטער וועלן שיפסקאַרטן ביליקער ווערן. וואָס איז מײַן עצה?

גייען אָבער אַן אין יענער צײַט שטרײַקן סײַ אין פילאַדעלפיע און סײַ אין ניו־יאָרק, ווײַל מען שנײַדט די פרײַזן בײַ די אַרבעטער, און מען מאַכט־צו שעפּער, און די צײַטונגען שרײַבן אַלץ מער און מער וועגן די שלעכטע צײַטן — דאָס איז געווען פאַר דעם ביטערן קריזיס פון 1893 — קען דען זײַן בײַ מיר דער קלענסטער ספק, אַז זי איז שוין דאָ — כ'מיין

די סאָציאַלע רעוואָלוציע? זאָג איך טאַקע דעמאָלט צו מײַן לאַנדספּרוי גימלען:

— קויפט נישט קײן שיפסקאַרטע. אײַער זון וועט באַלד קענען פאָרן אומזיסט!...

— ג —

אין יענער צײַט האָבן אַ באַזונדערן אײַנדרוק אויף מיר געמאַכט צוויי זייער טעטיקע מיטגלידער פון דער גרופּע „ריטער דער פרײַהייט" אין פילאַדעלפיע. איינער פון זיי איז געווען דער דיכטער־סאַטיריקער ל. וואָלפסאָן.

א יונגערמאַן פון קליינעם וווקס, ברייט־פּלייציק און רירעוודיק, שטענדיק מיט אַן איראָנישן שמייכל אויף די ליפּן און אין די אויגן, און מיט אַ שטאַד־וואָרט אויף דער צונג פאַר „גאָט, שטאַט און קירכע". און באַזונדערס פאַר די בודלער, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, איז ער געווען איי־נער פון די פּײַערדיקסטע קעמפער אין די אַנאַרכיסטישע רייען.

אויף יעדער פאַרזאַמלונג איז ער אויפגעטראָטן; אין יעדער דעבאַטע האָט ער דעם הויפּט־קאַמף אָנגעפירט; איז אַרויפגעפלויגן אויף דער פּלאַטפאָרם, ווי אַ באָמבע, וועלכע וועט אָט־אָט אויפרײַסן. און ער האָט גערעדט גאַנץ אָפט מיט אַ פּײַנעם סאַרקאַזם וועגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין זײַן קורלענדישער, אַביסל דײַטשמערישער שפּראַך.

בפרט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן באַגראָבן אויף די פאַר־זאַמלונגען גאָט אין די „פּאַפּען", די גלחים, הייסט עס.

ער האָט — געדענק איך — פאַרפּאַסט אַ געדיכט וואָס ער האָט זי אויף יעדער פאַרזאַמלונג און אויף יעדן קאָנצערט בײַ די אַנאַרכיסטן פאָרגעלייענט — סײַדן ער האָט פאָרגעלייענט מיט גרויס פּאַטאָס עדעל־שטאַטס „דאָקטאָר גראָן".

שטענדיק נעט אָנגעטאָן, מיט זײַנע שוואַרצע האָר אויסגעגלעט און מיט אַ גלאַנץ, האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אויף דער פּלאַטפאָרם פאַר דעם עולם אין אַ באַזונדערער העלדישער פּאָזע, די אָרעמס אויף דער ברוסט פאַרלייגט און די אַקסלען הויך פאַרריסן. ער איז דעמאָלט אַזוי ענלעך געווען צו נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן — דער דרײַ־עקיקער קאַפּעלוש האָט אים אויפן קאָפּ בלויז געפעלט!

און אין דער דאָזיקער העלדישער פּאָזע האָט ער זײַן געדיכט גענו־מען לייענען מיט אַ פּײַערלעכן טאָן. און יעדעס וואָרט פון דעם דאָזיקן

געדיכט איז געווען א באמבע קעגן גאט, צי קעגן די „פפאפפען". און צום סוף, אז ער האט שוין געהאט פאר זיי דעם קבר, האט ער מיט א קול, נאכמאכנדיק א „פפאפפע", געענדיקט זיין געדיכט מיט אומגעפער אזוינע ווערטער:

— אט דא ליגט באגראבן! א־א־מע־ען!...

און מיט אן ארונטערגעלאזטן קאפ, מיט ביידע ארעמס נאך אלץ פארלייגט אויף דער ברוסט, האט ער מיט א פוס אנגעוויזן דעם ארט, ווו גאט, שטאט און די „פפאפפען" האבן ביי אים זייער קבר געפונען...

און דער עולם האט שטארק געלאכט און אפלאדירט.

א פייערדיקער קעמפער איז ער געווען און ער האט געגלויבט, אז אויף אזא אופן וועט ער צעטרייסלען די „אויטאריטעט" פון גאט און פון רעליגיע...

⁂

נאך איינער פון דער גרופע „ריטער דער פרייהייט", וואס האט מיך באזונדערס אינטערעסירט אין יענער צייט, איז נאך געווען א גרעסערער קעמפער, איידער ל. וואלפסאן.

דאס איז געווען דער גוט באקאנטער גאלדבערג, אדער „גאט צו דאנקען", ווי מען האט אים גערופן אויף שפאס.

דער דאזיקער פארשוין האט באמת אויסגעזען ווי אן אנארכיסט א באמבע־שליידער, ווי א לעבעדיקע בילד פון קארטון, וואס וואלט פארגעשטעלט א ווילדן אנארכיסט, צי גאר ווי היינט א „קאמוניסט" אין געוויסע קאפיטאליסטישע צייטונגען.

א הויכער, מיט לאנגע פיס און הענט. אנגעטאן אבי־ווי, די הויזן מיט א שטריקל אמאל ארומגעבונדן, מיט לאנגע פעך־שווארצע וואנצעס און מיט א בייזן, שווארצן בליק פון אונטער גרויסע שווארצע ברעמען. און מיט א נאז, וואס דער באשעפער האט קענטיק, זיך געפוילט זי אויסצוארבעטן און זי איז געבליבן אזוי אין איר רויער פארם — גראב, לאנג און אומגעלומפערט, און מיט א גרויסער, שווארצער און גלענצנדיקער משופרינע, וואס האט זיך שטענדיק געבאמבלט דא אויף איין זייט און דא אויף דער אנדערער פון זיין שטערן — האט ער אנגעיאגט א מורא מיט זיין אויסזען.

מחמת עס האט פון אים ווי געשמעקט מיט דינאמיט און רעוואלוציע.

היינט ווער שמועסט נאך, אז ער האט זיך צערעדט אויף זיין באסאוון קול, ווי ביי א רוסישן דיאק; ווען דער קאמף־גייסט האט זיך

צעפלאַקערט אין אים — דאָס וואָרט „ר־ר־רעוואָלוציאָן" האָט זיך פונעם מויל בײַ אים דעמאָלט אַרויסגעריסן מיט דרײַ רײַשן, ווי אַ דונער, און ווען ער האָט אַ געשריי געטאָן: „נידער מיט דעם באַטריגערישן גאָט און מיט זײַן גאַנצער שוואַרצער כאַפּטע פון גלחימלעך, רבנימלעך, דײַנימלעך. גוטע ייִדעלעך, קאַפּיטאַליסטעלעך, בלוט־צאַפּערלעך און בודעלשע, ני־דערטרעכטיקטע, פאַרדאַמטע סאָציאַל־דעמאָקראַטעלעך!" — האָט ער אַ שרעק דעמאָלט אַנגעוואָרפן אויף זײַנע צוהערער...

און צוהערער האָט ער געזוכט, און נישט דווקא אין די מיטינגען און פאַרזאַמלונגען־לאָקאַלן, נאָר אויף די גאַסן אויך, אַרום די שעפּער און אַרום די בתי מדרשים.

ער האָט געאַרבעט בײַ קינדער־הייזקעס, דאַכט זיך, האָט ער אָפט אין מיטן טאָג די אַרבעט געוואָרפן און איז אַוועק אויפקלערן די „פינצטערע מחות".

דעמאָלט האָט מען געקענט אים זען נעבן דעם בית־מדרש אין לאָמ־באַרד סטריט, אַרומגערינגלט פון ייִדן און ייִדענעס, וואָס ער האָט זיי „אויפגעקלערט".

אין מיטן זײַן רײדן האָט ער דעמאָלט פּלוצעם אויפגעהויבן זײַן לאַנגע האַנט צום הימל און אויסגעשטעלט אַ גרויסע פײַג, און נאָכדעם, נאָכמאַכנדיק מיט זײַן קול פון אַ רוסישן דיאַק, דעם קלאַנג פון אַ קלויס־טער גלאָק, האָט ער די האַנט מיט זײַן פײַג אַרומגעפאָכעט אין דער לופטן אַהער און אַהין און געברומט:

— בים־באָם־באָם, נאַ דיר אַ פײַגעלע, דו שווינדלער, און טו מיר עפּעס! בים־באָם־באָם — דו קענסט מיר גאָרנישט טאָן, ווײַל דו ביסט נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ; ווײַל, ווען דו וואָלסט געווען, וואָלט דאָך אַזאַ וועלטעלע פון בלוטצאַפּערלעך נישט געקענט זײַן!

און דערנאָך האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו די אַרומיקע ייִדן און ייִדענעס מיט אַ געשריי שוין אויף אַ מין בײַ־קול:

— נו איר פאַרפירטע, אומגליקלעכע מענטשעלעך, איר ווילדע ברואים, וואָס גלייבן אין גלחים, אין רבנים און אין גוטע ייִדן, אין שדים, אין טײַוואָלים און אין אַ ליגנערישן רבונו־של־עולם, — זאָגט אים, אײַער רבונו־של־עולם, אַז ער זאָל מיך איצט אויפן אָרט דערהרגענען מיט עפּעס אַ דונער, אַ בליץ — ער קען נישט. אַ פײַג קען ער!...

די פרומע ייִדן זײַנען פון אים געלאָפן דעמאָלט צעטומלטע און צע־שראָקענע מיט אַ שפּײַען און מיט אַ „שקץ תשקצנו"...

אָדער ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן בליצשטיינס באַנק, וואָס

האט זיך, דאכט זיך געפונען אויף סאוט פערטער סטריט, וווּ אין די פענצטער זיינען אויסגעשטעלט געווען אלערליי אסיגנאציעס און מטבעות, און ארומגעקליבן אז עולם ארום זיך, און אנגעוויזן אויף דעם געלט אין די פענצטער, און אנגעהויבן זיין אויפקלערונג:

— איר מיינט יידן, אז דאס איז געלט? בילעטציקעס און גאלדענע און זילבערנע מטבעות? ניין, גאלדענע יידן מיינע, נישט קיין געלט איז דאס, נאר גנבהלע, רציחהלע, גאזלאוואיעלע, דאס בלוט און די פראצע פון דער אומגליקלעכער מענטשהייט, וואס גאטעניו און שטאטעלע און קיר־בעלע האבן פארשקלאפט...

און ער האט געענדיקט, געוויינלעך, מיט גרויסן פאטאס:

— נידער מיט דער פארדאמטער, נידערטרעכטיקער, בלוטצאפעריי־שער דריי־איינעניקייט!...

— ד —

מיט מיר איז ער באפריינט געווען, אפשר דערפאר נאך, ווייל מיט מיר האט ער געקענט ריידן רוסיש.

ער האט כסדר גערעדט רוסיש, און גערעדט האט ער מיט אן עכט גרויס־רוסישער אויסשפראך (א געבארענער אין טולא, דאכט זיך, אין דער שטאט, פון וועלכער עס שטאמען די בארימטע רוסישע סאמאווארן, וואס קאכן מיט אזא געפילדער), אבער די „אויטאריטעט" פון דער רוסישער גראמאטיק האט ער, אפנים, אפילו אין די צארישע ציימן אין טולא קיינ־מאל נישט אנערקענט...

צו מיר איז ער א מאל אריינגעקומען, און יעדעס מאל האט ער זיך געמיט אויפצוקלערן מיין לאנדס־פרוי, די גוטע גיטל הייסט עס.

איך דערמאן זיך, ווי אזוי ער האט איר אמאל געגעבן צו פאר־שטיין, וואס הייסט „דארוויניזם".

— פארשטייט איר מיך יידענע, — האט ער אנגעהויבן מיט פא־טאס, — אייער תורה־הקדושה זאגט, אז איר זענט באשאפן געווארן פון גאט, קומט צו גיין דער דארוויניזמוסל און זאגט, אז דאס איז א געמיי־נער ליגן און וויינט אויף, אז איר, יידענע זענט באשאפן געווארן פון א מאנקי, פון א נאסטאיאשצער אבעזיאנע, פאניעמאיעטע! — נאכדעם קומט דער רעוואלוציאנערער אנארכיזם און גיט א טויט־קלאפ אייער גאט, איר פארשטייט, יידענע?

איך דערמאן זיך אויך, ווי איינמאל, בעת אין ניו יארק האט אויס־

געבראַכן עפּעס אַ שטרײַק איז ער אַרײַנגעפלױגן צו מיר אַז אַ הײטל, מיט אַ פֿאַרדרײטע טשופּרינע אױף זײַן קאָפּ און, דרײענדיק װילד מיט די אױגן, האָט ער אױסגעשריען פֿאַרסאַפּעט:

— פּאַידיאָם! — איך זאָל גײן מיט אים.

— װוּהין? — פֿרעג איך.

— ר־ר־רעװאָלוציע — װ'ניוױאָרקע פּאַידיאָם!... סטאַשקאַ, בראַט!... סאָציאַלנאַיאַ רעװאָלוציאַ, בראַט! — ס'הײסט, אַז אין ניו יאָרק איז אַ שטרײַק, און דאָס מײנט, אַז די סאָציאַלע רעװאָלוציע האָט זיך דאָרט אָנגעהױבן, און איך זאָל מיט אים דערפֿאַר גײן אַהין.

רוף איך זיך אָן:

— נו, און געלט אױף צו פֿאָרן?

— פּעשקאָם! — שרײַט ער — צופֿוס! אַנישט זאָלן מיר עקספּראָפּריאירן אַ װאַגאָן!

זאָג איך אים, אַז ער איז משוגע; זאָגט ער צו מיר, אַז איך בין אַ פֿאַררעטער און אַ גאָטס־פֿאַרדאַמטער פּײַגלינג!

ער אַלײן איז דעמאָלט אױך נישט געפֿאָרן צו דער „סאָציאַלער רעװאָלוציאָן", אָבער רײדן האָט ער מיט מיר אַ פּאָר װאָכן דערפֿאַר דערנאָך נישט גערעדט.

זײַן נאָמען איז געװען באַקונין, אָדער „באַקונקע", װי ער האָט אים מיט פֿאַרגעטערונג גערופֿן.

אַגב, איז דער נאָמען באַקונין דעמאָלט זײער פּאָפּולער געװען צװישן די ייִדן סײַ אין פֿילאַדעלפֿיע און סײַ אין ניו יאָרק, אַ דאַנק יעקב סאַפּירשטײן, דעם שפּעטערדיקן גרינדער פֿון עטלעכע ייִדישע צײַטונגען דאָ־הי, און אױך פֿונעם „מאָרגן־זשורנאַל".

אין יענער צײַט האָט ער אַרױסגעגעבן זײַנע העפֿטן פֿון „די געהײמניסע פֿון רוסישן הויף".

אַט דער װיסטער שונד האָט ממש װוּנדער אױפֿגעטאָן נישט נאָר פֿאַר סאַפּירשטײנען אַלײן, װאָס ער איז דעמאָלט רײַך געװאָרן פֿון אָט די שונדישע העפֿטן, װעלכע יעדער ייִד כמעט האָט זײ דעמאָלט געלײענט, נאָר פֿאַר די ייִדישע אַנאַרכיסטן אױך.

אײנער פֿון די הױפּט־העלדן אין די „געהײמניסע" איז געװען באַקונין, װעלכער האָט דאָרט אַרױסגעװיזן װוּנדערלעכע קונצן: דאָ װי אַ ייִדישער פּעדלער אין דעם קאַלטן סיביר, און דאָרט װי אַן אױסלענדישער דיפּלאָמאַט אין פּעטראָ־פּאַװלעל פֿעסטונג, און די ייִדישע לײענער זײַנען פֿון אים אַזױ נתפּעל געװאָרן, אַז שפּעטער, װען די ייִדישע אַנאַר־

כיסמן האבן פון פראפאגאנדע ווענן ארויסגעלאזן באקונינס א בילד, האט מען אין א סך פרומע יידישע היימען געזען דאס דאזיקע בילד הענגען צווישן די בילדער פון ר׳ יצחק אלחנן און פון דעם ווילנער גאון, צי פון משה מאנטעפיארע און באראן הירש...

איך האב געקענט פשוטע ארבעטער, וואס זיי זיינען דעמאלט צוליב זייער פארגעטערטן העלד באקונין, דעם העלד פון די שונדיסטישע „געהיימניסע", דערנאך אריינגעטראטן אין דער אנארכיסטישער גרופע און זיי זיינען געווארן מיט דער צייט טיכטיקע פראפאגאנדיסטן פון דעם אנארכיזם, ווי זיי האבן אים פארשטאנען. איינעם פון זיי האב איך געפרוווט שילדערן אין מיין דערציילונג „באקונין", וואס איך האב אנגעשריבן, בעת איך האב זיך גענומען דרוקן אין דעם סאציאליסטישן „אבענד בלאט".

איך ווייס נישט אויף זיכער, נאר מיר פאלט איין, אז אט דער גאלדבערג, אדער דר. „גאט צו דאנקען", איז אויך געווען איינער פון די, וואס זיינען געקומען צום אנארכיזם א דאנק סאפירשטיינס „געהיימניסע" און ער האט זיך דערנאך ערשט אנגעלייענט מיט די אנארכיסטישע בראשורן.

ער איז נישט געווען דער איינציקער, וואס האט געקעמפט אזוי אין יענער צייט פאר זיינע אידייען, נישט דער איינציקער איבערגעגעבענער אנארכיסט. די אנדערע זיינען נישט ווייניקער איבערגעגעבן געווען זייערע אידעאלן, נאר ער איז געווען דער כאראקטעריסטישסטער און טעמפעראמענטפולסטער צווישן זיי.

און אין עצם, נישט קוקנדיק אויף זיין אויסזען און זיין פארביטערטקייט קעגן גאט און קעגן דער גאנצער געזעלשאפט, איז ער, גאלדבערג, אין די רויקע מאמענטן געווען רויק, ווי א גוטמוטיק קינד, און גאנץ אפט האב איך באמערקט, ווי זיין שווארצער, בייזער בליק האט זיך ליכטיק אנגעצונדן און מיט ווארעמקייט געשיינט, בעת ער האט אמאל געקוקט אויף א קינד. אפנים, אז ער האט קינדער זייער ליב געהאט. (צי ער האט געהאט אייגענע קינדער און, בכלל, א פאמיליע — האב איך קיינמאל נישט געוווסט).

און איך בין אויך זיכער, אז כאטש ער האט אזוי געקעמפט קעגן „פריוואט־אייגנטום", וואלט ער דעמאלט קיין סענט נישט געקענט פארנעמען ביי אן אנדערן.

און איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן דעם איינדרוק, וואס ער האט אויף מיר אמאל געמאכט, בעת איך בין מיט אים פארביינעגאנגען בעינברידזש סטריט, אין פילאדעלפיע.

בעינברידזש סטריט, אין סאַמע האַרץ פון דעם ייִדישן קוואַרטאַל, איז אין יענער צײַט — ווי איך האָב שוין באַמערקט אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל — געווען אײַנגאַנצן פאַרפלייצט מיט עפנטלעכ:ע הייזער פון שוואַרצע פרויען.

גיי איך אַמאָל מיט אים פאַרבײַ יענע גאַס, דערזעען מיר ווי לעבן אַ הויז שלאָגט אַ פּאָליסמאַן אַ שוואַרצע פרוי, און זי, אײַנגאַנצן אַ צע־בלוטיקטע, רעוועט, ווי אַ חיה, וואָס מען וואָלט זי לעבעדיקערהייט אויף שטיקער געריסן.

גאָלדבערג בלײַבט אַן לשון, קוקט אויפן פּאָליסמאַן, און מיט אַמאָל הייבט ער אָן צו שרײַען אויף אים, און דווקא אויף רוסיש — קיין ענגליש האָט ער נישט געקענט:

— ראַזבאָיניק, וויעד עטאָ זשיוואַי טשעלאָוועק! — אַ לעבעדיקער נפש איז דאָך דאָס, מערדער!...

איך ווייס נישט, וואָס דעמאָלט וואָלט געווען, ווען אַן אַנדער געגנאָסע וואָלט נישט אונטערגעקומען און וואָלט גאָלדבערגן פון דאָרט נישט אַוועק־געשלעפּט מיט גוואַלד.

אָט אַזאַ איז געווען דער צווייטער מיטגליד פון „ריטער דער פרײַ־הייט", וואָס האָט מיך דעמאָלט באַזונדערס אינטערעסירט.

ענלעכע צו זיי האָט מען אין יענער צײַט געקענט טרעפן צווישן די ייִדישע אימיגראַנטן אַ סך אויף דער ייִדישער גאַס, אין פילאַדעלפיע, און נאָך מער אין ניו יאָרק.

און אַנטפּלעקט האָבן זיי זיך דאָרט, אַ דאַנק די דאָרטיקע נײַע אומ־שטענדן און דער דאָרטיקער נײַער גײַסטיקער סביבה.

# צווייטער קאַפּיטל

## די אומשטענדן וואָס האָבן געשאַפן יענע צײַט און מענטשן

— א —

גרוים איז געווען די נויט פון ייִדישע אימיגראַנטן אין יענער צײַט אויף אונדזער אַמעריקאַניש־ייִדישער גאַס — סײַ די עקאָנאָמישע און סײַ די גײַסטיקע נויט.

ווי ביטער עס איז נישט געווען זייער לעבן פריִער דאָרט, אין זייערע היימישע שטעטלעך, איז עס דאָך דאָרט אָבער פאָרט געווען זייער היים, וואָס אין איר זײַנען זיי אַרײַנגעוואַקסן געווען מיט דער ערד, אויף וועלכער זיי האָבן געטראָטן, און מיטן הימל, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער זייערע קעפּ, און מיטן טויט, וואָס האָט דאָרטן גערוט אין די קברים אויפֿן ייִדישן בית־עולם; און געוווּסט האָבן זיי דאָרט אויך פון א תענוג־יום טוב. און פון א גאָט, וואָס צו אים האָבן זיי געבעטן און וואָס אויף זײַן הילף האָבן זיי געהאָפט; און פון דעם טעם צו פּראַצע־ווען אַזוי שווער אין א פאַרשטיקטן שאַפּ האָבן זיי, די פריִערדיקע קרע־מער און מאַרק־הענדלער, די פריִערדיקע לופט־מענטשן, דאָרט בײַ זיך אינדערהיים, קיינמאָל נישט געוווּסט.

און דאָ איז אַלצדינג אַזוי אַנדערש אַזוי פרעמד געווען, אַזוי קאַלט און אַזוי וואָכעדיק. כסדר געפּראַצעוועט אין דעם ענגן, פאַרשטיקטן שוויץ־שאַפּ, ווי אַן עבד־כנעני. פון אינדערפרי ביז בײַנאַכט. די ליכטיקע וועלט האָט מען גאָרנישט אָנגעזען!

ווו שבת און ווו יום־טוב — אַנדערע האָבן געמוזט אַרבעטן אין די שעפּער אַפילו אין די שבתים און יום־טובים, אַנישט האָט מען די אַרבעט פאַרלאָרן...

און ווײַל זייער לאַגע איז געווען אַזוי שווער און זייער נויט אַזוי גרויס, האָט די אַגיטאַציע וועגן אַ רעוואָלוציע געערדט צו זייער האַרצן. און מחמת דעם אויך האָט די אַגיטאַציע פֿון די אַנאַרכיסטן מער אויף זיי געווירקט, איידער די פּראָפּאַגאַנדע פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. ווײַל די אַנאַרכיסטן האָבן צו זיי גערעדט מיט מער רעוואָלוציאָנערע פֿראַזן, איידער די סאָציאַל־דעמאָקראַטן; ווײַל די אַנאַרכיסטן האָבן זיי צוגעזאָגט די „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן" אָט טאַקע באַלד...

און, הגם זעלטן־ווער פֿון אָט די ייִדישע אַרבעטער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס די אַנאַרכיסטן האָבן צו זיי גערעדט, איז אָבער פֿאַר זיי איין זאַך קלאָר געווען, אַז יענע זײַנען אויסן געווען די טובה פֿון דעם לײַדנדיקן אַרבעטער און זיי האָבן געוואָלט אים גלײַך דערלייזן דורך עפּעס אַ מין נײַעם משיח, וואָס ער האָט געהייסן „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן". און אַ סך פֿון אָט די ייִדישע אַרבעטער, פֿון די ייִנגערע, בפֿרט פֿון יענע, וואָס זיי זײַנען פֿעיִק געווען צו באַגײַסטערן זיך פֿאַר אַן אידעאַל און צו קעמפֿן פֿאַר אים — און דאָ מיין איך טאַקע יענע ייִדן, וואָס וועגן זיי האָב איך גערעדט אין מײַן פֿריִערדיקן קאַפּיטל — ייִדן, הייסט עס, וואָס אין זייער גײַסט זײַנען זיי קרובים געווען פֿון אונדזערע אַלטע נביאים — זיי האָבן זיך דאָן אָנגעצונדן מיט רעוואָלוציאָנערן פֿײַער און זיי זײַנען צוגעשטאַנען צו די אַנאַרכיסטן, גרייט צום קאַמף פֿאַר דער „סאָציאַלער רעוואָלוציאָן".

— ב —

אויף די לײַדנדיקע מאַסן האָט אין אַלע צײַטן, פֿון תּמיד אָן, דאָס רעוואָלוציאָנערע וואָרט — ווי טונקל עס איז פֿאַר זיי נישט געווען — מער געווירקט, איידער דאָס ניכטערע, פּראַקטיש־שׂכלדיקע וואָרט (און אפֿשר דווקא דערפֿאַר טאַקע, ווײַל עס איז פֿאַר זיי טונקל געווען, האָבן זיי, די לײַדנדיקע מאַסן, הייסט עס, געקענט אַרײַנלייגן אין דעם זייער אייגענעם ווייטיק און צאָרן, און אויף אַזאַ אופֿן איז דאָס רעוואָלוציאָנערע וואָרט זייער אייגנס געוואָרן).

און גראָד זײַנען די אַנאַרכיסטן צו זיי געקומען מיט אַזעלכע ווערטער. יעדער איינציקער פֿון די דעמאָלטיקע אַנאַרכיסטישע ייִדישע רעדנער האָט אויף זײַן באַזונדערן אופֿן גערעדט צו זיי אין אַ פֿײַעריקער שפּראַך וועגן דעם, ווי אַזוי זיי, די אַרבעטער, לײַדן און ווער איז שולדיק אין זייערע לײַדן, און ווי אַזוי זיי קאָנען מאַכן אַ סוף צו זייער ביטערער לאַגע. זיי האָבן גערופֿן די ייִדישע מאַסן צו „רעוואָלט" און צום קאַמף פֿאַר

דער „סאָציאַלער רעוואָלוציע" און קעגן דעם היינטיקן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, וואָס ווערט אויפגעהאַלטן פון רעליגיע און שטאַט און קאַפּי־טאַליזם.

באַזונדערס ביטער האָבן זיי באַקעמפט רעליגיע. זיי האָבן געמאַכט יעדן ערב יום־כפּור אַ יום־כפּור־באַל, און צו יעדן ראש־השנה האָבן זיי אין משך פון עטלעכע יאָר אַרויסגעלאָזט אַ „תפילה־זכה", וואָס זיי האָבן פאַרשפּרייט אין די טויזנטער קאָפּיעס. אין די דאָזיקע „תפילה־זכהס" האָבן זיי געוואָלט אויפווייזן, אַז דער ייִדישער גאָט „יעהאָוואַ" איז גאָר אַ נאָ־מען פון אַן עגיפּטישן גאָט און אַז משה איז גאָר געווען אַן עגיפּטישער גלח; אַז פון מתן־תורה ביז נאָך גלות־בבל איז ביי ייִדן גאָר קיין יום־הדין נישט געווען און, דער עיקר, אַז רעליגיע עקזיסטירט בלויז פאַר פינצטערע מוחות.

די דאָזיקע „תפילה זכהס" — ווי ח' בורגין שרייבט אין זיין „געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער באַוועגונג" — זיינען פאַרפאַסט גע־ווען פון א. טענענבוים, דוד עדעלשטאַט און אַנדערע.

און די דאָזיקע אַנטי־רעליגיעזע אַגיטאַציע האָט געווירקט. מחמת זי האָט דאָך געהאַט אַזאַ באַוואוסטע שייכות צו דער „סאָציאַלער רעוואָלוציע", וואָס האָט געזאָלט זיין, די ייִדישע אַרבעטער, דערלייזן, און אויך דערפאַר, ווייל אַ טייל פון אָט־די ייִדישע אימיגראַנטן, בפרט פון די ייִנגערע, אַרויס־געריסענע פון דעם רעליגיעזן דרוק, וואָס זיי האָבן געפילט ביי זיך אינעם שטעטל, זיינען צופרידן געווען אים פון זיך אַרונטערצוּוואַרפן...

אַוודאי איז בלויז אַ געוויסער טייל פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער אַרבעטערשאַפט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אָט דער באַוועגונג. די מערסטע ייִדישע אַרבעטער, בפרט די רעליגיעזערע צווישן זיי, איז די דאָזיקע באַ־וועגונג וויייניק־וואָס אָנגעגאַנגען און זיי האָבן געחושבט אין די שוויצ־שעפּער און געחלומט וועגן דעם, אַז גאָט זאָל זיי העלפן און זיי זאָלן קאָנען עפענען אַן אייגענע „שאַפּקע", צי אַ קרעמל...

אָבער אַפילו אויף געוויסע ייִדישע אַרבעטער רעליגיעזע האָט די אַנטי־רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע פון די ייִדישע אַנאַרכיסטן אויך געמוזט מאַכן אַן איינדרוק און דעם רעליגיעזן געפיל ביי זיי אינעם האַרצן צעטומלען...

מחמת דאָ־היי, ווו מיר זיינען געווען כמעט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער פריִערדיקער היימישער ייִדישקייט, ווו קיין אמתער היימישער שבת און יום־טוב איז נישט געווען, בפרט אין אָט דער סביבה, ווו צוליב דער אַרבעט אינעם שאַפּ, צוליב חיונה, איז מען אָפט געגוּיט געווען צו פאַר־

בײַגן די פּרומקײַם — האָט דער הײמישער רעליגיעזער געפיל געמוזט פאַר־לירן זײַן פרײַערדיקן כח אפילו בײַ די פרימערע.

און בײַ אַנדערע פון זײ האָט די דאָזיקע אַנטי־רעליגיעזע אַגיטאַציע פון די אַנאַרכיסטן געוועקט רעליגיעזע ספקות, צי גאָר זײ געמאַכט פאַר פאַנאַטישע קעמפער קעגן גאָט.

אַזעלכע האָב איך אַלײן געקענט נישט װײניק.

דערמאָן איך זיך, למשל, אָן צװײ באַיאָרטע ייִדישע אַרבעטער, װאָס איך האָב זײ געקענט אין פילאַדעלפיע, בעת איך בין דאָרט צוגעשטאַנען צו דער אַנאַרכיסטישער באַװעגונג. ברידער זײַנען זײ געװען, בײדע פון נעװיל, װיטעבסקער גובערניע; אינעם שטעטל בײַ זײ זײַנען בײדע געװען מאַרק־הענדלער און בײדע פרומע ייִדן. זײַנען זײ דאָ — בײדע אַרבעטער בײַ קינדערשע הױזן — געװאָרן פאַנאַטישע אַנאַרכיסטן, און זײ האָבן כסדר געקעמפט קעגן גאָט.

גרױסע עם־הארצים זײַנען זײ געװען בײדע, און דערפאַר אפשר האָבן זײ געלײענט הױך אױפן קול בײַ אונדז אינעם קלוב — בײַ די „ריטער דער פרײַהײט", הײסט עס — פאַר אַנדערע גענאָסן זײער צײַטונג די „פרײַע אַרבעטער שטימע". און דעמאָלט, אַגב, איז געװען מיר װידער טשיקאַװע צו הערן, נישט קוקנדיק, װאָס איך האָב זיך שױן געדאַרפט צוגעװױנען צו דעם, — װי עס האָט געטרעשצעט די האַרבע עברי פון אָט דער צײַטונג בײַ זײ אונטער די צײן, װי זי, די דאָזיקע עברי איז, נעבעך, פאַרקריפּלט געװאָרן בײַ זײ אינעם מױל...

אײנער פון זײ, אַז ער האָט געדאַרפט לײענען „רעליגיאָן", האָט געלײענט „רעגיליאָן", און אַנשטאָט „צוקונפט" — „צוקנופט", און אַנ־שטאָט „פּיקניק" — „פינקיק", און אַזױ װײַטער.

איז דער דאָזיקער ייִד אָפט געשטאַנען לעבן בית־מדרש אױף לאָמ־באַרד־סטריט, װי גאָלדבערג „גאָט צו דאַנקען", — װאָס מיט אים האָב איך דעם לײענער באַקענט אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל, — און ער האָט געשריגן צו די ייִדן, װעלכע זײַנען אַהין געגאַנגען דאַװנען:

— נאַרישע מענטשן, פינצטערע מוחות, װוּהין גײט איר? דאָסט אױף רעגיליאָן!...

און דער אַנדערער פון אָט די בײדע ברידער האָט זיך געגעט מיט זײַן װײַב, אַ מאַמע פון פיר דערװאַקסענע קינדער, נאָר דערפאַר, װאָס ער האָט נישט געקאָנט אַרױסשלאָגן די „פינצטערניש" בײַ איר פונעם קאָפּ, אַז זי זאָל נישט בענטשן די שבת־ליכט...

אָט דער ייִד, װאָס ער האָט זיך געגעט מיט זײַן װײַב, איז געװען אַ

דם שונא פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און ער האָט זיי געשאָלטן מיט טויטע קללות, ווייל זיי האָבן געשטערט די „סאָציאַלע רעוואָלוציע" מיט זייערע בודלערשע „פּאָליאַטיוון", ווי ער האָט געזאָגט...

— ג —

ווי אַזוי האָבן זיי געשטערט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן? דאָס וואָלט ער נישט געקאָנט דערקלערן. דאָס איז אים אַליין נישט קלאָר געווען. ער האָט עס אָבער געהערט פון די אַנאַרכיסטישע רעדנער און געלייענט וועגן דעם אין זיין ציַיטונג, און ער האָט פאַנאַטיש געגלויבט.

ער האָט כסדר גערעדט וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און וועגן דער פרייער אַנאַרכיסטישער „געזעלענשאַפט", ווי ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „געזעלשאַפט".

ס'רוב פון די אַנאַרכיסטן — און אויך פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן — צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין יענער ציַיט האָט מיט דעם טיפסטן גלויבן גערעדט ווערטער, וואָס זיי וואָלטן נישט געקענט פאַר־טייַטשן.

אין דעם פּרט האָבן זיי דערמאָנט אָן די פרומע יידן עם־הארצים, וואָס זאָגן פאַרגרייזטע ווערטער ביים דאַוונען מיט דער גרעסטער התלהבות — ווערטער, וואָס זיי פאַרשטייען נישט, אָבער וואָס זיינען געהייליקט דורך דעם טיפן גלויבן פון זיי, די פרומע דאַוונער אַליין...

די דאָזיקע יידן זיינען געוואָרן דאָ פאַנאַטישע אַנאַרכיסטן אונטער־דעם דרוק פון דער שווערער אַרבעט און נויט, און אויך, מיין איך, דער־פאַר, ווייל דאָ, אין דער פרעמדער, קאַלטער, וואָכעדיקער סביבה, וווּ זיי האָבן אָנגעוואָרן זייער היימישע יום־טובדיקייט, האָבן זיי געפונען אַ נייע יום־טובדיקייט פאַר זייערע אויסגעליידיקטע נשמות אין דעם אַנאַר־כיסטישן, ווי אין דעם סאָציאַליסטישן, אידעאַל און אין דער התלהבות פונעם קאַמף...

מחמת דער מענטש, ווער ער זאָל נישט זיין, מוז האָבן זיין יום־טוב־דיקייט. אָן דעם איז ער אָרעם און עלנט, מעג ער זיך אַפילו אין גאָלד באָדן.

אגב, בעט זיך דאָ צו באַמערקן ווידער, וואָס איך האָב באַמערקט שוין אין פריערדיקע קאַפּיטלען מיינע, אַז אַט דער טיפּ יידישער אַרבעטער־איז געווען דער הויפּט־מאַטעריאַל, וואָס פון אים זיינען דאָ באַשאַפן גע־

ווארן די אלע יידישע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס, די יוניאנס און די גאנצע ארבעטער־באוועגונג.

דער דאזיקער טיפ יידישער ארבעטער — צי אנארכיסט, צי סאציאל־דעמאקראט — איז געווען די נשמה, וואס האט באלעבט די היגע יידישע ארבעטער־באוועגונג, און אמאל אויך — די שטארקע פויסט, וואס האט געצווונגען יענע יידישע ארבעטער, וועלכע האבן נישט געוואלט וויסן פון קיין „יונע־שמונע" (און צו אזעלכע האט מען געקאנט צורעכענען דאס רוב פון די יידישע ארבעטער אין יענער צייט) אריינצוטרעטן אין די ארבעטער־ארגאניזאציעס, וואס האבן געקעמפט קעגן די שווידערלעכע באדינגונגען פון דעם דעמאלטיקן שוויץ־סיסטעם.

ער איז אויך געווען דער, וואס אויף זיינע גראשנס, אויף זיין שטיצע, איז אויפגעבויט און אויפגעהאלטן געווען יענע יידישע פרעסע, וואס נאר אויף אירע שפאלטן איז געשאפן געווארן די היגע בעסערע יידישע ליטעראטור. און אויך ער איז געווען די הויפט־שטיצע פון דעם אמאליקן בעסערן יידישן טעאטער, ווען עס האט זיך אנגעהויבן אין יענער צייט דער קאמף קעגן דעם טעאטער פון הורוויץ און לאטיינער...

דערמיט מיין איך נישט צו זאגן, אז ער, דער טיפ יידישער ארבעטער, האט געהאט דעמאלט א גייסטיקע באדערפעניש אין א בעסערער יידישער ליטעראטור און אין א בעסערן יידישן טעאטער — א, ניין! — אין יענער צייט איז דער יידישער ארבעטער אינגאנצן טויב און בלינד געווען צו „ארטיקלען" פון אט דעם מין, אבער עס איז אויסגעקומען אזוי, אז גראד זיין צייטונג האט געדרוקט די בעסערע ליטעראטור, האט ער ממילא זי שוין געלייענט; און אז גראד די שרייבער פון זיין צייטונג זיינען געווען די פארפאסערס פון די בעסערע פיעסן, האט ער געהאלטן פאר זיין חוב צו שטיצן אט די פיעסן...

— ד —

און אויף אזא אופן איז כמעט יעדער איינציקער פון אט די יידישע ארבעטער געווען אין א געוויסן זין א זייער און פלאנצער פון גוטס ביי אונדז דא־הי אויף דער יידישער גאס.

און עס איז גארנישט אפצושאצן דעם היסטארישן פארדינסט סיי פון די דאזיקע יידישע ארבעטער־קעמפער און סיי פון יענע יחידים אידעאליסטן, וואס זיי זיינען געווען די לערער און דערציער פון אט די יידישע ארבעטער...

זיי, יענע אַרבעטער־קעמפער און זייערע דעמאָקראַטיש־לער אונז זייערע דעמאָלטיקע לערער און דער־ציער רוסיש־ייִדישע יונגעלײַט, רעוואָלוציאָנערן און פּריערדיקע „עם־עולמניקעס", האָבן באַזעלט די דעמאָלטיקע ייִדישע גאַס מיט זייערע אידעאַלן און זי באַטרוימט מיט זייערע חלומות וועגן וועלט־דערלייזונג און וועגן פרײַהייט און גליק פאַר אַלע מענטשן.

אַ דאַנק אַט דעם אידעאַליזם זייערן און זייער אַרבעט, איז די ייִדישע גאַס אין יענער צײַט באַרימט געוואָרן אויך צווישן נישט־ייִדן, ווי אַ באַזונדער וועלטל, וווּ עס האָט געלעבט און געחלומט זײַנע חלומות דער „טרוימער פון דער געטאָ", דער ראַדיקאַל און רעוואָלוציאָנער, יענער טיפֿ מענטש, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר זײַן הייליקן חוב איבערצובויען די גאַנצע וועלט און וואָס האָט מיט רייד און מעשים געקעמפט פאַר דעם.

אפשר קען ווער האָבן טענות צו געוויסע מעטאָדן, וואָס זײַנען באַנוצט געוואָרן אין אַט דעם קאַמף, ווי, למשל, דער צו מגושמדיקער און צו מעלאָדראַמאַטיש־שרייענדיקער אופן, ווי מען האָט באַקעמפט די ייִדישע רעליגיע; אָבער, וואָס מיך אינטערעסירט, איז דער קאַמף גופא און דער סאָציאַליסטישער כוח, וואָס האָט אָנגעצונדן און באַוועגט יענעם קאַמף.

אויף דער ייִדישער גאַס (אין ניו־יאָרק מער ווי אין פילאַדעלפיע) איז אין יענער צײַט געווען אַ שיעור הפקרות, אַן אַ שיעור מאָראַלישער שמוץ. מחמת דעם טאַקע אויך זײַנען אַזוי וויכטיק געווען יענע אַרבעטער־קעמפער און זייערע לערער, יענע יחידים, וואָס זייערע נעמען זײַנען באַרימט געוואָרן אין יענער צײַט. אָן דער אַרבעט פון די מענטשן וואָלט דאָס דעמאָלטיקע ייִדישע לעבן, קען זייער זײַן, פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טיפן גײַסטיקן זומפּ.

אגב, אַ ליכט אויף דער דעמאָלטיקער ייִדישער גאַס אויף דעם היסטאָרישן אויפטו פון די אַרבעטער־קעמפער און זייערע לערער וואַרפט אויך דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט האַטשינס האַפּגוד אין זײַן בוך „דהי ספּיריט אָוו דהי געהטאָ" (דער גײַסט פון דער געטאָ), וואָס איז דערשינען אין 1902 — מיט צוויי און פערציק יאָר צוריק.

דער דאָזיקער האַטשינס האַפּגוד (געשטאָרבן מיט עטלעכע חדשים צוריק) און זײַן ברודער נאָרמאַן האַפּגוד זײַנען אין יענער צײַט געווען „היימישע מענטשן" בײַ אונדז אויף דער ייִדישער גאַס, אין ניו־יאָרק. מען האָט זיי געקענט טרעפן בײַ אונדז אויף די דעמאָלטיקע פאַרזאַמלונגען, אין די קאַפע־הײַזער אאַ"וו.

שרײַבט האַטשינס האַפּגוד אין דעם פאָרוואָרט צו יענעם בוך („דהי ספּיריט אָוו דהי געהטאָ"):

„עס איז בכלל אָנגענומען, אַז דער ייִדישער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק איז אַ פּלאַץ פון אָרעמקייט, אומװיסנקייט און אויסגעלאַסו־קייט — דער אָרט, װוּ די שוויץ־שעפּער געפינען זיך אין די טענעמענט־הײַזער, און װוּ דאָס „רויטע ליכט" באַלײַכט דאָרט די שאַנד־הײַזער אין געוויסע געגנטן בײַנאַכט, און װוּ די מענטשן זײַנען פאַרווילדעטע און מיאוס ביז צום עקל... גוט־פאַרזאָרגטע מענטשן באַזוכן די געטאָ פאַר טשיקאַוועסט וועגן, צי פאַר פילאַנטראָפּיע וועגן; שרײַבער באַהאַנדלען אָט דעם קוואַרטאַל „סאָציאָלאָגיש", ווי אַ ווינקל פון שרעקלעכן נויט, וואָס נויטיקט זיך אין אויסבעסערונגען..."

„אַז די געטאָ האָט נישט קיין שיין פּנים, איז אמת. קיינער קען עס נישט אָפּלייקענען. אָבער נישט דאָס צו ווײַזן איז דער צוועק פון מײַן בוך. איך האָב אַ סך צײַט פאַרבראַכט אין פאַרשיידענע געגנטן פון דעם ייִדישן ניו־יאָרק צווישן די אָרעמע ייִדישע פאָלקסמאַסן נישט מיט קיין כוונות פילאַנטראָפּישע אָדער סאָציאָלאָגישע, נאָר פשוט צוליב די מענטשן, וואָס איך האָב דאָרט געטראָפן, וואָס זיי זײַנען מיר סימפּאַטיש, און צוליב די ענינים, מיט וועלכע זיי פאַרנעמען זיך דאָרט..."

און ווער זײַנען געווען יענע מענטשן?

אין די קאַפע־הײַזער האָט זיי האַטשינס האַפּגוד געטראָפן, ווּ זיי האָבן זיך אַרומגעקריגט מיט אַנדערע פאַר אַ פרײַער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט אין דער צוקונפט.

ער האָט זיי געזען אויף פאַרזאַמלונגען, ווּ זיי האָבן מיט טיפן גלויבן דיסקוטירט וועגן וועלט־דערלייזונג און מענטש־באַפרייאונג.

ער האָט זיי געזען אויך בײַ אַ שטרײַק פאַר זייער יוניאָן, בײַ אַ קאַמף פאַר די אינטערעסן פון זייער קלאַס; צי גאָר אַמאָל, ווי עמעצער פון זיי האָט זיך אײַנגעשפּאַנט אין אַ וואָגן און אַליין געשלעפּט דעם וואָגן מיט די פּעק צײַטונגען, כדי אײַנצושפּאָרן דער צײַטונג, וואָס האָט געקעמפט פאַר זײַן אידעאַל, די פאַר דאָלאַר, וואָס אַ געדונגענער פערד און וואָגן וואָלט געדאַרפט קאָסטן...

און נאָך אַ סך, אַ סך ממש ווונדערלעכע זאַכן האָט עס האַטשינס האַפּגוד געזען, וואָס יענע מענטשן האָבן אויפגעטאָן אויף דער דעמאָלטיקער ייִדישער גאַס. אויף בראָדוויי און אויף דער פינפטער עוועניו האָט מען דאָס נישט געקענט זען.

שרײַבט ער טאַקע ווײַטער אין יענעם פאָרוואָרט זײַנעם:

„קאָנאַל סטריט און די בויערי האָבן מיך מער אינטערעסירט איידער בראָדוועי און פינפטע עוועניו. פאַרוואָס, וועט דער לעזער זיך דערוויסן, ווען ער וועט לייענען דעם דאָזיקן בוך, וואָס איז אַ פּרוּוו פון אַ גוי (דזשענטאַיל) צו שילדערן סימפּאַטיש דעם כאַראַקטער און לעבן און די טואונג פון געוויסע יידן אויף דער ניו־יאָרקער „איסט סאַיד", מיט וועלכע ער האָט אָנגעהאַלטן גאַנץ נאָענטע, פריינטלעכע באַציאונגען..."

אַ דאַנק געוויסע יידן האָבן די האַפּגודים און די אַנדערע זייער גלייכן, פון דער נישט־יידישער וועלט, פאַרגעסן דעם מיאוסן פּנים פון דער דע־מאָלטיקער יידישער גאַס, און אפשר אַ דאַנק זיי — זאָג איך נאָכאַמאָל — איז דער דעמאָלטיקער יידישער קוואַרטאַל נישט פאַרזונקען געוואָרן אין דעם זומפּ פון הפקרות, וואָס האָט אין יענער צייט געשטראָמט פון אַלע זייטן אויף דעם היגן יידישן לעבן.

די היסטאָרישע ראָל פון יענע „געוויסע" יידן, פון יענע טרוימער און קעמפער, וועגן וועלכע איך רעד אין אָט די זכרונות מיינע, איז ביי אונדז נאָך ווייט־ווייט נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן. אויב עס וועט אַמאָל קומען דער ריכטיקער קאָמפּעטענטער, איך מיין אומפּאַרטייִשער, פאָרשער און ער וועט זיך באַקענען מיט דעם, וואָס יענע האָבן אויפגעטאָן ביי אונדז און פאַר אונדז, וועט ער מוזן באַוווּנדערן דעם אידעאַליזם און דעם גייסטיקן כוח זייערן...

איצט צוריק צו מיין פילאַדעלפיע און צו די „ריטער דער פרייהייט" און צו די אַנאַרכיסטישע רעדנער. ווער זיינען געווען זייערע רעדנער?

# דריטער קאַפּיטל

## חיים ווײַנבערג

— א —

די מיטגלידער פֿון דער גרופּע „ריטער דער פֿרײַהייט" זײַנען יעדע נאַכט פֿאַרנומען געווען מיט פֿאַרזאַמלונגען און מיטינגען און מיט פֿאַרשפּרייטן „ליטעראַטור", ווו נאָר מען האָט געקענט. און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿאַרזאַמלונגען האָט מען דאָך אויך נישט געקענט דורכלאָזן אָן „ריכטיקע דעבאַטן".

אונדזערע שטענדיקע רעדנערס זײַנען געווען צוויי ווײַנבערגס. איין ווײַנבערג האָט אויסגעזען ווי אַן אינטעליגענט. ער איז געווען שטענדיק נעט אָנגעטאָן, האָט געטראָגן אַ לײַטישן מאַנטל, אַ פֿײַנעם גאַרניטער. שיך מיט אַ גלאַנץ און פּענסנע, און גערעדט האָט ער שטאַרק דײַטשמעריש און מיט געשרייען. (אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז ער בײַם פֿאַך געווען אַ צושנײַדער (קאַטער) בײַ מענערשע קליידער).

און דער אַנדערער ווײַנבערג האָט דווקא אויסגעזען גאָר־גאָר נישט אינטעליגענטיש, נאָר שטאַרק עמכדיק. אַ יאָדריקער ייִד געווען מיט ברייטע אַקסלען און אָנגעטאָן אַבי־ווי, אָפֿטער שטאַרק אָפּגעלאָזן. אַחוץ דעם, איז ער פֿיזיש גלאַט נישט געווען קיין פֿאַרשווין: אויפֿן קאָפּ האָט ער נישט געהאַט קיין האָר און ער האָט אונטערגעהונקען אויף איין פֿוס און געקוקט ווי מיט האַלב בלינדע אויגן.

דערפֿאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ שיינעם, הויכן, אינטעליגענטן — איך וואָלט געזאָגט — קלוגן שטערן.

ער איז געווען אַ סיגאַרמאַכער בײַם פֿאַך.

אַחוץ זיי, האָבן מיר געהאַט נאָך אַנדערע רעדנער, ווי: גרעטש און

בארבער. (א יונגערמאן מיט איין אויג. שפעטער, דאכט זיך, האט ער אויסגעשטודירט דאקטאר). און סעם גארדאן — אן אינטימער פריינט פון דער בארימטער וועלטעריגע דע קלעיר. (ער האט אויך שפעטער אויס־געשטודירט דאקטאר. האט פראקטיצירט אין נוארק, ניו־דזשוירזי).

פון אט די אלע אנארכיסטישע רעדנערס — אריינרעכענענדיק אפילו די רעדנערס, וואס מען האט ארונטערגעבראכט אמאל פון ניו־יארק — האט דעם טיפסטן איינדרוק געמאכט אויף מיר דער הינקענדיקער און האלב בלינדער ח. וויינבערג, דער סיגארמאכער.

דורכויס א פאלקס־מענטש איז ער געווען, דער טיפ פון דעם נאטור־פילאזאף, און וואס פאר א רעדנער!

ווי א רעדנער האט איך אים פשוט דעמאלט באוואונדערט.

ער האט זיך נישט געהיצט, בשעת ער איז פאר אן עולם געשטאנען: האט נישט געזוכט צו „נעמען" דעם עולם מיט „רעוואלוציאנערישן" טופען מיט די פיס און קלאפן זיך אין דער ברוסט, און מיט ארויסשרייען אויף דער העכסטער אקטאווע זידלערייען און קללות אויף די קאפיטאליסטישע קעפ און הורא־געשרייען פאר דער סאציאלער רעוואלוציע, ווי דאס האבן געטאן די מערסטע אנדערע רעדנער, סיי די אנארכיסטישע און סיי די סאציאל־דעמאקראטישע פון די „אינטעליגענטן".

רויק און געלאסן האט ער גערעדט און אין אן איינפאכער פאלקס־שפראך, וואס זי איז פון זיין מויל ארויסגעפלאסן אזוי ווייך און בויגיק, אזוי פיל־פארביק און מיט אזוי פיל הומאר, אז שלום־עליכם אליין וואלט אים געמעגט מקנא זיין.

אז ער האט גערעדט, בין איך אלע מאל געלאפן אים הערן. איך האב ליב געהאט צו הערן זיין ווייכן ארגאן און די פליסנדיקע שפראך זיינע און די געדאנקען, וואס ער האט ארויסגעבליצט, אזעלכע פשוטע און אזעלכע אריגינעלע, און די קלוגע משלים, וואס ער האט געגעבן, פון וועל־כע דער עולם האט זיך געקאטשעט פאר געלעכטער.

א מענטש א פקח (פיקייער) געווען. נישט איינמאל, בעת איך האב, מיט יארן־יארן שפעטער, געלייענט מאקסים גארקיס „מאאי אוניווערסי־טעטי" (מיינע אוניווערסיטעטן), האב איך זיך דערמאנט אן אט דעם וויינבערגן און ביי זיך געטראכט, ווי ענלעך ער איז געווען צו דער אין דער וואונדערלעכער געשטאלט פון א פאלקס־פילאזאף, וואס גארקי שילדערט דארט...

נאך איצט, דאכט זיך מיר, זע איך אים, מיט זיין גלאנציקן, גרויסן און קלוגן שטערן, אין דעם לאקאל אויף פיין סטריט, אין פילאדעלפיע,

ווי ער שטייט דאָרט אויף דער פּלאַטפאָרם, אַביסל אויסגעבויגן אויף איין זײַט, מחמת זײַן הינקענדיקער פוס, און איך הער זײַן קול און דעם באַזונדערן קאָמישן טאָן, מיט וועלכן ער שילדערט דעם אַרבעטער און די גאַנצע הײַנטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, און בילדער לעבן אויף פאַר די צוהערער אינעם לאָקאַל, בילדער, געשאַפן פון אַן אמתן וואָרט־מײַסטער, אַזעלכע קאָמישע אין זייער טראַגיזם, אַז יעדע ווײַלע ווערט זײַן קול דערטרונקען אין אַ שטורעמדיקן געלעכטער...

יאָ, אַ וווּנדערלעכער וואָרט־קינסטלער איז ער געווען, מיט אַ רויקן שמייכל, דורך וועלכן ער האָט אָפט די אָריגינעלסטע און שאַרפסטע געדאַנקען אַרויסגעבליצט.

אַט דער ווײַנבערג האָט אין יענער צײַט מיר אָפט געזאָגט:

— ברענט נישט אַזוי, איר וועט גיך איבערברענען. אַ פײַער, וואָס פלאַקערט אַזוי, מוז גיך איבערברענען. איך האָב מורא, אַז לאַנג וועט איר נישט בלײַבן מיט אונדז.

אַ געוויסע צײַט זײַנען מיר דעמאָלט געווען שטאַרק באַפרײַנדעט און ער האָט זיך מיט מיר באַזונדערס אינטערעסירט. אין יענער צײַט האָט ער מיך געבראַכט איינמאָל צו זײַנעם אַ פרײַנט — אַ שטיקל אַנאַרכיסטישער גענאָסע געווען — וואָס האָט געהאַט אַ קליין סיגאַר־פאַבריקל ערגעץ אַרום זשיראַרד עוועניו, און יענער האָט מיך אויסגעלערנט ווי צו אָפּרייניקן טאַבאַק־בלעטער פון זייערע וואָרצלען, כדי מען זאָל זיי נאָכדעם קענען נוצן פאַר די סיגאַרן. איך בין געוואָרן, הייסט עס, אַ „טאַבעקאָ־סטריבער״ בײַ יענעם אין פאַבריקל, און איך האָב פאַרדינט דרײַ דאָלאַר אַ וואָך.

פאַר מיר, בפרט אין יענער צײַט, וואָס זי האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ ערגער און ערגער, רוקנדיק זיך צו דעם קריזיס פון 1893, איז דאָס געווען אַ סך געלט. סײַ־ווי־סײַ, פאַר מײַן קעסט גימלען איז דאָס געווען גענוג...

— ב —

פאַר ווײַנבערגן האָב איך יעדע וואָך געלייענט יאָהאַן מאָסטס „פרײַהייט״, ווען זי איז אָנגעקומען פון ניו־יאָרק, און ער האָט זיך צוגעהערט צו מײַן לייענען אַלע מאָל מיט פאַרמאַכטע אויגן.

די צײַטונג איז אָנגעקומען שבת, האָב איך געלייענט זי פאַר אים זונטיק, נאָכמיטיק, געוויינלעך.

ער האָט געוווינט מיט אַ פרוי — צי בײַ אַ פרוי — דאָס געדענק איך

נישט אויף געווים — אין אן אַלטן, הילצערנעם הויז, ערגעץ אויף אַ הינטער־הויף און אַהין בין איך געגאַנגען אַ געוויסע צייט יעדן זונטיק נאָכמיטיק.

ער האָט מיך אַלע מאָל אָפּגעוואַרט בײַם אַרײַנגאַנג אין הויז, געוואַרט אויף מיר, ווי מײַן מיסעס גיטל האָט אויף מיר געוואַרט, ווען זי האָט געדאַרפט אָנשרײַבן אַ רוסישן אַדרעס אויף דעם בריוו, וואָס זי האָט געזאָלט שיקן קיין וויטעבסק צו איר זון. און אַז ער האָט מיך דערזען קומען מיט זײַנע האַלב בלינדע אויגן, האָט זיך זײַן ריין־ראַזירטער פּנים צעשמייכלט גוטמוטיק און ער איז אַוועק צוריק אין הויז פאַר מיר, האַסטיק און צוהינקענדיק אויף אַ פוס.

דערנאָך זײַנען מיר בײדע געזעסן אינעם הויז אין אַ צוגעמאַכטן חדר. אויפן בעט, אויפן דיל, זײַנען געלעגן ייִדישע בראָשורן און ייִדישע צײַטונגען, וואָס ער, ווײַנבערג, האָט זיי פריִער געלייענט. ייִדיש איז געווען די איינציקע שפּראַך, וואָס ער האָט געקענט לייענען. איך ווייס נישט, אויב ער האָט אַפילו געקענט שרײַבן ייִדיש. ער האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון מאַסטס „פרײַהייט״, ווען אַן אַנדערער האָט געלייענט פאַר אים אָט די דײַטשע צײַטונג.

— אַנו, לייענט! — האָט ער מיר דערלאַנגט דעם אָנגעגרייטן נײַעם נומער פון מאַסטס „פרײַהייט״, ווען מיר האָבן זיך געזעצט דאָרט בײַם טיש, און ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט בײדע עלנבויגנס אַן דעם טיש און, אַז איך האָב דערנאָך גענומען לייענען, האָט ער צוגעמאַכט די אויגן און זיך צוגעהערט.

און, מערקווירדיק, אַמאָל, אַז ער איז אַזוי געזעסן און האָט זיך צוגעהערט מיט צוגעמאַכטע אויגן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער קוקט אויף מיר דורך זײַן קלוגן שטערן און צו מײַן לייענען הערט ער זיך אויך צו מיט אָט דעם שטערן זײַנעם.

אַגב, דעם איינענעם אײַנדרוק האָב איך געהאַט אַמאָל פון אַן אַנדער אומגעוויינלעכער פערזענלעכקייט — טאַקע פון דעם דיכטער ביאַליק, ווען מיר האָבן פאַרבראַכט מיט אים איין אויפדערנאַכט בײַ יונה ראָזענפעלדן אינדערהיים.

דעם גאַנצן אויפדערנאַכט איז ער געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן און ער האָט גערעדט אויך מיט משלים און פאַרגלײַכונגען, און אַרויסגעשלאָגן און אַרויסגעבלויצט האָט דאָס אַלצדינג פון אַ טיפן, טיפן קוואַל, האָט זיך מיר געדאַכט, וואָס איז בײַ אים באַהאַלטן געווען ערגעץ אַהינטער זײַן שטערן, איבער די צוגעמאַכטע אויגן זײַנע.

מחמת אויך מיט זײַן שטערן, אונטער די רויטלעכע האָר, און איבער

זײַנע צוגעמאַכטע אויגן — האָט זיך מיר דעם גאַנצן יענעם אויפֿדערנאַכט אויסגעוויזן — האָט ער געקוקט אויף אונדז אַלעמען, וואָס זײַנען געווען מיט אים, און צו דעם, וואָס מיר רעדן, האָט ער זיך אויך צוגעהערט מיט אַט דעם שטערן זײַנעם.

איך געדענק קלאָר, ווי איך מיט מײַן פֿרוי האָבן גערעדט דערפֿון נאָכדעם, אַז מיר זײַנען געקומען אַהיים פֿון די ראָזענפֿעלדס.

פֿאַלט מיר אײַן, אַז דווקא דעמאָלט, ווען יענע ביידע זײַנען געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן און ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי קוקן און הערן זיך צו מיט זייערע שטערנס, האָבן זיי באמת טאַקע געקוקט מיט זייערע ריכטיקע אויגן, מיט די אויגן, וואָס זײַנען בײַ זיי באַהאַלטן געווען אַהינטער די שטערנס זייערע. מחמת דער קינסטלער קוקט און זעט, ווען ער איז באַזונדערס פֿאַרכאַפּט פֿון עפּעס, נישט נאָר מיט די אויגן, וואָס זײַנען בײַ אים אין דרויסן אונטערן שטערן, נאָר ער זעט מיט די אויגן, וואָס זײַנען בײַ אים אינעווייניק אַהינטערן שטערן...

אויך ה. ווײַנבערג איז געווען אַ קינסטלער אויף זײַן אופֿן.

***

איך געדענק, ווי איינמאָל, בעת איך האָב פֿאַר אים געלייענט מאָסטס „פֿרײַהייט", האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן פֿון זײַן אָרט און אַוועקגעהונקען איבערן צימער מיט זײַן האַנט אויפֿן שטערן.

— איר הערט? — מאַכט ער דערנאָך צו מיר אַ שײַנענדיקער — מיר ווײַזט זיך אויס, אַז ווען איך וואָלט אַפֿילו געווען אַ קאַלטער אײַוון, וואָלט איך אויך גענומען ברענען פֿון אָט דעם פֿײַער — ווײַזט ער מיט אַ האַנט אויף דער צײַטונג — אַנו, נאָך אַמאָל וויל איך הערן... לייענט נאָכאַמאָל דעם אַרטיקל... מיר וועלן דערנאָך ביידע ווערן בעסערע רעוואָלוציאָנערן, בעסערע אַנאַרכיסטן...

מאָסט איז געווען זײַן גאָט און נישט נאָר זײַנער, נאָר דער גאָט פֿון כמעט אַלע ייִדישע אַנאַרכיסטן אין יענער צײַט.

אין מאָסטס „פֿרײַהייט" האָבן זיך געדרוקט די אַרטיקלען פֿון מײַן שפּעטערדיקן פֿרײַנט מאָריס ווינטשעווסקי, אונטער וועלכע ער האָט זיך אונטערגע־שריבן לעאָנטיעוו. מיר זײַנען יענע אַרטיקלען געפֿעלן געווען. זיי האָבן זיך מיר שטענדיק אויסגעוויזן ווי רעוואָלוציאָנערע לידער אין פּראָזע, אַרויסגעזונגען פֿון אַ דיכטער אַ רעוואָלוציאָנער מיט יוגנטלעכן און אַן אייגנטימלעכן שוווּנג. יענע אַרטיקלען האָבן גערעדט צו מײַן האַרצן.

אָבער ווײַנבערגן זײַנען זיי נישט געפֿעלן געווען.

— איך ווייס נישט, — האט ער מיר אמאל געזאגט, — אוודאי ווייסט געגאסע מאסט בעסער פון מיר וואס צו דרוקן, נאר ווען מען פרעגט ביי מיר, וואלט איך אזעלכע ארטיקלען נישט געדרוקט אין דער „פרייהייט" און נישט אין דער „פריע ארבעטער־שטימע". פאר קיין צאצקעס, מעגן זיי זיין די שענסטע, טאר נישט זיין קיין פלאץ ביי אונדז אין די צייטונגען. אונדזערע צייטונגען זיינען רעוואלוציאנערע. זיי דארפן אגיטירן און פראפאגאנדירן און אויפקלערן קלאר, אז א קינד זאל דאס קענען פארשטיין, וואס מיר ווילן און וואס מיר דארפן, און פארוואס מיר שטרעבן צו אן אנארכיסטישער פרייער געזעלשאפט! קענטיק, אז געגאסע לעאנטיעוו, בעת ער שרייבט זיינע ארטיקלען, האט אינעם זינען מער, ווי אזוי צו מאכן א שענערע צאצקע איידער, ווי צו פראפאגאנדירן אונדזערע אידייען אויף א ריכטיקן אופן — כ'מיין, קלאר, ברחל בתך הקטנה, און מיט ריכטיקן פייער!

איך האב נישט מסכים געווען מיט אים וועגן לעאנטיעווס ארטיקלען. איך דווקא האב יא געפילט אין זיי רעוואלוציאנערן פייער.

אגב, האבן אלע אנדערע יידישע אנארכיסטישע געגאסן אין יענער צייט געהאט די זעלבע מיינונג וועגן דעם געדרוקטן ווארט. יעדעס געדרוקט ווארט אין זייערע א צייטונג האט געמוזט אגיטירן און פראפאגאנדירן . . .

און דאס מיינט נישט, אז דער זעלבער וויינבערג האט נישט געקענט הנאה האבן פון א גוטער דערציילונג, וואס זי איז נישט געווען קיין דירעקטע פראפאגאנדע. אין דער סאציאל־דעמאקראטישער „ארבעטער־צייטונג", וואס ער האט געלייענט יעדע וואך, האט ער געלייענט דערציילונגען, איבערזעצטע פון בארימטע אייראפעישע שריפטשטעלער, האט ער אנדערע פון אט די דערציילונגען געלייענט צוויי־דריי מאל מיט דער גרעסטער הנאה; ער האט אבער געהאלטן, אז דאס איז, ווי ער האט זיך אויסגעדריקט — אזא מין מחיהדיקע פאטראווע, פון וועלכע מענטשן וועלן די פינגער לעקן, אבער מאכן זיי זאט און געזונט און געבן זיי דעם ריכטיקן כוח, דעם רעוואלוציאנערן כוח, ווי א ליד פון א רוד עדעלשטאט, למשל, צי פון א מאריס ווינטשעווסקי — וועט דאס קיינמאל נישט קענען!...

איך האב ליב געהאט צו זיין אויף זיינער א דעבאטע מיט א סאציאל־דעמאקראט. בפרט געדענק איך איין דעבאטע זיינע, וואס ער האט געהאט מיט א סאציאל־דעמאקראט וועגן דעם ענין „צי וואס ערגער איז בעסער" — ווי די אנארכיסטן זאגן — אדער „וואס בעסער איז בעסער" — ווי די סאציאל־דעמאקראטן זאגן.

דער סאָציאַל־דעמאָקראַט האָט זיך געמיט דעמאָלט צו ווײַזן, וואָס פאַר אַ גוטער און שײנער רעדנער ער איז געווען, האָט ער גערעדט שטאַרק דײַטשמעריש און באַנוצט די ווערטער: „ניעמאַלס", „זאָנדערן" און „אַבּ־וואָל", און „טאָט", און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס אונדזער ייִדיש האָט שוין לאַנג אָוועקגעשיקט צוריק צו די דײַטשן, און דערביי האָט ער זיך געקאָכט און געהיצט און געשריִען, ביז ער איז אַזוי הייזעריק געוואָרן, אַז מען האָט די לעצטע ווערטער זײַנע נישט געקענט מער הערן.

און ווי רויק ווײַנבערג האָט אים געענטפערט, און מיט וואָס פאַר אַ קלאָרן, וווּנדערלעכן — פאַר יענער צײַט — ייִדיש אויף דער דײַטש־מערישער שפּראַך פון יענעם! ...

— נאָך קיינמאָל האָבן תּענוגים און עשירות און גוט לעבן נישט געמאַכט קיין רעוואָלוציעס, און רעוואָלוציעס סאָציאַלע אודאי נישט, אין דער וועלט, נאָר מענטשלעכער פּײַן, מענטשלעכע יסורים און צרות און מענטשלעכער הונגער; דערפאַר זאָגן מיר, אַנאַרכיסטן — האָט ווײַנבערג גערעדט — אַז וואָס ערגער איז בעסער, אַלץ נעענטער ברענגט דאָס אונדז צו דער רעוואָלוציע און די רעוואָלוציע צו אונדז; און דער־פאַר אויך האַלט איך דוש. גולדן און קאַרנעגין און ראַקפעלערן פאַר אונדזערע בעסטע גענאָסן. מחמת זיי מיט זייערע רויבעריײַען טרײַבן צו אונדז די רעוואָלוציע און טרײַבן זי אונטער מיט פײַערדיקע בײַטשן: גיכער! גיכער! ...

און פאַרענדיקט האָט ער מיט אַ משל, וואָס איז געווען אַזוי הו־מאָריסטיש, אַז דער עולם, אַחוץ די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָט פאַר־הילכט דעם לאָקאַל פאַר געלעכטער.

— ג —

אַ דאַנק אַט דעם ווײַנבערגן, האָב איך אין יענער צײַט געטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איך וואָלט הײַנט זיכער נישט געטאָן. נעמלעך: איך האָב אַ לעקציע געהאַלטן וועגן... די גריכישע פילאָזאָפן, נישט מער און נישט ווייניקער! (אַגב, וועגן דעם דערפאָלג פון יענער לעקציע קען מען דאַכט זיך מיר נאָך הײַנט אויך געפינען געדרוקט אַ באַריכט אין דער „פרײַער אַרבעטער שטימע" פון 1892).

ווי אַזוי האָט געקענט פּאַסירן אַזאַ נס, אַז איך, וואָס איך בין אַזוי ווײַט געווען פון די גריכישע פילאָזאָפן, זאָל וועגן זיי דעמאָלט לייענען אַ לעקציע?

איז די מעשה אזוי געווען: איך האב געלייענט דרעפערס „די געשיכטע פון דער אייראפעישער ציוויליזאציע" אין רוסישער איבערזעצונג, איז עס מיר אזוי געפעלן געווארן, אז איך האב כסדר גערעדט דערפון מיט ווײַנבערגן. מאכט ער איינמאל צו מיר, אז איך האב אים אזוי פאראינטערעסירט מיט אט דעם, וואס איך האב אים דערציילט פון אט דעם ווערק, אז אים פארדריסט, וואס ער אליין קען דאס נישט לייענען אין דעם בוך, איבערהויפט איבער די גריכישע פילאזאפן. און היות, ווי אזוי איך האב גערעדט מיט אים וועגן דעם, געפעלט אים, מיינט ער, אז איך דארף האלטן א לעקציע פאר די געגאסן און פאר אנדערע אויך...

און עס האבן נישט געהאלפן מײַנע טענות, אז איך בין נישט גענוג קאמפעטענט צו האלטן אזא לעקציע; ער איז באשטאנען אויף זײַנס. ווען מען האט אפילו איין טראפן וויסן, וואס די אנדערע פון די מאסן אונדזערע האבן נישט, מוז מען זיך דערמיט טיילן מיט זיי — האט ער געטענהט.

און אזוי האט פאסירט דעמאלט דער נס, וואס איך האב געהאלטן א לעקציע איבער די גריכישע פילאזאפן און, מערקווירדיק, סײַ דער לעקטאר און סײַ זײַן לעקציע האבן אויסגענומען דעמאלט בײַם עולם אינעם לאקאל!

נישט נאר דערפאר, דענק איך אזוי, ווײַל אזא באריכט איז דערנאך געדרוקט געווען דעמאלט אין דער „פרײַער ארבעטער שטימע", נאר, נאך מער, דערפאר, ווײַל צווישן יענע וואס האבן דעבאטירט מיט מיר אויף דער לעקציע, איז געווען איינער — אויך אן אנארכיסט — אן אמתער דאקטאר פון פילאזאפיע, מיט א טיטל פון א „פי עידזש די" — איינער מיטן נאמען הארטמאן, א יונגערמאן מיט רויטע האר — געדענק איך — און ער האט מיט מיר דעבאטירט ווי מיט איינעם, וואס וואלט געווען גאר־גאר א גרויסער בקי אין גריכישער פילאזאפיע!...

און דא פאלט מיר אײַן עפעס, וועגן וואס איך האב א סך מאל געטראכט: אזוינע לעקציעס, ווי מײַנע יענע, וועגן אנדערע ענינים, האבן די מערסטע פון אונדזערע דעמאלטיקע לעקטארס געהאלטן. דאס הייסט, איבערגעלייענט א בוך, צי אמאל גאר א בראשור, און נאכדעם געהאלטן וועגן דעם לעקציעס פאר דעם גרויסן עולם.

און טאקע אמת, אז פאר דעם געלערנטן און דעם הויך־געבילדעטן זײַנען אזעלכע לעקציעס קיין לעקציעס ניט, נאר „עם הארצות" (אמהאראצעס) און, אפשר, נאך ערגער ווי דאס; אבער די ווײַנבערגס, וועלכע

האָבן געקענט גוט יענע מאָסן, וועלכע זײַנען אַלײן געװען אַ טײל פון יענע מאָסן, האָבן געטראַכט אַנדערש וועגן דעם.

אַפילו מיט אײן טראָפּן װיסן, װאָס מיר האָבן מער פון די מאָסן, מוזן מיר זיך טײלן מיט זײ — איז זײַן מײנונג געװען.

טראַכט איך מיר: אפשר איז ער גערעכט געװען; אפשר האָט מען גאָר נישט געקענט קומען צו יענע מאָסן אױף דער ייִדישער גאַס, װי נאָר מיט „טראָפּנס װיסן", כדי מען זאָל אױף זײ האָבן אַ השפּעה?... אַזעלכע לעקטאָרס, װי אַ דאָקטאָר חיים זשיטלאָװסקי, צי אַ יצחק אײַזיק הורװיטש מיט זײער גרױסן װיסן װאָלטן זיכער נישט געהאַט קײן צו־הערער אין יענער צײַט צװישן די ייִדישע מאָסן.

האָט דאָך יצחק אײַזיק הורװיטש, װען ער האָט אין יענער צײַט געװאָלט האַלטן זײַנע אַ ריכטיקע לעקציע, געמוזט פאָרן קײן שיקאַגאָ און זי האַלטן אין דעם דאָרטיקן אוניװערזיטעט!...

---

אין יענער צײַט האָט ה. װײַנבערג מיר פאַרביטן סײַ באָריסן און סײַ אַניוטאַן און סײַ די אַנדערע פרײַנט מײַנע, װאָס איך האָב זיך גע־טראָפן מיט זײ פון צײַט צו צײַט אין פילאַדעלפיע. אַפילו אין יענע מאָ־מענטן, װען איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך מײַן הײם אין װיטעבסק און נאָך מײַנע הײמישע, בין איך אױך געלאָפן צו אים פון אָט דער בענקע־ניש. בײַ אים און מיט אים האָט איך זיך אָן דעם פאַרגעסן.

און אַמאָל, אַז ער האָט זיך דערװוּסט װעגן אָט דער בענקעניש מײַ־נער, האָט ער געמאַכט חוזק פון מיר. װען איך בין געפאָרן קײן אַמערי־קע, האָב איך מיט זיך געדאַרפט נעמען מײַן מאַמעס „פאָדל" — האָט ער געלאַכט פון מיר.

אין יענער צײַט איז פאָרגעקומען דער באַרימטער שטרײַק אין האָמסטעד פון די אַרבעטער אין קאַרנעגיס שטאָל־און־אײַזן־גיסערײַען. די שטרײַקערס האָבן געקעמפט קעגן די הונדערטער סקעבס, װאָס זײ זײַנען געװען פינקערטאָן־דעטעקטיװס, מיט געװער אין די הענט.

אָט דער שטרײַק האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אמתער מלחמה: אױף בײדע זײַטן זײַנען געװען טױטע און פאַרװוּנדעטע. אָבער די אַרבעטער האָבן געזיגט. די סקעבס־דעטעקטיװס האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן. זײַנען די אַנאַרכיסטן דעמאָלט אודאי זיכער געװען, אַז שױן, די סאָציאַלע רעװאָלוציע האָט זיך אָנגעהױבן, און צװײ פון זײ זײַנען אַװעק קײן האָמסטעד צו יענע אַרבעטער־קעמפער מיט אַ מאַני־פעסט פון יאָהאַן מאָסטן, אַז זײ זאָלן זיך נישט באַגנוגענען מיט זײער

זיג איבער די סקעבס, איבער די „פינקערטאָנס", הייסט עס, נאָר זיי זאָלן אָנהייבן אַ קאַמף מיט געווער אין די הענט פאַר די רעכט פון אַלע מענטשן.

האָבן די זעלביקע אַרבעטער פון האָמסטעד, וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג געקעמפט מיט געווער אין די הענט קעגן די „סקעבס", דעמאָלט שיעור ניט „געלינטשט" די ביידע אַנאַרכיסטישע שלוחים מיטן מאַני־פעסט פון מאָסטן. די ביידע שלוחים האָבן, ווי דורך אַ נס, ממש זיך אַרויסגעראַטעוועט פונעם שטעטל מיט זייער לעבן. (דאָס איז געווען אַ קורצע צייט איידער אַלעקסאַנדער בערקמאַן האָט געשאָסן אויף פריקן, דעם שותף און הויפּט־פאַרוואַלטער פון קאַרנעגיס שטאָל־און־אייזן גי־סערייען).

געדענק איך, ווי ווײַנבערג האָט זיך פאַרהאַלטן דעמאָלט צו דעם. בעת מיר אַלע האָבן שוין געמיינט, אַז אַט דער האָמסטעד שטרייק (אַ שטעטל לעבן פיטסבורג אין האָמסטעד), וואָס מיט אים האָט געקאָכט דעמאָלט דאָס גאַנצע לאַנד, איז די „סאָציאַלע רעוואָלוציע", און יאָהאַן מאָסט אַליין האָט אין זײַן „פרײַהייט" אויך אומגעפער דאָס אייגענע גע־שריבן, איז ער, ווײַנבערג, פאַרבליבן מער רויק, איידער ווען־עס־איז פריער.

רויק און געלאַסן האָט ער גערעדט צו מיר און צו די אַנדערע:

— ניט געקאָכט זיך. פאַר אַזוינע צײַטן איז דעם מענטש געגעבן געוואָרן דער קאָפּ, דער שכל. אודאי האָט זיך עפּעס אָנגעצונדן בײַ אונדז אין אונדזער פינצטערניש, נאָר אפשר נישט מער ווי אַ שטרויענער דעכל, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע פײַערלעשער וועלן באַלד אויסלעשן. דאַרפן מיר אָפּוואַרטן דערפאַר. אַט ווען די ריכטיקע דעכער אין פּיטס־בורג און אין שיקאַגאָ, און אין ניו יאָרק, און אין פילאַדעלפיע, וועלן אָנהייבן צו פלאַמען, אַט דאַן וועלן מיר וויסן, אַז דאָס איז דאָס ריכ־טיקע פײַער! ...

און שפּעטער, ווען די זעלביקע שטרײַקערס פון האָמסטעד האָבן די ביידע אַנאַרכיסטישע שלוחים באַהאַנדלט אַזוי שלעכט, און ווען די אַנאַרכיסטן, און יאָהאַן מאָסט אַליין, זײַנען דערנאָך געווען אַזוי אויפ־געבראַכט און פאַרביטערט קעגן יענע אַרבעטער פון האָמסטעד, איז ווײַנ־בערג אויך דעמאָלט פאַרבליבן פילאָזאָפיש־רויק.

ער האָט געלאַסן געזאָגט:

— דאָס באַווייזט נאָר, וויפל אַרבעט מיר האָבן נאָך; וויפל פינצ־טערניש מיר דאַרפן נאָך אויספּאָמפּען בײַ די מאָסן פון די מוחות? ...

— ד —

איך ווייס ניט, פאַרוואָס ער האָט זיך דעמאָלט אַזוי צוגעבונדן צו מיר, נאָר ער איז געווען צו מיר צוגעבונדן. און ער האָט זיך שטאַרק גע־מיט, אַז איך זאָל פאַרבלײַבן מיט די אַנאַרכיסטן.

ער האָט אַמאָל גערעדט צו מיר:

— דאָס אומגליק מיט אַזעלכע ווי איר איז, וואָס צוערשט ברענט איר אַזוי שטאַרק, אַז איר ווערט גיך איבערגעברענט. איך האָב מורא, אַז סוף כּל סוף וועט איר נאָכטאָן אײַער פרײַערדיקן חבר סיאָמאַן און איר וועט אויך אַנהייבן צו טראַכטן וועגן אַנקומען אין קאָלעדזש, און אַז איר וועט אויסשטודירן שפּעטער דאָקטאָר, וועלן אײַך די מאַסן גאָר אויף אַזוי ווײַט אַנגיין, בלויז צו זען, צי זיי האָבן ניט קיין פּאַציענט מיט אַ דאָלאַר פאַר אײַך!...

אָבער זעלטן איז ער געווען אַזוי האַרט צו מיר. ס׳רוב האָב איך גע־הערט פון אים גאָר אַנדערע, ווייכע און האַרציקע, ווערטער, פול מיט ליבע פאַר מײַן איבערגעגעבנקייט צום אַנאַרכיסטישן אידעאַל.

איך דאַרף גאָר ניט אַזוי בענקען נאָך מײַן היים און נאָך מײַנע היימישע — האָט ער געטענהט צו מיר — איך דאַרף וויסן, אַז ער און אַלע אַנדערע האָבן אויך געהאַט אַ היים און אויך געהאַט אַ טאַטן און אַ מאַמען, און ברידער און שוועסטער...

און ער האָט אויך געטענהט צו מיר, אַז איך קאָן ווערן אַ רעדנער און אַ שרײַבער, וואָס קאָן ברענגען אַ סך נוצן די מאַסן, איך דאַרף זיך נאָר מער באַקענען מיטן אַנאַרכיזם־קאָמוניזם און אַנשטאָט טראַכטן וועגן אַנשרײַבן אַ „צאַצקע מיט אַ זון־אויפגאַנג", וואָס דאָס וואָלט, אפשר, געפּאַסט צו ווערן געדרוקט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „אַרבייטער צײַטונג", זאָל איך זיך סטאַרען בעסער אַנצושרײַבן עפּעס וועגן דעם ריכטיקן „יאָמער־טאָל", וואָס מען זאָל עס קאָנען אָפּדרוקן אין דער „פרײַער אַרבעטער שטימע".

אין יענער צײַט האָב איך כּמעט יעדע „סקיצע", וואָס איך האָב אָנגעשריבן אין דער רוסישער שפּראַך, פאַר אים געלייענט און, הגם ער האָט קיין רוסיש נישט געקענט לייענען, האָט ער אָבער פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב פאַר אים געלייענט, אַזוי ווי ער האָט פאַרשטאַנען, ווען איך האָב געלייענט פאַר אים מאָפּסס „פרײַהייט", הגם אַליין, האָט ער קיין דײַטש נישט געקענט לייענען.

איינמאָל זאָגט ער צו מיר, אַז ער האָט אַ גוטן איבערזעצער פאַר

מיַינער אַ רוסישער סקיצע. יענער איז אַ סיגאַר־מאַכער, וועלכער אַרבעט מיט אים אין שאַפּ. יענער האָט שוין עפּעס איבערזעצט פאַר דער „פריַיער אַרבעטער שטימע”. דערפאַר זאָל איך זיך סטאַרען אַנצושריַיבן עפּעס אַ ריכטיקע זאַך.

האָב איך אים דאָס צוגעזאָגט.

ח. וויַינבערג האָט געהאַט אַן אומגעוויינלעכן זכרון.

א. פרומקין דערציילט ווען אים אין זיַין בוך „אין פרילינג פון יִדישן סאָציאַליזם” אַזאַ מעשה: אויף דער רעקאָמענדאַציע פון וואָל־טעריִן דע־קלעיר האָבן די לאָנדאָנער יִדישע אַנאַרכיסטן אַרונטערגע־בראַכט דעם זעלביקן וויַינבערגן אויף אַן אַגיטאַציע־טור. וויַינבערג האָט דאָרט אַ רושם געמאַכט מיט זיַינע רעדעס.

יעדעס וויַינבערג אין ליווערפּול ווענן דעם עניַין „אייגנטום”, און האָט געזוכט צו באַוויַיזן, אַז ביַי חיות איז ניטאָ אָט דער אינסטינקט; זיי ווייסן ניט פון אייגנטום.

א. פרומקין איז אויף יענער פאַרזאַמלונג געווען און ער איז אויך ביַיגעווען, ווען מען האָט געשטעלט פונעם עולם פראַגן דעם רעדנער שפּעטער, נאָך זיַין רעדע. דערציילט פרומקין:

„אַ יונגערמאַן האָט זיך אויפגעהויבן אויף דער גאַלעריי און מיט אַ קלינגענדיקן גמרא־ניגון געזאָגט: „און וואָס הערט זיך מכוח דעם האַמף אומס דאַיי!?”. דאָס אַלץ, און ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיַין פּלאַץ. פון זאָל האָט מען מיט ניַיגעריקע בליקן אַרויפגעקוקט צו דער גאַלעריי און עטלעכע מענטשן האָבן דערקענט דעם יונגנמאַן. דאָס איז געווען אַ יִדישער סטודענט פון דער אָקספאָרדער אוניווערזיטעט”.

„איך געדענק — שריַיבט וויַיטער דאָרט א. פרומקין — ווי אומ־היימלעך איך האָב זיך געפילט. כ׳האָב געהאַט אַ באַגריף ווענן וויַינ־בערגס „למדנות”, ווענן זיַינע דעמאָלסטיקע קענטענישן אין אַזעלכע ענינים, און איך האָב געטראַכט, ווי אַזוי וועט ער דאָ פאַרטיק ווערן מיט דעם סטודענט!

„אָבער גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה׳... מיט אַ פּאָר יאָר פאַר דעם זיַינען אין דעם אַנאַרכיסטישן זשורנאַל „פריַיע געזעל־שאַפט” דערשינען צוויי אַרטיקלען פון אונדזער פאַרשטאָרבענעם חבר דר. ח. זאָלאָטאַראָוו איבער קראָפּאָטקינס ווערק „קעגנזייטיקע הילף”. וואָס איז דאַן אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ענגליש, האָבן אָט די צוויי אַר־טיקלען, וואָס וויַינבערג האָט זיי דאַן איבערגעלייענט און וועלכע זיַינען געבליבן פּרעזערווירט אין זיַין מוח, אים איצט גוט צונוצגעקומען. אויף

זײַן אײנפאַכן אופן האָט ער דערקלערט פון אײן זײַט דעם דאַרוויניזם און פון דער אַנדערער זײַט קראָפּאָטקינס טעאָריע פון קעגנזײַטיקער הילף. דער סטודענט איז געווען אַזוי צופרידן, אַז ער האָט נאָך דער פאַר־זאמלונג אָפּגעוואַרט דעם רעדנער, אים געדריקט די האַנט און אים געדאַנקט פאַר זײַן אויסגעצייכנטן ענטפער".

אָבער צוריק צו יענער צײַט אין פילאַדעלפיע:

דערווײַל פאַרליר איך מײַן דזשאָב אין דעם סיגאַר־פאַבריקל און איך געפין פאַר זיך אַרבעט נאָכדעם אין אַ ייִדישן בעקער־שאַפּ.

און אײנמאָל, בעת איך האָב געאַרבעט אין יענעם בעקער־שאַפּ, איז מיר מיטאַמאָל אײַנגעפאַלן דער „ריכטיקער סוזשעט" פאַר אַ דער־ציילונג, פאַר דער ערשטער דערציילונג מײַנער, וואָס זי זאָל ווערט זײַן צו איבערזעצט ווערן אויף ייִדיש פאַר אַזאַ רעוואָלוציאָנערער, אַנאַרכיס־טישער צײַטונג ווי די דעמאָלסטיקע „פרײַע אַרבעטער שטימע" איז געווען.

## פערטער קאַפּיטל

### ווי אַזוי איך האָב געפונען און פאַרלאָרן מײַן „העלד"

— א —

דער בעקער־שאַפּ, א שווארצער קעלער אַן פענצטער און מיט שווארצע, פײַכטע ווענט, האָט זיך געפונען ערגעץ אויף דער פערטער סטריט, צווישן בעינברידזש און סאוט פערטע.

געשטיקט האָט דאָרט, ווי אין א פעקליע פון דעם אויוון און פון דעם גאַז, וואָס האָט דאָרט געברענט. דאָס ביסל פרישע לופט האָט גע־זאָלט אַרײַנקומען אהין פון דרויסן דורך דער אָפענער טיר; אָבער איי־דער זי איז איבערגעקומען די עטלעכע שווארצע בלאָטיקע טרעפּלעך פון דרויסן אין קעלער אַרײַן, איז זי אַליין, די פרישע לופט, הייסט עס, דער־שטיקט געוואָרן.

דרײַ מענטשן האָבן דאָרט געארבעט — דער הויפּט־בעקער, די „צווייטע האַנט" און איך, דער ארויסהעלפער.

געארבעט האָט מען פון אזייגער אכט בײַנאַכט ביז פינף־זעקס אינ־דערפרי.

איך האָב געשאַטן דאָס מעל פון די פעסלעך אין די גרויסע היל־צערנע קאַסטנס אַרײַן, וואָס האָבן זיך דאָרט געצויגן ארום די שווארצע, פײַכטע ווענט, געגאָסן אהין וואַסער, געמישט דעם טייג, געלאָפן נאָך סיגאַרעטן, נאָך ביר פאַר דעם הויפּט־בעקער און פאַר דער „צווייטער האַנט", ווען זיי האָבן מיך נאָך דעם געשיקט, און אינדערפרי, ווען דאָס געבעקס איז פאַרטיק געוואָרן, האָב איך פאַנאַנדערגעפירט אין א וועג־עלע צו קונדן...

דער הויפּט-בעקער — אַ קורץ און אַ ברייט ייִדל, מיט אַ רויט בערדל און מיט אַ פּנים, ווי ער וואָלט פול אַנגעזאַפּט געווען מיט מעל־שטויב, און דער אַנדערער — אַ הויכער לאַנגער יונגערמאַן, מיט אַ ווײַ־סער בעלמע אויף איין אויג — זײַ ביידע האָבן די ערשטע צײַט זיך פאַרהאַלטן צו מיר גאַנץ פרײַנטלעך. דער רויטער, וואָס ער האָט נאָ־כאַנאַנד געטרונקען ביר פון דעם בלעכענעם קעסל, שטייענדיק בײַם אויוון, האָט אַפּט צו מיר פרײַנטלעך אַ ווונק געטאָן און געזאָגט:

— היים, שעפּסעלע, היים, האַ? אַ רחמנות אויף דיר שעפּסעלע. נישט געוווּינט אויף צו זײַן קאַנטיק, אַ גאַנצע נאַכט און שטיין אין אַזאַ היץ. און וואָס — פרעג איך דיר שעפּסעלע, — און וואָס? קיין בע־קער וועסטו דאָך סײַ־ווי־סײַ ניט זײַן מיט אַזוינע האָר, שעפּסעלע, און מיט אַזוינע פריצישע הענטעלעך! קום אַהער, שעפּסעלע, קום אַהער, נאַ, טו אַ זופּ פון קעסעלע. אַ זופּ ביר וועט דיך אַביסעלע אָפּקילן!...

„שעפּסעלע" האָט ער מיך גערופן צוליב מײַנע געקרויזטע האָר.

און דער אַנדערער, די „צווייטע האַנט", דער לאַנגער יונגערמאַן מיט דער ווײַסער בעלמע אויפן אויג, האָט כסדר מיט מיר וועגן פּאָליטיק גערעדט און געוואָלט אַלץ דערגיין בײַ מיר, ווער האָלט דאָרט די ענגלענ־דערקע בײַ זיך באַהאַלטן דעם שליסל פונעם ים, און ווער איז אַ גרע־סערער מענטש — ציִ באַקונין פון די „געהיימניסע פונעם רוסישן הויף", אָדער רויטשילד.

האָב איך אים דעמאָלט געענטפערט, דאָס הייסט, מײַן „אויפקלע־רונגס־אַרבעט" אָנגעהויבן... האָט דער יונגערמאַן, און אויך דאָס רוי־טע ייִדל זיך צוגעהערט צו מיר מיט פאַרוווּנדערטע מינעס, און זײַ ביידע האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, אַז איך בין גערעכט. מען מאַטערט זיך טאַקע אויף דער וועלט שקלאַפן זײַנען מיר, אמת!

און דער רויטער האָט אַמאָל נאָך אַזאַ „אויפקלערונגס־אַרבעט" מיר אַן עצה געגעבן:

— שעפּסעלע, פּאָלג מיך, דו קריג אַ מויד מיט נדן און עפן אַן אייגענעם בעקער־שאָפּ און זאָלן אַנדערע אַרבעטן. ווען איך האָב אַזאַ קאָפּ ווי דו, וואָלט איך שוין לאַנג געהאַט מײַן אייגענעם בעקער־שאָפּ!

און אַז איך האָב אים דערנאָך באַמערקט, אַז איך וויל ניט זײַן קיין „עקספּלואַטאַטאָר" אַ באָס, האָט ער געענטפערט:

— נו, ווער זאָגט דאָס דיר, אַז דו זאָלסט זײַן אַזאַ באָס? דו זײַ, זאָג איך דיר, אַ בעקער-באָס, שעפּסעלע!

דערקלער איך אים, וואס דאס איז „עקספלואטאטאר". איך מיין — זאג איך אים — אז איך וויל ניט זיין קיין אויסבייטער א באס...

טענהט ער זיינס:

— ווער זאגט דאס דיר, אז דו זאלסט זיין אזא באס? איך זאג דאך דיר: א בעקער־באס, שעפסעלע, א בעקער־באס זיי!...

פרווו איך אים וויטער דערקלערן:

— מען טאר נישט לעבן פון פרעמדער פראצע. דאס מיין איך.

און דער לאנגער מיט דער ווייסער בעלמע מישט זיך אויך אריין און גיט אים צו פארשטיין מיט אן ערנסטער מינע, אז איך מיין, מסתמא, מען טאר איינגאנצן ניט האלטן קיין ארבעטער.

— וואָ־אָ־אָ? — טוט זיך דער רויטער א כאפ — און די ארבע־טורער זאלן קראפירן פאר הונגער?

דערקלער איך אים דערנאך, וואס איך מיין. איז ער גראד מסכים מיט מיר. אוודאי וואלט געווען גוט, אז מען זאל נישט דארפן ארבעטן אזוי שווער. און ער דערציילט מיר א לאנגע געשיכטע וועגן זיין אייגע־נעם טרויעריקן לעבן. ווי ער איז אפגעריסן פון זיין ווייב און קינדער, ווי ער זעט ניט אן די ווייסע וועלט אחוץ שבת. דאס גאנצע לעבן זיינס איז באגראבן דא, דא אין דעם קעלער ווי אין א פארשטיקטן קבר.

און אז איך דערהער, ווי ער רעדט, דערפריי איך זיך. ער הויבט אן צו פארשטיין זיין לאגע. עס „טאגט" ביי אים אינעם קאפ!...

— ב —

אין דער אייגענער צייט וועבט זיך אין מיין מוח א סוזשעט וועגן דעם דארטיקן לעבן אין די פינצטערע קעלערס פאר דער דערציילונג, וואס זי האט געזאלט איבערזעצט ווערן פאר דער „פרייע ארבעטער שטימע".

דער העלד פון דער דאזיקער דערציילונג דארף זיין אט דאס רויטע יידל מיט זיין פאמיליע. און די דערציילונג שפינט זיך אלץ מער און מער אין מיין פאנטאזיע. און עס בלייבט ביי מיר, אז שבת בעת איך וועל ניט דארפן ארבעטן (פון פרייטיק אויפדערנאכט ביז שבת אויפ־דערנאכט איז דער בעקער־שאפ צוגעשלאסן געווען), וועל איך די דער־ציילונג אנשרייבן.

קומט שבת, איך שרייב, און עס קומט ארויס דאס און ניט דאס. בין איך ניט צופרידן, און עס בלייבט ביי מיר, אז איך זאל אנהייבן

צו שרײַבן די דערצײלונג פון דאָס נײַ. איך מוז זען, אַז איך זאָל אָנ־הײבן צו שרײַבן די דערצײלונג פון דאָס נײַ. איך מוז זען, אַז זי זאָל בײַ מיר אַרויסקומען „ריכטיק".

און איך ליג אַף דאָס שרײַבן אויף קומענדיקן שבת, ווען איך וועל נישט אַרבעטן.

און איך זעץ זיך דערנאָך לײענען. וואָס צו לײענען האָב איך גענוג. אויפן שטול בײַ מיר ליגט דער לעצטער העפט פון דעם רוסישן זשורנאַל „רוסקאיאַ מיסל", וואָס איך האָב געליען בײַ אַ באַקאַנטן, און „ווערטערס לײדן", וואָס איך האָב דעמאָלט געליען — אויב איך האָב ניט קײן טעות — בײַ דעם דיכטער־סאַטיריקער, ל. וואָלפּסאָן, און עטלעכע „זשאַרגאָנישע" צײַטונגען, ווי דער „אַרבײטער פרײַנט" און „פרײַע אַרבײַטער שטימע" און די „אַרבײַטער צײַטונג", און אפילו „די אידישע גאַזעטן".

די „זשאַרגאָנישע" צײַטונגען לײען איך דעמאָלט דער עיקר דער־פאַר, מחמת איך וויל אײַנבײַסן דעם „זשאַרגאָן", כדי מײַנע זאַכן, אויב זײ וועלן אַמאָל געדרוקט ווערן אין דער „פרײַע אַרבײַטער שטימע", זאָלן נישט דאַרפן אַנקומען צו אַן איבערזעצער.

און ווען איך לײען די „אַרבײַטער צײַטונג" — הגם זי איז אַ פײַנטלעכע, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צײַטונג — וווּנדער איך זיך ווי־דער און ווידער, ווי אַזוי די שרײַבער פון אָט דער צײַטונג האָבן געקענט אָנשרײַבן אַזעלכע פּאָליטישע און אַגיטאַציע־אַרטיקלען אין אַזאַ גוטן, קלאָרן „זשאַרגאָן". בפרט וווּנדער איך זיך, ווי אַזוי זײ האָבן געקענט געפינען אין דעם „זשאַרגאָן" די ווערטער, די קלאַנגען און — יאָ — די פאַרבן, אויף צו איבערזעצן אַ בעלעטריסטיש ווערק פון אַ באַרימטן אײראָפּעיִשן מײַסטער!

דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראַטור, האָב איך געוווּסט אויך דעמאָלט דעם ווערט פון דעם קלאָרן, לעבעדיקן וואָרט, פון דער נישט־פאַרמליצהוועטער פשטות (פּאַשטעס) אין שרײַבן, — קורץ, דאָס אַלצ־דינג, וואָס איך האָב געפונען אין די בעסטע ווערק פון די גרויסע רוסישע שריפטשטעלער. ליטעראַרישע פאַבריקאַציע, האָט זי געמעגט טראָגן דעם נאָמען פון אַ באַרימטער פירמע, איז מיר קײנמאָל נישט געפעלן געווען.

דערפאַר טאַקע אין צוויי יאָר שפּעטער, דאָס הײסט, אין 1894, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו שרײַבן אין „פילאַדעלפיער שטאָט־צײַטונג", זײַ־נען מײַנע ערשטע אַרטיקלען דאָרט געווען וועגן דער שלעכטער שפּראַך אין געוויסע „זשאַרגאָנישע" צײַטונגען.

יענע אַרטיקלען האָב איך געדרוקט אונטערן נאָמען „בריף נאָך רוס־לאַנד וועגן דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור אין אַמעריקע".

אָבער וועגן די בריוו וועט מיר אויסקומען צו שרייַבן שפּעטער.

הקיצור, פון די אַלע דעמאָלסטיקע צייַטונגען געפעלט מיר — וואָס עס איז שייך לשון — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע „אַרבייטער צייַטונג"; און פון דער „פרייַע אַרבעטער שטימע" — איין שרייַבער, בן עמוץ (מ. קאַץ) און פון דעם „אַרבייַטער פרייַנט" — ווידער דער „זיידע", מאָריס ווינטשעווסקי.

איך לייען דאָרט זייַנע „משוגעתן" און וואָס מער איך לייען אים, אַלץ טיפער איז דער איינדרוק, וואָס ער מאַכט אויף מיר. יאָ, איך בין געווען פאַרליבט אין אים סייַ דערפאַר, ווייַל די ריכטונג פון זייַן שרייַבן איז מיר געווען הייליק און סייַ פאַר די ליטעראַרישע מעלות פון זייַן שרייַבן.

אָבער וועגן דעם אין אַ ווייַטערדיקן קאַפּיטל, ווען איך וועל שילדערן די געשטאַלט פון מאָריס ווינטשעווסקין, וואָס ער איז, ווי אַ שריפטשטע־לער, בייַ אונדז — אחוץ פון ק. מאַרמאָרן — נישט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן, נאָך מייַן מיינונג.

אָבער דורך דעם לייענען די דאָזיקע צייַטונגען און שרייַבער האָב איך דעם „זשאַרגאָן" דערווייַל נאָך נישט איינגעביסן; און דעם צווייטן שבת, ווען איך זעץ זיך ווידער שרייַבן מייַן דערציילונג מיט מייַן העלד פונעם בעקער־שאַפּ, שרייַב איך ווידער זי אין דער רוסישער שפּראַך, און ווידער קומט אַרויס בייַ מיר נישט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט...

לאָזט דאָס מיך נישט רוען: איך מוז אָנשרייַבן די דערציילונג, און מאַקע אַזוי ווי איך וויל!

— ג —

דערווייַל, ווען איך שטיי און מיש דעם טייג אין דעם קאַסטן, טראַכט איך פון מייַן אומגליקלעכן העלד; ווען איך גיס דאָס וואַסער, טראַכט איך פון אים. מייַן האַרץ איז פול מיט רחמנות און ליבע צו אים.

איינמאָל בין איך באַזונדערס פאַרכאַפּט פון דעם. ער, דער „העלד" מייַנער, מאָלט זיך פאַר מיר, און דער באָס מאָלט זיך פאַר מיר, וועלכער שלאָפט זיך רויק דאָרט אין זייַן בעט בייַ זיך אין דערהיים, בעת זייַנע שקלאַפן שטיקן זיך אין דעם פינצטערן קבר אַ גאַנצע נאַכט. און פּלוצעם אַ רעוואָלט... מייַן העלד טרעט אַרויס קעגן זייַן באָס,

דעם עקספּלואַטאַטאָר, װי אַן עכטער רעװאָלוציאָנער, אַ שטרײַק... אַ „רעװאָלט״...

איך װער אַזױ נתפּעל פֿון דעם העלד, װאָס די פֿאַנטאַזיע מאָלט מיר, אַז מיר דאַכט זיך, אַז אַט באַלד־באַלד װעט דאָס רױטע ייִדל בײַם אױװן, דער מאָדעל פֿון מײַן העלד, הײסט עס, זיך אַ כאַפּ טאָן און ער װעט אױס־שרײַען:

— גענוג! איך װעל נישט פּראָצעװען מער גאַנצענע נעכט אַט אין דעם פּאַרשטיקטן קבֿר, כּדי מײַן באָס זאָל זיך דאָרטן קענען רױק שלאָפֿן אין זײַן װײכן בעט.

און איך דערהער טאַקע זײַן קול. ער רעדט צו מיר און זעט אױס אױפֿגערעגט. איך דערהער:

— װאָס שטײסטו דאָרטן, װי אַ גולם, דו שעפּסעלע? װאָס האָסטו זיך דאָרטן פֿאַרקוקט? מיש דעם טײג! טו זיך דאָרטן אַ קער! — שרײַט ער צו מיר — אַנישט לך־לך פֿון דאַנען, שעפּסעלע, אין דר׳ערד אַרײַן!

בלײַב איך דעמאָלט צעטומלט. אַט איז דײַן העלד!

דער לאַנגער יונגערמאַן מיט דער װײַסער בעלמע אױפֿן אױג גײט צו צו מיר און װײַזט מיר, װאָס צו טאָן.

איך בין שױן אָבער געקומען צו זיך און איך מוסר דאָס רױטע ייִדל, הלמאי ער שרײַט אױף מיר, װען ער, דער שקלאַף האָט גאָר געדאַרפֿט שרײַען אױף דעם באָס, װעלכער שלאָפֿט דאָרט אין זײַן װײכער בעט.

און אַזױ װײַטער — די גאַנצע רעװאָלוציאָנערע רעדע, װאָס ער האָט געזאָלט דאָרט האַלטן אין מײַן דערציילונג!...

אַזש ער טוט זיך נישט אַ לאָז צו מיר, אַזױ װי ער איז געשטאַנען, מיטן אײבערשטן האַלבן קערפּער נאַקעט, און טוט מיך אַ כאַפּ בײַ די אַקסלען, טרײסלט מיך, און ער שרײַט מיר אין פּנים אַרײַן, און זײַנע אױגן פֿלאַמען דערבײַ מיט אמתער רציחה:

— װאָס האָסטו געזאָגט אױף דײַן באַלעבאָס, הא? אױף זיסלען, הא? אױף רבי זיסלען, הא? ער איז אַ בלוטזױגער, מײַן לאַנדסמאַן רבי זיסל?...

און — בו־וד־ד — אַ שטױס געטאָן מיך מיט די געקרױזטע האָר אין דעם קאַסטן מעל אַרײַן!...

איך האָב זיך אַ ריס געטאָן פֿונעם קאַסטן צוריק — קײן שװאַכער בחור בין איך דװקא נישט געװען — און זיך געהאַט אַ װאָרף געטאָן אױף דעם רױטן ייִדל; דער לאַנגער בחור האָט מיך אָבער צוריקגעהאַלטן.

און דאָס רויטע ייִדל, וואָס האָט געזאָלט זײַן דער העלד פֿון מײַן רעוואָלוציאָנערער דערציילונג, האָט דערוויַיל געשריגן:

— דו ווילסט שילטן? שילט — אין דר׳ערד אַרײַן — די אַנדערע באַסעס, ווער געהרגעט מיט זיי אינאיינעם! אָבער נישט רבי זיסלען, וואָס ער גיט דיר און אונדז אַלעמען צו פּאַרדינען אויף חיונה! גיי, גיי פֿון דאַנען, לך־לך, אין דר׳ערד אַרײַן! קום מאָרגן, וועט מען דיר באַצאָלן!...

איך בין אַוועק. און אַזוי האָב איך פֿאַרלאָרן דעמאָלט מײַן אַרבעט און דעם העלד פֿון יענער דערציילונג מײַנער, וואָס זי האָט געזאָלט ראוי זײַן צו געדרוקט ווערן אין דער דעמאָלדיקער „פֿרײַע אַרבייטער שטימע".

— ד —

די דאָזיקע געשיכטע איז פֿאַר מיר אַן אמתע טראַגעדיע; אָבער ווײַנבערג, אַז איך האָב אים דערנאָך דערציילט וועגן דעם, איז דווקא געווען צופֿרידן דערפֿון. די דערציילונג דאַרף איך אָנשרײַבן — האָט ער מיר געזאָגט — אָבער איך דאַרף ניט נעמען פֿאַר מײַן העלד אַזאַ פּרא־אדם, ווי יענעם, נאָר איינעם מיט אַ קאָפּעטשקע מער שׂכל. אַ חוץ דעם, איז ער גלאַט צופֿרידן, וואָס איך וועל דאָרט ניט אַרבעטן מער. ניט פֿאַר מײַנע כּוחות אַזאַ קאַטאָרזשנע אַרבעט. פֿאַר די פּאָר וואָכן, וואָס איך האָב געאַרבעט דאָרט, האָב איך היבש זיך „אַראָפּגעסמאַרעט" פֿון פּנים. איך זע אויס דאָך באַלד ווי אַ שוואַרץ יאָר — האָט ער געערדט.

און, באמת, בין איך געווען אַזוי אויסגעמאַטערט פֿון דער אַרבעט אין יענעם בעקער־שאָפּ, אַז אין עטלעכע טעג שפּעטער, ווען איך האָב געקראָגן אַ „דזשאָב" אין אַן אַנדערע בעקערײַ בײַ אַן אונגאַרישן ייִד בין איך אויף דער צווייטער נאַכט אַוועקגעפֿאַלן אָן כּוחות און איך האָב געמוזט אַוועקגיין פֿון דאָרט.

עס האָט מיר דערנאָך אַ היבשע צײַט גענומען, ביז איך האָב זיך גוט אויפֿגעשלאָפֿן בײַ מיר אויף דער „לאָזשי" און האָב מײַנע פֿריערדיקע כּוחות צוריקגעקראָגן.

נאָכדעם זײַנען אַוועק וואָכן, ווען איך בין אַרומגעגאַנגען ווידער אָן אַרבעט. האָב איך מײַן לײדיקע צײַט אויסגעפֿילט מיט לייענען און מיט שרײַבן און מיט אַנאַרכיסטישע מיטינגען.

אָט אין דער צײַט האָב איך אויך געלייענט „זשאַרגאָן" מער ווי ווען עס איז פֿריער.

אין צײַטונג, וואָס זי האָט שוין ניט עקזיסטירט מער, האָט מיך באַזונדערס פאַראינטערעסירט אין יענער צײַט. דאָס איז געווען „די ניו יאָרקער אידישע פאָלקס־צײַטונג", וואָס זי איז רעדאַקטירט געווען פון מאָזעס מינץ און פון אַב. בראַסלאַווסקי. (זיי ביידע זײַנען געווען שפּעטער דאָקטוירים אין ניו יאָרק).

די דאָזיקע צײַטונג, וואָס האָט געלעבט דרײַ און אַ האַלב יאָר — פון יוני 1886 — האָט גערעדט דעם בעסטן ייִדיש פון אַלע „זשאַרגאָנישע" צײַטונגען. אַ בעסערן ייִדיש פון איר האָט גערעדט בלויז די „אַרבייטער צײַטונג" שפּעטער.

בײַ מײַנעם אַ לאַנדסמאַן האָב איך דעמאָלט געפונען אַ דיקן באַנד פון דער דאָזיקער צײַטונג. ער האָט צונויפגענומען אַלע אירע נומערן פון דעם ערשטן ביז דעם לעצטן און זיי אײַנגעבונדן. האָב איך זי געליִען בײַ אים און געלייענט.

איך געדענק, אַז זי איז מיר דעמאָלט געפעלן געוואָרן. דער עיקר — מיט איר ערנסטן טאָן. פון יעדער שורה אירער האָט אַרויסגעשטראַלט די פרומע כוונה פון די שרײַבער, אויפצוקלערן און צו „לערנען" דעם ייִדישן לייענער, בפרט דעם ייִדישן אַרבעטער.

אַרטיקלען איבער פאַרשיידענע צווײַגן פון נאַטור־וויסנשאַפט האָבן זיך דאָרט געדרוקט — איבער פיזיק, כעמיע, ביאָלאָגיע, מינעראַלאָגיע, און אַזוי ווײַטער.

אויך האָבן זיך דאָרט געדרוקט טעאָרעטישע אַרטיקלען איבער סאָציאַליזם, ווי אויך „לאָהן און קאַפּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס — וואָס דאָס באַווײַזט, אַז די צײַטונג האָט געהאַט אַ סאָציאַליסטישע ריכטונג.

מיט אַ שטיקל צײַט צוריק האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט אַרײַנצוקוקן ווידער אין אָט דער צײַטונג, און איך האָב געהאַט דעם אייגענעם אײַנדרוק.

פאַרשטייט זיך, לגבי דעם ייִדיש פון אונדזערע הײַנטיקע צײַטונגען איז דאָס לשון פון דער ניו יאָרקער „אידישע פאָלקס־צײַטונג" געווען אַ שווערער און האַמעטנער, גאַנץ אָפט אַ פאַרדײַטשמערישטער אין די ערנסטע אַרטיקלען, און פול מיט געגרײַזלטער מליצה אין די אַגיטאַציע און סתם רעוואָלוציאָנערע אַרטיקלען איבער געזעלשאַפטלעכע פראַגן; לגבי אָבער דעם לשון פון די אַנדערע „זשאַרגאָנישע" צײַטונגען אין יענער צײַט, ווי, למשל, פון „די אידישע גאַזעטן", האָט זי גערעדט אַ גוטן ייִדיש.

אין די מערסטע פון די „שיין־געשריבענע" אַרטיקלען אין די אַמאָ־

ליקע יודישע צייטונגען פון דעם טיפּ „אידישע גאַזעטן", ווי אויף דער דאַמאָלדיקער יודישער בינע — איידער יעקב גאָרדין האָט זיך דאָרט באַוויזן — האָט מען גערייטשעוועט. קיין „לבנה" האָט ניט עקזיסטירט פאַר זיי, נאָר „מאָנד"; קיין „זון", נאָר „זאָננע"; קיין „נאַר", נאָר „זאַנ־דערן"; קיין „מויל", נאָר „מונד"; קיין „קושן", נאָר „קיססען"; קיין „און", נאָר „אונד"; קיין „פון", נאָר „פאָן"; קיין „גרויס", נאָר „גראָס"; קיין „געווען", נאָר „וואר", קיין „געזאַנג און טענץ", נאָר „געזענגע אונד טענצע"...

אין מיינעם אַ רעפעראַט אויף אַ קאָנפערענץ מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָב איך אָנגעוויזן, ווי מען האָט גערייטשעוועט אין יענער־צייט ביי אונדז אין די צייטונגען און אויף דער בינע ביי אונדז. אין יענעם רעפעראַט, וואָס ער איז נאָכדעם דערשינען אין אַ באַזונדער בראָ־שור אונטערן נאָמען „פון דייטשמעריש צו יודיש אין אַמעריקע", ציטיר איך, אגב, אַ נומער פון דער אַמאָליקער צייטונג „אידישע גאַזעטן" (פון יאַנואַר 20, 1892), כדי צו ווייזן, ווי מען האָט גערייטשעוועט דעמאָלט.

רעכן איך צו ברענגען דאָ ווידער יענע שטעלן, וואָס איך ציטיר דאָרט פון יענעם נומער „אידישע גאַזעטן", וואָ זיי זיינען כאַראַקטער־ריסטיש פאַר דעם לשון סיי פון די מערסטע יודישע צייטונגען דעמאָל־טיקע און סיי פאַר דעם דעמאָלטיקן יודישן טעאַטער.

נעמען מיר דאָרט צוערשט אַ שטיקל נייעס, לייענען מיר:

„אין ראָבערט פולערמאַניס דזשוועלרי־סטאָר איזט הערייך געקאָמען איין פיין־געקליידעטער יונגערמאַן, אַלס פולערמאַניס פרויא. איזט. אַליין. אין. סטאָר געווען. און האָט/.פער־לאַנגט מען זאָל איהם .אָהרינגען צייגען...דיא פרויא האָט איס צוויי פאָר טהייערע אָהרינגע געצייגט, וועלכע ער האָט גוט בעטראַכטעט, אונד/ער האָט דאַן פערלאַנגט, זיא זאָל איהם דיא דריטע פאָר צייגען, וועלכע עס איזט געלעגען אין שוי־ווינדע..."

לייענען מיר נאָכדעם אין דעם זעלביקן נומער „אידישע גאַזעטען" די דערציילונג, וואָס זי איז דאָרט געדרוקט:

„אונד אויך בערגמאַניס טאָכטער איזט עס ניכט בעססער געגאַנגען. מיט טרערען אין דיא/אויגען אונד מיט פערברא־כענע העגד האָט זיא געמוזט איהר געליבטען דען לעצטען אַפּ־שיד קוסס געבען. זאָנסט וואָלטען איהם דיא רוסישע זשאַנ־

דאָרטן מיט כבוד גדול אין אַ שוואַרצער קאַרעטע דאָרטהין אַוועקגעפיהרט, פאָן וואַנען קײנער איזט נאָך ניכט צוריק געקאָמען"...

דרוקט זיך דאָרט אַ ראָמאַן: „דאָס פּױלישע מײדל, אָדער די לײדי פון העסטער סטריט", איז דער דײַטשמעריש דאָרט גאָר פּלאַי פּלאָים. מיר לײענען:

„איך האַבע אײנע פרויא אונד קינדער. מײַנע פרויא איזט שאָן אײנע עלטערע פּערזאָן אונד זיא האַטע דאָס לעבען אלזײטיג מיטגעמאַכט אונד האַטע שאָן יעדעס לעבענסלוסט פערלאָרען. איך דאַגעגען (סאָס בחור! — ל. ק.) מעכטע גאָר געניסען דאָס לעבען אונד האַבע אויך גענוג מיטעל דערצו, ווײַל איך בין רײַך אונד צווײטענס האַט מיך אויך איהנעס לאַגע געריהרט אונד איך וואַג איהנען פּאָרצושלאַגען, זײ זאָלען מײַנע געהײמע פרויא ווערדען"...

אַט לגבי אַזאַ לשון האָט די „ניו יאָרק יִדישע פאָלקס־צײַטונג" גערעדט אַ גוטן יִדיש. אָבער געפעלן איז מיר געווען נאָך מער פאַר דעם ערנסטן טאָן, מיט וועלכן זי האָט גערעדט.

קלאָר איז געווען, אַז שטענדיק האָט זי געהאַט אינעם זינען מיט אירע רייד צו אויפהויבן דעם לעזער צו זיך און ניט אַרונטערלאָזן זיך צו אים. אַפילו, אין אירע אַגיטאַציע־אַרטיקלען, וואָס זײַנען פול מיט מליצה געווען, האָט זיך געפילט דער אויפריכטיקער טאָן פון דעם שרײַבער, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט דעם אמת, וואָס האָט זײַן נשמה באַהערשט.

יענעם ביליקן טאָן און פאַבריצירט־היסטערישן און פוסטן הוראַ־געשריי פאַר דעם סאָציאַליזם, וואָס איך האָב אים געפילט אין די אַגיטאַציע־אַרטיקלען פון געוויסע שרײַבער „הענט" אין די שפּעטערדיקע אַרבעטער־צײַטונגען, — יענעם הוראַ־געשריי, וואָס ער האָט שטענדיק געהילכט אין מײַנע אויערן, ווי דער קלאַנג פון אַ פוסטער פאַס אַרויס, — אים האָב איך אין דער „ניו יאָרק יִדישער פאָלקס־צײַטונג" ניט געפילט.

אַט די צײַטונג האָט געלעבט דרײַ און אַ האַלב יאָר, ווי איך האָב באַמערקט פריער, פון יוני 1886 ביז דעצעמבער 1889 — און די גאַנצע צײַט, כל זמן זי האָט געלעבט, האָט זי געאַרבעט פאַר דעם אויפבוי פון דער היגער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

זי איז געווען אַן אומפּאַרטייִשע אַרבעטער־צײַטונג און זי איז געלייענט געוואָרן סײַ פון אַנאַרכיסטן און סײַ פון סאָציאַליסטן, וואָס זיי

האבן דעמאלט נאך ניט געטראכט וועגן האבן אייגענע, באזונדערע צײַ־טונגען, הגם אין יענער צײַט האבן זיי שוין באקעמפט איינע די אנדערע.

וועגן דעם האט מיר דערציילט דעמאלט סײַ וויינבערג און סײַ מײַן לאנדסמאן, וואס איך האב בײַ אים געלינען די „ניו יארק יודישע פאלקס־צײַטונג".

הקיצור, איך האב געלייענט די „זשארגאנישע" צײַטונגען. זײַנען אנדערע מיר געפעלן געווען און אנדערע ניט, אזוי אויך די שרײַבער; אבער דעם הויפט צוועק, צוליב וועלכן איך האב זיי געלייענט, האב איך דערווײַל ניט דערגרייכט. קיין ריכטיקן יודיש שרײַבן האב איך אלץ זיך ניט אויסגעלערנט, וויפל איך האב זיך נישט געמיט.

ארום אט דער צײַט דערוויס איך זיך איינמאל, אז פון ניו יארק קומט קיין פילאדעלפיע אב. קאהאן. ער וועט ריידן בײַ יודישע שטרײַקערס אויף א מאסן־פארזאמלונג. און אזוי ווי ער איז געווען א בארימטקייט (יוסף באראנדעס און ער זײַנען געווען די בארימטסטע נעמען אין יענער צײַט בײַ די יודישע ארבעטער), און אזוי ווי איך האב געלייענט זײַנע ארטיקלען אויך אין דער „ארבייטער צײַטונג", בין איך געווען נײַגעריק אים צו זען און הערן זײַן רעדע. בין איך געגאנגען צו יענער מאסן־פארזאמלונג.

# פינפטער קאפיטל

## די רעדע פון אב. קאהאן

— א —

זיכער איז מיר ניט איינגעפאלן דעמאלט, בעת איך בין צו יענער מאסן־פארזאמלונג געגאנגען, ווו עס האט געזאלט ריידן דער בארימטער אב. קאהאן פון ניו יארק, אז מיט אים וועט שפעטער מיר אויסקומען זיך צו טרעפן אין משך פון צענדליקער יארן גאר־גאר נאענט סיי אלס מיט־ארבעטער אין דער זעלביקער צייטונג, אדער צייטונגען, און סיי אלס מיטגליד פון דער זעלביקער ארגאניזאציע, און אז איך וועל אים קענען און דערקענען אזוי גוט, ווי איך קען אים היינט.

אויף יענער מאסן־פארזאמלונג איז ער געווען דער הויפט־רעדנער. אין א הייסן אויפדערנאכט איז דאס געווען סוף זומער 1892.

אין פילאדעלפיע איז דעמאלט אנגעגאנגען א שטרייק אין א העמד־פאבריק, האבן די פירער פון דעם שטרייק ארונטערגעבראכט אב. קאהאנען פון ניו יארק, אז ער זאל ריידן צו די שטרייקערס.

דער גרויסער זאל פון דעם רייטשן לעיבאר לאיסעאום, אויף דער זעקסטער און בראון סטריט, איז געווען געפאקט מיט פרויען און מענער. נאר די ערשטע פאר ראנדן פלעצער זיינען ניט געווען פארנומען. מחמת מען האט זיי געהאלטן פאר א פאר טוצן מיידלעך „סקעביכעס", וועלכע מען האט פארנארט אהין אין האל און זיי דערוויילט געהאלטן פארשפארט אין א זייטיקן חדר, ביז קאהאן וועט אנקומען...

איך שטעל זיך אן א זייט קעגן די ליידיקע פלעצער. ווייל די „סקע־ביכעס", וואס „שטערן דער סאציאלער רעוואלוציע" אינטערעסירן מיך

ניט וויניקער איידער דער רעדנער. (פּשוט איך בין געווען נייגעריק צו זעען, ווי קוקן אויס אַזעלכע מיאוסע ברואים!).

אינעם זאַל טראָגט זיך אַן אומגעדולדיקער מורמל, וועלכער מישט זיך מיט די כוואַליעס ליכט, וואָס גיסן זיך, פון די עלעקטרישע לאָמפּן.

און יעדע ווײַלע דערהערט זיך, דאָ פון איין זײַט און דאָ פון אַן אַנדערער, אַ שטיקל קול:

— ווען ער קומען? ווען ער קומען?

די אומגעדולד פון פאַנאַטישע חסידים, וואָס וואַרטן אויף זייער רבין, פילט זיך אינעם האַל...

און באַוויַיזט זיך עמעצער אין דער אַרײַנגאַנגס־טיר, קוקט זיך דער עולם אַהין אום, וואַרפט די אויגן אַהין: אפשר איז דאָס ער...

די אומגעדולד וואַקסט. די פראַגע: „ווען ער קומען?" הערט זיך אָפּטער און העכער.

נאָכאַנאַנד פאַרלאָזט עמעצער זײַן פּלאַץ, לויפט צו צו דער טיר און קוקט אַרויס...

און מיטאַמאָל — אַ פּאָר מיידלעך, מיט צעפּלאַמטע באַקן, און אַ פּאָר יונגעלײַט לויפן אַרײַן פאַרסאָפּעט!

— ער קומט! ער איז דאָ!...

אַ גערודער אויף די פּלעצער, אַ הויבן זיך, אַ רוקן זיך און מורמל: „שאַ! שטילער!" דער עולם זיצט שוין אויסגעדרייט מיט אַנגעצונדענע פּנימער צו דער טיר. ערפורכט קוקט אַרויס פון די אויגן, ערפורכט און באַגײַסטערונג.

בײַ די פרויען פינקלען די אויגן און אויף זייערע ליפּן צינדט זיך יענער באַזונדערער ווײַבערישער שמייכל פון פאַרגעטערונג, וואָס זינט דעמאָלט האָב איך אים אַזוי אָפט געזען בײַ פרויען אינעם טעאַטער, בעת זייער פאַרגעטערטער אַקטיאָר האָט זיך באַוויזן דאָרט אויף דער בינע...

אב. קאַהאַן איז אַרײַנגעקומען. דער עולם נעמט אים אויף מיט שטורעם. עס ליאַרעמען שטימען, הענט, באַגײַסטערטע אויגן, דאַכט זיך, און זיכער — באַגײַסטערטע הערצער.

מחמת יונג איז נאָך דעמאָלט די באַוועגונג, יונג איז נאָך דער גלויבן פון די אַלע מענטשן אין דעם אידעאַל, וואָס אב. קאַהאַן איז פון אים אין זייערע אויגן דעם נביא...

איך טו אַ קוק אויף קאַהאַנען: אַ הויכער, שלאַנקער מאַן, מיט בלאָנדע וואָנצעס און מיט אַ קאָפּ געדיכטע האָר. ער קוקט ערנסט דורך

גאָלדענע ברילן גלײַך צו דער פּלאַטפאָרם, און גײט אַהין דורך דעם טומל פון די באַגײַסטערטע אַפּלאָדיסמענטן, און אויף זײַנע באַקן פּלעמלט נערוועז א רויטלעכע פאַרב.

באַלד זיצט ער דאָרט אויף דער פּלאַטפאָרם אין א שוואַרץ פּרינץ־אַלבערט, מיט קלאָר־ווײַסע מאַנזשעטן, און ער קוקט פון דאָרט מיט קרומלעכע אויגן אויפן עולם. (ביז א שפּעטערדיקע אָפּעראַציע אויף די אויגן איז ער געווען א „קאָסאָקער"). אחוץ אים איז אויף דער פּלאַט־פאָרם א זשוואַווער ייִד, וואָס לויפט דאָרט אַרום מאָדנע פלינק אויף קרומע פיס.

קיין שמייכל טוט ער ניט, קאַהאַן, נישט אפילו צום פּאַרזיצער פון יענער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וועלכער דרייט זיך דאָרט פאַר אים אויף דער פּלאַטפאָרם שטאַרק פאַרהאַוועט. (דעם פּאַרזיצער האָב איך שפּעטער גע־קענט. ער איז דווקא נישט קיין העמדן־נייער, נאָר א ציגאַרן־מאַכער. דער באַקאַנטער מ א י ר ג י ל י ס איז דאָס געווען).

אין א ווײַלע אַרום טרעט דער פּאַרזיצער אַרויס אין פראָנט פון דער פּלאַטפאָרם און שרײַט אויס מיט א פײַערלעכן טאָן:

— פּירט אַרײַן די סקעבס!

און שטיל ווערט אַרום, אַזוי שטיל, ווי אין א געריכט, בעת דער ריכטער הייסט אַרײַנפירן די פאַרברעכער...

אַלע קוקן זיך אום צו א זײַטיקער טיר, פון וואַנען זיי דאַרפן אַרײַנקומען.

א מיידל באַווײַזט זיך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און באַלד נאָך איינע און נאָך איינע. אַזוי א פּאָר טוצן — אַלע פון יענער טיר. זיי גייען צעמישטע, צעטומלטע, מיט שרעקנדיקע טריט פאַרבײַ די טויזנטער אויגן, וועלכע באַגלייטן זיי מיט שפּאָט און פאַראַכטונג. איך קוק זיך אײַן אין זיי, בעת זיי גייען צו זייערע ערטער אין די פאָדערשטע ראָנדן: כמעט קינדער נאָך, בלייכע, צעשראָקענע און אויסגעמוטשעטע קינדער!...

און ווי איך פאַראַכט נישט יענע מיאוסע ברואים, וואָס מען רופט „סקעבס", האָב איך רחמנות אויף אָט יענע מיידלעך־קינדער, ווען איך קוק דעמאָלט אויף זיי.

און דאָ — פּלוצים — בו־ז־ז! — האָט זיך אַרויסגעריסן בײַ דעם גאַנצן עולם, סײַ בײַ די פרויען און סײַ בײַ די מענער. ווי פון איין האַלדז האָט זיך דאָס אַרויסגעריסן, פול מיט האַס און פאַראַכטונג.

— בוז־ז־ז! בוז־ז־ז! — האָט זיך געטראָגן דער דאָזיקער געשריי

איבער די צעטומלטע מיידלעך, ווי דאס זשומען פון בינען, וועלכע האבן געוואלט זייער גיפטיקן ביס אין זיי אריינלאזן...

די מיידלעך האבן נאך נידעריקער די קעפ ארונטערגעלאזט, נאך מער צעמישט און צעטומלט געווארן. (אגב, האב איך זיך דארט דער־ווּסט, אז צווישן די „סקעבס" זיינען געוועזן מענער אויך; זיי אבער האבן זיך נישט געלאזט „פארנארן", ווי יענע יונגע מיידלעך).

דער פארזיצער האט אנגעקלאפט אין טיש:

— ארדער!

עס איז געווארן שטיל.

די מיידלעך האבן פארנומען זייערע ערטער קעגן דער פלאטפארם.

קאהאן האט זיך אויפגעהויבן. איך האב די אויגן פון אים נישט ארונטערגענומען.

ער איז געשטאנען פון פארנט אויף דער פלאטפארם און האט באַ־טראכט די מיידלעך די „סקעביכעס" מיט אויפגערעגטע אויגן. זיי האבן מורא געהאט א קוק צו טאן אויף אים.

די סצענע איז געוועזן אזא אומגעוויינלעכע, אז ביז היינט נאך איז זי פארבליבן פריש אין מיין זכרון.

אינעם זאל איז געווען שטיל. די שטילקייט איז געווען א נערוועזע. אין איר האט זיך געצאפלט די געפרעסטע אויפרעגונג פון די הונדערטער מענטשן, וואס זיי האבן געווארט אויף דעם ווארט פון קאהאנען.

אלע אויגן זיינען געווען געווענדט צו אים. איך דערמאן זיך אן א קלייניקייט, וואס האט זיך מיר דעמאלט באזונדערס אין די אויגן גע־ווארפן. פאר אויפרעגונג האבן ביי קאהאנען די נאז־פליגל שטארק גע־ארבעט; זיי האבן זיך ברייט געעפנט און צוגעמאכט, געעפנט און צו־געמאכט, בעת ער איז דארט געשטאנען און באטראכט די מיידלעך מיט בייזע, קרומלעכע, אויפגערעגטע אויגן, איידער ער האט אנגעהויבן צו ריידן.

נאכדעם האבן זיך זיינע אויגן — געדענק איך — אפגעשטעלט אויף איינער פון די מיידלעך, האט אנגעוויזן אויף איר מיט א פינגער און ער האט ארויסגערעדט מיט קארטאווען קול אפריער שטיל, אבער בייז:

— א צורה!... זעט נאר א צורה!... א שענערע ליגט מען דאך אין דר'ערד פאר די ווערעם!...

און ער האט זיך צעפלאקערט דערנאך און געטופעט מיט די פיס, געווארפן מיט די הענט און געשריען מיט זיין קארטאווען און פאליוועגעם קול — יא, בפירוש פאליוועגעם קול, מחמת, ווען ער

האָט זיך צעשריען, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, ווי זײַן קול, וואָלט, קאָר־טאַוועגדיק, אַרויסגעקומען פון זײַן האַלדז דורך אַ פּאַליווענעם רער. און, ווען ער האָט זיך נאָך העכער צעשריען, האָט זיך מיר צײַטנווײַז אויסגעדאַכט, אַז די פּאַליווענע רער אין זײַן האַלדז שפּאַלט זיך און לאָזט אַרויס היסטערישע און פּאַליווענע קלאַנגען...

אַגב, דעם דאָזיקן אײַנדרוק האָב איך ניט איינמאָל געהאַט ווען איך האָב זיך נעענטער באַקענט מיט קאַהאַנען, און בעת איך האָב אים געזען און געהערט, ווען ער איז צעפּלאָקערט געווען...

היסטעריש האָבן אַלעמאָל זײַנע נאָז־פליגל דעמאָלט געאַרבעט, און היסטערישע קלאַנגען פון זײַן פּאַליווענעם קול דעמאָלט אַרויסגעגעבן.

— ב —

איך געדענק ניט גענוי די גאַנצע יענע רעדע זײַנע; איך געדענק אָבער קלאָר דעם אַלגעמיינעם אײַנדרוק, וואָס זי האָט דעמאָלט געמאַכט אויף מיר. און בפרט געדענק איך געוויסע פראַזן פון זײַן רעדע, וואָס האָבן זיך באַזונדערס פײַנלעך געדראַפּט אַפּרופן אויף די פּאַרזינדיקטע מיידלעך.

די דאָזיקע פראַזן געדענקט איך דערפאַר, ווײַל איך האָב ניט גע־קענט דעמאָלט צוזען דעם צער פון די צעטומלטע מיידלעך — כאָטש אין מײַנע אויגן האָבן זיי פאַרדינט די גרעסטע שטראָף — איך האָב נישט געקענט צוזען, ווי זיי האָבן זיך געבויגט און געקאָרטשעט אונ־טער יענע פראַזן, וואָס עס האָט אַרויסגעשריען מיט אַ מין קרענקלעכער רציחה דער פּאַליווענער, היסטערישער און קאַרטאַווער קול פון אַב. קאַהאַנען.

און דערפאַר נאָך געדענק איך די דאָזיקע פראַזן, ווײַל מײַנער אַ פרײַנט, אַן אַנאַרכיסט, האָט דערנאָך, אַז ער איז געגאַנגען מיט מיר פון יענער פאַרזאַמלונג, האָט זיי איבערגעחזרט פאַר מיר. געוואָלט, הייסט עס, מיר ווײַזן, וואָס פאַר אַ „פרײַהייט" מיר קענען דערוואַרטן אין אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט...

ריידנדיק צו די מיידלעך, אַז זייער בלוט האָט אויסגעזויגט דער באָס מיט דער „גראַבער טרעמבע", האָט קאַהאַן געגומען טופּען מיט די פיס און זיך צעשריען, פאַרוואָס, אַנשטאָט אַרויסצורײַסן בײַם באָס די טרעמבע צוזאַמען מיט די קישקעס און מיט די געדערים, סקעבן זיי נאָך בײַ אים קענען זייערע אייגענע ברידער און שוועסטער.

און דעמאלט האבן זיך ביי אים ארויסגעריסן יענע פראזן וועגן וועלכע מיין פריינט האט מיט מיר גערעדט נאך דער פארזאמלונג און וואס איך אליין קאן זיי נאך ביז היינט ניט פארגעסן:

— אזוינע מיידלעך האט מען געדארפט אוועקלייגן און שמייסן, און קאטעווען, און רייסן דאס פלייש שטיקערווייז, פאסנווייז, פאס נאך פאס; שינדן די הויט, אז איר זאלט זיך פארזאגן א צענטן ניט צו סקעבן ביי אייערע בלוטזויגערס!...

פארשטייט זיך, דער עולם האט אים שטארק אפלאדירט. און די מיידלעך, נעבעך, האבן אויסגעזען ווי צעפרוזשעטע הינער פאר כפרות־שלאגן... דא און דארט האט איינע פון זיי געהאלטן א טיכל פאר די אויגן, און אן אנדערע האט אויפגעציטערט מיט די אקסלען...

שפעטער איז זיין רעדע געווארן רויקער. ער האט גערעדט בכלל וועגן דעם קאמף פון דעם ארבעטער־קלאס, האט דערציילט מעשהלעך, פון וועלכע דער עולם האט געלאכט. באזונדערס האט איין מעשהלע זיינס ביים עולם דעמאלט שטארק אויסגענומען — א מעשהלע וועגן א בעל־עגלה, וואס ער וויל צוגעוווינען זיין פערד צו ווייניקער האבער; גיט ער דעם פערד יעדן טאג אלץ ווייניקער און ווייניקער, ביז דאס פערד ציט אוים צום סוף די פיס...

אזוי וויל דער באס צוגעוויינען דעם ארבעטער צו אלץ ווייניקער און ווייניקער, און אזוי וויי טער.

און דער עולם האט הנאה געהאט פון דעם דאזיקן מעשהלע און אפלאדירט קאהאנען פאר דעם.

און געענדיקט האט ער זיין רעדע — געדענק איך — מיט אן הורא פאר דעם סאציאליזם און מיט די ווערטער:

— ובא לפראלעטאריאטישאס גואל!

איך דערמאן זיך, ווי איך האב זיך געוווּנדערט דעמאלט איבער דעם פשוטן קלארן יידיש אין זיין רעדע און איבער דעם אומגעצוימטן טעמפעראמענט זיינעם, וואס אין זיין צעקאכטקייט כאפט ער אריבער יעדן גרענעץ און יעדע מאס.

אבער אלס רעדנער איז ער מיר נישט געפעלן געווען. פארמעסטן זיך, למשל, אין רעדנער־קראפט מיט דעם אנארכיסטישן רעדנער ווייגבערג, צי מיט מ. זאמעטקין, וואס איך האב זיינע א רעדע פריער געהערט, וואלט ער, קאהאן, בשום אופן נישט געקאנט.

ניכער האט ער געמאכט דעם איינדרוק פון א מגיד, פון א סאציא־

ליסטישן מגיד, און, ווען ער האָט זיך צעבייזערט — גאָר פון דעם קעל־מער מגידם גלגול...

און אפשר האָט ער אַליין זיך אויך דערמאָלט אַזוי פאַרשטאַנען, און דערפאַר האָט ער זיך אונטערגעשריבן אונטער געוויסע אַרטיקלען זײַנע „דער פּראָלעטאַרישער מגיד״?

און אפשר האָט ער דווקא דערפאַר, ווײַל ער איז געווען אַ מין הייר מישער מגיד, געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף זײַן עולם, וואָס איז אין יענער צײַט געווען נישט לאַנג פון זײַן היים אין רוסלאַנד און פון זײַן שול אין רוסלאַנד?

זײַן ווירקונג אויף דעם עולם זײַנעם איז באמת גרויס געווען.

איך דערמאָן זיך: נאָך זײַן רעדע זײַנען אַלע מיידלעך יענע, די „סקעביכעס״, צוגעגאַנגען צום טישל, וווּ דער פאָרזיצער איז געזעסן, און זיי האָבן זיך פאַרשריבן אַלס מיטגלידער אין דער יוניאָן...

אמת טאַקע, ווען איך דערמאָן זיך אָן יענער רעדע זײַנער, וואָס איך האָב געהערט דעמאָלט אין פילאַדעלפיע וועגן אַרויסרײַסן די קישקעס און די געדערים בײַם באָס פון דער „גראַבער טרעמבע״, בפרט וועגן אַוועק־לייגן די מיידלעך און שמײַסן און קאַטעווען, און רײַסן זייער פלייש שטי־קערווײַז, פּאַסנווײַז, פּאָס נאָך פּאָס, — ווען איך דערמאָן זיך אָן אָט דער רעדע זײַנער, — פאַלט מיר אײַן, אַז אַזאַ געדאַנק און אַזעלכע ווער־טער האָט געקענט אויסדריקן נאָר אַב. קאַהאַן, וואָס ער האָט, ווי עס ווײַזט אויס, שוין דעמאָלט געטראָגן שטאַרק־קאַנטיקע סימנים פון דעם שפּעטערדיקן אַב. קאַהאַנען, וואָס וועגן אים וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן אַ סך טשיקאַווע זאַכן...

— ג —

בײַ דער אַרויסגאַנג־טיר אין דרויסן האָט עפּעס אַ יונגערמאַן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אַקטיאָר, געטיילט צירקולאַרן צווישן דעם עולם, וועלכער איז געגאַנגען פון יענער מאַסן־פאַרזאַמלונג. איך און דער גע־נאָסע, וואָס ער איז געגאַנגען מיט מיר און האָט גערעדט וועגן קאַהאַנס יענער רעדע, האָבן אויך געקראָגן איינעם פון יענע צירקולאַרן.

און ווי איבעראַשט איך בין געוואָרן, ווען איך האָב זיך דערוווּסט פון יענעם ייִדישן צירקולאַר, אַז דער אַקטיאָר יעקב אַדלער וועט שפּילן אַ פּיעסע „סיביריאַ״ אין דעם דעמאָלסדיקן טעאַטער „אַקאַדעמיע״.

דער נאָמען „יעקב אַדלער״ איז פאַר מיר געווען שיעור נישט אַ

לעגענדאַרישער נאָמען. ווען איך בין נאָך אַ ייִנגל געווען, האָב איך זײַן נאָמען געהערט אין מײַן געבורט־שטאָט וויטעבסק.*)

דאָס ייִדישע טעאַטער איז דעמאָלט שוין געהאַט פאַרבאָטן געווען אין רוסלאַנד און, ווען מען האָט דערנאָך וועגן אים גערעדט בײַ אונדז אין שטאָט, איז דער נאָמען פון איין ייִדישן אַקטיאָר באַזונדערס אָפט דערמאָנט געוואָרן — דער נאָמען אַדלער.

געהערט האָב איך דעם נאָמען, ווען איך בין נאָך געווען אַ ייִנגל, און אויך שפּעטער, אַז איך בין שוין עלטער געוואָרן און ווען איך האָב פאַרקערט אין קרײַזן, ווו מען האָט אַנדערע נעמען דערמאָנט.

באַזונדערס האָט וועגן אים דערציילט איינער, אַ ייִדישער יונגערמאַן, וואָס ער איז געווען אַ הייסער טעאַטראַל.

דער דאָזיקער יונגערמאַן איז אַנגעשטעלט געווען בײַ ציטלינען אין דער באַנק און ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שטיקל אינטעליגענט און כסדר האָט ער זיך אַרומגעפּירט מיט די רוסישע אַקטיאָרן און אַקטריסעס פון דעם שטאָט־טעאַטער (גאָראָדסקאָי טעאַטער), וואָס האָט זיך געפונען אין יענעם טייל פון שטאָט, וואָס האָט געהייסן „זבאַריע", (משמעות: פאַרדרייט פון די רוסישע ווערטער „איסגאַרי" — באַרג אַראָפּ).

איך דערמאָן זיך נאָך, אַז די זאַרעשטייער ייִדן האָבן אים גערופן „דער הפקר־יונג". מחמת, ווען ער האָט חתונה געהאַט, איז ער צו דער חופּה געגאַנגען, וועלכע איז געשטעלט געווען אין מיטן גאַס, אַז אויסגעפּוצטער אין אַ פּעלעריניע און אין אַ צילינדער־הוט, מיט ווײַסע האַנט־שוך און אײַנגאַנצן אַז אָנגעטרעפּירטער, מיט זײַן כלה, אַז אַ פאַרשלייערטן פּנים, און דווקא מיט איר געאָרעמט, ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגן: „מיר וועלן שוין אַליין טרעפן דעם וועג!"...

און די כלי־זמר צו זײַן חופּה האָט ער פריִער אויך אויסגעלערנט צו שפּילן עפּעס אַ מאַרש, וואָס ער איז גאָר נישט קיין ייִדישער חופּה־מאַרש.

דאָס האָט דעמאָלט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט, און מחמת דעם האָט מען אים פון דעמאָלט אָן גערופן „דער הפקר־יונג".

אַ יאָר זעכצן בין איך געווען אַלט, מסתמא, ווען איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט. דאָס איז געווען אויף דער בינע פון דעם שטאָט־טעאַטער, בײַ אַ פּראָבע. אין יענער צײַט האָב איך איבערגעשריבן ראָלן פון די פּיעסן, וואָס מען האָט געזאָלט שפּילן, פאַר די אַקטיאָרן און אַקטריסעס

---

*) זעט מײַן אָפּהאַנדלונג „יעקב אַדלער" אין דעם צווייטן באַנד „ערינערונגען פון אַ ייִדישן דראַמאַטורג". — ל. ק.

פון יענעם טעאַטער. דערפאַר האָב איך געקענט קומען צו יעדער פאָר־שטעלונג פרײַ און אַפילו צו די פּראָבן פון פּיעסן אויך.

האָב איך נישט דורכגעלאָזט קיין איין טעאַטער־פאָרשטעלונג דעמאָלט און בין אויך צו די פּראָבן אָפט געגאַנגען.

טעאַטער האָב איך אַלעמאָל שטאַרק ליב געהאַט; מײַן טאַטע אָבער האָט נישט געהאַלטן דערפון, האָב איך נישט געהאַט דערפאַר קיין געלט אויף צו באַצאָלן פאַר די טעאַטער־בילעטן; נאָר אַ גליק האָט מיך גע־טראָפן איינמאָל אומגעריכטערהייט.

דהיינו:

געוועזן בײַ אונדז אין וויטעבסק אַ בחור ליבאַקאָוו. ער איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר פיר־פינף. אַ הויכער, שלאַנקער, שיינער בחור געווען, וואָס האָט געחלומט צו ווערן אַן אַקטיאָר.

דער דאָזיקער בחור איז אָפט אויפגעטראָטן אין היימישע ספּעקטאַק־לען, און, איבערהויפּט, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן פאָרלייענען גאָגאָלס „זאַפּיסקי סומאַשעדשאַוואַ" (שריפטן פון אַ משוגענעם).

דערזעט אים איינמאָל, בעת ער האָט פאָרגעלייענט אָט די זאַך, די אַנטרעפּעניאָרשע פון שטאָט־טעאַטער, אַ געוויסע מאַדאַם דאַנילעוויטש, אַ זייער דיקע פרוי, געדענק איך, און זי אַנגאַזשירט אים צו שפּילן אין איר קאָמפּאַניע, אין וויטעבסקער שטאָט־טעאַטער.

איז, אַ דאַנק אָט דעם ליבאַקאָוון, האָב איך באַקומען שפּעטער די שטעלע פון אַ ראָלן־איבערשרײַבער אין יענעם טעאַטער, און פאַר אָט דער אַרבעט האָט מען מיר געצאָלט מיט אַ שטענדיקן „פרײַען איינטריט"...

און מאַדאַם דאַנילאָוויטש איז געווען צופרידן, ווײַל, ערשטנס, האָט זי מיר נישט געדאַרפט צאָלן קיין געלט פאַר דער אַרבעט, און, צווייטנס, ווײַל מײַן האַנטשריפט איז געווען אַ ריינע און קלאָרע; און איך אַליין בין געווען מער ווי צופרידן. ממש גליקלעך בין איך געווען, ווײַל איך האָב געקענט זען, און טאַקע געזען אויך, גוטע פאָרשטעלונגען, און אָפט די בעסטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, וואָס זײַנען געקומען אין וויטעבסק צו גאַסטראָלירן, און, אַחוץ דעם, האָבן אָט די פאָרשטעלונגען און, נאָך מער, די אַרבעט פון אַ ראָלן־איבערשרײַבער, שטענדיק אין מיר געוועקט דעם געפיל און — יאָ — דעם באַוווּסטזײַן, אַז איך אַליין וועל אַמאָל אויך אָנשרײַבן אַ פּיעסע...

און אַז איינאַקטער האָב איך טאַקע אַמאָל אין יענער צײַט אָנגעשריבן אויך, וואָס איך האָב אים דערנאָך געגעבן צו לייענען ליבאַקאָוון.

קורץ, אין אָט דעם טעאַטער בײַ אַ פּראָבע האָב איך זיך באַקאַנט

איינמאָל מיט יענעם „הפקר־יונג", בעת ער איז געקומען זען עמעצן פון די אַקטיאָרן און ער אויך האָט דאָס דערמאָנט פאַר מיר אַדלערס נאָמען.

איך גיי אַרויס מיט אים איינמאָל ביינאַכט פון שטאָט־טעאַטער, וווּ דער גענאַילער רוסישער אַרטיסט איוואַנאָוו־קאָזעלסקי האָט, גאַסטראָלי־רנדיק, געגעבן דעמאָלט איינע פון זיינע וווּנדערלעכסטע פאָרשטעלונגען אין פירשט סומבאַטאַוואָס פּיעסע „קיימן".

דער „הפקר־יונג" איז אויסער זיך פאַר באַגייסטערונג, שפּרינגט און טאַנצט און פּרוּווט נאָכמאַכן קאָזעלסקיס קול און שפּיל.

מיטאַמאָל מאַכט ער צו מיר:

— איר ווייסט, איך בין דאָך אַליין שיעור נישט געוואָרן אַן אַק־טיאָר, און, שטעלט זיך פאָר, דווקא אַ יידישער אין יידישן טעאַטער, יעי באָגוּ!

און ער הייבט אָן צו דערציילן וועגן דעם אַמאָליקן יידישן טעאַטער און דערמאָנט אַדלערן, וועלכער האָט אים צוגערעדט צו ווערן אַן אַקטיאָר.

זיין בעסטער פריינט איז יענער אַדלער געווען.

אָט דאָס איז געווען אַ פריילעכער יונג, טשאָרט וואָזמי! — האָט ער גערעדט מיט התפּעלות אין דער רוסישער שפּראַך — וואָט טאַלאַנט, וואָט אַרטיסט, בראַוואָ, טשאָרט וואָזמי! אַ קראַסאַוועץ, באָזשע מי מאָי! (אָט דאָס איז געווען אַ טאַלאַנט, אָט דאָס איז געווען אַן אַרטיסט! פאַרלאָרן געגאַנגען, דער רוח זאָל דאָס נעמען! און אַ פאַרשוין איז ער געווען, גאָט מיינער!).

אָט דאָס אַלצדינג האָט אויפגעוועקט אין מיין זכרון דער נאָמען יעקב אַדלער, וואָס וועגן זיין שפּילן אין אַקאַדעמיע אַ פּיעסע „סיביריאַ" האָט געמאָלדן יענער צירקולאַר, וואָס איך האָב געלייענט גייענדיק פון יענער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וווּ אַב. קאַהאַן האָט גערעדט.

און איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז איך מוז גיין אים זען. און איך בין געגאַנגען מיט אַ לאַנדסמאַן מיינעם, וואָס ער איז היינט אַ באַ־וווּסטער דאָקטער.

דאָס איז געווען, אגב, דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען יידיש טעאַטער.

# זעקסטער קאַפּיטל

## יעקב אַדלער אין „סיביריאַ"

— א —

וועגן דעם איינדרוק, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט דעמאָלט די פאָרשטעלונג פון גאָרדינס „סיביריאַ" מיט יעקב אַדלערן אין דער הויפּט־ראָל, ווי אויך וועגן דעם איינדרוק, וואָס דער ייִדישער טעאַטער־עולם האָט געמאַכט אויף מיר ביי יענער פאָרשטעלונג, האָב איך, מער אָדער ווייניקער, אויספירלעך געשריבן אין מיין אָפּהאַנדלונג וועגן יעקב אַדלערן, וואָס זי איז געדרוקט אין דעם צווייטן באַנד פון מיינע „ערינערונגען פון אַ ייִדישן דראַמאַטורג".

דאָ, אין אָט דעם קאַפּיטל מיינעם, וויל איך צוגעבן פּרטים, וואָס איך האָב זיי אין יענער אָפּהאַנדלונג נישט דערמאָנט.

דער נאָמען יעקב גאָרדין, דער פאַרפאַסער פון „סיביריאַ", איז מיר אינגאַנצן פרעמד געווען, ווי מיר איז בכלל פרעמד געווען אין יענער צייט דער גאַנצער ענין „ייִדישער טעאַטער": מיך האָט פאַראינטערעסירט צו גיין צו יענער פאָרשטעלונג, דער עיקר, דער נאָמען „יעקב אַדלער", וואָס וועגן אים האָב איך זיך אָנגעהערט אַזויפיל אין וויטעבסק, ווי איך האָב דערציילט אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל.

און זיכער האָט זיך מיר אַפילו נישט געחלומט דעמאָלט, בעת איך בין געגאַנגען צו יענער פאָרשטעלונג, אַז נישט שפּעטער ווי אין עטלעכע יאָר אַרום וועט אָט דער אייגענער יעקב אַדלער שפּילן מיין ערשטע פּיעסע „מינע" און אַז אויף איר וועט אויך אָנגעגעבן ווערן אַלס איר הויפּט־פאַרפאַסער דער זעלביקער יעקב גאָרדין, וואָס זיין פּיעסע „סיביריאַ" בין איך געגענאַגען זען דעמאָלט.

צום ערשטן מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זען אַזאַ טעאַטער־עולם.

געוווינט צו דעם רוסישן טעאַטער אינדערהיים און צו דעם מער אָדער וויניקער אינטעליגענטן עולם, וואָס האָט דעם רוסישן טעאַטער באַזוכט, בין איך צעטומלט געוואָרן, ווען איך בין דעמאָלט אַרויף מיט מײַן לאַנדסמאַן אויף דער „גאַליאָרקע" פון אַקאַדעמיע.

די גאַליאָרקע אינדערהיים איז אין מײַן צײַט תמיד געווען דער פּלאַץ פון דעם אינטעליגענטן יונגוואַרג, און דאָ? ...

עפּעס אַ ווילדער עולם האָט זיך געיאָגט אַרויף די טרעפּ צו דער גאַ־ליאָרקע: ייִדן מיט צעפּאַטלטע בערד, צעשפּיליעטע קאָלנערס און בוזי־מער, מיט רעקלעך איבער די אַקסלען, אונטער די פּאַכוועס, מיט פּאַר־שוויצטע פּנימער (דאָס איז געווען אין אַ היסן, זומערדיקן שבת בײַטאָג), און ייִדענעס מיט היימישע פּאַטשיילעס, און מיידלעך מיט בחורים — און זיי אַלע זײַנען געלאָפן און האָבן זיך געשטופּט, און אַריבערגעיאָגט איינער דעם אַנדערן. און יעדערער און יעדע פון זיי האָט עפּעס געטראָגן, צי אין די הענט, צי אין די קעשענעס, אַ פּאָמעראַנץ, אַן עפּל, אַ באַר, אַ שטיק קאַווענע, אַ פּאַפּירן זעקעלע סטאַשקעס, צי גאָר אַ היבש פּעקל — אפשר דעם שבתדיקן מאָלצײַט אײַנגאַנצן, וואָס מען האָט אים קיין צײַט נישט געהאַט צו עסן אינדערהיים...

אַ קוויטשערײַ, אַ טומל, אַ געפּילדער, אַ זידלען זיך, און קולות, און די גראָבסטע, די געמיינסטע ווערטער...

איך מיט מײַן לאַנדסמאַן זײַנען צוגעגאַנגען צו צוויי פאָדערשטע פּלעצער און האָבן זיך שוין האַלב אָוועקגעזעצט אויף זיי, ערשט מיט־אַמאָל... עפּעס האָט אונדז אַ הייב געטאָן און אַ שטויס געטאָן, און אונדז אָוועקגעקײַקלט, ווי מיר וואָלטן פּילקעס געווען, פון אונדזערע פּלעצער...

איך קוק זיך אום: אַרום אַ מניין ייִדן, מיט בערד און אָן בערד, קײַקלען זיך דאָרט, פּלעכטנדיק זיך איינער אין דעם אַנדערן מיט די בערד, אַקסלען און אָרעמס, אויף אונדזערע צוויי פּלעצער, וואָס יעדערער פון זיי וויל פּאַרכאַפּן, און בײַ איינעם פון אָט די ייִדן שיטן זיך סטאַשקעס פון אַ קעשענע...

איך העלף מײַן לאַנדסמאַן זיך אויפהייבן פון דער ערד, און מיר זעצן זיך אַוועק אויף די ערשטע בעסטע פּלעצער, וואָס מיר דערזעען.

מײַן לאַנדסמאַן — שפּעטער אַ גוט באַקאַנטער דאָקטער אין פילאַ־דעלפיע און אין יענער צײַט אַן אָרעמער אַרבעטער אין אַ סיגאַר־פאַבריק — שמייכלט זיך גוטמוטיק און זאָגט:

— אַט דאָס איז דער עולם, מיט װעלכן איר, אַנאַרכיסטן, װילט מאַכן די סאָציאַלע רעװאָלוציע...

בין איך דאָך אַ פֿרומער אַנאַרכיסט און ער — אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, פֿאַרגעסן מיר באַלד אַלע אַנדערע ענינים און מיר הױבן אָן צו דעבאַטירן װעגן די „מאַסן" און װעגן דער סאָציאַלער רעװאָלוציע.

גײט צו צו אונדז דערװײַל אײנער פֿון מײַנע גענאָסן, אַ מיטגליד פֿון דער גרופּע „ריטער דער פֿרײַהײט", מיט אַ זעקעלע סטאַשקעס אין די הענט, קנאַקט און שפּײַט אַרױס די שאָלעכץ באַזונדערס ענערגיש, אַזױ צו זאָגן, מיטן גאַנצן שװוּנג. די שאָלעכץ פֿאַלט אױף אים און אַרום אים, אױף דער ערד, אױף מיר, אױף מײַן לאַנדסמאַן און אױף אַ ייִדענעס פּאַ־טשײלע איבער אונדזערע קעפּ (אַ געניאַלער שפּײַער געװען!), און ער מישט זיך אױך אַרײַן אין אונדזער דעבאַטע.

און אין אַ װײַלע אַרום — אַהאַ! — דער דאָזיקער מיטגליד פֿון די „ריטער דער פֿרײַהײט", מיט אַ סטאַשקע אינעם מױל, סטראַשעט מײַן לאַנדסמאַן מיט קלעפּ, װײַל ער באַלײדיקט דעם אַנאַרכיזם...

קױם אים באַרוּיִקט.

נאָכדעם, אַז ער איז שױן װידער רויִק און אױף זײַן געניאַלן שטײ־גער, װידער געקנאַקט זײַנע סטאַשקעס, האָט ער זיך מיטאַמאָל אָנגערופֿן צו מיר:

— איר מײנט טאַקע, אַז מען װעט אונדז דאָ הײַנט װײַזן די ריכטיקע סיביר?

זאָג איך:

— איך קען נישט די פּיעסע.

מאַכט ער:

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז די ריכטיקע סיביר, דערפֿאַר בין איך דאָך געקומען אַהער.

מישט זיך אַרײַן אַ ייִד — געדענק איך — מיט אַ לאַכעדיקער געלער באָרד און מיט אַ צעשפּילעטער געל־האָריקער ברוסט:

— מיסטער, — זאָגט ער, — אװדאי װעט איר באַלד זען סיביר. עסט אױף אױף גיך אײַערע סטאַשקעס, אַנישט װעלן זײ בײַ אײַך פֿאַרפֿרױרן װערן.

שטײט דאָך נישט אָן מײַן גענאָסע, הלמאי יענער לאַכט פֿון אים, און ער ענטפֿערט יענעם מיט שפּאָט:

— זע נאָר װער עס חכמהט זיך! געדאַװנט שױן הײַנט, געדאַװנט, פֿינצטערער מוחל, האַ?

צעלאכט זיך דער ייִד אויפן קול און ענטפערט אים אָפּ צורי‏ק:
— וואָס זענט איר נאָך אין כעס, מיסטער? איך גיב דאָך אײַך אַ ריכטיקע עצה. באַלד וועלן מיר זײַן אין סיביר. באַהאַלט אײַער „נאַניע" — ווײַזט ער אָן מיט אַ פינגער אויף זײַן נאָז — איר וועט זי נאָך חלילה אָפּפרירן!
די דאָזיקע באַמערקונג זײַנע כאַפּט אויף אַן אַנדער ייִד, וואָס זיצט דאָרט אין דער צווייטער ריי און ער שרײַט אויפן קול ווידער צו עמעצן, וועלכער זיצט דאָרט ווײַט פון אים:
— באַהאַלט דײַן „נאַניע", דו וועסט זי אָפּפרירן. סיביר!...
און באַלד פון אַלע זײַטן:
—סיביר! בינד אַרום די אויערן! פאַרשפּיליע דײַן העמד! קוקט זיך אײַן! סיביר! סיביר!...
איך באַמערק, ווי די ייִדענע מיט דער היימישער פּאַטשיילע, וועלכע זיצט איבער מיר, טוליעט זיך טאַקע אין אַ גרויסער וואַרעמער טוך, הגם די זומערדיקע היץ אויף אונדזער גאַליאַרקע שטיקט ממש, און איך הער, ווי זי זאָגט צו איר שכן, אַפּנים איר מאַן:
— פאַרשפּיליע זיך, דו ביסט פאַרשוויצט!
און ער פאָלגט זי דווקא.

— ב —

אַ טייל פון יענעם עולם אויף דער גאַליאַרקע (און, משמעות, פונעם פּאַרטער אויך) בײַ יענער פאַרשטעלונג האָט באמת געמיינט, אַז מען וועט אים ווײַזן דעם ריכטיקן קאַלטן סיביר. איך וואָלט עס נישט געגלויבט, ווען איך זע דאָס נישט דעמאָלט אַליין מיט מײַנע אויגן:
אינעם טעאַטער איז פינצטער געוואָרן. דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן.
דער עולם שרײַט:
— שאַ, שטילער!
עס איז געוואָרן שטיל.
אויף דער פינצטערער בינע האָט אַ כאָר געזונגען אַ רוסיש ליד.
— קאַטאָרזשניקעס, אפשר פּרײַהייטס-קעמפּער, — מורמלט מײַן גענאָסע, דער געניאַלער שפּײַער, און ער קוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן אויף דער פינצטערער בינע.
די ייִדענע מיט דער פּאַטשיילע איבער אונדז זיפצט:

— אַי ווײ איז מיר, סיביר! אַ קאַטאָוועס וואָס פאַר אַ צרות זײ טראָגן דאָרטן אַריבער! פאַרזינגען, נעבעך, די יסורים... עס ווערט טאַקע עפּעס קילער...

— שאַ, מיסעס, לאָזט הערן! — מורמלט עמעצער לעבן איר.

און פּלוצים — אַ געשרײ פון דער בינע דורך דער פינצטערניש... אַ געשרײ פון מענטשן, נײן, פון אַ לײב, וואָס ער האָט דאָרט ערגעץ זיך אַרויסגעריסן פון אַ שטײַג, און וועלכער ער איז געווען פרײַער פאַרשפּאַרט!

די מענטשן אַרום מיר האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן פון דעם דאָזיקן געשרײ, וועלכער האָט זיך דורכגעטראָגן, ווי אַ שרײַענדיקע פײַערדיקע כוואַליע...

אַ מענטש איז דאָרט אַנטלאָפן פון דער רוסישער קאַטאָרגע, און דאָס איז געווען זײַן באַפרײַאונגס-געשרײ.

אַ געמורמל „אַדלער" האָט זיך אַרום מיר דורכגעטראָגן.

איך בין געוואָרן מער פאַראינטערעסירט. דאָס איז געווען, הייסט עס זײַן געשרײ, פון יענעם אַדלער, וואָס וועגן אים האָב איך זיך אָנגעהערט אַזוי פיל נאָך אין וויטעבסק.

די דאָזיקע סצענע אויף דער טונקעלער בינע איז געווען דער פּראָלאָג פון דער פּיעסע „סיביריאַ". דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די הויפּט-האַנדלונג.

משמעות, אַז דעם סוזשעט פאַר אַט דער פּיעסע האָט יעקב גאָרדין גענומען פון וויקטאָר הוגאָס „לע מיזעראַבלעס". דער הויפּט-העלד פון „סיביריאַ", וואָס אַדלער האָט געשפּילט, איז געווען אַ מין זשאַן וואַלזשאַן פון אַט דעם וויקטאָר הוגאָס באַרימטן ראָמאַן.

דער מאַן, וואָס ער איז אַנטלאָפן פון קאַטאָרגע, פירט דערנאָך אונטער אַן אַנדערן נאָמען אַ זייער אָנשטענדיק לעבן אין אַ יידישער שטאָט. ער האָט אַ גוט געשעפט, אַ שײן הויז, שײנע פרײַנט און פאַר זײַנע קינדער האַלט ער די בעסטע לערער. דערוויסט זיך וועגן זײַן סוד אַ קאָנקורענט זײַנער, דווקא אַ פרומער ייִד, נאָר אַ גרויסער צבועק און אַ מסור, און ער מסרט אים.

יעקב אַדלער שפּילט דעם דאָזיקן ייִדישן „זשאַן וואַלזשאַן". איך בין פאַרכאַפּט פון אים, פון זײַן שפּילן.

— ג —

ער געפעלט מיר. אין די געדאַנקען פאַרגלייך איך אים צו יענע רוסישע אַקטיאָרן, אַנדערע פון זיי בארימטע, וואָס איך האָב זיי פריער געזען אויף דער רוסישער בינע ביי מיר אין שטאָט, איידער איך בין געקומען קיין אַמעריקע. און דעם פאַרגלייך האַלט ער אויס.

א זעלטן־שיינע, פאַרנעמע געשטאַלט באַוועגט זיך אויף דער בינע מיט גרויס ווירדע. אַ שטימע, ווייך און בויגיק צו די פאַרשיידענע טענער. ער האָט קאַלטע, איראָנישע טענער, וואָס זיי שניידן דורך, ווי אַ שטאָלענע זעג די נשמה ביים צושויער.

ער האָט דעם ייִדישן קרעכץ אין זיין קול און די ייִדישע טרער אין זיין זיפץ, וואָס באַוועגט זיינע צוהערער ביז צו טרערן.

ער האָט דעם צאַרן און דעם געשריי פון אַ גרויסן טעמפּעראַמענט, ווי די לאַשטשענדיקייט פון דער צאַרטער ליבע.

ער האָט אַן אויג, וואָס אין אים טונקען זיך אָפּ זון און וואָלקן.

אָפּט דעקלאַמירט ער. אָפּט מעלאָדראַמאַטעוועט ער. אָפּט פּאָזירט ער. אָבער דאָס אַלצדינג איז ביי אים באַשטראַלט מיט אַ באַזונדערער יום־טובדיקייט, מיט אַ באַזונדערער אייגנאַרטיקער פּלאַסטישער שיינקייט.

די שיינקייט, די יום־טובדיקייט, דאָס איז דער הויפּט־שטריך פון זיין טאַלאַנט.

דורך צוויי הויפּט־טירן — וואָלט איך געזאָגט — גנבעט ער זיך אַריין צום טעאַטער־עולם אין דער נשמה: דורך דער אויג־טיר און דורך דער האַרץ־טיר...

איך בין נישט אויסן צו זאָגן, אַז שוין דעמאָלט, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען אין „סיביריאַ", האָב איך אים אַזוי אָפּגעשאַצט. זיכער איז, אַז דעם איינדרוק, וואָס איך האָב דעמאָלט פון זיין שפּילן ארויסגעטראָגן, באַלייכט איך היינט מיט די איינדרוקן, וואָס זיין שפּילן אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן האָט אויף מיר געמאַכט. אָבער אין דעם בין איך זיכער, אַז געוויסע הויפּט־שטריכן פון זיין טאַלאַנט, ווי די באַזונדערע דעקאָראַטיווע, פּלאַסטישע שיינקייט זיינע און ווי זיין באַזונדערער קאָלירפולער אָרגאַן, האָב איך ביי יענער פאָרשטעלונג דערפילט. מחמת איך דערמאָן זיך קלאָר, אַז צווישן די אַקטן האָב איך דערפון גערעדט מיט מיין אינטעליגענטן לאַנדסמאַן, דעם סיגאַרן־מאַכער, וואָס איך בין מיט אים געגאַנגען זען די פאָרשטעלונג.

יאָ, די הויפּט־קראַפט פון אַדלערס טאַלאַנט, חוץ דעם גרויסן טעמפּע־

דראַמענט, איז געװען די יום־טובדיקייט, די דעקאָראַטיװע, פּלאַסטישע שײנקײט, װאָס האָט אַרױסגעלױכטן פון זײַן יעדן טאָן, זײַן יעדן בליק און זײַן יעדן זשעסט.

דאָס איז געװען אַן אָרגאַנישער טײל פון אים און נאָר פון אים אַלײן, װאָס קײן אַנדער אַקטיאָר קען נישט נאָכמאַכן, װי מען האָט נישט געקענט נאָכמאַכן מאַגולעסקאָס שמײכל.

אַגב, אין יענער פאָרשטעלונג האָט אויך געשפּילט דער גרויסער מאַגור־לעסקאָ — ער האָט געשפּילט דאָרט דעם משרת מאַראַטוטען — און אים גראַד געדענק איך נישט פון יענער פאָרשטעלונג. אפשר דערפאַר, װײַל איך בין אַזױ נײַגעריק געװען צו זען דעם אַקטיאָר יעקב אַדלער, װאָס איך האָב זײַן נאָמען געהערט אין מײַן שטאָט װיטעבסק נאָך פון ייִנגלװײַז אָן, קען מען זאָגן?...

— ד —

נאָך יענער פאָרשטעלונג זײַנען אַנדערע פון דעם עולם — געדענק איך — געבליבן נישט צופרידן. זײ האָבן געטענהט, אַז מען האָט זײ אָפּ־גענאַרט. מען האָט זײ געװאָלט װײַזן סיביר און מען האָט זײ דאָס נישט געװיזן.

חוץ דעם עולם, דערמאָן איך זיך, האָט אַ שלעכטן אײַנדרוק אויף מיר געמאַכט דאָס, װאָס אַנדערע פון די אַקטיאָרן האָבן זיך דורכגערעדט מיט דעם פּובליקום פון דער בינע אַרונטער און אויך דער שרעקלעכער מישמאַש פון דער שפּראַך.

אַ סלעדאָװאַטל האָט דאָרט געשפּילט — מאַקס ראָזענטאַל — האָט ער גערעדט אַ מין דײַטש, אויף דעם פּתח־ (פּאַסעד) שטײגער; אַדלער האָט אין זײַן ייִדיש אָפּט אַרײַנגעװאָרפן גאַנצע רוסישע פראַזן, און די אַנדערע האָבן גערעדט אַ מין שמענדריק־שפּראַך.

דאָס איז נאָך געװען אין סאַמע אָנהויב פון גאָרדינס טעטיקייט אויף דער ייִדישער בינע („סיביריאַ" איז געװען זײַן ערשטע פּיעסע), נאָך גאָר אין דער ערשטער צײַט, הייסט עס, װען ער האָט זיך באַװיזן צװישן די ייִדישע אַקטיאָרן און זײ גענומען ערשט דערצײַען, לערנען מיט זײ און װעקן בײַ זײ דעם קינסטלער־שטאָלץ, די קינסטלער־אַמביציע און די קינסטלער־כוחות, און גענומען שאַפן אויך אַ בעסערן טעאַטער־עולם.

װי איך האָב באַמערקט פריִער, בײַ יענער פאָרשטעלונג, װען איך האָב

געזען צום ערשטן מאָל אדלערן, האָט זיך מיר אַפּילו נישט געחלומט, אַז איך וועל זיך אַמאָל מיט אים באַקענען נענטער.

⁂

ביי יענער פאָרשטעלונג איז אויך געווען דער אַנאַרכיסטישער רעדנער ח. ווײַנבערג.

איך האָב זיך מיט אים דערנאָך געטראָפן אין דרויסן ביים אַרויסגאַנג פונעם טעאַטער.

איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אים פריִער אַזאַ יום־טובדיקן; ער האָט גאָר אינגאַנצן געלויכטן, און זײַן פּנים מיט די האַלב־בלינדע אויגן איז געווען איין פריידיקער שמייכל.

— נו, וואָס זאָגט איר עפּעס? — האָט ער ממש צוגעטאַנצט צו מיר מיט זײַן הינקענדיקער פוס, ווען ער האָט מיך דערזען — האָט איר אויך אַזוי הנאה געהאַט, ווי איך?

און ער וואַרט נישט אויף מײַן ענטפער, און ער רעדט ווײַטער:

— קיין גרעסערן פּשט (פּשאַט) אויפן אַנאַרכיזם, ווי אַט די פּיעסע גיט, קען מען זיך גאַרנישט פאָרשטעלן. ווען דער ייִד דער מסור וואָלט אַנשטאָט צו זײַן אַזוי רעליגיעז־פרום, געווען אַן ערלעכער און אָרנטלעכער פרײַער מענטש, ווי מיר, אַנאַרכיסטן, פריידיקן, אַז מענטשן זאָלן זײַן, וואָלט ער קיין מסור נישט געווען און ער וואָלט נישט אומגליקלעך געמאַכט אַזאַ פײַנעם מענטשן. און וואָלט געזעץ אַזוי נישט געהערשעוועט אויף דער וועלט, וואָלט אַזאַ פײַנער מענטש נישט באַשטראָפט געוואָרן, מחמת ער וואָלט נישט געווען קיין פאַרברעכער. יאָ, די געזעצן שאַפן פאַרברעכן און פאַרברעכער. דאָס איז דער קלאָרער פּשט פון דער פּיעסע, וואָס מיר האָבן הײַנט בײַטאָג געזען. מיר איז דאָס אַזוי קלאָר, ווי דער טאָג...

נאָך אַנדערע ייִדן, וואָס זײַנען געגאַנגען פון אַט דער פאָרשטעלונג, זײַנען צו אונדז צוגעשטאַנען, און זיי אַלע האָבן גערעדט מיט התפּעלות וועגן דער דאָזיקער פאָרשטעלונג.

איינער אַ באַקאַנטער פון ווײַנבערגן, אַ ייִדישער דאָקטער, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות צו וועלכער נישט־איז באַוועגונג, האָט געלאָזט וויסן, אַז בײַנאַכט וועט ער גיין נאָך אַמאָל זען די פּיעסע. ער וועט גיין מיט זײַן ווײַב און מיט זײַן אָנקל.

און ער האָט דערקלערט מיט התפּעלות:

— איך מיט מײַן ווײַב גייען אָפט אין ענגלישן טעאַטער. ווײַס איך

וואָס, ווי קומען יענע פּיעסן צו דער, וואָס מיר האָבן געזען. זינט איך בין פֿון רוסלאַנד האָב איך אַזאַ פּיעסע און אַזאַ שפּילן נישט געזען, כאָטש מען האָט געשפּילט אויף זשאַרגאָן!

(באמת, איז די פּיעסע „סיביריאַ" מיט אַלע אירע גרויסע חסרונות לגבי די פּיעסן, וואָס מען האָט געוויינלעך געשפּילט דעמאָלט אַפֿילו אין די ענגלישע טעאַטערס, געווען פֿון די „בעסערע").

אָבער ריכטיק געשטיצט אַט די פּיעסע פֿון גאָרדינען, וואָס מיט איר האָט זיך ביי אונדז דאָ אָנגעהויבן דאָס נײַ יידיש טעאַטער, וואָס האָט באַקעמפֿט דאָס טעאַטער פֿון הורוויץ און לאַטײַנער, ווי די אַנדערע פּיעסן זײַנע, און די בעסערע יידישע פּיעסע, בכלל, האָט דער ראַדיקאַלער עלעמענט אויף דער דעמאָלטיקער יידישער גאַס, סײַ צווישן דער אַרבעטערשאַפֿט און סײַ צווישן די יחידים פּראָפֿעסיאָנאַלן, ווי אין ניו־יאָרק, אַזוי אין פֿילאַ־דעלפֿיע, און אַזוי אויך אין אַנדערע שטעט, וווּ עס איז געווען אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

אָן אַט דער הילף וואָלט מען ביי אונדז דאָ נישט געהאַט נישט קיין בעסערע יידישע ליטעראַטור און נישט קיין בעסערן יידישן טעאַטער.

וועמען נאָר ער האָט געטראָפֿן יענעם אויפֿדערנאַכט, האָט ער, ח. ווײַנבערג, צוגערעדט צו גיין זען יענע פֿאָרשטעלונג אין אַקאַדעמיע.

***

אין אַ וואָך שפּעטער איז קיין פֿילאַדעלפֿיע אַרונטערגעקומען פֿון ניו־יאָרק צו האַלטן אַ לעקציע איינער, וואָס ער האָט געהאַט אַ באַשטימטע ווירקונג אויף מײַן שרײַבערשער קאַריערע.

דאָס איז געווען מײַן שפּעטערדיקער פֿרײַנט לעאָן מאָיסעיעוו.

# זיבעטער קאַפּיטל

## לעאָן מאָיסעיעוו

— א —

פֿאַר יענער לעקציע האָבן מיר אַלע פֿון דער גרופּע „ריטער דער פֿרײַהייט" שטאַרק געאַרבעט. מיר האָבן געטיילט צירקולאַרן אויף אַלע גאַסן אין די יידישע געגנטן און גערופֿן דעם פֿילאַדעלפֿיער יידישן עולם צו קומען הערן „דעם גרויסן רעדנער פֿון ניו־יאָרק".

מיר האָבן זיך גערעכנט, אַז זײַן לעקציע וועט גאָר אַ סך אויפֿטאָן פֿאַר אונדזער אידעאַל. הגם קיינער פֿון אונדז האָט פֿריִער נישט געהאַט קיין געלעגנהייט צו הערן אַ לעקציע פֿון מאָיסעיעוון, זײַנען מיר געווען זיכער, אַז זי וועט זײַן אַ פֿײַערדיק־רעוואָלוציאָנערע.

שוין דאָס אַליין, וואָס ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פֿון דער „פֿרײַהייט", פֿון דער צײַטונג, וואָס זי איז געווען די פֿלאַם־פֿײַערדיקע צונג און די שאַרפֿע שווערד פֿון יאָהאַן מאָסטן אַליין, האָט מאָיסעיעוון — אָדער לעאָנטיעוון, ווי ער האָט זיך אונטערגעשריבן אונטער די אַרטיקלען אין דער „פֿרײַהייט" — געגעבן אַ באַזונדערן רעוואָלוציאָנערן פּרעסטיזש אין אונדזערע אויגן.

און איך אַליין בין פֿאַראינטערעסירט געווען אין זײַן לעקציע אפֿשר נאָך מער איידער די אַנדערע, מחמת די אַרטיקלען זײַנע אין דער „פֿרײַהייט" זײַנען מיר געווען שטאַרק געפֿעלן. זיי האָבן זיך מיר שטענדיק אויסגעוויזן ווי רעוואָלוציאָנערע לידער אין פּראָזע, אַרויסגעזונגען פֿון אַ דיכטערישן רעוואָלוציאָנערן געמיט מיט יוגנטלעכן און אַן אייגנטימלעכן שווונג. (אין יענער צײַט איז מאָיסעיעוו, דער שפּעטערדיקער באַרימטער אינזשעניער, אַלט געווען, מסתמא, אַרום איין און צוואַנציק).

די טעמע פון יענער לעקציע זײַנען איז געװען: „מיכאַיל באַקונין".

אַ גרױסער עולם איז געקומען הערן די דאָזיקע לעקציע — נישט אַזױ צוליב דעם רעדנער, װעלכער, אַלס מיטאַרבעטער פון מאָסטס „פרײַ־הײט" אין דער דײַטשער שפּראַך, איז ער דעם ייִדישן עולם נישט באַקאַנט געװען, װי צוליב דער טעמע „באַקונין".

ער, באַקונין, איז געװען דער העלד פון אַ שונד־דראַמאַן „די געהײמע־ניש פון רוסישן הױף" — אַ שונד־ראָמאַן, װאָס איז אין יענער צײַט געװען גאָר אַ גװאַלדאָװנער „בעסט סעלער" צװישן דעם ייִדישן עולם, און מחמת דעם איז זײַן נאָמען שטאַרק פּאָפּולער געװען אױף דער ייִדישער גאַס.

מאָיסעיעװו האָט דאַן געמאַכט אױף מיר אַן אײַנדרוק גיכער פון אַ יונגן פּראָפעסאָר, װאָס ער װאָלט צום ערשטן מאָל נישט מיט אַ זיבערן טאָן פאַרגעלײענט אַ דיסערטאַציע איבער אַ װיסנשאַפטלעכן ענין פאַר אַן עולם, אײדער פון אַ רעװאָלוציאָנערן רעדנער, אַ מיטאַרבעטער פון יאָהאַן מאָסטס פײַער־שפּײַענדיקער „פרײַהײט".

דער אופן, װי ער איז געװען אָנגעטאָן, אַזױ זױבער און פּינקטלעך, יעדע זאַך אױף איר אָרט, פאַרהעקלט און פאַרקנעפּלט, און זײַן בלײַכער, אינטעליגענטער פּנים, טונקל־באַשאָטנט פון אַ שמאָלן פעד־שװאַרצן בערדל, װאָס מחמת דעם האָט די בלײַכקײט אױף זײַנע באַקן אָפּגעשלאָגן מיט אַ באַזונדערער, אַ מין גײַסטיקער צאַרטקײט, און זײַן קול, אַ ביסעלע מיט אַ פאַלצעט, און זײַן גאַנצע מיטל־װוּקסיקע, מאָגערע געשטאַלט, מיט קלײנע, װײַסע הענט, כמעט װי בײַ אַ פרױ, און דער נישט זיכערער, באַשײדענער טאָן, מיט װעלכן ער האָט געלײענט זײַן לעקציע, אָפט אַרײַנקוקנדיק אין די געשריבענע בלעטלעך, װאָס ער האָט זײ אין האַנט געהאַלטן, און דערצו נאָך דאָס, װאָס ער האָט אין זײַן לעקציע זיך נישט באַנוצט מיט באָמבאַס־טישע, רעװאָלוציאָנערע פראַזן, — דאָס אַלצדינג, װי איך האָב געזאָגט, האָט אים מער ענלעך געמאַכט צו אַ יונגן פּראָפעסאָר, װעלכער װאָלט צום ערשטן מאָל פאַרגעלײענט אַ דיסערטאַציע, אײדער צו דעם דורכשניט־לעכן רעװאָלוציאָנערן רעדנער, װאָס מען איז געװױנט געװען צו הערן אין יענער צײַט אױף די אַנאַרכיסטישע און סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ייִדישע פאַרזאַמלונגען.

— ב —

דער פאָרזיצער איז געװען ה. װײַנבערג, װעלכער, הגם נישט אין אַן ערך אַ בעסערער רעדנער פון מאָיסעיעװן, האָט זיך צוגעהערט מיט גרױסן דרך־ארץ צו דער לעקציע, און איך האָב באַשײַנפּערלעך געזען, װי ער האָט אײַנגעזױגט מיט זײַן הױכן, קלוגן שטערן יעדן אינטערעסאַנטן

געדאַנק, וואָס דער רעדנער האָט אַרויסגעזאָגט. בפרט נאָך ווען דער רעדנער האָט אַרויסגעבראַכט אַ פאַקט, וואָס איז אים, ווײַנבערגן, קענטיק ניט געווען, האָט ער עפּעס אויף אַ באַזונדערן אופן הנאהדיק אַ שמייכל געטאָן און אויף זײַן גלאַנציקן שטערן האָבן זיך קנייטשן באַוויזן, אַזוי ווי דינע צווײַגעלעד, וואָס וואַלטן דעם נײַעם פאַקט אויפגעכאַפּט...

ער, ח. ווײַנבערג, נישט קיין „אינטעליגענט", איינער פונעם פאָלק, האָט דרך־ארץ געהאַט פאַר דעם אינטעליגענט און איז אים געווען דאַנקבאַר ווען ער האָט פון אים געקענט עפּעס לערנען.

דערפאַר זײַנען אָבער די מערסטע אונדזערע פון דער גרופּע „ריטער דער פרײַהייט" פאַרבליבן ווי אַפּגעשמיסענע נאָך יענער לעקציע פון מאַיסעיעוון, און אַ פּאָר האָבן אויסגעזען פאַרצווייפלט ממש, און איינער פון זיי, גאָלדבערג, אָדער „גאָט צו דאַנקען", ווי מען האָט אים גערופן אויף שפּאַס, איז גאָר געווען מלא רציחה אויף מאַיסעיעוון.

מיט אויגן, ווי שאַרפע שפּיזן, אונטער זײַן שוואַרצער טשופּרינע, וואָס איז, ווי אַ בייזער וואָלקן, געהאַנגען איבער זײַן שטערן, און מיט די גרויסע, שוואַרצע וואָנצעס אונטער זײַן בייזער אויפגערעגטער נאָז איז ער געגאַנגען צווישן זײַנע גענאָסן און האָט עפּעס געמורמלט מיט כעס.

צוגעגאַנגען צו מיר, האָט ער מיר אויף רוסיש מיט זײַן באַס אַרײַנגערוימט אויפן אויער, און די אויגן בײַ אים האָבן זיך דערבײַ געצונדן מיט אַ מין ווילדער רציחה:

— דאַוונאַ, בראַט! יערונדאַ נאַ פּאָסטנאָם מאַסליע! ניע רעוואָלוציאָנער! וואָריאַט, סוקין סין!...

און ער האָט צוגעלייגט אויף ייִדיש:

— מען טאָר דאָס נישט דערלאָזן! מען מוז זיך אַליין העלפן! ראַטעווען די מאַסן־פאַרזאַמלונג!...

וואָלפסאָן, וואָס ער איז געזעסן לעבן מיר, האָט אויך אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ און באַמערקט:

— די דעבאַטן זאָלן כאָטש זײַן לעבעדיקע!...

און איך געדענק, וואָס פאַר אַ שטורמדיקע דעבאַטע עס איז געווען נאָך דער דאָזיקער לעקציע פון מאַיסעיעוון.

ווײַנבערג, וואָלפסאָן און גאָלדבערג — „גאָט צו דאַנקען" — האָבן אַ שטאַרקן אָנטייל גענומען אין איר.

באַזונדערס גאָלדבערג „גאָט צו דאַנקען":

ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף דער פּלאַטפאָרם, ווו מאַיסעיעוו איז שוין געזעסן נאָך זײַן לעקציע, און ער האָט געהאַלטן אַ פײַערדיקע רעוואָ־

לוציאָנערע רעדע, וועלכע האָט, אמת, קיין שייכות נישט געהאַט מיטן עצם פון מאָיסעיעווס לעקציע, דערפאַר אָבער איז זי געווען אַ ריכטיקע רעוואָ־לוציאָנערע אין אַן אַנאַרכיסטישע רעדע, נישט קיין „יערונדאַ נאַ פּאָסטנאָם מאָסליע", ווי מאָיסעיעוס, און מיט אַ באַזונדערער קראַפט האָט ער אַרויס־געשאָסן דאָס וואָרט „רעוואָלוציאָן", און דווקא מיט עטלעכע „ריישן" — „ר־ר־ר־עוואָלוציאָן", — ווי יעדער „רייש" וואָלט געווען אַ באַזונדערער שטאַרקער האַמער, וואָס מיט אים האָט ער געוואָלט אַרײַנקלאַפּן די „רעוואָ־לוציאָן" אין „פינצטערע מוחות"...

ל. וואָלפסאָן — אונדזער שפּעטערדיקער דיכטער־סאַטיריקער — האָט אויך אַרײַנגעלאָזט עטלעכע שאַרפע שפּילקעס די „בודלערס די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטן", און ווײַנבערג האָט אויף זײַן אופן זיך לוסטיק גע־מאַכט איבער די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אפילו דער מער רויִקער מאָי־סעיעוו, האָט זיך אויף אַ ווײַלע צעהיצט און גראָד אָפּגעענטפערט איי־נעם פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרם און דערקלערט, אַז ניט ער מאָיסעיעוו, און ניט באַקונין אַליין האָבן פאַר־שטאַנען „דעם גאַנג פון דער געשיכטע"...

און, אַ חוץ מאָיסיעעוון, האָט געענטפערט יענעם גאָלדבערג — „גאָט צו דאַנקען" — אויך. ער איז צוגעלאָפן צו יענעם און האָט אַרײַנ־געלאַכט יענעם אין פּנים.

— קאַטיק מײַנער, חכמל מײַנער — האָט ער געשריִען יענעם אין פּנים אַרײַן מיט אַ צערייצטן געלעכטער, — באַקונין האָט ניט פאַר־שטאַנען, ווער דען?...

און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַן אידייען־קאַמף צווישן די יידישע אַנאַרכיסטן און די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס אַזאַ האָב איך אויף די פריִערדיקע פאַרזאַמלונגען נאָך ניט געזען.

— ג —

מען איז געשטאַנען אויף די שטולן און אויף די בענק — די אַנאַר־כיסטן קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן קעגן די אַנאַרכיסטן, ווי הענער מיט צעפײַערטע קעפּ, און האָבן געליאַרעמט און געמאַכט מיט די הענט איינער צום אַנדערן, געפײַערט מיט די אויגן, און פאַרטיידיקט זייער גלויבן און זייערע רביים, ווי סאַמע פאַנאַטישע חסידים...

יידן אָרעמע, פאַרחושכטע פון דער אַרבעט, די מערסטע אַרבעטער

פון די „שוויץ־שעפּער", אַנדערע מיט קאַלטענעוואַטע בערד און ס׳רוב פון זיי אין אַלטע, אָפּגעטראָגענע מלבושים, זײַנען עפּעס שענער, יינגער, ליכטיקער געוואָרן בשעת אַט דער הייסער דעבאַטע...

מען האָט דעבאַטירט נישט וועגן דער טעמע פון דער לעקציע, נאָר וועגן דער צוקונפטיקער פרײַער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געמוזט באַלד, אָבער טאַקע באַלד אײַנגעשטעלט ווערן אויף דער וועלט, און דווקא אין דער אָרדענונג, ווי די אָדער יענע יידן, וואָס האָבן דאָרט דעבאַטירט, האָבן אין איר באמונה שלמה געגלויבט.

און אין אַט דער דעבאַטע ווי אין די פריערדיקע, האָט מען אויך געקאָנט הערן, ווי די אַנדערע פון די דעבאַטאַנטן האָבן אַרויסגערעדט „צוקנופט" אַנשטאָט „צוקונפט" און „געזעלנשאַפט" אַנשטאָט „געזעל־שאַפט", אָבער געמיינט האָבן זיי סײַ־ווי־סײַ דאָס אייגענע, וואָס די אַנ־דערע האָבן געמיינט, ס׳הייסט אַ ריכטיקע צוקונפטיקע געזעלשאַפט פאַר דער באַפרײַטער מענטשהייט...

דער טומל האָט געפלאַקערט. מאַיסעיעוו — געדענק איך — האָט זיך פאַררוקט אַ ביסל ווײַטער אויף דער פּלאַטפאָרם, אַביסעלע ווײַטער פון די צעקאַכטע קעמפער, און געקוקט אויף זיי מיט אַ צעמישטן שמייכל.

אָבער צום סוף האָט דער עולם זיך ווידער אויף אַ ווײַלע באַרויקט, איז געזעסן ווידער אויף די פּלעצער און די דעבאַטן האָבן זיך אָנגע־הויבן אין אַ מער רויקן טאָן.

דער רעדנער פון ניו יאָרק אַליין זאָל ענטפערן אויף דער פראַגע, ווי די צוקונפטיקע געזעלשאַפט זאָל אויפגעבויט ווערן, — האָט אַ טייל פון דעם עולם געפאָדערט.

און מאַיסעיעוו, דער שפּעטערדיקער וועלט־באַרימטער בריקן־בויער פאַר דער הײַנטיקער געזעלשאַפט, האָט גענומען אויפוואַרפן אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו בויען די צוקונפטיקע געזעלשאַפט, און ווידער האָט אויסגעבראָכן אַ מהומה צווישן דעם עולם.

— ד —

ווען דער עולם איז דערנאָך זיך צעגאַנגען און אינעם האָל זײַנען פאַרבליבן די פּאָר טוצן יידישע אַנאַרכיסטן מיט מאַיסעיעוון, האָט ער — געדענק איך — זיך אָנגערופן, און טאַקע מיט התפּעלות:

— אין די מאַסן לעבט דער גײַסט פון רעבעליאַן. בײַ יעדער גע־לעגנהייט רײַסט זיך דאָס אַרויס פון זיי. יאָ, יאָ, די מאַסן זײַנען ריף

פאַר רעוואָלוציאָן, זײ קאָנען אָבער ליכט פאַרפירט װערן, דאַרף מען דערפאַר היטן, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זאָלן זײ ניט פאַרפירן...

שפּעטער האָט מען מיך פאַרגעשטעלט פאַר אים. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך פאַרבראַכט דעמאָלט מיט אים. און, מאָדנע װעגן דער באַװעגונג און אַנאַרכיזם האָבן מיר גערעדט װייניק, נאָר כמעט די גאַנצע צײַט װעגן ליטעראַטור, און דװקא װעגן ליטעראַטור לשם ליטעראַטור.

ער איז געװען גוט באַהאַװנט אין דער אײראָפּעיִשער ליטעראַטור, האָט גערעדט מיט מיר װעגן די נײַסטע אײראָפּעיִשע שרײַבער, איבער־הױפּט װעגן דײַטשישע, און גערעדט מיט אַ סך ליבע און פאַרשטענדעניש װעגן זײ און זײערע װערק.

מיט דער אױסנאַם פון אײן דאָקטאָר אַב. קאַספּע האָט קײנער פון יענע אַלע, װאָס איך האָב זיך מיט זײ שפּעטער געטראָפן, סײַ צװישן שרײַבער און סײַ צװישן אינטעליגענטן ניט־שרײַבער, נישט געמאַכט אױף מיר אַזאַ אײַנדרוק מיט זײַן פאַרשטענדעניש פאַר ליטעראַטור, װי לעאָן מאָיסעיעװ האָט געמאַכט דעמאָלט אױף מיר.

דער עיקר, װאָס אין יענער צײַט פון פּראָפּאַגאַנדע, װאָס אין יענער פּראָפּאַגאַנדע־סביבה, האָט ער מיך װי דערמונטערט צו שרײַבן דװקא אַזעלכע דערצײלונגען, װאָס זײ האָבן זיך מיר אױסגעװיזן פריִער פאַר אַ פאַרברעכן צו שרײַבן...

איך געדענק, װי ער האָט ציטירט דעמאָלט פאַר מיר די באַװוּסטע װערטער פון געטהען, פון זײַן „פאַוסט":

„גרײַפט נור הינע פאָללע מענטשנס־לעבן; איין יעדער לעבט ניכט איזט'ס בעקאַנט, אונד װאָ איהר פּאַקט, דאַ איזט'ס אינטערעסאַנט".

(דרינגט נאָר אַרײַן אין דאָס סאַמע טיפעניש פונעם מענטשלעכן לעבן; יעדערער לעבט, אָבער ניט קײן סך פאַרשטײען דאָס לעבן; און װוּ נאָר איר װעט עס אַ כאַפּ טאָן (דאָסלעבן) װעט אינטערעסאַנט זײַן).

אַרײַנדרינגען אינעם לעבן און אַרױסברענגען עס נאָכדעם װאָס ראַיעלער און ניט פאַרפעלשט, נישט אַפילו צוליב פּראָפּאַגאַנדע פון אַן אידעאַל, איז דער צװעק פון ליטעראַטור. מחמת אין דער ליטעראַטור און בײַ דעם אמתן קינסטלער איז דער אמת דער העכסטער אידעאַל — האָט מאָיסעיעװ מיר דעמאָלט דערקלערט זײַן שטאַנדפּונקט.

אױך האָט ער מיר דעמאָלט דערצײלט אַז די אַנדערע גענאָסן האָבן װעגן דעם אַן אַנדער מײנונג. זײ פאָדערן בײַ אַ שרײַבער דירעקטע רע־װאָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע, און ער, מאָיסעיעװ — אומדירעקט, דורך דעם קינסטלערישן אמת, מחמת דער אמת בײַם קינסטלער — אױב נאָר

ער איז א קינסטלער — איז שטענדיק געווען אומדירעקט רעוואלוציאנער אין איין פּרט, אדער איז אן אנדערן...

באמת איז דאס אלצדינג פאר מיר גאר קיין נייעס נישט גע־ווען, ווייל אין רוסלאנד איז איבער דעם דאזיקן ענין געגוג גערעדט געווען, און איך האב געגוג געלייענט וועגן דעם פריער; אבער אין יענעם צושטאנד און אין יענער סביבה, אין וועלכער איך האב זיך געפונען דעמאלט, זיינען מאיסעיעווס רייד געווען פאר מיר מער ווי נוצלעך.

יענעם אויפדערנאכט האב איך אים געגעבן צו לייענען איינע פון מיינע אויף רוסיש אנגעשריבענע דערציילונגען. אפנים, אז זי איז אים געפעלן געווארן, ווארעם אז ער האט זי איבערגעלייענט, האט ער זיך צו מיר אנגערופן:

— איר מוזט זיין אין ניו יארק. די „פרייע ארבעטער שטימע" נויטיקט זיך אין אזא שרייבער. ווי נאר איך קום אריין רייד איך איבער דארט מיט קאצן (אין יענער צייט רעדאקטאר פון דער פ.א.ש.). מיר וועלן זען אייך אריבערצונעמען קיין ניו יארק.

און אז איך זאג אים, אז אויף קיין זשארגאן קאן איך ניט שרייבן, ענטפערט ער אויף דעם, אז איך וועל זיך אויסלערנען; אז ער אליין שרייבט שוין אויך באלד אויף זשארגאן.

און ער דערציילט מיר, אז זיינע ארטיקלען האט ער ביז אהער גע־שריבן אויף רוסיש, צי אויף דייטש.

ווען ער איז אוועקגעפארן, האב איך נאכדעם באקומען פון אים א רוסישן בריוו פון ניו יארק מיט דער ידיעה, אז מען שיקט נאך מיר און אז אין ניו יארק וועל איך דערווייל וווינען ביי קאצן. אין דעם אייגענעם בריוו דערמאנט ער מיך ווידער, אז איך זאל פרווון שרייבן אויף „זשארגאן".

ווידער געפרווט, און ווידער צרות — וויטעבסקער יידיש! „איך מאלקאווע און טאלקאווע און קיין מאלק איז אלץ נישטא!".

---

מיט דער צייט — אגב — האט עפעס פאסירט, וואס איז כאראק־טעריסטיש פאר יענער צייט.

מיט מיר אויף דער „לאזשי", ביי מיין לאנדספרוי גיטל, האט גע־וווינט א צוויטער קווארטיראנט, וואס ער איז אויך געווען „אנארכיס־טיש נעזאנען", ריידנדיק מיט דער שפראך פון יענער צייט.

דער דאזיקער קווארטיראנט — א בחור אין מיינע יארן — ניט אזוי געוויקסיק ווי איך, נאר ברייטער פון מיר און ווי מיט געזונט אן אנגע־

גאַסענער, און מיט אַ פּנים, ווי אַ געראַטעוועטער אַנטאַנעוועטער רויטער עפּל, און מיט שוואַרצע, קלוגע, שטיפערישע אויגן, איז געווען אַ פּעדלער, און געפּעדלט האָט ער מיט כּלערליי זאַכן. און פון צײַט צו צײַט האָט ער געשריבן אויך סקיצן אויף ייִדיש און נאָכדעם זיי פאַר מיר געלייענט.

און איך געדענק, אַז פון זײַנע אַלע סקיצן יענע איז מיר געפעלן געווען זייער שפּראַך. און איך האָב אמת מקנא געווען אים פאַר זײַן ייִדיש.

יענער קוואַרטיראַנט איז געווען דער שפּעטער באַקאַנטער ייִדישער שרײַבער און שריפטשטעלער ז. לעווין.

ברענגט ער איינמאָל אַהיים עפּעס אַ קעסטל מיט שנירלעך, שטעלט עס אַוועק אויפן טיש און מאַכט צו מיר מיט צעשטיפטע אויגן:

— איר האָט עפּעס מורא פאַר אַ רוח, קאַברין? . . .

הקיצור, ער רופט מיך צו צום טיש און ווײַזט מיר אויפן קעסטל.

— אַט דאָ ליגט אַ רוח . . . איר גלויבט מיר ניט האַ? איך זע טאַקע, אַז איר גלויבט מיר ניט, טאָ וועל איך אײַך באַלד ווײַזן! . . .

ליינגט מיר צו די שנירלעך, וואָס ציען זיך פון קעסטל, צו מײַנע ביידע אויערן, טוט דאָרט עפּעס אַ דריי אַן אײַזנדל בײַם קעסטל, און. . .

עס זינגט, קוויטשעט פון דאָרט אַ פריילעכס, אַ ווײַבערישער קול! אַ ביסעלע בין איך טאַקע צעמישט געוואָרן דערפון . . .

און געווען איז דאָס דער ערשטער פאָנאָגראַף, וואָס עדיסאָן האָט דעמאָלט דערפונדן.

און נאָכדעם פאַלט אײַן אונדז ביידן, אַז מיר זאָלן האָבן אַ ביסעלע שפּאַס מיט אונדזער מיסעס, מיט מײַן לאַנדספרוי גיטל, הייסט עס. גראָד איז גיטל נישט געווען דעמאָלט אינדערהיים, איז בײַ אונדז באַשלאָסן געבליבן, אַז ווען זי וועט קומען, זאָל מען איר זאָגן, אַז אַ דיבוק האָט פאַרבלאָנדזשעט אין קעסטל.

נו־נו, האָט זיך אַ ביסל געטאָן דעמאָלט, ווען גיטל האָט שפּעטער דערהערט דעם קוויטשנדיקן געזאַנג פון דעם קעסטל!

זי איז אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר מיט אַ גוואַלד: „ייִדישע קינדער ראַטעוועט, אַ דיבוק!" . . .

און עס האָט נישט לאַנג גענומען, ווי מיר מיט אונדזער קעסטל זײַנען באַלאַגערט געוואָרן פון ווײַבער און קינדער, צעשראָקענע און צעטומלטע, וואָס האָבן זיך געריסן אין דער אָפענער טיר פון גיטלס דירה. אפילו שכנים און שכנות פון די אַנדערע הײַזער זײַנען געקומען צולויפן.

און אומזיסט האָבן מיר, סײַ איך און סײַ ז. לעווין, געטענהט דער־

נאָך, אַז עס איז נישט מער ווי אַ „שפּיל", עס האָט נישט געהאָלפן. דער עולם האָט געגלויבט גיטלען, וועלכע האָט געטענהט אירס, אַז זי זאָל הייסט עס, אַזוי דערלעבן דעם שופר של משיח, ווי זי האָט געהערט פון נעם קעסטל אַ מענטשנס קול! ...

אַ „בוטשער" איז געקומען, אַ ייִד מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד, אַ ייִד אַ גבור, מיט בלוטיקע פלעקן אויף זײַנע הענט און אויף זײַן ווײַסן שירץ. ער האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ מין רציחה אויפן קעסטל, וואָס איז געשטאַנען נאָך אויפן טיש; ער האָט אָבער מורא געהאַט צוצוגיין צו דעם...

צום סוף איז אַ פּאָליסמאַן געקומען. ער האָט דערזען דאָס קעסטל אויפן טיש, האָט ער זיך ברייט צעשמייכלט און איז צוגעגאַנגען צו דעם און האָט צוגעלייגט בײדע שנירלעד צו זײַנע אויערן, און דערנאָך האָט ער אַזש אַ טאַנץ געטאָן אויף זײַנע שטאַרקע פיס, ווען ער האָט דערהערט דעם פריילעכן קוויטשענדיקן געזאַנג פונעם קעסטל...

דעם „דיבוק" מיטן קעסטל האָט ער פונדעסטוועגן אַוועקגענומען אין „פּאָליס־סטעישאַן" (לעווין איז מיט אים אהין מיטגעגאַנגען), אַניט וואָלט דער עולם זיך ניט באַרויקט.

דאָס איז געווען — געדענק איך — אַרום יענער צײַט, ווען איך האָב זיך געקליבן דעם ערשטן מאָל צו פאָרן קיין ניו יאָרק.

אַנהויב זומער איז דאָס געווען אין 1893. לעאָן מאַיסעיעוו און מ. קאַץ האָבן געשיקט נאָך מיר...

# אַכטער קאַפּיטל

## מ. קאַץ און אַ בילד פון דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין ניו־יאָרק

— א —

אין יענער צײַט, מיט אַ 50 יאָר צוריק, האָט ניו יאָרק אַנדערש אויסגעזען איידער הײַנט, אויך האָט דאָס יידישע ניו יאָרק אַ אַנדער פּנים געהאַט.

אין יענער צײַט, ווען אַ נײַער מענטש איז אַרײַנגעפאַלן אויף איינער פון די גאַסן פון דעם ייִדישן ניו יאָרק, האָט זיך אים געקאָנט אויסווײַזן, אַז ער איז ערגעץ אויף אַ יאַריד אין אַ פּוילישן, צי אַ ליטווישן שטעטל. די זעלביקע ייִדן און ייִדענעס, און דער זעלביקער געשריי און טומל בײַ טישלעך מיט עסנוואַרג, בײַ טישלעך מיט אַנגעוואָרפענע סחורה אַרום וועגענער און וועגעלעך.

ווי מען וואָלט צונויפגענומען ייִדן פון יענעם שטעטל מיט האַק און פּאַק, מיטן יאַריד און מיט אַלע „גוטע זאַכן", אויך מיטן „נאַוואָז" און מיסט, און די ריחות זייערע, און אַהער איבערגעפּעקלט אין דער גרויער, שטיינערנער וועלט, צווישן די הויכע טענעמענט הײַזער, ווו אַפילו אין דעם שענסטן פרילינג איז נישט געווען קיין שפּראָץ פון אַ גרין גרעזעלע...

ייִדן און ייִדענעס און קינדער, אַנגעטאָן ווי אין דעם היימישן שטעטל, מיט מינעס און האַוואַיעס היימישע, אויף טריט און שריט; ייִדישע פּעדלער מיט קערבלעך און פּעק, און ייִדן מיט בינטלעך שלים־לען אויף יעדער גאַס; און דאָ און דאָרט אַ ייִדישער אַרבעטער מיט אַ „קאָפּ" פון אַ זינגער־מאַשין אויף זײַנע אַקסלען. דאָס שלעפּט ער דעם קאָפּ פון זײַן „קאָטערינקע" ערגעץ אין אַ „סוועט־שאָפּ", וואָס געפינט זיך אין איינעם פון די אָרומיקע טענעמענט־הײַזער.

צי אַט האָט זיך גאָר באַוויזן אויף איינער פון אַט די גאַסן אַ מחנה גרינע יידן, ערשט פון שיף אַרונטער. גייען זיי איבערן טראָטואַר קופּקע־לעכווייז, ווי נייע רעקרוטן. איין קופּקעלע נאָכן אַנדערן גייען זיי, פאַר־ברוינטע און פאַרחושכטע פונעם ים־ווינט און פון דער שווערער נסיעה, זיי שלעפּן פּעק און פּעקלעך און קעסטלעך, און טשעמאָדאַנעס, און בלע־כענע כלים, און אויך קינדער אין די אָרעמס, און פאַר זיי גייט איינער פון דער יידישער אימיגראַנטן־געזעלשאַפט, וואָס אין זייערע אויגן זעט ער אויס עפּעס אַ מין „אַמעריקאַנער נאַטשאַלניק" (מסתמא אַ דאַנק זיי־נע מעשענע קנעפּלעך און זיין היטל פון אַ „נאַטשאַלניק").

אַלצדינג אויף אַט די גאַסן איז באַהויכט עפּעס מיט אַ באַזונדערן הויך, וואָס עס לאָזט זיך ניט קלאָר באַשטימען, אָדער וואָס עס וואַרפט פון זיך אַ גאַנץ באַזונדערן אָפּשיין, צי שאָטן, פון דער יידישער באַ־פעלקערונג, וואָס וווינט דאָרט...

עפּעס ווי די לופט דאָרט האָט אין זיך איינגעזאַפּט דעם באַזונדערן יידישן ווײ, זיין אומעט און דעם אויסהויך פון זיין פיל־הונערטיאָריקן גלות־לעבן...

די זון איז עפּעס ווי פאַרמרהשחורהט און פאַרדאַגהט. אַן אומעט שלאָגט פון די יידן און פון די יידענעס, פון די וועגלעך און טיש־לעך און פון די קרעמלעך, אַרום וועלכע זיי האַווען; און עס טראָגט זיך אַן אומעט פון די גרויע ווענט פון די טענעמענט־הייזער, וווּ אַט די יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער, מיט זייערע קוואַרטיראַנטן און קוואַר־טיראַנטקעס, „באָרדעס" און „באָרדערקעס" שטיקן זיך אין פינצטערע חדרים אָן ליכט און אָן לופט אין אומצוכט, וווּ עס פּלאָדיען זיך וואַנצן און פּרייסען...

עס ציען זיך אַט די יידישע גאַסן פון דער בויערי ביז צו דער „גרענד סטריט פערי", וואָס פאַרבינדט ניו יאָרק מיט ברוקלין, און פון הויסטאָן ביז טשערי סטריט...

פון אַט די גאַסן טיילט זיך אויס עלען סטריט. דאָרט, העט־הויך, פאַרביי די טענעמענט־הייזער, טראָגט זיך מיט געפּילדער דער עלעוועי־טעד, דער וווּנדער פון די דעמאָלסטיקע גרינע יידן, — דער עלעוועיטעד, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע קליינטשיקע וואַגאָנדלעך געשלעפּט פון נאָך אַ קלענערן לאָקאָמאָטיווטשיקל, וועלכער האָט פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ געדיכטן שוואַרצן רויך, וואָס האָט פאַרחושכט אַלצדינג און אַלעמען אַרום זיך... און דאָרט, אונטער דעם דאָזיקן געפּילדער, גייט אַן אָפּענער האַנדל מיט מענטשן־פלייש...

פאַר יעדן הויז שטייען דאָרט פרויען פון פאַרשיידענעם עלטער און זיי רופן די פאַרבײַגייער צו קויפן זייער פלייש, ווי אויף די אַנדערע גאַסן — יענע ייִדן און ייִדענעס, צו קויפן זייער סחורה פון די טישלעך און וועגלעך...

און אַפילו פאַר די הײַזער, וואָס זיי שטייען אין נאָענטער שכנות מיט דעם דאָרטיקן גרויסן בית־המדרש, גייט אויך אָן אַט דער אָפענער האַנדל מיט מענטשן־פלייש.

— ב —

נאָר די צוויי גאַסן טיילן זיך אויס פון די אַנדערע — איסט בראָד־וועי און הענרי סטריט.

אַט די צוויי גאַסן זײַנען די אַריסטאָקראַטישע — אויך גײַסטיק — אין דער ייִדישער ניו יאָרק.

דאָרט איז די לופט ריינער און עס פילדערט דאָרט ניט אַזוי ווי אויף די אַנדערע גאַסן. די זון איז דאָרט ליכטיקער און די הײַזער ניט אַזעלכע גרויע און פאַרמרהשחורהטע.

די הײַזער דאָרט זײַנען צוויי־דרײַ־שטאָקיקע. ס'רוב פון רויטע ציגל, ס'רוב מיט שטיינערנע טרעפּ בײַם אַרײַנגאַנג און מיט שניי־ווײַסע פאַר־האַנגען אויף די פענצטער.

און עס טראָגט זיך אַמאָל פון דאָרט אויפן דרויסן אַרויס דאָס שפּילן פון אַ פּיאַנאָ. נאָך אָפטער הערן זיך פון דאָרט געשרייען, אַ הייסער אַמ־פּערן זיך אין דער רוסישער שפּראַך וועגן ענינים, וואָס האָבן צו טאָן מיט אַ צוקונפטיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, צי מיט אַ רעוואָ־לוציע אין רוסלאַנד, צי גאָר אַמאָל מיט די ווערק פון אַ רוסישן שרײַבער...

דאָ וווינט די רוסיש־ייִדישע אינטעליגענץ. מען וווינט דאָ מער אין דער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד, איידער אין דער ניכטערער אַמעריקע; מער אין דעם יום־טובדיקן חלום, איידער אין דער וואָכעדיקער וואָר...

פונדעסטוועגן ווײַזן זיך נאָכאַנאַנד אויף אַ טיר, צי אויף אַ פענצ־טער פון אַט די ציכטיקע הײַזער, נײַע בלאָסקענדיקע שילדן, צי פון אַ נײַעם דאָקטאָר, צי פון אַן אַנדער רוסיש־ייִדישן פּראָפעסיאָנאַל...

אַהין לויפט מען ווען מען איז קראַנק, ווען מען דאַרף האָבן אַ רעדנער צו אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג און ווען מען דאַרף אַנקומען צום שוץ פון אַן אַדוואָקאַט, אַ „לאָיער", וואָס מען האָט אים געמעגט גלויבן.

מחמת די ייִדישע ניו יאָרק איז אין יענער צייַט פֿול געווען מיט לאַיערס אַזעלכע, וואָס פֿאַר אַ פֿינפֿערל וואָלטן זיי פֿאַרקויפֿט אַפֿילו זייער נאָענטסטע פֿרייַנט.

די געפֿענגעניש אויף לודלאָוו־סטריט — דער אַזוי גערופֿענער „לודלאָוו סטריט דזשעיל" — איז שטאַרק פּאָפּולער געווען דעמאָלט אין דער ייִדישער ניו יאָרק. האָט אַ לאַיער פֿון דעם דאָזיקן סאָרט ניט איין אומשולדיקן ייִדן פֿאַרשפּאַרט אין אָט־דער געפֿענגעניש, אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז געווען יד אחת מיט די דעמאָלסטיקע טאַמאַני־האָל פּאָליטישנס און מיט די פּאָליציי.

האָט מען גערעדט טאַקע דעמאָלט אויף דער ייִדישער גאַס, אַז די שליסלען פֿון „לודלאָוו סטריט דזשעיל" געפֿינען זיך בייַ דעם סאָרט לאַיערס אין דער קעשענע...

⁂

איסט בראָדוויי און הענרי סטריט האָבן געזייט דאָס גוטע און דאָס שיינע אין דעם ייִדישן ניו יאָרק, ווי עלען סטריט און די דעמאָלסטיקע בוויערי — דאָס בייזע און דאָס מיאוסע.

דאָס געדרוקטע און גערעדטע ייִדיש וואָרט וועגן שיינע אידעאַלן האָט זיך געלאָזט הערן אין דעם ייִדישן ניו יאָרק צוערשט פֿון איסט בראָדוויי און הענרי סטריט.

אָבער אָפּטער נאָך — דאָס רוסישע וואָרט. מען איז געשטאַנען דאָרט אין דרויסן אין מיטן גאַס און אַרום די הייַזער און מען האָט דיסקוטירט אין דער רוסישער שפּראַך, און די מערסטע פֿאַרלעד, וואָס האָבן דאָרט געשפּאַצירט, האָבן אויך אין אָט דער שפּראַך געטריבן זייער ליבעריי...

דער הויפּט שפּאַציר־פּלאַץ בייַ דער ייִדישער אינטעליגענץ פֿון יענער צייַט איז געווען דאָס קליינע פּאַרקל בייַם איסט־ריווער, אין דזשעקסאָן סטריט.

אַ יונג פּאַרקל געווען, נישט לאַנג פֿאַרפֿלאַנצט מיט יונגע ביימלעך. און בענק זייַנען דאָרט געשטאַנען קעגן דעם שיינעם טייַך, איסט־ריווער, וואָס אין זייַן שפּיגלדיקן וואַסער האָט אַמאָל אין אַ שיינער זומערנאַכט אַ גרויסע לבֿנה זיך געבאָדן.

נישט איין פּאָרל האָט זיך דערפֿילט פּאָעטיש אָנגערעגט אין אַזעלכע נעכט, זיצנדיק דאָרט אויף אַ באַנק אַנטקעגן יענעם טייַך. און וויפֿל

דוסישע לידער פון פּושקין און לערמאָנטאָוו, און פון נעקראַסאָוו און נאַדסאָן האָבן זיך געלאָזט דאָרט הערן פון אַט די בענק אין אַזעלכע נעכט ! . . .

און אַנדערע פון דעם ייִדישן ניו יאָרק האָבן געזוכט פאַרווײַלונג אויף דער בויערי.

די גאַנצע בויערי איז אין יענער צײַט געווען איין בורלעסק־פאָר־שטעלונג, אַרויסגעטראָגן אויף דרויסן. דאָרט האָט מען נישט געדאַרפט וואַרטן ביז די אויסגעלאַסנקייט זאָל זיך אויסטאָן נאַקעט. זי איז לכתחילה אַרויסגעקומען אויף דרויסן נישט קיין צוגעדעקטע, ניט אַפילו מיט קיין פייגנבלאַט . . .

די גאַנצע בויערי איז פאַרפלייצט געווען מיט ביר־סאַלאָנען, שענקען און מיט אַנדערע פאַרווײַלונגס־פלעצער פון דעם סאָרט, ווי דער דאָרטיקער מיינערס בורלעסק־טעאַטער און פון דער דאָרטיקער אַטלאַנטיק־גאַרדן אין יענער צײַט, ווו נאַקעטע טענצערינס האָבן געטאַנצט דעם הוטשי־קוטשי־טאַנץ. און אַט דער דאָזיקער בורלעסק, אַרויסגעטראָגן פרײַ און אומפאַרשעמט, איז באַשיצט געווען פון די פּאָליטישנס און פון דער פּאָליציי.

און דער אָטעם פון דעם האָט זיך אויך דערטראָגן צו די טענעמענט־הײַזער, ווו די ייִדן האָבן געוווינט, פּונקט ווי דער אָטעם פון די ציכטיקע אידעאַליסטישע איסט בראָדוועי און הענרי סטריט.

און אויף אַזאַ אופן האָט דאָס טענעמענט־הויז אין דעם ייִדישן ניו־יאָרק אַרײַנגעזאַפּט אין זיך דעמאָלט סײַ דאָס גוטע און סײַ דאָס שלעכטע פון דער גאַס, און געמישט דאָרט גוטס און שלעכטס. דאָס מיאוסע און דאָס שיינע האָבן דאָרט געוווינט איר בײַ טיר — אַמאָל אין דעם זעלביקן צימער . . .

און איינער פון יענע, וואָס האָט געקעמפּט קעגן דאָס מיאוסע און דאָס שלעכטע אויף דער דעמאָלסטיקער ייִדישער גאַס דאָ־הי, איז געווען מ. קאַץ, וואָס ער מיט ל. מאָיסיעיעוון האָבן מיר דעמאָלט אַרונטערגעבראַכט קיין ניו יאָרק.

מ. קאַצן האָבן מיר דעמאָלט אַלע ליב געהאַט. אַ פרײַנטלעכער מענטש און אַ גוטער חבר, האָט ער זיך אינטערעסירט אויפריכטיק מיט דער לאַגע פון יעדן איינציקן פון זײַנע גענאָסן.

בעת אַנדערע פון די פירער זײַנען פול געווען מיט זיך און מיט דעם וועלט־שמערץ וועגן דער גאַנצער מענטשהייט און האָבן די לײַדן

פון די נאָענטע כמעט ניט באַמערקט, האָט קאָץ זיך תמיד אָפּגערופן אויף די ליַידן פון יעדן איינציקן פון זיַינע באַקאַנטע.

דער זוניקער שלייער פון דער וויַיטער „מענטשהייט" האָט אים ניט פאַרבלענדט אַזוי די אויגן, אַז ער זאָל נישט זען די ע ם  מ ע נ ט ש ן  א י ן  ד ע ר  נ אָ ע נ ט...

אַלס רעדאַקטאָר פון דער „פריַיער אַרבעטער שטימע" האָט ער באַקומען (אויב ער האָט ער נאָר באַקומען!) אַן ערך אַרום צען דאָלאַר אַ וואָך שכירות; און, הגם ער האָט געדאַרפט אויף אַט די שכירות אויפהאַלטן אַ הויז און אַ פאַמיליע, האָט ער פון אַט דעם געלט אָפט געשטיצט אַ חבר, וועלכער האָט געהונגערט, די לעצטע עטלעכע סענט ממש יענעם אַוועקגעגעבן, און אַן אַנדערן האָט ער גאָר צו זיך אין הויז אַריַינגענומען און אים אויסגעהאַלטן — אפילו מיט סיגאַרעטן און „קאַר-פעיר"...

אַזאַ מין „באָרדער" בין איך אַליין אַ געוויסע ציַיט ביַי אים געווען, בעת איך בין געקומען דעמאָלט דעם ערשטן מאָל פון פילאַדעלפיע קיין ניו יאָרק.

אַ שיינער בלאָנדין, האָט ער אין זיך געהאַט עפּעס ליכטיקס, זוניקס, וואָס האָט זיך אָפּגעטוקט אין זיַין שמייכל און וואָס האָט ב אַ ה אַ ר צ ט זיַין קול.

און דעם דאָזיקן שמייכל האָב איך כמעט שטענדיק אויף זיַין פּנים געזען. בלויז ווען ער האָט געשריבן זיַינע אַרטיקלען פאַר זיַין ציַיטונג, אָדער ווען ער האָט גערעדט צו אַן עולם פון אַ פּלאַטפאָרם, האָבן זיַין ברייטער שטערן און זיַינע בלאָנדע וואָנצעס ערנסט זיך געכמורעט.

ער איז אין יענער ציַיט געווען דער לעבעדיקסטער שריַיבער צווישן די מיטאַרבעטער פון דער פ. אַ. ש. בפרט זיַינען מיר געפעלן געווען זיַינע פעליעטאָנען „רעיונות פון אַ בעל-מחשבה", אונטער וועלכע ער האָט זיך אונטערגעשריבן „בן עמוץ".

אין די דאָזיקע פעליעטאָנען, וואָס זיי האָבן תמיד געטראָגן אַ כאַראַקטער פון פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך געפילט אַמאָל גאַלגאַן-הומאָר און גאַל.

ער איז אויך געווען אַ שיינער רעדנער, און לגבי די אַנדערע, סיַי אַנאַרכיסטישע און סיַי סאָציאַליסטישע רעדנער פון יענער ציַיט, איז ער געווען איינער פון די געבילדעטסטע.

מיַין איַינדרוק וועגן אים פון יענער ציַיט איז: אין זיַין יוגנט איז ער, מסתמא, זייער פרום געווען, האָט אַ סך גמרא געלערנט און אַנדערע ייִדישע ספרים, איז דערנאָך נכשל געוואָרן און האָט זיך געטאָן אַ כאַפּ צו דער רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור און געפונען אַן אָפּקלאַנג פון

זײַן גײַסט אין די װערק פון אַ מיכאַילאָװסקין און פון אַנדערע שרײַבער פון דער רוסישער ראַדיקאַלער און רעװאָלוציאָנערער ליטעראַטור, װאָס ער האָט מיט זײַן גמרא־מוח גוט פאַרדײַעט און איבערגעקאַכט.

ער האָט אַלע מאָל געװוּסט װעגן װאָס ער האָט גערעדט. זײַן שטאַנדפּונקט איז אים אַלע מאָל קלאָר געװען און ער האָט אים קלאָר געמאַכט פאַר זײַנע צוהערער.

זײַנע רעדעס האָבן שטענדיק געצויגן אַ גרויסן עולם, און דווקא אַן אינטעליגענטן.

דאָס רוב האָט ער גערעדט איבער רעליגיע. און איך דערמאָן זיך, װי דער דאָזיקער מילדער און פרײַנטלעכער קאַץ האָט זיך אָנגעצונדן, ממש אַ רוצח היער (אַ װאַלד־גזלן), בעת ער האָט געשילדערט פאַר אַן עולם דעם אַבערגלויבן און די שעדלעכקייט פון רעליגיע און אירע דינער.

פון דעם אופן, װי אַזוי און מיט װאָס פאַר אַ טאָן ער ציטירט געװיסע שטעלן פון דער גמרא און אַנדערע ספרים, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז אַ יונגערמאַן אַ למדן, װאָס ער איז פריִער פאַנאַטיש פרום געװען, האָט געװאָלט איצט נקמה נעמען אין יענער פרומקייט מיט דער אייגענער פאַ־נאַטישקייט פאַר אַלע פאַרנאַרטע און אָפּגענאַרטע יאָרן זײַנע...

בלויז רעמאָלט איז קאַץ בייז און אויפגערעגט געװען. אַזוינע מאָ־מענטן האָבן אויפגעדעקט זײַן אינעװייניקסטן פײַער, זײַן קאַמפּס נאַטור, װאָס זי איז אין געװײנלעכע צײַטן פאַרשטעלט געװען פון זײַן זוניקן, מילדן און פרײַנטלעכן שמייכל.

די דאָזיקע פרײַנטלעכקייט זײַנע איז בײַ די אַנדערע אַנאַרכיסטן גע־װען אַ חסרון. זײ האָבן אים אויפגעװאָרפן, אַז ער איז צו־שװאַך, צו מילד; אַז ער האָט געדאַרפט זײַן אַ שטאַרקערער כאַראַקטער, זײַענדיק דער רעדאַקטאָר פון זײער צײַטונג און זײַענדיק איינער פון די הויפּט פירער פון דער ייִדישער אַנאַרכיסטישער באַװעגונג.

איבערהויפּט איז מ. קאַץ ניט געװען קיין פאַרדבקהטער רעװאָלו־ציאָנער. ער האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון דעם אַרטיסט, פון דעם באָ־העם־זאָרגלאָזיקייט און לעבנס־לוסטיקייט.

צי ער האָט באַקומען זײַנע שכירות, משטיינס געזאָגט צי ניט; צי איז געװען אויף דירה־געלט, אָדער ניט; צי אַמאָל האָט גאָר אויסגע־פעלט אויף ציגאַרעטלעך אפילו, — קאַץ האָט געשמייכלט, קאַץ האָט זיך געגלײַכװערטלט, און אָפט האָט ער זיך גאָר צעזונגען מיט אַ גאַנץ אָנגענעמען לירישן טענאָר, און ניט דווקא רעװאָלוציאָנערע רוסישע לידער...

דאס מיינט אבער ניט, אז ער איז געווען ווייניקער איבערגעגעבן צו זיין אידעאל איידער די אנדערע. פארקערט, דאס מיינט, אז הגם זיין כאראקטער האט פארמאגט א היבש ביסל פון דעם זארגלאזן באהעם, האט ער, קאטש, דאך איינגאנצן געלעבט אין דער באוועגונג. די באוועגונג איז געווען דעמאלט דער עיקר זארג זיינע. ער האט נאך ניט געקאנט טראגן, די מינע פון דעם פארדבקטהטן רעוואלוציאנער.

געדענק איך וואס ער האט מיר איין יארן שפעטער דערציילט וועגן יענער פארגאנגענער צייט:

קומט צו אים איינמאל — האט ער מיר דערציילט — א שניידער, ישראל בן עולם. (זיין אמת'ער נאמען איז געווען באהסקי. א מערקווירדיקער טיפ פון א רעוואלוציאנער. וועגן אים אגב, האט אויך געשריבן קאלעגע ק. מרמר). ער קומט צו אים, קאצן, הייסט עס, מיט א גוואלד:

ער מוז האבן אן אמתן רעוואלוציאנער! ווי נעמט מען אן אמתן רעוואלוציאנער?

פרעגט ביי אים קאץ: וואס דארף ער אזוי אן אמתן רעוואלוציאנער?

דערציילט אים ישראל בן עולם, אז אין א געוויסן שאפ זיינען די ארבעטער-שניידער ארויס אויף א שטרייק און סקעבס האבן זייערע פלעצער פארנומען, דארף מען האבן א ריכטיקן רעוואלוציאנער, אז ער זאל די סקעבס ארונטערנעמען.

פרעגט קאץ: פארוואס דווקא א ריכטיקן רעוואלוציאנער, און אזוי א רעוואלוציאנער טויג ניט?

דערקלערט אים ישראל בן עולם:

נאר א ריכטיקן רעוואלוציאנער דארף מען, נאר א ריכטיקן, מחמת דער באס פונעם שאפ סטראשעט, אז ער וועט שלאגן, אז ער וועט הרגענען, וועט ארעסטירן, וועט שיסן יענעם, וואס וועט נאר פרווון ארונטערצונעמען די סקעבס פון זיין שאפ. דערפאר — טענהט ישראל בן עולם — דארף מען האבן פאר דעם נאר א ריכטיקן רעוואלוציאנער...

זאגט צו אים קאץ, אז ער אליין וועט גיין אהין.

קוקט אים אן ישראל בן עולם פארוואונדערט.

— און אז מען וועט אייך הרגענען? — פרעגט ער.

— נו, וועט מען מיר הרגענען, ענטפערט אים קאץ. ער. קאץ. וויל נאר, אז ישראל בן עולם מיט נאך עטלעכע מענטשן זאלן גיין מיט אים און זיי זאלן ווארטן אין דרויסן לעבן שאפ, ביז זיי וועלן דערהערן

אַ געשריי פון אינעווייניק. זאָלן זיי אַרײַנלויפן דעמאָלט אין שאָפּ, אים צו העלפן.

און אַזוי איז געווען: קאַץ איז אַוועק אין יענעם שאָפּ, וווּ די סקעבס האָבן געאַרבעט, האָט זיך געריכט צו ווערן אַרעסטירט, צו כאַפּן קלעפּ און אפשר נאָר דערהרגעט צו ווערן, מחמת אין יענער צײַט האָט מען בײַ אַזאַ שליחות ממש דאָס לעבן אײַן קאָן אײַנגעשטעלט, און דווקא האָט אים דעמאָלט אָפּגעגליקט: ער האָט געהאַלטן אַ רעדע פֿאַר די סקעבס אין יענעם שאָפּ און איז דערנאָך אַרויס פון דאָרט אינאיינעם מיט זיי און מיט אַ גאַנצן קאָפּ...

אַזוי איז געווען מ. קאַץ אין יענער צײַט, און נישט נאָר ער אַליין. די מערסטע רעדנער און פירער בײַ די ייִדישע אַרבעטער אין יענער צײַט, און אפילו שפּעטער, זײַנען אָפּט געקראָכן ממש אין פײַער אין דער צײַט פון אַ שטרײַק, כדי צו פועלן בײַ די סקעבס, אַז זיי זאָלן צושטיין צו די שטרײַקערס קעגן זייער „באָס"...

— ד —

דער נאָענטסטער פרײַנט פון מ. קאַצן איז דעמאָלט ל. מאַיסעיעוו.

אין יענער צײַט איז מאַיסעיעוו אַ סטודענט פון קאָלאָמביאַ אוני־ווערזיטעט ווּ ער שטודירט סיוויל אינזשיניער — זײַן פּראָפעסיע, וואָס זי האָט אים שפּעטער אַזוי באַרימט געמאַכט אין דער וועלט, נאָר מיר ווײַזט אויס דעמאָלט — און אויך מ. קאַצן, געדענק איך — אַז דאָס שטודירן אינעם אוניווערזיטעט איז בײַ אים, מאַיסעיעוון, אַ בײַ־זאַך; אַז די הויפּט־זאַך איז בײַ אים די באַוועגונג און, אַ חוץ איר, ליטעראַטור.

מ. קאַץ האַלט פון אים אַ וועלט. ער רעדט וועגן אים מיט אַ באַ־זונדערער וואַרעמער הארציקייט: אַז אָפענער מוח, אַ ים מיט וויסן און מיט אַ בריליאַנטענער פעדער. אַ שאָד נאָר, וואָס ער וועט אַוועק פון דער ייִדישער באַוועגונג צו דער דײַטשישער. דאָרט איז ער מער אינדערהיים, ווי אין דער ייִדישער. מען קאָן דאָס זעען פון זײַנע דײַטשישע אַרטיקלען אין דער „פרײַהייט".

אַזוי רעדט מ. קאַץ וועגן מאַיסעיעוון. און פון אים דערוויס איך זיך אויך דעמאָלט, אַז מאַיסעיעוו איז שוין אַ פּאָר מאָל אַרעסטירט גע־ווען פאַר פּאָליטישע חטאים אין רוסלאַנד און, אַז ווען ער אַנטלויפט ניט פון דאָרט קאָן זײַן, אַז ער וואָלט איצט געווען דאָרט ערגעץ אין סיביר, אפשר אויף קאַטאָרגע.

ער האָלט נאָר, אַז מאַיסעיעווס רעדעס זײַנען ניט פֿאַר דעם גרויסן עולם. מחמת קיין רעדנער פֿאַר די „מאַסן" אויף דעם שטייגער ווי די אַנדערע דעמאָלטיקע רעדנער איז מאַיסעיעוו ניט. קיין אַגיטאַטאָר. ווי יענע, איז ער ניט. אים פֿעלט יענער באַזונדערער לשון, וואָס אַגיטאַטאָרס באַנוצן, ווען זיי ווילן מאַכן אַן אײַנדרוק אויף זייער עולם. אים פֿעלן אויך אפֿשר דער ריכטיקער קול און דער ריכטיקער טעמפּעראַמענט פֿאַר דעם.

און, באמת, — ווי איך האָב שוין באַמערקט אין דעם קאַפּיטל וועגן מאַיסעיעוון — איז זײַנע אַ רעדע געווען ניט מער ווי אַ לעקציע פֿון אַ פּראָ־פֿעסאָר וואָס האָט געלייענט כמעט אַלע מאָל פֿון געשריבענע בויגעלעך פּאַפּיר.

און, אַ חוץ דעם, איז זײַנע אַ לעקציע געווען תמיד וועגן אַן ענין, וואָס ער איז אינגאַנצן פֿרעמד געווען די גרויסע „מאַסן". איך געדענק, אַז אין יענער צײַט האָב איך דרײַ לעקציעס זײַנע געהערט, איז איינע געווען איבער דעם אַנאַרכיסט מאַקס שטירנער, אַ צווייטע — איבער דעם פֿראַנ־צויזישן דיכטער פּאָל ווערלען, און די דריטע — אויך עפּעס איבער אַ ליטעראַרישן ענין.

איך דערמאָן, ווי מאַיסעיעוו האָט אַמאָל געבראַכט צו קאַצן אַן אַרטיקל וועגן באָדליערן פֿאַר דער „פֿרײַער אַרבעטער שטימע". האָט קאַץ בשום אופֿן ניט געוואָלט דרוקן דעם אַרטיקל.

— אַ שאָד דער פּלאַץ אין דער „פֿרײַער אַרבעטער שטימע", ; ווער פֿון אונדזערע לעזער, געגנאַסע מאַיסעיעוו, האָט געהערט אַמאָל דעם נאָ־מען באָדליער?

— וועט ער הערן! — האָט מאַיסעיעוו מיט אים גענומען טענהן. — וועגן קאַרל מאַרקסן האָט ער אויך ניט געהערט פֿריִער, און וועגן באַקונינען אויך ניט, און נישט וועגן קראָפּאָטקינען. איבערהויפּט, — האָט מאַיסעיעוו זיך גענומען היצן — וואָס זײַנען דאָס פֿאַר אַ טענות, אַז די לעזער האָבן ניט געהערט דעם נאָמען באָדליער, און דערפֿאַר... אַלצדינג, וועגן וואָס איך שרײַב און וועגן וואָס די גאַנצע צײַטונג אונ־דזערע שרײַבט, איז געווען פֿריִער פֿרעמד אונדזערע לעזער... איר ווילט אַרטיקלען, וואָס וועלן געפֿעלן זייערע לעזער?

— אפֿשר יאָ, האָט קאַץ זיך גוטמוטיק צעלאַכט, — די לעזער פֿון דער „פֿרײַער אַרבעטער־שטימע" וועלן זיכער געדעכט זײַן, אַז זיי וועלן פּראָטעסטירן, אויב איך וועל דרוקן אָט דעם אַרטיקל אײַערן איבער אַזאַ

דיכטער, ווי דער דעקאַדענט באָדליער. נײַן, מײַן פרײַנט, זײער דיכטער איז אונדזער דוד עדעלשטאַט, אונדזער יאָזעף באָווּשאָווער און נאָך אַזעלכע...

ל. מאָיסעיעוו איז געוואָרן אין כעס, אָבער דעם אַרטיקל האָט מ. קאַץ נישט געדרוקט.

איך שטעל זיך אָפּ אויף דעם, מחמת פאַר יענער צײַט פון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער יידישער פּרעסע איז דאָס געווען גאָרנישט אַזאַ „קליינינקייט" ווי אַנדערע פון די הײַנטיקע לייענער קענען מיינען. אָט די „קליינינקייט" באַווײַזט, ווי שווער מען האָט געדאַרפט אין יענער צײַט קעמפן פאַר דעם ליטעראַרישן וואָרט, וואָס איז נישט געווען קיין דירעקטע פּראָפּאַגאַנדע, אין דער ייִדיש־אַנאַרכיסטישער פּרעסע.

ל. מאָיסעיעוו איז געווען איינער פון יענע ערשטע קעמפער. כסדר האָט ער וועגן דעם דיסקוטירט מיט מ. קאַצן, וואָס האָט געהאַלטן אין יענער צײַט, אַז פּראָפּאַגאַנדע און „אויפקלערונג" דאַרף זײַן דער צוועק פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־פּרעסע, כאָטש ער, קאַץ אַליין, איז דווקא געווען אַ שרײַבער מיט אַ גוט־אַנטוויקלטן ליטעראַרישן געשמאַק און ער האָט ליב געהאַט אָפּט צו דעקלאַמירן לידער פון פּושקינען און לערמאָנטאָוון, אָבער אויך פון נעקראַסאָוון און נאַדסאָנען, איבערהויפּט פון יאַקובאָווסקין (מעלשין), וועלכער האָט אין יענער צײַט זיך נישט לאַנג צוריק געהאַט צוריקגעקערט פון קאַטאָרגע (מעלשין אָדער יאַקובאָווסקי האָט געהערט צו די „נאַראָדניקעס" אין רוסלאַנד, צו די פאָלקס־סאָציאַליסטן, צו וועלכע עס האָבן דאָרט געהערט נ. מיכאַילאָווסקי און וו. קאָראָלענקאָ).

די רעדאַקציע פון דער „פרײַער אַרבעטער־שטימע" האָט זיך געפונען אויף עלף פּאַיק סטריט. אָהין זײַנען געקומען פאַרשיידענע פּערזאָנען, וואָס די מערסטע פון זיי קען מען הײַנט פאַררעכענען פאַר היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן.

# נײַנטער קאַפּיטל

## עלף פּאַיק סטריט

— א —

די רעדאַקציע פון דער „פרײַער אַרבעטער־שטימע" איז געווען אויף עלף פּאַיק סטריט. דאָרט איז אויך געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון די ייִדישע אַנאַרכיסטן.

אַן אַלטע צוויי־שטאָקיקע גרויע הויז איז דאָס געווען לעבן אַ בית־מדרש, מיט גרויסע פענצטער צו דער גאַס־צו. אויפן צווייטן שטאָק איז אויך געווען אַ „נאַכט־אַסיילום" פאַר עטלעכע גענאָסן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַץ, וווּ צו נעכטיקן. (אין דעם ביטערן קריזיס־יאָר איז דאָס געווען פון 1893).

הינטערן הויז איז געווען אַ גרויסער הויף, וווּ עס האָבן זיך אָפט געוואַרעמט אונטער דער זון און אין דער היץ פון דיסקוסיעס געוויסע באַוווּסטע פירער פון דער אַנאַרכיסטישער ייִדישער באַוועגונג אין ניו־יאָרק און אַנדערע פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אָפט האָבן זיך אין יענע היציקע אַנאַרכיסטישע דיסקוסיעס אַרײַנגעריסן פון דעם דערבײַיאיקן בית־מדרש די געשרייען פון דעם פרומען דאַווענען, און נאָך אָפטער האָבן די היציקע דיסקוסיעס פון די ייִדישע אַנאַרכיסטן — אַמאָל אויך וועגן גאָט — זיך אַרײַנגעריסן אין דעם פרומען דאַווענען פונעם בית־מדרש.

און אַמאָל האָבן זיך אין די אָפענע פענצטער פונעם בית־מדרש, וואָס זיי זײַנען אַרויסגעגאַנגען צום הויף־צו, באַוויזן ייִדן אין טליתים און זיי האָבן גענומען שרײַען אויף יענע אַנאַרכיסטן און זיי געשאָלטן און זיי

אַנגערופֿן מיט די ערגסטע נעמען, און די אַנאַרכיסטן האָבן צוריק געענט־פֿערט, געלאַכט פֿון יענע און פֿון גאָט...

דאָרט האָב איך אָפּט געטראָפֿן אַ הויכן יונגנמאַן מיט אַ שוואַרץ בערדל און מיט שוואַרצע, ביסטרע אויגן.

יענער יונגערמאַן האָט שטענדיק געפֿלאַקערט, נאָכאַנאַנד געוואָרפֿן פֿײַערדיקע פֿראַזן, איז געווען ממש אַ קאָכעדיקער פֿאַנטאַן, וואָס האָט גע־שאָסן פֿײַער.

דאָס איז געווען מאַקס גיראַזשדאַנסקי, דער שפּעטערדיקער באַקאַנטער דאָקטער מ. גיראַזשדאַנסקי, און אין יענער צײַט איינער פֿון די פֿלאַם־פֿײַערדיקסטע אַגיטאַטאָרן בײַ די ייִדישע אַנאַרכיסטן.

דאָרט האָב איך אויך געזען דעם כמורען און תמיד אין־זיך־פֿאַר־שלאָסענעם פּ. א. פֿראַנק, דעם שפּעטערדיקן דאָקטער מעריסאָן, און יאָזעף באַראָנדעסן, וואָס ער איז אין יענער צײַט געווען זייער באַרימט אַלס אַרבעטער־פֿירער צוליב דעם גרויסן שטרײַק פֿון די מאַנטל־שנײַדער (קלאָוק־מעיקער), וואָס ער האָט מיט אַ צײַט פֿריִער אָנגעפֿירט.

אין עלף פּאַיק סטריט האָב איך דעמאָלט אויך געטראָפֿן אַ יונג בחורל מיט פֿאַרחלומטע, ערנסטע אויגן און מיט אַ צאַרטן, כּמעט מיידלשן פּנים. דער דאָזיקער בחורל איז געווען שטענדיק פֿאַרטאָן אין זיך, האָט זעלטן אַמאָל אַרויסגערעדט אַ וואָרט; און האָט מען צו אים גערעדט אַמאָל, גע־דענק איך, האָט ער זיך עפּעס ווי פֿאַרשעמט. דאָס איז געווען יוסף באָוו־שאָווער.

מ. קאַץ האָט אים, ווי דער רעדאַקטאָר פֿון דער „פֿרײַע אַרבעטער־שטימע", שטאַרק מקרב געווען צו זיך. באָוושאָווער האָט דעמאָלט אָנגע־הויבן צו דרוקן זײַנע ערשטע לידער און דער אַנאַרכיסטישער עולם האָט אין אים געזען אַ צווייטן דוד עדעלשטאַט, וועלכער איז אין יענער צײַט, אַרום אַ יאָר נאָך זײַן טויט, זייער באַרימט געווען.

און ל. מאָיסעיעוו האָט געהאַלטן פֿון אים אַ סך מער איידער פֿון עדעלשטאַטן, און ער האָט אים איינמאָל אין עלף פּאַיק סטריט — איך בין געווען דערבײַ — געוואָרנט, אַז ער זאָל זײַן טאַלאַנט נאָר נישט „פֿאַרדאָק־טאָרגראַנעווען", מיינענדיק דערמיט די באַקאַנטע פּאָעמע פֿון דוד עדעל־שטאַטן: „דאָקטאָר גראַן".

די דאָזיקע פּאָעמע פֿון דוד עדעלשטאַטן האָט מאָיסעיעוו פֿײַנט גע־האַט שנאת מות ממש, נישט אַזוי צוליב דעם, ווײַל זי איז צו־שרײַענדיקע פּראָפּאַגאַנדע, נאָר צוליב דעם דעמאָלטיקן אַנאַרכיסטישן פֿאַרלעזער, וואָס האָט זי פֿאַרגעלייענט אויף יעדער פֿאַרזאַמלונג בײַ די ייִדישע אַנאַרכיסטן.

יענער פּאָרלעזער, אָדער ריכטיקער: פאַרשרײַער פון „דאָקטאָר גראַן״ איז געווען מינץ, דער „בלינדער מינץ״, ווי ער איז בײַ אונדז דאָ אויף דער יידישער גאַס באַקאַנט געווען אין די לעצטע צענדליקער יאָרן. דעמאָלט אָבער איז ער באַקאַנט —געווען אונטער דעם נאָמען מאַרטאָן, צי באַנאָוו, און ער איז נישט בלינד געווען.

מיר אַליין איז אויסגעקומען אים צו הערן אין יענער צײַט אויף אַנאַר־כיסטישע פאַרזאַמלונגען אין דער אייגענעם „דאָקטאָר גראַן״, און איך קען עדות זאָגן, אַז נישט אומזיסט האָט מאָיסעיעוו אויפגעשווידערט, ווען מען האָט אים נאָר דערמאָנט דעם נאָמען „דאָקטאָר גראַן״. ווען אָט די פּאָעמע פון ערעלשטאָטן וואָלט אַפילו געווען אַ דיכטערישע פּערל, וואָלט זי אויף אַ מענטשן מיט אַ פײַנערן געשמאַק געמוזט מאַכן אַ שרעקלעכן אײַנדרוק, ווען ער האָט געהערט די משונהדיקע געשרײַען און געוואַלדן, מיט וועלכע דער דעמאָלטיקער אַנאַרכיסטישער פאַרלעזער מאַרטאָן, צי באַנאָוו, האָט זי געלייענט. דערפאַר האָט ל. מאָיסעיעוו געוואָרנט י. באָוושאָווערן, אַז ער זאָל זײַן טאַלאַנט נישט „פאַרדאָקטאָרגראַנעווען״...

— ב —

אַרום יענער צײַט האָב איך דאָרט געטראָפן אַ צווייטן יונגנמאַן, וואָס ער האָט זיך באַוויזן דאָרט אַביסעלע קליינשטעטלדיק, און אַביסעלע אײַנגעהויקערט אין זײַן הלך.

ער איז געווען אַזוי שטיל און אַזאַ אויסדרוק האָט זײַן פּנים געטראָגן, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט איבערצוטרעטן דעם היכל פון די דאָזיקע אַנאַרכיסטישע עשוס...

ער איז אַלעמאָל געקומען צו קאַצן.

דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט אין יענער צײַט געשריבן מעשהלעך פאַר דעם דעמאָלטיקן „פאָלקס־אַדוואָקאַט״, און די יידישע שפּראַך פון יענע מעשהלעך איז מיר דעמאָלט שטאַרק געפעלן געווען. (זייער אינהאַלט געדענק איך נישט). איסר גינזבורג האָט זיך דער יונגערמאַן אונטער יענע מעשהלעך אונטערגעשריבן, דער שפּעטערדיקער דאָקטער א. גינזבורג.

מיט אים איז מ. קאַץ אויך באַפרײַנדעט געווען. בלויז אַמאָל, בעת ער האָט געשמועסט מיט קאַצן — דערמאָן איך זיך — האָט גינזבורגס פּנים אָנגענומען אַ מונטערן אויסדרוק און אַ שפּאָטישער שמייכל פון ביטול האָט פּלוצים אויף זײַנע ליפּן זיך ברייטלעך צעלייגט.

אויך מאַקס מײַזעל, דעם שפּעטערדיקן בוך־פאַרלעגער, האָב איך דאָרט

געטראָפן. און ווען־נאָך איך האָב אים נישט געטראָפן, האָט ער אויסגעזען רויק, מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, און גערעדט האָט ער געלאַסן, און אויף זײַנע באַקן האָט געשפּילט שטענדיק אַ געזונטע פאַרב.

ער האָט, אויב איך האָב נישט קיין טעות, באַלאַנגט דעמאָלט צו די פאַרוואַלטער פון דער „פרײַע אַרבעטער־שטימע". יעדנפאַלס איז ער געווען איינער פון די חשובסטע און טיכטיקסטע מענטשן אין 11 פאַיק סטריט.

אין עלף פאַיק סטריט האָב איך אויך געטראָפן דעם רעדאַקטאָר פון אַן אַנאַרכיסטישן דײַטשן זשורנאַל „בראַנד־פאַקעל", אַ געוויסן טימערמאַן.

דער דאָזיקער טימערמאַן, אַ דײַטש אין ברילן, אַ לאַנגער און אַ שפּיציקער, מיט אַ שפּיציקער נאָז און קינבאַק, שטענדיק אַ פאַרטראַכטער, איז דאָרט אָפּגעזעסן טעג גאַנצע און האָט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט נאָר געקוקט דורך זײַנע ברילן שעהן און שעהן לאַנג, ווי אין אַ וועלט, וואָס בלויז ער אַליין, און מער קיינער נישט, האָט געזען.

סײַדן, ווען אַ נײַער נומער פון זײַן „בראַנד־פאַקעל" איז דערשינען, האָט ער דעמאָלט אים פאַרגעלייענט פאַר די גענאָסן און ער האָט אינגאַנצן אויפגעלעבט, און, לייענענדיק, האָט ער אַלץ געזוכט צו באַמערקן אויף די פּנימער פון זײַנע צוהערער דעם אײַנדרוק, וואָס די פאַרגעלייענטע אַרטיקלען האָבן אויף זיי געמאַכט.

פאַרשטייט זיך, אַז צוהערער פון זײַנע דײַטשע אַרטיקלען האָט ער געהאַט דאָרט ווייניק. ס'רוב זײַנען דאָס געווען אַזעלכע, וואָס זיי האָבן געשאַפן דאָס געלט פאַר אָט דעם זשורנאַל זײַנעם...

עלף פאַיק סטריט מיט דער „פרײַע אַרבעטער־שטימע" זײַנען אויפגעהאַלטן געוואָרן פון אָרעמע ייִדישע אַרבעטער, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיט דעם אַנאַרכיזם, פּונקט ווי, אין יענער צײַט, 91 דעלענסי סטריט מיט דער „אַרבעטער־צײַטונג" — זײַנען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון ייִדישע אַרבעטער, וואָס זיי האָבן סימפּאַטיזירט מיטן סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם.

סײַ די חסידים פון עלף פאַיק סטריט און סײַ פון 91 דעלענסי סטריט האָבן זיך ממש מוסר־נפש געווען פאַר זייער צײַטונג, זייערע לעצטע סענטן איר אַוועקגעגעבן און זייער יעדע פרײַע מינוט.

איך וואָלט געקענט אָנרופן בײַם נאָמען היפּשע עטלעכע שפּעטער זייער בכבודע ייִדן, צווישן זיי מיליאָנערן אמתע, וואָס זיי זײַנען דעמאָלט, אין יענער גרינער צײַט, געשטאַנען אויף די ראָגן פון די גאַסן מיט פּעק צײַטונגען אונטער די פאַכוועס און האָבן אויסגעשריִען מיט אַ קול, אין וועלכן די איבערצײַגונג פון אמתע גלויביקע האָט געקלונגען:

— קויפט א „פרייע ארבעטער־שטימע", איר וועט עפּעס לערנען! וואָס איז רעליגיאָן, וואָס איז שטאַט און וואָס איז קירכע — די „פרייע ארבעטער־שטימע" וועט אייך דאָס דערקלערן! קויפט און לעזט די „פרייע ארבעטער־שטימע", זי וועט אייך עפענען די אויגן!...

— קויפט די „ארבעטער־צייטונג", זי וועט אייך אויפקלערן, פאַרוואָס איר דאַרפט זיין א סאָציאַליסט און פאַרוואָס איר דאַרפט באַלאַנגען צו א יוניאָן!

און אז דער דאָזיקער צייטונגס־פאַרקויפער האָט זיין פּאַק צייטונגען פאַרקויפט, איז ער העכסט גליקלעך געווען, א קליינינקייט, אזא הייליקע ארבעט האָט ער געטאָן. אפשר וועט אן אויפקלערונגס־שטראַל דאָרט באַלייכטן א פינצטערן מוח!...

און צווישן אָט די צייטונגס־פאַרקויפער האָב איך געקענט איינעם א שניידער, וואָס ער האָט אָפט געקויפט א פּאַק צייטונגען מיט דעם געלט, וואָס ער האָט לכתחילה אָפּגעשפּאָרט פאַר דעם דורך אליין הונגערן און אָפט דורך לאָזן הונגערן זיין ווייב און קינדער, און נאָכדעם האָט ער פאַרשפּרייט די צייטונגען אינגאַנצן אומזיסט אבי מען זאָל זי לייענען, אבי — א „פינצטערער מוח" זאָל אויפגעקלערט ווערן...

יאָ, איך וואָלט געקענט אָנרופן ביים נאָמען היפּשע עטלעכע היינט זייער בכבודע און קלוגע, און רייכע און פּראַקטישע מענטשן, וואָס זיי זיינען אין יענער צייט געווען „צייטונגס־פאַרקויפער" פון אָט דעם מין, איך וויל אָבער זיי נישט פאַרשעמען, די היינטיקע קלוגע, קלוגע נאַראָנים!...

— ג —

אָט די ייִדן — איך בין כמעט זיכער אין דעם — זיינען דעמאָלט געווען נישט אין־אָן־ערך גליקלעכער אין זייער נישט פּראַקטישער נאַרישקייט איידער זיי זיינען היינט אין זייער פּראַקטישער קלוגשאַפט.

נישט דערפאַר, ווייל זיי זיינען יונג אין יאָרן דעמאָלט געווען, נאָר מחמת זיי זיינען יונג געווען אין גייסט.

זיי האָבן געטראָגן אין זיך א גלויבן אין א „העכסטן" אידעאַל, חלומות וועגן שיינע וועלטן נאָך נישט־געשאַפענע און געזוכט דאָס אויך צו אַנדערע איבערגעבן; זיי האָבן געזען אין דער וויטקייט א שטראַלענדיק ליכט און זיי האָט ווי געטאָן פאַר יענע, וואָס האָבן דאָס דאָזיקע ליכט נישט געקענט זען. מען האָט געוווּסט עפּעס, אָדער מען האָט געמיינט, אז מ'ווייסט עפּעס, און מ'האָט געוואָלט, יאָ, מ'האָט געברענט מיט אומ־

געדולד, אַז אַלע, אַלע בפרט יענע מיט די „פּינצטערע מוחות", זאָלן דאָס אויך וויסן...

די רעדאַקציע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין „פּעקטאָרי", וואָס דאַרף אויסאַרבעטן סחורה פאַר דעם מאַרק, און דער שרײַבער איז נאָך נישט געווען קיין „האַנט". (איך מיין די אַרבעטער־פּרעסע).

און דער שפּעטערדיקער מוראַדיק־געלער גײַסט, וואָס ער האָט זיך צעלייגט און צעשפּרייט מיט אַזאַ הפקרות און חוצפּה בײַ אונדז אויף דער ייִדישער גאַס, כּרוקענדיק ווי אַ טריאומפירנדיקער שוויין, — אָט דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער גײַסט, וואָס אים איז באַשערט געווען צו שפּילן בײַ אונדז אַזאַ ראָלע ווי בלעמען, נאָר אַביסעלע פאַרקערט: דאָס הייסט, יוען בלעם איז באַרופן געווען צו שעלטן דאָס פאָלק ישראל, איז פון זײַן מויל אַ ברכה אַרויסגעקומען אויף די ייִדן, און ווען ער, אָט דער פאַרשאָלטענער גײַסט, מיין איך, איז באַרופן געווען לכתחילה צו בענטשן, איז אַ קללה צום סוף אַרויסגעקומען אויף אונדזער ייִדישער גאַס, — אָט דער געלער גײַסט איז נאָך רויט געווען דעמאָלט, איז נאָך נישט פאַרשאָלטן געווען מיט דער געלזוכט־חולאַות און האָט נאָך געבענטשט מיט פרומע ליפּן און מיט אַ פרומען הארצן...

בפרט האָט זיך דער דאָזיקער פרומער גײַסט געפילט אין עלף פּאַיק סטריט. די מענטשן פון דאָרט זײַנען מײַנע גענאָסן געווען. מיך האָבן אינטערעסירט די שרײַבער, וואָס איך האָב דאָרט געטראָפן. דאָרט איז געווען אַ היפּשע ביבליאָטעק מיט ביכער, וואָס זיי זײַנען צו לעזער אַרויסגעגעבן געוואָרן. און אַהין זײַנען אַרײַנגעקומען מענטשן, וואָס כּמעט יעדער איינציקער פון זיי האָט אין זיך געטראָגן אַ שיין, פאַרחלומט וועלטל.

אָט אין דער דאָזיקער צײַט האָט מ. קאַץ אָפּגעדרוקט אין דער „פרײַע אַרבעטער־שטימע" מײַן ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט. דאָס איז געווען אַן איבערגעזעצטע סקיצע פון גליעב אוספּיענסקין — „זאַדאַטשאַ" (אַן אויפגאַבע, אַ פּראָבלעם).

איך געדענק נישט אויף קלאָר, צי דאָס איז אײַנגעפאַלן מאַיסעיעווזן, צי קאַצן, אָדער מיר אַליין דעמאָלט, אַז איך זאָל פּרוּוון דורך איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכן צו פאַרבעסערן מײַן ייִדיש; איך האָב דאָס געפּרוּווט טאָן צוערשט מיט אָט דער סקיצע פון גליעב אוספּיענסקי.

און די דאָזיקע סקיצע האָט אַרויסגערופן כּמעט אַ סקאַנדאַל, כאָטש זי איז געווען אַ ליטעראַרישע פּערל.

עס ווערט דאָרט געשילדערט, ווי אַן אָרעמער רוסישער באַאַמטער טוט אַ נדר אויפן פרישן קבר פון זײַן קינד, אָפּצוזונדערן זיך פון זײַן ווײַב,

כדי נישט צו האבן מער קיין קינדער, וואס זיי זאלן לײַדן, הונגערן, קרענ־קען און אוועקשטארבן, און צוליב וועלכע ער אליין זאל געטריבן ווערן צו נעמען כאבאר און זינדיקן מיט זײַן געוויסן...

האט ער זיך אפגעזונדערט פון איר; ער האט אבער זײַן ווײַב מוראדיק ליב און קיין אנדערע פארגעניגנס אין לעבן האט ער נישט, איז ער, נעבעך, אויף גרויסע צרות. קעמפט ער און ראנגלט זיך מיט זיך אליין, ביז... א נײַ קינד ווערט געבארן בײַ אים און זײַן ווײַב, פונקט צום יאר, ווען דאס אנ־דערע קינד איז געבוירן, איז בײַ אים געשטארבן...

ווען די דאזיקע סקיצע איז דערשינען דעמאלט אין דער „פרײַע אר־בעטער־שטימע", האבן די אנארכיסטן, די ארויסגעבער פון דער דאזיקער צײַטונג, אויפגעהויבן א „ויצעקו". זיי האבן שטארק פראטעסטירט קעגן מ. קאצן, דעם רעדאקטאר, הלמאי ער האט אפגעדרוקט אזא מעשה אין א רעוואלוציאנערער, אנארכיסטישער צײַטונג.

און מאיסעיעוו, וואס ער האט אין יענער צײַט געשריבן אונטערן נא־מען לעאנטיעוו, און דער איצטיקער בוך־פארלעגער ח. מײַזעל, ביידע אין יענער צײַט פראמינענטע אנארכיסטן, האבן געמוזט קומען צוהילף דעם רעדאקטאר פון דער „פרײַע ארבעטער־שטימע" און אויפקלערן די פרא־טעסטירער, אז אזא סקיצע איז כשר לכל הדעות פאר זייער צײַטונג...

די פראטעסטירער זײַנען נישט געווען שולדיק. אנדערש האבן זיי נישט פארשטאנען. אין יעדן געדרוקטן ווארט האבן זיי פראפאגאנדע געזוכט. א ווארט, וואס האט פראפאגאנדע דירעקט נישט ארויסגעטײַטשט, האט פארשוועכט זייער צײַטונג...

***

שפעטער האט מ. קאץ אפגעדרוקט אין דער „פרײַע ארבעטער־שטימע" מײַן ערשטן אריגינעלן ארטיקל, וואס האט געהייסן „די מאסע".

דער דאזיקער דורכאויס זייער־שלעכט אנגעשריבענער ארטיקל האט דעמאלט, ווי ווײַט איך געדענק, דווקא אויסגענומען בײַ די לייענער פון דער „פרײַע ארבעטער־שטימע". קעגן דעם ארטיקל האבן זיי שוין נישט פראטעסטירט. מחמת ווי שלעכט דער קלעזמער האט נישט געשפילט, דער ניגון אבער, וואס ער האט אויסגעשפילט, — דער ניגון וועגן דעם, אז די „מאסע" איז שוין צײַטיק פאר דער סאציאלער רעוואלוציע, איז געווען דער ריכטיקער...

און פון דעמאָלט אָן האָט מען אין עלף פּאַיק סטריט געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ שרייבער...

— ד —

אָבער מאַיסעיעוו איז אויף מיר ביין געווען פאַר אָט דעם אַרטיקל.

— אַ שרעקלעכער אַרטיקל — האָט ער דערקלערט. — אפילו פאַר אַ שרייבער אַ קאַליקע! איר דאַרפט שרייבן דערציילונגען, אָדער איבער־זעצט ווייטער...

און איך אַליין בין אויך נישט געווען צופרידן פון מיין אָפּגעדרוקטן אַרטיקל. נישט דער סטיל און נישט די שפּראַך (אין יעדער שורה איז דער־מאָנט געווען אַ צוויי־דריי מאָל דאָס וואָרט „מאַסע") פון דעם אַרטיקל זיינען מיר געפעלן געוואָרן, ווען איך האָב אים דערנאָך איבערגעלייענט אַז אָפּגעדרוקטן.

און דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דעמאָלט מיין מיטאַרבעטעריי אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע". עס איז אויסגעקומען עפּעס אַזוי, אַז נישט מ. קאַץ האָט ביי מיר עפּעס געבעטן פאַר דער צייטונג און נישט איך האָב געהאַט חשק עפּעס צו שרייבן.

און דער אמתער אמת — ווי איך פאַרשטיי דאָס היינט — בין איך לויט מיין ליטעראַרישער דערציאונג און געשמאַק, און אפשר לויט מיין — וואָס מען רופט „טאַלאַנט" — נישט געווען קיין ריכטיקער שרייבער פאַר דער „פרייער אַרבעטער־שטימע" פון יענער צייט — פאַר דער צייטונג, וואָס יעדעס געדרוקט וואָרט איז געווען אויסן דירעקטע פּראָפּאַגאַנדע...

דאָס אָבער האָט נישט פאַרמינערט די פריינטשאַפט צווישן מיר און קאַצן. איך האָב נאָך אַלץ געוווינט ביי אים, הגם איך האָב געקענט זיך שוין אויסהאַלטן אַליין מיט „קאַר־פעיר" און סיגאַרעטן און מיט צוויי מאָלצייטן יעדן טאָג אין אַ רעסטאָראַן, נישט קוקנדיק, וואָס דאָס איז גע־ווען אין דעם ביטערן קריזיס־יאָר פון 1893.

עפּעס איינער פון מאַיסעיעווס באַקאַנטע, אָדער קרובים, האָט גע־האַט ערגעץ אויף צענטער סטריט אַ קליין געשעפטל פון ציגאַרן, האָב איך דאָרט געאַרבעט אַלס טאַבאַק־„סטריפּער" און פאַרדינט דריי דאָלאַר אַ וואָך עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד.

***

דערוויַילע רוקן זיך אָן ימים־נוראים אויף דער וועלט. די פּראָפּאַגאַנדע קעגן „רעליגיעזער היפּאָקריטסטוואָ" לעבט אויף שטאַרקער ביַי די אַנאַר־כיסטן. אַרום דער שול, וואָס איז לעבן עלף פּאַיק סטריט, טיילט מען אַנאַר־כיסטישע „תּפילה־זכּהס", די באַלעבאַטים פון דער שול וואַרפן פינצטערע בליקן צו זייערע שכנים אין עלף פּאַיק סטריט און שריַיען צו זיי מיט אַ דריַי־מאָל־שפּיַיען: „שקץ תּשקצנו"...

און אין יענעם יום־כּפּור — דערמאָן איך זיך — בעת איך בין געווען אין עלף פּאַיק סטריט, האָט אַ פּאָגראָם דאָרט אויסגעבראָכן.

צו דעם דאָזיקן פּאָגראָם האָט מען זיך, אפּנים, נאָך פון פריִער גע־גרייט. מחמת אַ פּאָר טעג פאַר יום־כּפּור, בעת קאַץ און מייזל, דער היַינטי־קער בוך־פאַרלעגער, זיַינען אַרויס פון עלף פּאַיק סטריט, זיַינען זיי פּלוצים באַפאַלן געוואָרן פון אַ באַנדע ייִדישע יונגאַטשעס, און מייזל האָט זיך דעמאָלט קוים געראַטעוועט מיט אַ לאָך אינעם קאָפּ...

און יום־כּפּור, בעת די אמת־פרומע ייִדן מיט זייערע קינדער זיַינען אין שול געווען און האָבן גאָרנישט געקענט טראַכטן וועגן די אַנאַרכיסטן אין דעם שכנישן הויז, עלף פּאַיק סטריט, איז עס פּלוצים באַפאַלן געוואָרן פון ייִדישע באַיעס און יונגעליַיט מיט אַ ווילדן געפּילדער, מיט שטיינער און שטעקענער — און בראַזג־בראַזג! — שויבן צעבראָזגעט, שטולן צע־בראָכן, טירן אַרויסגעזעצט און קעפּ צעשפּאָלטן...

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע באַיעס און יונגעליַיט, וואָס זיי האָבן געמאַכט דעמאָלט אַ פּאָגראָם אויף עלף פּאַיק סטריט, זיַינען נישט באַוועגט געווען צו דעם פון דעם רעליגיעזן געפיל, וואָס זאָל זיך האָבן צעברענט אין זיי, נאָר פון יענעם הפקרות־געפיל, וואָס האָט זיי שפּעטער פאַר גענגסטערס געמאַכט...

יענעם פּאָגראָם אויף עלף פּאַיק סטריט האָט דעמאָלט אויך דורכגע־מאַכט דער שטילער און שעמעוודיקער יוסף באָוושאָווער, און דאָס האָט אויף אים אַזאַ איַינדרוק געמאַכט, אַז אויף מאָרגן האָט ער פאַר מיר און קאַצן געלייענט אַ ליד, וואָס ער האָט וועגן דעם אָנגעשריבן.

יענע ליד האָט מ. קאַץ אָפּגעדרוקט אין דער „פריַיע אַרבעטער־שטימע" פון יענער וואָך און עס איז אויך געדרוקט אין דעם בוך לידער פון באָוו־שאָווערן אונטערן נאָמען: „הערבסט־בלומען". עס לייענט זיך:

מיַין קעמפער, מיַין קעמפער,
וואָס זיצסטו אַזוי שטום,
דו זעסט, ווי מען וואַרפט דיר
אַ בלום נאָך אַ בלום?...

## מײַנע פופציק יאָר אין אמעריקע

דאָס פאָלק איז נאָך נאַריש,
פאַרקריפּלט און קראַנק,
דאָך ווייס עס צו געבן
דעם קעמפער אַ דאַנק...

דו גלויבסט נישט? אָ, זע נאָר?
אַ בלימעלע פאַלט!
אַ בלום, אַ האַרטע,
וואָס קלאַפּט און וואָס קנאַלט!...

עס איז איצטער הערבסט־צײַט,
פאַרשטייסט דאָך אַליין:
די בלום פאַרפלאַנצט מען,
עס בליט אויף אַ... שטיין...

קיין נײַעס פּאַסירט נישט
דאָ אונטער דער זון —
אויך דו מוזט, מײַן קעמפער,
דאָך וויסן דערפון. —

באַטראַכט די דאָזיקע שטיינער,
באַטראַכט זיי און זע:
דאָס זײַנען די פונקען
פונעם „אויטאָ־דע־פע"...

# צענטער קאַפּיטל

## יוסף באַראָנדעס

— א —

עס האָט נישט גענומען קיין וואָך, ווי אין עלף פּאַיק סטריט איז ווידער געווען אַלצדינג אין אָרדענונג, ווי פאַר דעם פּאָגראָם. פענצטער און טירן זיינען דאָרט פאַרריכט געוואָרן און שטולן זיינען דאָרט געשטאַנען אַ סך בעסערע, איידער די פריִערדיקע.

די טירן און פענצטער האָבן פאַרריכט די גענאָסן אַליין, וואָס צווישן זיי זיינען געווען סיי גלעזער און סיי סטאָליאַרעס און וועלכע זיינען אין יענער ציַיט פון דעם ביטערן קריזיס אַרומגעגאַנגען ליידיק.

און די שטולן האָט צוגעשטעלט יוסף באַראָנדעס.

ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די ייִדישע געשעפטסלייַט פון קאַנעל סטריט און פון איסט בראָדוועי און האָט זיי געהייסן אויף זייַן באַזונדערן שטייגער „נישט צו זייַן קיין חזירים" און צו געבן צושטייַער אויף אָט די שטולן.

און זיי האָבן טאַקע געגעבן אויך, הגם די מערסטע פון זיי האָבן געהאַלטן די ייִדישע אַנאַרכיסטן פאַר די ערגסטע „מיסיאָנערן". מחמת באַראָנדעסן אַפּזאָגן האָט אַ „ביזנעסמאַן" פון אַ קאַנעל סטריטער קליידער־געשעפט נישט געהאַט קיין העזה. ערשטנס, האָט זיך סתם נישט געלוינט זיך אייַנצורייַסן מיט איינעם, וואָס ער איז געווען אַזוי באַליבט צווישן ייִדישע אַרבעטער, מעגלעכע קונים; צווייטנס, האָט מען פשוט מורא געהאַט פאַר אַ „גאַב", וואָס מען האָט געקענט כאַפּן פון באַראָנדעסן...

דערמאָן איך זיך, וואָס עס האָט דערציילט וועגן דעם איינער פון זייַנע חסידים, אַ שנייַדער פון פרויען־מאַנטלען מיטן נאָמען „ווילי דאָס עופהלע".

(מ'האָט אים גערופֿן אַזוי, משמעות, מחמת ער איז געווען אַ ייִד אַ גבור און געוויקסיק, איבער זעקס פֿוס הויך).

ער, „ווילי דאָס עופֿהלע", איז געגאַנגען דעמאָלט מיט באַראָנדעסן צו יענע ייִדישע געשעפֿטסלײַט. האָט ער נאָכדעם דערציילט וועגן דעם אין עלף פֿאַיק סטריט אומגעפֿער בזה הלשון:

— נו, אַז ברודער באַראָנדעס זאָגט יאָ, קאָן עפּעס יענער זײַן אַ חזיר, האָ? און אַז עמעצער פֿון זיי האָט זיך געפֿוילט אַרויסנעמען פֿון קעשענע אַ דאָלאַר, אָדער צוויי, האָט ער געכאַפּט איבער דעם כראָפּע פֿון ברודער באַראָנדעסן. אײַ, האָט ער געכאַפּט! האָט ער געכאַפּט! „גיב חזיר! וואָס איז? איך בעט עפּעס בײַ דיר, דו חמור, אַ נדבה פֿאַר זיך?" אָט אַזוי ווי איר הערט, האָט יענער געכאַפּט פֿון ברודער באַראָנדעסן! און צום סוף — „נאָט אײַך, מיסטער באַראָנדעס, טײַערינקער, אַבי מאַכט פֿון מיר ניט קיין אַש און בלאָטע!" ברודער באַראָנדעסן מוז מען געבן, אַז ער בעט! ניט פֿאַר זיך בעט ער!...

און מיט וואָס פֿאַר אַ יראת הכבוד און ליבע „ווילי דאָס עופֿהלע" האָט דאָס דערציילט וועגן אים, באַראָנדעסן!

קיינער האָט ניט געהאַט אין יענער צײַט אַזוי פֿיל חסידים צווישן די ייִדישע אַרבעטער, ווי ער, יוסף באַראָנדעס. ער האָט אין יענער צײַט אַזאַ השפּעה געהאַט אויף די ייִדישע אַרבעטער, אַז סײַ די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סײַ די אַנאַרכיסטן האָבן געזוכט אים צו געווינען אויף זייער זײַט, כדי דורך אים צו ווירקן אויף די אַרבעטער. אים אָבער האָט געצויגן דעמאָלט מער צו די אַנאַרכיסטן, און מען האָט אים אָפֿט געקאָנט דעמאָלט טרעפֿן אין עלף פֿאַיק סטריט.

ער האָט געווירקט אויף די ייִדישע אַרבעטער סײַ מיט זײַן אויסזעען און סײַ מיט זײַן האַלטונג, און סײַ מיט דעם ,ווי ער האָט גערעדט און געאַרבעט פֿאַר זיי.

אַ געוויקסיקער, אַ ברייטער און אַ שטאַרקער, מיט אַ קאָפּ געדיכטע, שוואַרצע האָר און מיט אַ פּנים, וואָס האָט געהאַט עפּעס אין זיך פֿון דעם קלאַסיש־גריכישן, וואָלט מען אים געקאָנט אָננעמען סײַ פֿאַר אַ פּריסטער און סײַ פֿאַר אַ רעפֿאָרמירטן ראַבאַי און, נאָך מער, פֿאַר אַן אַקטיאָר פֿון קלאַסישע ראָלן.

און אויך ווי אַ רעדנער האָט ער זיך אונטערשיידט פֿון די אַנדערע וואָס דעם ייִדישן אַרבעטער איז אויסגעקומען אין יענער צײַט צו הערן אויף די מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען.

ער האָט נישט געצונדן ווי יענע און נישט באַגײַסטערט ווי יענע.

כמעט אַלע יענע רעדנער האָבן גערעדט מיט פײַער, האָבן אַטאַקירט די „באָסעס", די קאַפּיטאַליסטן, און גערופן צום קאַמף די אַרבעטער קעגן זיי. דערבײַ האָבן יענע קײנמאָל ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען די אַרבעטער, אַז די אמתע יחסנים זײַנען זיי געווען, און נישט די „באָסעס" זייערע, נישט די רױבער, די בלוט־זויגערס, די קאַפּיטאַליסטן. און באַראַנדעס האָט, פאַרקערט גאָר געזידלט די אַרבעטער, גערופן זיי „בהמות", „פערד", „אָקסן". מחמת, אויב זיי וואָלטן נישט געווען אַזעלכע ברואים, וואָלטן זיי דאָך פאַרשטאַנען, ווי נויטיק עס איז פאַר זיי געווען צו גע־הערן צו אַ יוניאָן און צו קעמפן פאַר זייערע אינטערעסן...

און גראָד מיט אָט די רעדעס זײַנע האָט ער אויף זיי מער אײַנדרוק געמאַכט איידער די אַנדערע רעדנער מיט די קאָמפּלימענטן זייערע.

— ב —

איך געדענק זײַנע אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין יענער צײַט אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין דעם אַמאָליקן וואַלהאַלאַ האָל, אויף אָרטשאַרד סטריט.

געווען איז דאָס אין אַ שבת בײַטאָג.

דער האָל איז געווען געפּאַקט. מענטשן זײַנען דאָרט געשטאַנען אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ. דער עולם איז געווען דורכאויס אַ ייִדישער און אַ גרינער, ס'רוב פון זיי אַמאָליקע היימישע קרעמער און הענדלער, וואָס זיי זײַנען דאָ־הי געוואָרן שאַפּ־אַרבעטער. אַ באַקאַנטע מײַנע, אַן אַנאַר־כיסטקע, האָט מיך גענומען צו אָט דער מאַסן־פאַרזאַמלונג.

באַראַנדעס איז געשטאַנען פאַר אָט דעם עולם און ער האָט כמעט רויִק, אין אַן אויסגעצויגענעם טאָן, ווי ער וואָלט זײַנע ווערטער איינס בײַ איינס געציילט, מיט אַ קלינגענדיקן באַריטאָן גערעדט.

און גערעדט האָט ער — ווי ווײַט איך געדענק — אומגעפער אַזוי:

— אַרבעטער, אינדערהיים דאָרט, אין דעם פאַרפלוכטן רוסלאַנד, בײַם צאַר, האָט איר געהאַנדלט מיטן גוי אויפן מאַרק און פאַרדינט קדחת מיט כשרן פּאָדים — אַ פּאָר גראָשן אַ וואָך, הייסט עס, און נישט מער. אינדערהיים דאָרט זענט איר געווען קליינע גראָשענע קרעמערלעך, וואָס זײַנען געווינט געווען צו אַ כזית פליישׁ, און דאָס אויף שבת גאָר! ווײַזט זיך אײַך אויס דערפאַר, אַז ווי וויניק איר באַקומט דאָ אין די „סוועט שעפּער" פון אײַערע „קאַקערוטשעס־באָסלעך", איז זייער אַ סך. ווײַל איך אײַך זאָגן, אַז אין אַמעריקע רופט מען דאָס „הונגער־לוין".

איר קאָנט פאַרדינען צען מאָל אַזוי פיל, ווען איר זאָלט נישט זײַן אַזעל־כענע חמורים!... איר זענט אין אַמעריקע און ניט אין שניפּישאָק, און ניט אין טונעיאַדעווקע, און ניט אין בלאָטאָווקע! דאָ קאָנט איר לעבן ווי מענטשן! עסן ווי מענטשן! וווינען ווי מענטשן! זײַן אָנגעטאָן ווי מענטשן! און האָבן אַ פּנים פון מענטשן, ווען איר זאָלט נאָר ניט זײַן אַזעלכע בהמות, אַזעלכע אָקסן, אַזעלכע חמורים!...

ער האָט אַ טרונק געטאָן וואַסער פון אַ גלאָז, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אויף אַ טישל, און גערעדט דערנאָך ווײַטער:

— נו, ווי אַזוי קאָנט איר דאָס אַלצדינג דערגרייכן? איך מיין, ווי אַזוי קאָנט איר ווערן אויס חמורים? נאָר ווען איר וועט ווערן יוניאָן־לײַט, מײַנע ליבע ייִדן! ווען איר וועט זײַן פאַראייניקט אין אײַערע יוניאָנס! ייִדן, ליבע ייִדן מײַנע — דערהערט זיך מיטאַמאָל אַ טרער אין זײַן קול — איך אַרבעט און אַרבעט, און אַרבעט פאַר אײַך צוואַנציק שעה אין מעת־לעת — איר הערט? צוואַנציק שעה אין יעדן, יעדן מעת־לעת אַר־בעט איך, יוסף באַראָנדעס, פאַר אײַך! פאַרוואָס טו איך דאָס? כדי אַז איר זאָלט ווערן ריכטיקע יוניאָן־לײַט און פאַרדינען בעסער, און לעבן בעסער, און ווערן אויס חמורים, אויס בהמות! אַרבעטער, ייִדישע ברי־דער מײַנע, העלפט־זשע מיר קעמפן פאַר אײַך! לאָזט מיך נישט אַליין קעמפן! שטייט מיט מיר אין קאַמף קעגן אײַערע באָסעס, קעגן אָט די קליינע קאַקערוטשלעך! חמורים, בהמות, איך קעמף דאָך פאַר אײַך! אײַער קאַמף פיר איך דאָך!...

ווערט אַ הורא, וואָס גיסט זיך צונויף מיט באַגײַסטערטע אַפּלאָדיס־מענטן.

ער רעדט דערנאָך ווײַטער אַלץ אויף זײַן באַזונדערן באַראָנדעס־שטייגער. און מיטאַמאָל ווערט אינעם האָל אומרויִק. צווישן עולם האָט עמעצער מיט עמעצן זיך צעווערטלט. פון אַרום הויבט זיך צו טראָגן אַ געמורמל, אַ געשריי: „שאַ! אָרדער!".

דער פּאָרזיצער, וואָס ער זיצט אויף דער פּלאַטפאָרם אַהינטער באַ־ראָנדעסן, האָט זיך אויפגעהויבן און געוואָלט זאָגן דעם עולם, אַז מען זאָל זיך האַלטן רויִק; אָבער באַראָנדעס האָט אים געהייסן זיך זעצן צוריק.

— באַראָנדעס דאַרף ניט האָבן קיין פּאָרזיצנדן, ווען ער שטייט אויף דער פּלאַטפאָרם! — האָט ער געזאָגט אין אַ טאָן, ווי אַ קאָמאַנדיר, און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

רויִק דאָרטן! ווען באַראָנדעס רעדט דאָ, דאַרף דאָרטן זײַן רויק! האַלט זיך ניט ווי היימישע באַלעגאָלעס! דרך ארץ, כאַמולעס!...

און דער גאַנצער האָל איז געוואָרן פאַרהילכט פון אַפּלאָדיסמענטן. נאָכדעם איז ווידער מיטאַמאָל ווידער שטיל געוואָרן און באַראַנדעס האָט פאַרענדיקט מיט זײַן ריידן.

די גענאַסינע מײַנע, אַן עלטערע מיידל, האָט זיך אָפּגערופן צו מיר מיט התפּעלות:

— אָט ווי איר קוקט אים אָן, כאָטש ער זידלט און בייזערט זיך אַזוי אויף דער פּלאַטפאָרם, איז ער באמת אַ מענטש אַ דימענט. ער וואָלט דאָס לעצטע העמד זײַנס אָפּגעגעבן!...

בײַם אַרויסגאַנג האָט די אייגענע גענאַסינע שפּעטער אָפּגעשטעלט באַראַנדעסן. מיט איר זײַנען צוגעגאַנגען צום אים איך, וואָס איך האָב אים שוין אַמאָל געטראָפן בײַ קאַצן אין רעדאַקציע־צימער, און ווילע דאָס עופּהלע, וואָס באַראַנדעס האָט אים נישט געקענט פריִער.

— גענאָסע באַראַנדעס, איך דאַרף אײַך זייער נויטיק זען, — האָט אונדזער גענאַסינע זיך אָנגערופן צו אים.

— וואָס איז, וויערא? — האָט ער אויסגעשטעלט אויף איר זײַנע גרויסע אויגן.

— געקומען אַ יונגערמאַן, זייער אַן אינטעליגענטער און אַ גענאָסע. ער הונגערט. אין שאָפּ גיין אַרבעטן איז ער צו־שוואַך. און מען קאָן דען הײַנט קריגן אַרבעט אין אַ שאָפּ? האָט מען געדאַרפט פאַר אים עפּעס קריגן אַ באַשעפטיקונג, איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז איך זאָל זיך ווענדן צו אײַך גענאָסע באַראַנדעס. איר קאָנט אפשר געפינען עפּעס פאַר אים?

— פאַרוואָס דווקא איך? פאַרוואָס קומט מען רק צו מיר? באַראַנ־דעס איז דאָך נאָר איין מענטש, ניט קיין צוואַנציק! — האָט ער געזאָגט אָבער אָן כעס, און ער האָט זיך איבערגעשלאָגן, — נו, גוט. וואָס קאָן איך זיך העלפן? שיקט אים מאָרגן צו מיר, וויערא. און ווער איז דער פייגל? — האָט ער אָנגעוויזן אויף ווילין.

— דאָס איז אַ באַקאַנטער גענאָסע מײַנער.

באַראַנדעס האָט גוטמוטיק אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— קיין עין־הרע. אַזאַ גענאָסע קאָן דאָך אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די ניו יאָרקער פּאָליס. וואָס פאַר אַ בייבי! וואָס פאַר אַ עופּהלע! בײַ וואָס אַרבעט ער?

— בײַ קלאָוקס.

— און אַ יוניאָן־מאַן זענט איר? — האָט באַראַנדעס דערנאָך זיך אַ קער געטאָן צו ווילין.

— איכ'ל זײַן! — האָט יענער געענטפערט מיט דרך־ארץ.

— געדענק־זשע! — האָט באַראָנדעס אַ סטראַשע געטאָן צו אים מיט אַ פינגער.

און ער האָט צוגעלײגט אויף טיפע, אונטערשטע טענער, אַרויס־דעקלאַמירט זײַנע ווערטער מיט אַ באַזונדערער פײַערלעכקייט:

— אין דער יוניאָן ליגט די מאַכט פון דעם אַרבעטער!

און ער איז אַוועק.

ווילי האָט נאָכדעם אויסגעזעען אינגאַנצן באַגײַסטערט. ער האָט זיך אָנגערופן:

שוין מאָרגן נעם איך אַרויס אַ ביכל פון דער יוניע און גיי דאָס ווײַזן טאַקע אים באַראָנדעסן!

פון דעמאָלט אָן אָגב האָט מען אים אָפט געזעען דאָרט וווּ באַראָנ־דעס איז געווען. און פון דעמאָלט אָן, דאַכט זיך, האָט מען אים אויך אָנגע־הויבן צו רופן „ווילי דאָס עופהלע"!

— ג —

איך דערמאָן זיך אָן אַן אַנדער געלעגנהייט, ווען באַראָנדעס האָט שאַרף געערדט און אויך ווען איך האָב געזעען ווי אַזוי ער איז פאַרגע־טער געווען פון יידישע אַרבעטער אין יענער צײַט.

דאָס איז געווען אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואָס זי איז פאַרגעקו־מען אין דעם אַמאָליקן גרויסן לאָקאַל אויף ברום סטריט, אין אַמאָ־ליקן „ניו אוירווינג האָל".

דער לאָקאַל איז געפּאַקט געווען מיט יידישע אַרבעטער. גאַמפּערס האָט דאָרט גערעדט און מ. קאַץ. די רעדנער האָבן גערעדט קעגן די „פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן", וועלכע זײַנען אַלע מאָל געווען אָנגעפירט פון די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און וועלכע האָבן גע־פירט אַ קאַמף קעגן די אַנאַרכיסטן און „פּיור און סימפּליניקעס" פון סעמיועל גאַמפּערס און זײַנע אָנהענגער.

די יידישע אַרבעטער האָבן ניט געלאָזט ריידן גאַמפּערסן. און ווי ער האָט ניט געפּרוּווט זיי באַהערשן מיט זײַן לייבן־שטים, האָבן זיי אים פאַרשריען. אַזוי האָבן זיי אויך פאַרליאַרעמט מיט זייערע געשרייען מ. קאַצן.

און מיט אַמאָל באַווײַזט זיך אויף דער פּלאַטפאָרם די הויכע גע־שטאַלט פון באַראָנדעסן. פּאַמעלעך, ווי ער וואָלט געמאָסטן זײַנע טריט, דערנענטערט זיך צום פראָנט פון דער פּלאַטפאָרם, און מיט זײַנע גרויסע

אויגן, וואס קוקן פאר זיך א ביסעלע ווי תמעוואטע, שטודירט ער פאר זיך דעם עולם אין דעם לאקאל.

און מיטאמאל בלייבט ער שטיין און טוט ניט א ריר אפילו מיט קיין גליד. ער שטייט נאך א ווײַלע און נאכדעם דערהערט זיך זײַן קול:

— שנײַדערוקעס, וואס האט איר זיך אזוי צעיושעט, ווי חזירים! שטילער, לאזט ריידן די רעדנער! דרך־ארץ, כאמולעס!

און ווי מען האט דאס אים אפלאדירט דעמאלט! און ווי רויק דער עולם איז דערנאך געזעסן אויף די ערטער, בעת גאמפערס און קאץ האבן ווידער גערעדט!...

קיינער פון די אנדערע ייִדישע רעדנער אין יענער צײַט וואלט זיך ניט דערוועגט צו ריידן און צו נוצן אזא טאן און לשון אין די רעדעס צו די ייִדישע ארבעטער, ווי ער, באראנדעס. זיכער וואלט מען אן אנדערן רעדנער פארשריען, צי פון דער פלאטפארם אינגאנצן ארונטערגעטריבן, ווען ער וואלט זיך דערוועגט אזוי צו ריידן.

הײַנט פארוואס האט מען זיך צו זײַנע רעדעס, צו די רעדעס פון באראנדעסן, אזוי אנדערש פארהאלטן?

צוליב אט די טעמים, נאך מײַן מיינונג:

ערשטנס, האט זיך אין אים, אין זײַן גאנצער געשטאלט און אין זײַן גאנצער האלטונג, ווי אין זײַן טאן געפילט דער קאמאנדיר.

צווייטנס, האבן די ייִדישע ארבעטער געגלויבט אין אים אין יענער צײַט ממש פאנאטיש, און מיט יעדן איינציקן ווארט, וואס זיי האבן פון אים געהערט, האט עס געמעגט זײַן ווי גראב און ברוטאל, איז ער אויסן געווען — זײַנען זיי געווען זיכער — נאר זייער טובה...

האבן דאך — דערציילט מען — די פרומע צוהערער פון דעם קעלמער מגיד אויפגענומען די קללות פון זײַנע דרשות, מיט וועלכע ער האט זיי געשטראפט און געשאלטן, אויך מיט ליבע און נשמה־באַגײַסטערונג...

און, אחוץ דעם, האט ער אין יענער צײַט געוויזן מער ווי וועלכער אנדערער ארבעטער־רעדנער, און אפטער איידער די אנדערע, ווי איבער־געגעבן ער איז געווען צו זיי, די ייִדישע ארבעטער.

דהיינו:

נישט איינמאל איז ער געקומען מיט א צעבלוטיקטן קאפ פון א שאפ וווּ ער האט ארויסגערופן ייִדישע ארבעטער אויף א שטרײַק; און דערנאך האט ער דאס טאקע, וואס מען רופט — „ד ר א מ א ט י ־ ז י ר ט" אויך אויף א גאר באזונדערן אופן פאר דעם ייִדישן ארבעטער־

עולם אינעם לאָקאַל מיט אַ רעדע זײַנער, אונטערשטרײַכנדיק שטאַרק זײַן גרייטקייט אַפילו צו שטאַרבן פאַר די אינטערעסן פון דעם ייִדישן אַרבעטער.

און די ייִדישע אַרבעטער האָבן אים דעמאָלט געגלויבט, פאַנאַטיש געגלויבט, ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט.

באַראָנדעס האָט געטאָן אַ סך פאַר דעם ייִדישן אַרבעטער אין יענער צײַט; אָבער וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער געוואָלט, אַז אַלע זאָלן וויסן. בסתר האָט ער קיין זאַך נישט געטאָן, ניט פאַר די אַרבעטער און ניט פאַר אַנדערע, ניט אַמאָל און ניט אין די שפּעטערע יאָרן...

מען האָט געמוזט הערן וועגן אים; מען האָט געמוזט זען אים; מען האָט געמוזטריידן און שרײַבן און טראַכטן וועגן אים...

צוליב דעם האָט ער זיך אײַנגעשפּאַנט אַמאָל אין אַ וואָגן און אים געבראַכט צו שלעפּן אויף ראַטגערס סקווער און דערנאָך זיך אָוועקגעשטעלט אויף אים ריידן צום עולם.

צוליב דעם איז ער כמעט אַלע מאָל אין יענע יאָרן געווען דער מאַרשאַל פון דעם מאַי־פּאַראַד און ער איז געפאָרן פאַר דעם פּאַראַד אויף אַ ווײַסן פערד מיט אַ רויטע לענטע איבערן אַקסל...

און צוליב דעם איז ער אין די שפּעטערע יאָרן געווען אַ מאַרשאַל בײַ לויות פון באַרימטע פּערזענלעכקייטן, ווי יעקב גאָרדין למשל, ווען ער איז שוין געגאַנגען פאָרויס פאַר דער לויה מיט אַ שוואַרצער לענטע איבערן אַקסל און מיט אַ הויכן צילינדער־הוט.

און צוליב דעם אויך איז ער אַמאָל אויפגעטראָטן אַלס אַקטיאָר אין אַ פּיעסע, וואָס מען האָט געשפּילט אין טאַליע טעאַטער צו אַ בענעפיט פון דעם „פאָרווערטס".

די פּיעסע יענע איז געווען פון אַקטאַוו מירבאָ — „די פּאַסטוכער" — און זי איז איבערזעצט געווען פון יעקב גאָרדין ספּעציעל פאַר יענעם בענעפיט.

און אויך צוליב דעם — רעכן איך — איז ער אַזוי אַפּט אַיבערגעלאָפן פון די אַנאַרכיסטן צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן צו די אַנאַרכיסטן.

און, אגב, צוליב דעם, משמעות, האָט ער געוואָלט זײַן אויך אַ שרײַבער. אין יענער צײַט האָט ער פאַר מיר און קאַצן אַ פּאָר מאָל געלייענט סקיצן זײַנע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. אַ מוראַדיקע שרײַבערײַ איז דאָס געווען, דערמאָן איך זיך. און אַ לשון... מערקווירדיק, דער

זעלביקער באראנדעס, וואס נאר איין חיים ווײַנבערג, דער ווונ־דערלעכער אנארכיסטישער רעדנער, האט גערעדט מיט אזא פריש־קוואלנ־דיקן ייִדיש, ווי ער, האט געשריבן זײַנע סקיצן מיט א שרעקלעכן לשון.

ווידער א באוויַז, אז איר דארפט זיך ניט וווּנדערן, אויב אײַערער א גוטער רעדנער וועט זיך ארויסווײַזן פאר א „קאליוק" אין זײַן שרײַבן, און פארקערט...

פונדעסטוועגן איז דער זעלביקער יוסף באראנדעס שפּעטער גע־ווען דער רעדאקטאר פון דער „יוניאָן צײַטונג" א שטיקל צײַט. איך רעכן אבער, אז דאס איז געווען זיכער נישט דערפאר, ווײַל ער איז געווען א שרײַבער.

— ד —

מיט אלע זײַנע שוואכקייטן — און אנדערע פון זיי גאר ניט קיין אנגענעמע — האט ער אבער איין גרויסע מעלה געהאט: ער איז געווען א מ ע נ ט ש ל ע כ ע ר  מ ע נ ט ש  מיט גאר א סך גוטסקייט. צו טאן א מענטשן א טובה איז ער תמיד גרייט געווען סײַ אין די אמאליקע יארן און סײַ אין די שפּעטערע! אמת, ער האט ליב געהאט זיך צו בארימען דערמיט און אויף אז אנדער אופן צו לאזן וויסן דער וועלט, וואס ער, באראנדעס האט געטאן; אבער  ג ע ט א ן  האט ער דאך א גוטע זאך!...

גאר א סך מענטשן וואלטן געקענט דערציילן, וואס באראנדעס האט פאר זיי געטאן, און, דער עיקר, די געשיכטע פון דער ייִדישער ארבעטער־באוועגונג אין אמעריקע וואלט געקענט דערציילן גאר־גאר א סך וועגן דעם, וואס יוסף באראנדעס האט געטאן פאר די ייִדישע ארבעטער אין דעם פּרט פון אויפוועקן אין זיי דעם געדאנק און דעם ווילן, צו ווערן מיטגלידער פון פּראפעסיאנעלע פאראייניגן, „יוניאַנס"...

און דאס, דער עיקר, איז ער געווען: א „טרעיד־יוניאָניסט", וואס מען רופט. אז אגיטאטאר פאר פּראפעסיאנעלע פאראייניגן, „יוניאַנס", נישט מער, אידעיִש נישט קיין סאציאליסט, באמת, נישט קיין אנארכיסט, באמת, נאר בפירוש א „טרעיד יוניאָניסט". און נישט מער; א „ברודער", הייסט עס, און נישט קיין „גענאסע"...

***

די רוסיש־ייִדישע אינטעליגענץ אויף דער היגער ייִדישער גאס האט פון אים נישט געהאלטן. אנדערע פון אט די אינטעליגענטן האבן אים פײַנט געהאט. און אנדערע פון זיי האבן געלאכט פון אים און אים גערופן

„באַראָן־דע־עם". געווען איז דאָס טייל פאַר קנאה און מער נאָך דערפאַר, ווײַל זיי האָבן מיט אים נישט געקענט ריידן וועגן דער רוסישער ליטעראַטור און רוסישע שרײַבער, און, בכלל, נישט וועגן ליטעראַרישע און אַנדערע ענינים פון אַט דעם מין.

ער גראָד האָט געוווּסט וועגן דעם. און דערפאַר האָט ער בײַ יעדער געלעגנהייט געמאַכט חוזק פון אַזאַ אינטעליגענט.

און, זיצנדיק אין דער אַמאָליקער קיבעצאַרניע אויף דיוויזשאַן סטריט, האָט ער פון זײַן טישל אַמאָל געקוקט צו אַ פאַר אינטעליגענטן אַזעלכע, וואָס זײַנען געזעסן בײַ אַ טישל אַנטקעגן, און ער האָט געערעדט, געוויינלעך, צו אַן אַרבעטער, צו איינעם פון זײַנע חסידים, וואָס ער איז בײַ זײַן טישל געזעסן:

— קוק נאָר אָן אָט די פּאַניעס! אַנו, פרעג זיי, אויב זיי האָבן שוין עפּעס אַמאָל געטאָן אויף זייער לעבן, וואָס זאָל געטונקט זײַן אין דעם שווייס פון פראַצע!...

דערפאַר איז ער געווען גוט אויפגעלייגט, ווען נאָר ער איז געווען צווישן ייִדישע אַרבעטער. דעמאָלט איז ער געווען פריילעך, לוסטיק און „גוט ברודער" מיט אַלעמען. באַזונדערס אין עלף פאַיק סטריט.

דווקא דאָרט, ווו די לופט אַליין, האָט זיך געדאַכט, איז געווען אָנגעזאַפט מיט התלהבות פון הייליקן קאַמף און מיט דער ערנסטקייט פון פאַנאַטיקער, איז באַראָנדעס נישט געווען ערנסט.

ער האָט דערציילט פריילעכע מעשהלעך, וואָס זיי זײַנען געווען דער היפוך פון ערנסטקייט, און ער האָט געקלאַפט די מענטשן אַרום אים איבער די קני, איבער די אַקסלען, איבער די תחתונים פון הינטן, אונטערגעשטעלט זיי אַ פוס, אַז זיי זאָלן פאַלן, און אַנדערע „שטוקעס" אָפּגעטאָן מעשה ייִנגל...

נאָר אָט האָט מען אָנגערירט אַ פראַגע וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, וועגן „סוועט־שאָפּ" און יוניאָנס, און ער, באַראָנדעס, איז געוואָרן מיט־אַמאָל אַן אַנדער מענטש. ממש ווי אַ נײַע הויט וואָלט זיך אויף אים אָנגעצויגן, זײַן פּנים איז געוואָרן ערנסט, און גערעדט האָט ער דעמאָלט גאָר אין אַן אַנדער טאָן: פאַמעלעך און אויף די נידעריקע טענער, ווי ער וואָלט זײַנע ווערטער געקליבן און געציילט, ווי ער וואָלט געוווּסט, אַז יעדעס וואָרט זײַנס וועגן אָט דעם ענין איז זייער וויכטיק געווען, מחמת דער אמת איז דאָס געווען, דער אמתער אמת...

אָט אַזאַ האָב איך געקענט באַראָנדעסן, און אַזוי איז ער פאַרבליבן אין זכרון בײַ מיר...

# עלפטער קאַפּיטל

## יאָהאַן מאָסט

— א —

די גרעסטע השפּעה אויף עלף פּאַיק סטריט האָט געהאַט יאָהאַן מאָסט. די ייִדישע אַנאַרכיסטן האָבן אים פּשוט פאַרגעטערט. זיין השפּעה אויף די ייִדישע אַנאַרכיסטן אין יענער צייט איז נישט געווען קיין קלענערע, ווי דאַניעל דעליאָנס — אויף די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן שפּעטער.

מאָסט האָט זיין הויפּט־אַגיטאַציע אָנגעפירט אינעם ייִדישן קוואַרטאַל.

צו זיינע לעקציעס איבער דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס ער האָט זיי אין יענער צייט פאַרגעלייענט יעדע וואָך אין דעם אַמאַליקן ניו אוירווינג האָל, אויף ברום סטריט, זיינען געקומען מערסטנס ייִדן און... פּאָליסלייט.

איך דערמאָן זיך, ווי אומאָנגענעם איך בין געוואָרן איבערראַשט פון זיין אויסזען, ווען איך האָב אים דערזען דעם ערשטן מאָל. (דאָס איז געווען באַלד ווי איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק פון פילאַדעלפיע).

די געגנאַסינע מיינע, וויעראַ, און אַ פריינט פון עלף פּאַיק סטריט, וואָס זיין נאָמען האָב איך איצט פאַרגעסן, האָבן מיך דעמאָלט מיטגענומען אין אַ ביר־סאַלאָן, ערגעץ אויף דער פערטער, צי דער פינפטער סטריט, אין אַ קעלער. דאָרט איז געווען דער פּלאַץ, וווּ די דייטשע אַנאַרכיסטן זיינען אַריינגעקומען.

זיץ איך מיר דעמאָלט מיט וויעראַן און מיטן פריינט פון פּאַיק סטריט ביי אַ טישל, זופּ דעם ביר און קוק זיך צו צו די דייטשע גענאָסן, וואָס זיי זיצן אַרום די אַנדערע טישלעך, אָדער שטייען אַרום דעם לאַנגן שענק־טיש, און טרינקען ביר און ליאַרמען.

חינטער אונדז לייענט הויך אויפֿן קול אַ בלאָנדער דײַטש דעם באַ ריכט „ברייווקאַסטן“ פֿון מאַסטס „פֿרײַהייט“, און צוהערער לאַכן, קלאַפּן מיט די גלעזער און מיט די פֿויסטן אין טיש און לאַכן.

אַ דיקע, מיטליאַריקע בלאָנדינקע, וואָס זי הערט זיך אויך צו צו מאַסטס בריוווקאַסטן, טרינקענדיק ביר פֿון אַ גרויסער גלאָז, קוויטשעט יעדע ווײַלע אַרויס: — אָך, דער ליבער, ליבער מאַסט!

און מיטאַמאָל דערהערט זיך פֿון אַ ווינקל גאָר אַ געזאַנג: — די פֿרײַהייט! פֿרײַהייט!

און דאָס דאַזיקע ליד ווערט אונטערגעכאַפּט פֿון אַלע זײַטן. אויך ווײַראַ בײַ מײַן טיש און דער פֿרײַנט פֿון עלף פּאָיק סטריט זינגען מיט די אַנדערע מיט פֿרומע מינעס און מיט גאַנץ שלעכטע שטימען.

נאָכדעם, אַז עס איז שטיל געוואָרן, דערהער איך מיטאַמאָל, ווי עמע־צער זידלט עמאַ גאָלדמאַן.

לעבן שענק־טיש שטייט אַן עלטערער דײַטש און געוואַלדעוועט ממש וועגן עמאַ גאָלדמאַן, קלאַפּט אין טיש און גיסט אויף איר פּעך און שוועבל.

ווײַראַ זאָגט מיר, אַז דער דאָזיקער געגנער, וואָס רעדט מיט אַזאַ בעס וועגן עמאַ גאָלדמאַן, איז אַ פֿאַרברענטער „מאָסטיאַנער“ און ער איז אויפֿגעבראַכט קעגן איר, מחמת זי, עמאַ, האָט מיט אַ קורצער צײַט צוריק געהאַט די חוצפּה צו דערלאַנגען מאָסטן אויף אַן עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונג מיט אַ בײַטש איבערן פּנים.

די מעשה איז אַזוי געווען:

בעת דעם האָמסטעדער שטרײַק, ווען אַלעקסאַנדער בערקמאַן האָט פֿאַרוווּנדעט פֿריקן, איז מאָסט אַרויסגעטראָטן דעמאָלט קעגן בערקמאַנען און עמאַן.

דערנאָך, אַז מען האָט בערקמאַנען פֿאַרמשפּט צו געפֿענגעניש, האָט מאָסט ווידער געשריבן אין זײַן „פֿרײַהייט“ קעגן בערקמאַנען און עמאַן אויף אַ גאָר גראָבן אופֿן.

איז נאָכדעם געקומען אויף אַ פֿאַרזאַמלונג עמאַ גאָלדמאַן און זי האָט געפֿאָדערט פֿון מאָסטן אַז ער זאָל דאָס וואָס ער האָט געשריבן וועגן בערקמאַנען און וועגן איר צוריקציען, און אַז ער האָט איר נישט געוואָלט ענטפֿערן אַפֿילו אויף דעם, האָט זי אַרויסגעכאַפּט אַ בײַטש פֿון אונטערן בוזעם און מיט איר דערלאַנגט אים איבערן פּנים.

פֿון דעמאָלט אָן זײַנען קעגן איר אויפֿגעבראַכט געווען סײַ די דײַטשע און סײַ די ייִדישע אַנאַרכיסטן.

און אין אַ ווײַלע אַרום צערעדט זיך וויערא, וואָס זי אַליין איז אויך געווען אויפגעבראַכט קעגן עמאַ גאָלדמאַן (טאָקע מחמת אַט דער אייגענער געשיכטע), מיט יענעם עלטערן דײַטש, און באַלד זעצט זיך יענער צו צו אונדזער טיש און באַשטעלט פֿאַר אונדז „פֿיר בירס".

און ווידער רעדט ער וועגן דער אומפֿאַרשעמטער עמאַן, און ווידער קלאַפּט ער אין טיש...

— ב —

און מיטאַמאָל באַוויַזט זיך אויף די טרעפּ פֿונעם קעלער, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן, עפּעס אַ פּאַרזעעניש...

אַ קײַלעכדיקע געשטאַלט מיט אַ פּאַרקרימטן מויל האָט זיך געדוקט פֿאַמעלעך און פֿאַרטראַכט איבער די שטיינערנע טרעפּלעך אַרונטער. אָנגעטאָן אין אַ גרויסן, לוסטרינענעם רעקל, איז די דאָזיקע געשטאַלט טראַט בײַ טראַט געגאַנגען פֿון די טרעפּלעך אין קעלער אַרײַן און האָט נישט געקוקט, האָט זיך געדאַכט, אויף קיינעם, נאָר אין זיך אַרײַן.

און גלײַך, ווען אַט די געשטאַלט האָט זיך באַוויזן, איז אינעם קעלער אויף אַ ווײַלע געוואָרן שטיל, און דער אַלטער דײַטש, וואָס ער איז בײַ אונדזער טישל געזעסן, איז אויפגעשפּרונגען פֿון זײַן שטול מיט אַן אײַנגעהויקערטן נאַקן און האָט זיך געלאָזט כמעט לויפֿן צו דער געשטאַלט מיטן פּאַרקרימטן מויל.

— דאָס איז מאָסט! — מאַכט צו מיר וויערא.

— מאָרגן! — מאַכט די קײַלעכדיקע געשטאַלט אויף אַ טיפֿן באַס, ווי בײַ אַ רוסישן דיאַקאָן, און אויף דעם פּאַרקרימטן מויל ציטערט עפּעס ווי אַ שמייכל.

מאָסט האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַם שענק־טישל און אָנגעשפּאַרט זיך מיט ביידע עלנבויגנס אָן טיש און געוואַרט מען זאָל אים דערלאַנגען זײַן ביר.

און באַלד זײַנען אַלע איבעריקע דײַטשן אינעם קעלער, און צווישן זיי אַ פּאָר פֿרויען, געשטאַנען אַרום אים בײַם שענק־טיש. מען האָט גערעדט און געלאַכט, און געטרונקען.

איך מיט וויעראַן און מיטן פֿרײַנט אונדזערן זײַנען געבליבן זיצן בײַ אונדזער טישל. איך בין געווען אינגאַנצן צעטומלט. דאָס איז מאָסט? אַט די פּאַרזעעניש?!...

און, הגם ער איז געשטאַנען צו אונדז איצט מיטן רוקן, האָט זיך



פאַולינע סטגאַל - קאָברין

פֿאַר מײַנע אויגן נאָך אַלץ געטראָגן זײַן פּנים, אײַנגעראָמט אין אַ רונדן בערדל, וואָס אויף איין זײַט איז עס געווען הויך און ברייט, ווי עס וואָלט געטראָגן אויף זיך אַ מאַפּלטע באַק, און אויף דער אַנדערער — אײַנגעפֿאַלן, כמעט אײַנגעזאַנצן אין אַ באַק, נאָר מויל און פֿאַרקרימטע ליפּן...

די אַנדערע אַרום אים האָבן גערעדט און ער האָט געשוויגן. בלויז — פֿון צײַט צו צײַט האָט ער זיך אויך אַרײַנגעמישט, און זײַן קול האָט דערמאָלט אָפּגעהילכט איבערן קעלער, ווי די באַסאָווע טענער פֿון אַ גרויסן גלאָק.

איך דערמאָן זיך קלאָר אין זײַנער אַ פֿראַזע, וואָס איך האָב געהערט דעמאָלט, זיצנדיק בײַם טיש, פֿון דערווײַטנס:

— מאַיאַריטעט? יאָ, יאָ, די לאַנגע אויערן דעם עזעלס!...

שפּעטער קוקט ער זיך אום אויף אונדז, און ווידער ווערט מיר אומאַנגענעם, כמעט מוראדיק, ווען איך דערזע זײַן פּנים. ער דערקענט וויעראַן און דעם פֿרײַנט פֿון עלף פֿאַיק סטריט, און רופֿט זיי צו. זיי גייען צו צו אים, און איך מיט זיי.

וויעראַ דערציילט אים, אַז זי האָט אים געבראַכט עטלעכע דאָלאַר פֿאַר דער „פֿרײַהייט". ער נעמט זי אָן פֿאַר דער האַנט און באַדאַנקט איר.

דערנאָך זאָגט זי מאָסטן, אַז איך בין אַ גענאָסע, — פֿון פֿילאַדעלפֿיע.

ער לאַדט מיך אײַן צו טרינקען ביר, און דערנאָך, אַז איך האָב נישט געוואָלט מער טרינקען, געדענק איך האָט ער זיך אָנגערופֿן אומגעפּער אַזוי:

— די רוסן וואָלטן געווען גאָר פֿײַנע קערלען און די בעסטע גענאָסן, ווען זיי וואָלטן געטרונקען ווײניקער טיי און מער ביר...

— ג —

אין דער אייגענער וואָך דעמאָלט בין איך צום ערשטן מאָל געגאַנגען הערן אַ לעקציע פֿון מאָסטן אין ניו אוירווינג האָל, און איך גלויב נישט, אויב יענער אײַנדרוק, וואָס זײַן רעדע האָט אויף מיר געמאַכט דעמאָלט, וועט ווען־עס־איז אָפּגעווישט ווערן פֿון מײַן זכרון.

ווו איז אַהינגעקומען זײַן פֿאַרקריפּלטער פּנים? מען האָט אים נישט באַמערקט מער, מען האָט אײַנגעזאַנצן אַז דעם שרעקלעכן פּנים פֿאַרגעסן, בעת ער, יאָהאַן מאָסט, האָט דאָרט אויף דער פּלאַטפֿאָרמע גערעדט.

אײנעם האָל — קעפּ, קעפּ פֿון מענטשן און פֿאַליסלײַט, ווו נאָר דאָס אויג איז נישט געפֿאַלן, און זיי אַפֿילו האָט מען אויך נישט באַמערקט.

געזען האָט מען בלויז די מענטשן, וואָס מאַסט האָט אין זײַן רעדע געשילדערט, די גײַסטיקע גבורים, און די מענטשן־ווערעם...

ער האָט דעם עולם ממש היפּנאָטיזירט. ער האָט געהאַט יענעם כוח, צו צווינגען דעם עולם צו זען און צו פילן דאָס, וואָס ער אַליין האָט געזען און געפילט, וואָס דאָס איז, נאָך מײַן מיינונג, דער הויפּט־סימן פון יעדן אמתן טאַלאַנט און אויף יעדן געביט פון קונסט.

האָט ער גערעדט פון דער קאַפּיטאַליסטישער בעסטיע, איז פאַר דעם עולם אויסגעוואַקסן אַ מוראדיקע בלוט־דורשטיקע חיה־רעה מיט אַ פרעסער, ווי אַ פינצטערער אַפּגרונט, וואָס שלינגט און פאַרשלינגט די וועלט, הימל און ערד און אַלעמען און אַלצדינג, וואָס לעבט דאָרט, — וואָס שלינגט און פאַרשלינגט און בלײַבט נאָך אַלץ הונגעריק...

האָט ער גערעדט וועגן קאַמף, האָט זײַן פײַער אַלעמען אָנגעצונדן, און יעדער איינציקער פון זײַנע צוהערער האָט דערפילט אין זיך אַליין דעם קעמפער אויף לעבן און טויט.

האָט ער גערעדט וועגן רעוואָלוציאָנערן נצחון, האָבן אַלע זײַנע צוהערער דעם דאָזיקן נצחון מיט שמחה געפילט.

פון צײַט צו צײַט האָט ער מיטאַמאָל אָנגעוויזן אויף די פּאָליסלײַט אינעם האָל און געמאַכט אַ באַמערקונג וועגן זיי און אין אַזאַ הומאָריסטישן טאָן, אַז דער האָל איז פאַרהילכט געוואָרן פון געלעכטער.

ער האָט נישט מורא געהאַט, אַז מען זאָל אים אַרעסטירן. דאָס געפענגעניש, ווו ער האָט מער ווי אַ העלפט פון זײַן לעבן פאַרבראַכט, האָט אים נישט געשראָקן. פאַר אים איז דאָס געפענגעניש געווען בלויז אַ קליין צימערל — גיכער אַן אָפּרו־צימערל פון דעם גרויסן געפענגעניש — די הײַנטיקע אָרדענונג — קעגן וועלכער ער האָט געקעמפט מיט אַזאַ האַס.

מען האָט געדאַרפט הערן זײַן קול און זײַן טאָן, בעת ער האָט גערעדט פאַר אַן עולם וועגן דער „קאַפּיטאַליסטישער בעסטיע", כדי מען זאָל האָבן אַ באַגריף פון זײַן האַס... שלאַנגען האָבן געשיפּעט אין זײַן קול, און זײַן טאָן האָט מיט סם געשפּריצט...

ער איז געווען איינער פון די גרעסטע רעדנערס — אפשר דער גרעסטער — וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן אין מײַן לעבן. און מיר פאַלט נאָך אײַן, אַז אפשר איז אין אים פאַרלאָרן געגאַנגען נאָך אַ גרעסערער בינע־קינסטלער. מחמת יענע, וואָס האָבן אים נישט געהערט, קענען זיך קוים פאָרשטעלן, ווי רײַך מיט פאַרבן און טענער זײַן אָרגאַן איז געווען און וויפל ער האָט געקענט מיט אים אויסדריקן...

און אפשר, װען נישט זײַן פאַרקריפּלטער פּנים...

מחמת די בינע האָט ער ליב געהאַט און נישט איינמאָל האָט ער אין יענער צײַט דאָ געשפּילט אין הויפּטמאַנס „װעבער".

— ד —

אַ דאַנק ל. מאַיסעיעװן, איז מיר אויסגעקומען צו זען מאַסטן אין יענער צײַט צװיי מאָל נישט דװקא אויף פאַרזאַמלונגען, אָדער צװישן זײַנע גענאָסן, נאָר בעת ער איז געזעסן אין דעם אַמאָליקן קאַפע בולװאַרד, אויף דער צװייטער עװעניו, װוּ מען האָט דעמאָלט געקענט טרעפן דאָס ביסל באַהעמעבץ פון די אונגאַרישע און רומענישע יידישע אימיגראַנטן און אויך אַקטיאָרן און אַקטריסעס פון דער ענגלישער און יידישער בינע.

יאָהאַן מאַסט איז דאָרט, געװיינלעך, געזעסן ביי אַ טישל, פאַרדרוקט ערגעץ אין אַ װינקל, מיט אַ דאַמע, מיט איינער פון זײַנע פאַר־ערערינס און ער האָט געטרונקען מיט איר... קיין טיי נישט...

אגב, נישט קוקנדיק אויף דעם, װאָס פיזיש האָט ער, מאַסט, געדאַרפט מאַכן דעם אײַנדרוק פון אַ פאַרזעעניש, זײַנען מיידלעך און װײַבלעך געװען אין אים פאַרליבט, און כמעט שטענדיק־שטענדיק האָט מען אים אין יענער צײַט געקענט טרעפן, זיצנדיק, צי גייענדיק, צי קומענדיק צו אַ לעקציע זײַנער מיט עמעצן פון די יונגע מיידלעך, אָדער װײַבלעך, װאָס זײַנען אין אים פאַרליבט געװען.

— אַ, װײַבערטום — האָט מאַיסעיעװ אַמאָל — געדענק איך — באַמערקט װעגן דעם אויף שפּאַס — אַ, װײַבערטום, װער קען זיך דאָס דערגרונטעװען ביז צו די פינצטערע פינצטערנישן פון דײַן נשמה!...

ער, מאַיסעיעװ, האָט יעדעס מאָל, אַז ער האָט זיך מיט מאַסטן דאָרט געטראָפן, אין קאַפע בולװאַרד, הייסט עס, אים געבראַכט אַן אַרטיקל פאַר זײַן צײַטונג — „די פרײַהייט". צוליב דעם איז ער לכתחילה געגאַנגען אַהין. בין איך צװיי מאָל דעמאָלט אַהין מיטגעגאַנגען מיט אים.

און, איידער מאַסט האָט ביי אים גענומען דעם אַרטיקל, האָבן מיר ביידע — מאַיסעיעװ און איך, הייסט עס — געמוזט טרינקען מיט אים און זײַן דאַמע אַ גלעזל װײַן פון דער פלאַש, װאָס איז געשטאַנען אויף זײַן טישל.

נאָכדעם ערשט האָט ער גענומען ביי מאַיסעיעװן דעם אַרטיקל, אַרײַנ־געקוקט אין אים אַ װײַלע און דערנאָך אים גענומען אין דער הויך לייענען, און — װי מען האָט געקענט זען — מיט הנאה.

אזוי בײדע מאָל, ווען איך בין געגאַנגען אַהין מיט מאַיסעיעוון.

איך דערמאָן זיך, דעם צווייטן מאָל, ווען איך בין געגאַנגען מיט מאַיסעיעוון, צו זען אים אינעם קאַפע-בולוואַרד, פרעגט ער מאַיסעיעוון, נאָכדעם ווי ער האָט זײַן אַרטיקל איבערגעלייענט מיט אַ וואַרעמען טאָן:

— דו יונגע, איסט זי בלאָנד?

— ווער? פרעגט מאַיסעיעוו מיט אַ שמייכל, מחמת ער האָט באַמערקט, אַז מאַסט האָט שפּאַס געמאַכט. דערקלערט אים מאַסט, אַז ער מיינט זײַן מוזע, מחמת אַז דער מוזע וואָלט ער, מאַיסעיעוו, נישט געשאַפן אָט דעם אַרטיקל, וואָס איז אַ שיין געדיכט...

מאַיסעיעוו לאַכט. ער טוט אַ קוק אויף דער דאַמע, וואָס זי זיצט לעבן מאַסטן מיט אַ קאַפּ האָר, וואָס זיי זײַנען איבערגעטריבן בלאָנד, און ער זאָגט, אַז זײַן מוזע איז אַן עכטע ברונעטקע...

און ער לייגט צו מיט באַטאָנונג:

— אַ נאַטירלעכע ברונעטקע, נאַטירלעך ביזן מינדסטן האָר!...

האָט מאַסט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ „קיבעץ״ געווען אויף דעם אַדרעס פון זײַן בלאָנדער, איבערבלאָנדער דאַמע, און ער האָט אין אַ שפּאַסיקן טאָן געוואָלט פועלן בײַ מאַיסעיעוון, אַז זײַן מוזע איז געווען אַ בלאָנדע, מחמת נאָר בלאָנדע און ליכטיקע מוזעס דיכטן און זינגען שיין. די ברונעטקעס אָבער מיט די שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן, קענען נאָר קרעכצן און יאָמערן. ער דער „יונגע״ — האָט ער געגעבן מאַיסעיעוון אַן עצה — זאָל דעם צווייטן מאָל זיך בעסער צוקוקן צו זײַן מוזע, וועט ער אַליין דעמאָלט זען, אַז זי, זײַן מוזע, איז גאָר אַ בלאָנדינקע ביז איר מינדסטן האָר...

מיר אַלע זײַנען דערנאָך פריילעך, און מאַסט מיטן שרעקלעך-פּאַרקרימטן מויל — מער פון אונדז אַלעמען. זײַן באַסאָווער געלעכטער הודיעט און אין זײַנע אויגן, קלאָרע און יונגע, פינקלען שטיפעריש פריידיקע, ליבטיקע פונקען.

דער באַרימטער יאָהאַן מאַסט, וואָס פון זײַן געפערלעך-רעוואָלוציאָנערן וואָרט ווערט כסדר די וועלט באַשיצט דורך מחנות גאַנצע דעטעקטיוום און פּאָליציייליַט און דורך געזעץ-סטאַטוטן און געפענגענישן, — אָט דער באַרימטער און פאַרגעטערטער יאָהאַן מאַסט, איז פריילעך און שטיפעריש ממש ווי אַ קינד. און ווי קאָמיש ער איז, און די מעשיות, וואָס ער דערציילט, זײַנען אויך עפּעס אַזעלכע, וואָס איך וואָלט בשום אופן נישט געגלויבט, אַז אַזאַ פערזענלעכקייט, ווי אַ מאַסט, זאָל זיי דערציילן!...

האָט דאָך דאָס געדאַרפט אים מאַכן וואַכיק אין אונדזערע אויגן? איז

געוועז דווקא פאַרקערט: דערמיט איז ער געוואָרן נענטער אונדז. נישט נאָר אַ פירער, אַ לערער, אַ גענאָסע אונדזערער איז ער געוואָרן, נאָר אַ גוטער, האַרציקער חבר וואָס מען האָט געקענט מיט אים אויף אַן אינטים מענטשלעכן אופן אַ לאַך טאָן און אַ שפּאַס טאָן...

אַזוי האָב איך געפילט און בפרט מאַיסעיעוו.

און דעמאָלט האָב איך אויך נישט באַמערקט, אַז אויף דער רעכטער זייט פון זיין פּנים האָט געפעלט אינגאַנצן אַ באַק און נישט, אַז זיין מויל איז אַזוי שרעקלעך צעקרימט געווען; איך האָב געקוקט נאָר אין זיינע אויגן, אַזעלכע קלאָרע און ליכטיקע, און בלויע — דאַכט זיך — אין וועלכע עס האָבן אַרומגעטאַנצט ליכטיקע פונקען, און איך האָב זיך צוגעהערט צו זיין באַסאָווען קול, וואָס האָט געקענט אויסדריקן אַזוי פיל...

דעם צווייטן מאָל, ווען איך בין אין יענעם קאַפע-הויז ביי זיין טיש געזעסן מיט מאַיסעיעוון, האָט ער פאַרגעלייענט אויף אויסנווייניק אַ ליד פון פערדינאַנד פרייליגראַט און אַ צווייטע פון גיאָרג הערוועג, און די ביידע לידער — ביידע פרייהייטס-לידער — האָט ער פאַרגעלייענט, ווי אַן אמתער מייסטער-פאַרלעזער . . .

מיר אַלע ביי זיין טיש אַפּלאָדירן אים. מאַיסעיעוו צעוואַרעמט זיך. ער רופט זיך אָן, אַז ער, מאַסט, האָט אַזוי וווּנדערלעך פאַרגעלייענט די לידער, אַז אַפילו פרייליגראַטס ליד האָט זיך אים אויסגעוויזן וווּנדערלעך.

און צווישן אים און מאַסטן האָט זיך פאַרפירט אַ דעבאַטע וועגן דעם דיכטער פרייליגראַט. מאַיסעיעוו האָט געהאַלטן פון הערוועגס פרייהייטס-לידער, אָדער פון זיינע „פּאָליטישע" לידער, — ווי ער האָט זיי באַ-צייכנט — אָבער נישט פון פרייליגראַטס. ביי הערוועגן זיינען זיי עכטע, פון זיין אינעווייניקסטן געמיט אַרויסגעזונגען — האָט מאַיסעיעוו גע-טענהט — און פרייליגראַטס לידער זיינען נישט קיין ריכטערישער געזאַנג, נאָר רעוואָלוציאָנערע פּראָגראַם-געשרייען...

האָט מאַסט מסכּים געווען מיט אים אויף אַזוי ווייט, אַז די לידער פון פרייליגראַטן זיינען געווען „רעוואָלוציאָנערע פּראָגראַם-געשרייען", אמת; אָבער אַט די רעוואָלוציאָנערע „פּראָגראַם-געשרייען" זיינען געווען געשרייען, וואָס זיי האָבן זיך געטראָגן פון דער טיפעניש פון דעם דיכטערס נשמה. און, מחמת דעם, לויט דער דעפיניציע פון אים, מאַיסעיעוון, אַליין, זיינען די לידער פון פרייליגראַטן עכטע דיכטונגען.

און, ווי אים וואָלט מיטאַמאָל דערעסן צו זיין ערנסט, האָט מאַסט, געדענק איך, זיך איבערשלאָגן און זיך אַ קער געטאָן צו זיין דאַמע און געזאָגט שטיפעריש:

— אבער „א ליב, זא לאנג דו ליבען קאנסט” — האט ער אויך געזונגען, אט דער פערדינאנד פרייליגראט.

***

יענעם אויפדערנאכט איז מיר אויסגעקומען צו הערן נאך א סך געדאנקען וועגן ליטעראטור בכלל פון מאסטן און מאיסעיעוון. מאסטס בליק אויף ליטעראטור איז געווען כמעט דער אייגענער ווי קאצס. א ווערק פון א שרייבער האט פריער ווי אלץ געדארפט ברענגען נוצן דעם לייענער אין דעם זין פון רעוואלוציאנערער אויפקלערונג, און מאיסעיעווס איז געווען, אז פריער ווי אלץ דארף א ווערק זיין גוט, מיט טאלאנט געשריבן; דעמאלט איז עס, ממילא, א נוצלעך ווערק.

בכלל, איז מאיסעיעווס מיינונג געווען — א מיינונג, וואס איך האב שוין פריער געהערט פון אים, בעת ער האט דיסקוטירט מיט קאצן וועגן פראפאגאנדע אין א ליטעראַרישן ווערק — אז יעדעס אמת ליטעראַריש ווערק וואס שילדערט דאס לעבן אין אונדזער היינטיקער געזעלשאפט, איז רעוואלוציאנער און איז אינדירעקטע פראפאגאנדע, און דערפאר אויך טיפערע פראפאגאנדע, ווי דירעקטע. מחמת אינדירעקטע פראפאגאנדע רעדט מיט דעם אמת פון קינסטלערישע בילדער, פון דעם קינסטלערישן ווארט, און דירעקטע פראפאגאנדע, ס'רוב — מיט דער איבערטריבענער, שרייענדיקער, באמבאסטישער פראזע, וואס מאכט אמאל א פארקערטן איינדרוק אויף מענטשן מיט געשמאק.

זיי ביידע, מאסט און דער געבווירענער ליטעראטור־קריטיקער ל. מאיסעיעוו (אגב, איז דער יידישער ליטעראטור ביי אונדז — דער ערשטער ליטעראַטור־קריטיקער) האבן גערעדט מיט צוויי באזונדערע שפראכן, ווען עס האט זיך געהאנדלט וועגן אזעלכע ענינים...

איך אליין האב אין אט דער דיסקוסיע זיך באטייליקט נאר מיט מיינע געדאנקען. ריידן האב איך נישט גערעדט, מחמת די דיסקוסיע איז אנגעגאנגען אויף דער דייטשער שפראך, וואס אויף איר איז מיר געווען שווער צו ריידן; אבער אין מיינע געדאנקען האב איך געהאלטן מיט דער שיטה פון מאיסעיעוון וועגן ליטעראטור.

(פון דער דאזיקער שיטה אגב, האב איך די גאנצע צייט געהאלטן און האלט נאך ביז היינט. און די איבערצייגונג מיינע פון גליעב אוספיענסקיס סקיצע: „זאדאטשא”, וואס מען קען נאך היינט פאררעכענען פאר א קינסטלעריש־ליטעראַריש פערל און וואס זי איז געווען דורכאויס

אינדירעקטע פּראָפּאַגאַנדע, איז בײַ מיר נישט געווען קיין צופאַל. דעם דאָזיקן געדאַנק וועגן אינדירעקטע פּראָפּאַגאַנדע פון קינסטלעריש־ליטע־ראַרישע ווערק, הייסט עס — געדענק איך — האָב איך אויך אויסגעדריקט אין שפּעטערדיקע אַרטיקלען מײַנע, אין אַזעלכע ווי „רעאַליזם און זײַנע נוצן", וואָס זײַנען געדרוקט געווען מיט צענדליקער יאָרן צוריק אין דער „צוקונפט" און אַזוי ווײַטער. אויך אין מײַנע דערציילונגען און ראָמאַנען, ווי אין מײַנע דראַמאַטישע ווערק, האָב איך זיך געהאַלטן, ווי ווײַט איך האָב געקענט, בײַ אָט דער שיטה).

***

ארום צוויי נאָך האַלבער נאַכט זײַנען מיר — מאָיסעיעוו און איך — פון קאָפּע בולוואַרד אַוועק נאָך אין אַ רעסטאָראַן אויף קאַנעל סטריט. דאָרט האָבן מיר געטראָפן קאַצן מיט ה. זאָלאָטאַראָוו, וואָס ער האָט פון צײַט צו צײַט דעמאָלט געדרוקט אַ ליד — אַ גאַנץ שלעכטן, אַגב — אין דער „פרײַע אַרבעטער־שטימע" אונטערן פּען־נאָמען: X. Y. Z.

אַז מאָיסעיעוו האָט פאַר זיי איבערגעגעבן די פּרטים פון זײַן דעבאַטע מיט מאָסטן וועגן דעם ענין פּראָפּאַגאַנדע אין ליטעראַטור, האָבן סײַ קאַץ און סײַ זאָלאָטאַראָוו מסכים געווען מיט דער מיינונג פון מאָסטן, פאַר־שטייט זיך.

קאַץ האָט זיך אָנגערופן:

— דעם בעסטן אַרגומענט וועגן דעם האָט מיר אַמאָל געגעבן אונדזער דוד עדעלשטאַט. איך ווײַז אים אָן, אַז אין אַ געוויסן ליד זײַנעם פעלט אַ זילבע, האָט ער מיר געענטפערט: ווי קען איך גאָר ריידן וועגן דעם, אַז אין זײַן ליד פעלט אַ זילבע, בעת די וועלט איז אַזאַ יאָמערטאָל און מיליאָ־נען און מיליאָנען מענטשן פעלט ברויט אין אָט דעם יאָמערטאָל — ברויט פאַר זיי און ברויט פאַר זייערע קינדער!...

צעהיצט זיך דעמאָלט די דעבאַטע צווישן מאָיסעיעוון און קאַצן, און זאָלאָטאַראָוון, און וועלכער איך אַליין באַטייליק זיך איצט.

און מיטאַמאָל ווערט דעמאָלט קאַץ אומרויִק. דער גוטער קאַץ מיטן שטענדיק־פרײַנטלעכן, זוניקן שמייכל, קוקט עפּעס מיט שנאה צו דער אַרײַנגאַנגס־טיר.

שולדיק איז געווען אין דעם אַ נײַע פּערזאָן, וואָס איז אַרײַנגעקומען אין רעסטאָראַן. די פּערזאָן איז געווען עמאַ גאָלדמאַן.

נישט קאץ און נישט זאלאטאראוו און נישט מאיסעיעוו האבן געקענט איר מוחל זיין פאר יענעם עפנטלעכן סקאנדאל, וואס זי האט געמאכט יאהאן מאסטן.

באלד האבן זיי זיך אויפגעהויבן און פארלאזן דעם רעסטאראן. איך מיט זיי.

אבער מיט עמא גאלדמאן איז מיר באשערט געווען זיך צו טרעפן אין א שטיקל צייט שפעטער.

# צוועלפטער קאפיטל

## פאולינע סעגאל

— א —

דערווייל פארליר איך מיין „דזשאב" פון א „טאבאק־סטריפער", וואס איך האב געהאט פריער אין דעם ציגארן־געשעפטל, און קיין אנדערן קען איך נישט געפינען אין יענעם הערבסט פון 1893, דאס הייסט, פון דעם בימערן קריזיס־יאר. און גאר־גאר אויף צרות ווער איך ערשט דערנאך אז מען האט ארויסגעזעצט מ. קאצן מיט זיין פאמיליע פון זייער דירה פאר נישט קענען צאלן קיין דירה־געלט.

דאס האט געמיינט, אז אויך איך, זייער אומזיסטער קווארטיראנט, האב נאכדעם געמוזט זוכן אן אנדער ווינקל, וווּ צו איבערשלאפן די נעכט.

האב איך דאך געדארפט האבן געלט פאר דעם און מיין פארמעג: אינגאנצן האט באטראפן ארום א צוויי דאלאר מיט עפעס... איז עלף פאיק סטריט געווארן דעמאלט מיין „נאכט־אסיילום" אויך, און א שטיקל צייט האב איך דארט די נעכט איבערגעשלאפן אויף א הארטער באנק, אינאיינעם מיט א האלב טוץ גענאסן, וואס זיי האבן נישט געהאט קיין אנדערן נאכט־געלעגער.

מיט שרעק און עקל דערמאן איך זיך אן א פאר פון אט יענעם האלבן טוץ אנארכיסטישע גענאסן, וואס האבן, ווי איך דעמאלט, געהאט זייערע נאכט־געלעגערס דארט אויף די הארטע בענק. שמוציקע, עקלדיקע נפשות זיינען זיי געווען סיי גייסטיק און סיי פיזיש.

נאך ביז היינט קען איך נישט פארשטיין, וואס פאר א מחותנים זיינען געווען יענע פאר מצורעים מיט די אידעאלן און אידייען, מיט וועלכע עס זיינען דורכגעדרונגען געווען כמעט אלע, אלע אין עלף פאיק

סטריט. ווי שטיקער פון דער דעמאָלטיקער בויערי וואָלטן פאַרטראָגן געוואָרן אין אַן אָרט, זוו קדושה האָט איר געצעלט געהאַט...

דער דײַטש טימערמאַן, דער שרײַבער און אַרויסגעבער פון דעם קליינעם אַנאַרכיסטישן „בראַנדפאַקל", האָט איינמאָל געזעצט דאָרט אויף איינער פון די האַרטע בענק, און ער האָט געהאַט בײַ זיך אין אַן אָרום־געבונדענער הויזן־קעשענע געלט, וואָס ער האָט חדשים לאַנג געקליבן און געשפּאָרט פאַר אַ נײַעם העפט פון זײַן זשורנאַל; האָט אים גאַרנישט גע־האָלפן דעמאָלט, וואָס די הויזן־קעשענע איז בײַ אים געווען אָרומגעבונדן: אין מיטן נאַכט האָט מען זי בײַ אים אַרויסגעשניטן פון די הויזן, בעת ער איז אין זיי געשלאָפן, אינאיינעם מיטן גאַנצן געלט, מיט וועלכן ער, טימער־מאַן, האָט געזאָלט אַרויסגעבן זײַן נײַעם העפט פונעם „בראַנד־פאַקל".

דער שטילער און פאַרחלומטער טימערמאַן איז דערנאָך געזעסן אַ צע־טומלטער. וואָס זאָל ער טאָן? דער נײַער העפט פון זײַן „בראַנד־פאַקל" וועט דאָך נישט קענען אַרויסגיין! אין אַזאַ צײַט זאָל נישט אַרויסגיין אַזאַ זשורנאַל, ווי דער „בראַנד־פאַקל", ווען מיליאָנען און מיליאָנען מענטשן גייען אָרום אָן אַרבעט און שטאַרבן ממש פאַר הונגער מיט ווײַב און קינ־דער, איז דאָך באמת געווען אַ קאַטאַסטראָפע האָט געהאַלטן ער, טי־מערמאַן...

פונדעסטוועגן האָט מען בײַ אים נישט געקענט פועלן, און אויך נישט בײַ קאַצן, דעמאָלט, אַז מען זאָלן פּרווון אַ זוך טאָן דאָס געלט, — צי מיט טימערמאַנס קעשענע, צי אָן זײַן קעשענע, — בײַ יענע פאַר פאַרשווינען, וואָס אינם האַרצן האָבן מיר, אַלע אַנדערע הייסט עס, אין פאַיק סטריט, חושד געווען, אַז דאָס איז געווען זייער „מלאכה"...

ערשטנס, כדי דאָס צו טאָן, האָט מען דאָך געמוזט זיי זאָגן, אַז מען איז זיי חושד, אַז זיי האָבן געגנבעט געלט, וואָס געהערט צו אַן אַנדערן, און דאָס וואָלט דאָך געמיינט אַז אַנאַרכיסטן האַלטן פון אייגנטום־רעכט, פון פּריוואַט־אייגנטום אין דער גרונטשאַפט. האָט מען דאָס געקענט טאָן?

און, צווייטנס, האָט מען זיך געהיט בכלל, — אַז וועגן דעם זאָל זיך נישט דערוויסן די גאַס, מחמת מער וואָלט נישט געפעלט, אַז מען זאָל זיך דערוויסן, אַז אין עלף פאַיק סטריט צווישן די ייִדישע אַנאַר־כיסטן האַלטן זיך אויף קעשענע־גנבים!

קורץ, האָט מען אָט די געשיכטע דעמאָלט אַזוי דערשטיקט, אַז פון די נאָענטסטע מענטשן אַפילו האָבן ניט אַלע וועגן דעם געוווּסט...

איך געדענק, למשל, ווען יוסף באַראָנדעס איז געקומען יענעם

בײַטאָג אין עלף פּאַיק סטירט, האָט מ. קאַץ מיר אײַנגערוימט אַ סוד, אַז איך זאָל, חלילה וחס, בּאַראַנדעסן װעגן דעם קײן װאָרט ניט דער־צײלן, מחמת ער האָט יענע צװײ פּאַרשװינען, װאָס מיר האָבן זײ חושד געװען, שטאַרק פֿײַנט געהאַט, און די גאַנצע צײַט האָט ער געטענהט, אַז מען זאָל אָט די „באַמערס" — װי ער האָט זײ גערופֿן — פֿון עלף פּאַיק סטריט פּאַרטרײַבן, װײַל קײן אַרבעטער זײַנען זײ קײנמאָל נישט — געװען און װעלן קײנמאָל ניט זײַן. מען װעט פֿון זײ אַמאָל לײַדן חרפּה און בושה און זײ װעלן אָנטאָן גרױסע צרות. אָט דערפֿאַר — האָט קאַץ מיך געװאָרנט — טאָר פּאַראַנדעס ניט װיסן װעגן אָט דער גאַנ־צער געשיכטע, אַניט קען אים נאָך אײַנפֿאַלן, צו טאָן טאַקע אָט די נאַרישקײט און נעמען זוכן בײַ זײ דאָס געלט...

אגב, אויף דער קשיא, װי אַזױ קומען גאָר אַזעלכע פּאַרשװינען אין אַזאַ באַװעגונג, װי די אַנאַרכיסטישע, האָט מ. קאַץ מיר אַמאָל אַזאַ ענטפֿער געגעבן:

— דער קלאָרסטער שטראָם, אױב ער טראָגט זיך גענוג שטאַרק אַרום אַ זומפּ, מוז פֿאַרכאַפּן אין זײַן שטראָם־געלאָף פֿון צײַט צו צײַט מיאוסמען, װאָס זײ פּלאָדיען זיך אין דעם זומפּ. אָבער דער קלאָרער שטראָם װעט דעם זומפּ סוף כל סוף אָפּשװענקען, און דעמאָלט װעט אַ סוף זײַן צו די מיאוסמען אױך!...

די קשיא מײַנע, פֿאַרשטײט זיך, איז געװען פֿאַרענטפֿערט:

— אַוודאי זײַנען יענע פּאַרשװינען געװען אַ פּראָדוקט פֿון דער זומפּיקער געזעלשאַפֿט אונדזערע, אָבער פֿאַרטראָגן זײ האָב איך פֿאָרט נישט געקענט...

בפֿרט אײנעם פֿון זײ, מיט רױטע האָר און מיט אַ באַשפּרינקלט פּנים. באַראַנדעס האָט זיך געבעטן אַלץ בײַ קאַצן:

— קאַץ, לאָז מיך אױספּאַטשן דעם באַמער, װעט ער ניט האָבן אַזאַ חוצפּה!

און געמײנט האָט ער טאַקע דעם, מיט די רױטע האָר און מיטן באַשפּרענקלטן פּנים.

אָט דער האָט געהאַט חוצפּה גאָר אָן אַ שיעור. אױסגעזען האָט ער שטענדיק װי ער װאָלט ערשט אַרױסגעקראָכן פֿון אַ מיסט־קאַסטן, צי פֿון אַ טיפֿער בלאָטע, נאָר, אַז ער האָט באַמערקט אַמאָל בײַ אײנעם פֿון די גענאָסן, װאָס האָבן דאָרט איבערגעשלאָפֿן, אַ נײַע װײַסע, גו־מענע „מאַנישקע", האָט ער זי צוגענומען בײַ יענעם און זי אַלײן אָנ־געטאָן אונטער זײַן בלאָטיקן רעקל.

און אז יענער האט גענומען שרייען, אז ער זאל אים צוריקגעבן זיין „מאנישקע", האט ער אנגעקוקט יענעם מיט אויגן פול מיט רציחה און דערקלערט, אז יענער זאל בעסער שווייגן, אניט וועט ער יענעם אויסדרייען א פּוס. מחמת ער האט פיינט „היפּאקריטס". א קאנסעקווענטער אנארכיסט האט געדארפט וויסן, אז עס איז נישטא „מיינע", „דיינע", „זיינע"! און דערפאר, אז אן אנארכיסט רעדט וועגן „זיין" מאנישקע, איז ער א היפּאקריט און מען דארף אים אויסדרייען א פּוס.

און אזוי האט ער געטענהט, ווען אן אנדערער האט אמאל פּראטעסטירט, הלמאי ער האט ארויסגעכאפּט ביי אים זיין לעצטן „סוויט־קאפּאראל"־סיגארעט.

סיי ער און סיי דער אנדערער פּארשוין, זיין חבר, מיט וועמען ער איז שטענדיק געווען צוזאמען, האבן אויפגעכאפּט געוויסע פראזן אנארכיסטישע, וועלכע זיי האבן אזוי בריהש גענוצט, אז די מערסטע פון די ארנטלעכע יידישע אנארכיסטן ארום עלף פאיק סטריט, האבן טאקע געגלויבט, אז זיי, אט די צוויי חברה־לייט, זיינען באמת געווען „קאנסעקווענטע אנארכיסטן", הגם אפילו זיי זיינען אביסעלע צו־ווילד געווען.

איך האב געמוזט היטן מיין „פּארמעגן" (די צוויי אפּגעשפּארטע דאלער מיינע), וואס איך האב געהאלטן אין א קעשענע. איך האב געמוזט היטן, אז אט די צוויי „קאנסעקווענטע אנארכיסטן" זאלן עס ביי מיר ניט „פּאצאפּן" ביינאכט, ווי דאס געלט ביי טימערמאנען. האב איך, ליגנדיק אויף דער הארטער באנק, זיך צוגעהערט דערפאר די גאנצע נאכט צו דער מינדסטער שושקעריי, צי מען גנבעט זיך ניט צו צו מיין קעשענע, צו מיין „פּארמעגן", הייסט עס...

מחמת אט די צוויי דאלער מיינע האבן מיך גע־ארפט פארזארגן ארום א צוויי וואכן מיט עסן און מיט רויכערן.

אין יענער צייט האבן געוויסע ביר־סאלאנען, דארפט איר וויסן, אויסגעשטעלט פאר זייערע קונדן גאנצע שיסלען מיט כלערליי עסנווארג. פאר פינף סענט האט מען אין אזעלכע ביר־סאלאנען געקאנט אויסטרינקען א גרויסע גלאז ביר און אנעסן זיך זאט מיט כלערליי קעזן און פליישן, מיטן פארביסן, הייסט עס, וואס זיינען דארט געווען אין די אויסגעשטעלטע גרויסע שיסלען.

האב איך זיך דערוווסט איינמאל, אז א ביר־סאלאן פון אט דעם מין מיט די בעסטע שווייצער־קעזן און מיט וווּרשט עפּעס גאר גאר אן אנטיקל געפינט זיך אויף הויסטאן סטריט עדגעץ. בין איך געגאנגען אהין צוערשט אליין, און אויף מארגן איז מיט מיר געגאנגען אהין מ. קאץ.

און אים האָט אויך אַזוי „פּאָליובעט" דאָרט, סײַ די שווייצער־קעז און סײַ די אַנגעשניטענע שטיקלעך ווורשט, וואָס זײַנען דאָרט געשטאַנען שיסלען גאַנצע, אַז ער האָט וועגן דעם געלאָזט וויסן אויך יצחק אייזיק הורוויטשן. פֿון דעמאָלט אָן האָב איך גאָר אָפֿט, ווען איך בין געקומען אין יענעם ביר־סאַלאָן געטראָפֿן דאָרט דעם ברייטן און הויך־געוויקסיקן יצחק אייזיקן מיט אַ גלאָז ביר, שטייענדיק איבער אַ שיסל עסנוואַרג, מיט נאָך עמיצן פֿון זײַנע באַקאַנטע, אָדער פֿרײַנט פֿון די דאַמאָלסדיקע רוסיש־ייִדישע אינטעליגענטן, און איבערן גאַנצן סאַלאָן האָט זיך געטראָגן זײַן האַרציקער געלעכטער, וואָס עס איז זיך אַמאָל פֿאַרגאַנגען אויף אַ פֿרייַלעך־קינדערשן קוויטש...

האָב איך אויסגערעכנט, אַז אויב איך וועל קענען אָפּהיטן מײַן „פֿאַרמעגן", וועלן מיר סטײַען אויף אַ פּאָר וואָכן פֿינף סענטיקעס און אַפֿילו צען־סענטיקע, אויף צו קאָנען שטילן מײַן הונגער און אויף צו קויפֿן סיגאַרעטלעך.

אפשר אין דעם משך פֿון אָט די פּאָר וואָכן, וועט זיך ווידער מיר מאַכן עפּעס צו טאָן, צו פֿאַרדינען עפּעס. מחמת געזוכט האָב איך וואָס צו טאָן, וואָס־ניט־איז, אַבי איך זאָל האָבן אַ וועלכע ניט־איז דירה, פֿאַר זיך און פֿאַר די נויטיקסטע זאַכן, ווײַל עס איז געגאַנגען צו ווינטער...

אויך באַראָנדעס און קאָץ האָבן פֿאַר מיר געזוכט, נאָר גיי געפֿין עפּעס צו טאָן אין יענעם ביטערן קריזיס־יאָר!

דער גוטער קאָץ האָט מיך געטרייסט: אָט־אָט וועט ער אָנהויבן צו באַקומען זײַן געהאַלט פֿאַר שרײַבן אין דער פֿ. אַ. ש. און פֿאַר רעדאַקטירן די צײַטונג, דעמאָלט וועט ער ווידער נעמען אַ וווינונג און איך וועל קענען ווידער וווינען בײַ אים. (דערווײַל האָט זײַן פֿאַמיליע זיך אויפֿגעהאַלטן בײַ איין ייִדישן גענאָסע און ער, קאָץ, בײַ אַן אַנדערן).

און די „סאָציאַלע רעוואָלוציע" האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוויזן, הגם „ערגער" האָט שוין, דאַכט זיך, גאָר ניט געקאָנט זײַן!...

אמת, אין ניו יאָרק, אויף יוניאָן סקווער, זײַנען אָנגעגאַנגען הונגער־דעמאָנסטראַציעס, די צײַטונגען זײַנען געווען פֿול וועגן סטרייקס און געשלעגן צווישן אַרבעטער און פּאָליציי כמעט איבערן גאַנצן לאַנד; אָבער אומעטום האָבן געזיגט די פּאָליציילײַט און זייערע „קלאָבס" איבער די צעבלוטיקטע קעפּ פֿון די הונגעריקע אַרבעטער...

ניין, יענע „סאָציאַלע רעוואָלוציע", אויף וועלכער מיר האָבן אַזוי געהאָפֿט דעמאָלט, וואָס זי האָט געדאַרפֿט דערלייזן אונדז און די גאַנצע וועלט פֿון אַלע צרות, — יענע איז נאָך ניט געווען!...

וואָס וועט זײַן, ווען די פינף סענטיקע וועלן זיך אויסשעפּן?!...

איז אויפֿן האַרצן מיר געווען — אײ, ווי שלעכט! און פֿון אַלץ מיט אַנאַנדער, און אויך פֿון יענע צוויי מיאוסע פֿאַרשוינען, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט אין עלף פֿאַיק סטריט, בין איך, צום סוף, אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ שטימונג, אַז צײַטנווייז האָב איך געפֿילט, אַז אַ קאַפּעטשקע אַ שטאַרב טאָן וואָלט פֿאַר מיר געווען גאָר־גאָר אַ טײַערע זאַך...

און געוויסע נעכט האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט גאַנץ אַליין איבער די גאַסן, צי געזעסן שעהן לאַנג ביים טײַך אויף דעם אַנדערן עק פֿון פֿאַיק סטריט, צי אין דעם דעמאַלסטיקן דזשעקסאָן סטריט פֿאַרק ביז פֿאַרטאָג און האָב געכאַפּט אַ דרימל דאָרט אויף אַ באַנק קעגן איסט־ריווער, אָדער געקוקט אויפֿן וואַסער און — געטראַכט מײַן „זײַן, אָדער ניט זײַן", צי זאָל איך, הייסט עס אָדער ניט?...

און, צום סוף האָב איך זיך אַלעמאָל צוריקגעקערט אין דעם „נאַכט־אַסיילום" פֿון עלף פֿאַיק סטריט אַ גוט־דורכגעפֿראָרענער פֿון דער הערבסט־נאַכט, אָבער אַ „זײַענדיקער"...

און ווער ווייסט, ווי דאָס וואָלט זיך סוף־כּל־סוף געענדיקט, ווען אומגעריכטערהייט וואָלט איך זיך ניט געטראָפֿן דעמאָלט מיט אַ מיידל, וואָס זי איז, ווי אַ זון, אויפֿגעגאַנגען איבער מײַן דעמאָלדיקן שווערן, פֿינצטערן געמיט...

דערנאָך איז שוין נישט געווען בײַ מיר קיין פֿראַגע מער: „ז ײַ ן, אָדער ניט זײַן?" אוודאי זײַן! זײַן! זײַן! זײַן! אַלצדינג אין מײַן יונגן לעבן האָט געשריען דעמאָלט: זײַן!...

— ב —

איר נאָמען איז געווען פּ אַ ו ל י נ ע  ס ע ג אַ ל, די איינציקע, וואָס די ענגלישע צײַטונגען האָבן געשריבן דעמאָלט אַמאָל וועגן איר אין אירע רעדעס און זי טיטולירט מיטן נאָמען: „די שיינע אַדיוטאַנטקע פֿון עמאַ גאָלדמאַן"...

איך האָב זי קיינמאָל ניט געטראָפֿן פֿריער, און מיר האָט אַפֿילו ניט געקענט אײַנפֿאַלן דעמאָלט, בעת איך האָב אויף זיך דערפֿילט די פֿײַערן פֿון די צוויי שוואַרצע, וווּנדערלעכע אויגן, אַז אָט די אויגן, ווי צוויי אָנגעצונדענע כּשוף־לאָמפּערנעס, געהערן צו דער אַדיוטאַנטקע פֿון עמאַ גאָלדמאַן, וואָס זי איז געווען בײַ אונדז אַזוי פֿאַרהאַסט. און, נאָך ווייניקער האָט מיר געקענט אײַנפֿאַלן דעמאָלט, אַז דאָס האָט געקוקט

אַזוי אויף מיר מ ײַ ן ש י ק ז אַ ל אַ ל יי ן, דער שיקזאַל פֿון מײַן גאַנצן װײַטערדיקן לעבן, מ ײַ ן פּ אַ ל י אַ ...

זי איז געקומען אין עלף פּאַיק סטריט מיט טימערמאַנען, און יענע פֿון אונדז, װאָס האָבן זי ניט געקענט, האָבן זי לכתחילה געקענט אָנגע־מען און טאַקע זי אָנגענומען אויך — פֿאַר אַ דײַטשער מיידל, צוליב דעם אויסגעצייכנטן דײַטש, װאָס זי האָט גערעדט מיט טימערמאַנען.

אָבער װי קומען צו די בלוי־אויגיקע דײַטשקעס אַזעלכע אָנגעצונ־דענע שוואַרצע אויגן און אַזעלכע שוואַרצע האָר?

און זיי האָבן געקוקט, געקוקט אויף מיר. געווען קאַנטיק, אַז טימער־מאַן האָט איר דערציילט עפּעס וועגן מיר.

און איך בין זיך מודה און מתוודה, אַז עפּעס האָט אין מיר אַ טיאַכקע געטאָן פֿון איר בליק, און איך האָב זיך שטאַרק דערפֿרייט, ווען טימערמאַן איז דערנאָך צוגעגאַנגען מיט איר צו מיר און מיר געזאָגט, אַז ער וויל מיך באַקענען מיט דער גענאַסינע פּאַולינאַ סעגאַל, וואָס זי איז אויך אַ רוסישע גענאַסינע, ווי איך — אַ רוסישער גענאַסע.

רופֿט זי זיך אָן צו טימערמאַנען: אפֿשר וויל איך זיך גאָר ניט באַ־קענען מיט איר, ווײַל זי איז עמאַס אַ פֿריינדין?...

זאָגט ער איר, אַז אויך ער איז עמאַס אַ פֿרײַנט, פֿונדעסטוועגן האָט ער פֿרײַנט צווישן די ייִדישע גענאָסען אויך, וואָס זײַנען קעגנער פֿון עמאַן. פֿאַרקערט, ער רעכנט, אַז מען דאַרף זוכן מאַכן שלום צווישן עמאַן און אירע ייִדישע קעגנער. ער טוט עס און זי, פּאַולינאַ סעגאַל, דאַרף אים אין דעם העלפֿן.

זאָגט זי, אַז טאַקע דאָס האָט זי אין זינען. דערפֿאַר איז זי דאָך גע־קומען אין עלף פּאַיק סטריט!

וואָס איז דאָס? איז באמת פֿאַראַן עפּעס אַזוינס ווי פֿאַרליבן זיך פֿון דעם ערשטן קוק? מיט יעדער רגע ווערט זי אַלץ שענער און אינטערעסאַנ־טער אין מײַנע אויגן, שמייכל, קול, וואָרט — אַ כישוף אין דעם אַלעם!

עמיצער פֿון עלף פּאַיק סטריט זאָגט מיר אויפֿן אויער, ווער זי איז, אַז זי איז, הייסט עס, די אַדיוטאַנטקע פֿון עמאַ גאָלדמאַן. און זיכער איז, אַז ווען אַן אַנדערע איז אויף איר אָרט, וואָלט איך נאָכדעם מיט איר מער ניט גערעדט; אָבער פֿון דעם אַוועקגיין און ניט ריידן מיט אַט דער קען איך ניט, מעגן קאַץ און די אַנדערע אין פּאַיק סטריט, די קעגנער הייסט עס, פֿון עמאַ גאָלדמאַן, זײַן טויזנט מאָל אין כעס אויף מיר דערפֿאַר!...

איך בין אַלעמאָל געווען — ווי איך וואָלט געזאָגט אויף מײַן דאַ־

מאָלסדיקן ייִדיש — אַ „ווליובטשיוועך", איינער, הייסט עס, וואָס האָט זיך לײַכט פֿאַרליבט. איך געדענק, נאָך אין מײַנע ערשטע ייִנגלשע יאָרן בין איך כמעט תמיד פֿאַרכישופֿט געווען פֿון עמיצן פֿון די שכנישע מיידלעך אין מײַנע יאָרן; דעמאָלט האָב איך געקענט אַרומגיין נעבעט גאַנצע פֿאַרבײַ דעם הויז, וווּ מײַן כישוף האָט געוווינט, מיט אַ קלאַפּענדיקן האַרצן און מיט דער האָפֿנונג, אַז אָט־אָט וועט זי אַרויסקומען, וועט זיך באַווײַזן; אַז אָט־אָט וועל איך זי דערזען. אָבער, אַז זי האָט זיך טאַקע באַוויזן, צי אין אַ פֿענצטער, צי אין דער טיר פֿון איר הויז האָט מיר נאָר אַ האַק געטאָן אינעם האַרצן און איך האָב זיך אָפּגעטראָגן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם.

און אַזוי נאַיִוו און אומשולדיק בין איך אויך געווען שפּעטער, ווען איך בין אפילו שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחורעץ. איך האָב דעמאָלט פֿאַרבראַכט די זומערס אין דאָרף, בײַ מײַן טאַטן אויף די אָזערעס, און גאָר אָפֿט האָב איך זיך באַטייליקט אין די דאָרפֿישע „איגרישצעס" און געשעכטיקט מיט די פּויערשע זין און טעכטער אינעם פֿעלד אויף די הויכע בערג מיט היי, און אין אַ פּויערשע טאָכטער האָב איך זיך פֿאַרליבט אויך אַמאָל, אָבער געענדיקט האָט זיך דאָס אַלעמאָל מיט בענקשאַפֿט אינעם האַרצן, און נישט מער!...

דאָס איז כמעט נישט נאָרמאַל, אָבער איך געדענק ניט, אַז איך זאָל אַמאָל אין מײַנע בחורשע יאָרן אויסדריקן מײַן לײַדנשאַפֿט, וואָס זי איז געווען בײַ מיר אַ היבשער קוואַל, אַגב, פֿאַר אַ מיידל... פֿאַרליבט זיך אין איר יאָ, און נאָך ווי! אָבער אַלעמאָל איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז וואָס מער איך האָב זיך פֿאַרליבט אין איר, אַלץ ווייניקער מוט האָב איך געהאַט איר צו זאָגן וועגן דעם...

און אַ סך מאָל האָב איך געטראַכט: אפֿשר מחמת דעם טאַקע — ווײַל איך בין געווען, הייסט עס, אין דעם פּרט פֿון ווײַב, און „סעקס" בכלל דעמאָלט... יאָ, אַזוי קינדעריש־ריין און נאַיִוו... בין איך געווען יענער ייִדישער שרײַבער, וואָס האָט שפּעטער ד ע ר  ע ר ש ט ע ר אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור דעם ע ר אָ ט י ש ן מ אָ ט י וו אויף אַזאַ דרייסטן און לײַדנשאַפֿטלעכן אופֿן?

עס קען זײַן, אַז די לײַדנשאַפֿט, וואָס איז בײַ מיר אינעם לעבן אַזוי ניט דרײַסט געווען, האָט זיך שפּעטער אין מײַן שרײַבן דורכגעריסן מיט גוואַלד . . .

אפֿשר. עס קען זײַן.



לעאָן און פּאַולינע קאָברין נאָך דער חתונה

— ג —

שפּעטער צערײדן מיר זיך װעגן ליטעראַטור, און עס װײַזט זיך אַרױס, אַז די אַלע רוסישע דיכטער, װאָס איך האָב געלײענט, האָט זי אױך געלײענט, און די אַלע רוסישע שרײַבער, װאָס זײ זײַנען מיר נאָענט, זײַנען איר אױך נאָענט. אַחוץ דעם, רעדט זי אַן אױסגעצײכנטן רוסיש. רײדן מיר שױן נאָכדעם בלױז אױף דער שפּראַך די גאַנצע צײַט, און מיר בײדע פאַרגעסן אַפילו, אַז דער דײַטש טימערמאַן, װאָס פאַרשטײט ניט קײן װאָרט אַפילו װעגן דעם, װאָס מיר בײדע רײדן, שטײט מיט אונדז.

מיר באַמערקן אַפילו ניט, װי טימערמאַן האָט אונדז דערנאָך אײ־בערגעלאָזט און ער איז נישט געװאָרן.

ערשט שפּעטער כאַפּט זיך מײַן מײדל, אַז ער, איר קאַװאַליער, װאָס האָט זי געבראַכט קײן עלף פּאַיק סטריט, איז נישטאָ, און קאַנטיק, אַז שטאַרק דװקא אַרט עס איר ניט.

זי פרעגט בײַ מיר, אױב דאָס איז אמת, װאָס טימערמאַן האָט איר געזאָגט, אַז איך בין אַ שרײַבער? אַז איך שרײַב דערצײלונגען אױף רוסיש?

און גראָד איז צװישן מײַנע כתבים געװען אײנע אַ דערצײלונג, װאָס זי איז געװען איר געפעלן מער אײדער מײַנע אַנדערע, און איך זאָג איר, אױב זי װעט קומען מאָרגן, װעל איך לײענען פאַר איר מײַנע אַ דערצײלונג.

און אױף מאָרגן האָב איך פאַר איר געלײענט יענע און נאָך אײן דערצײלונג מײַנע. דאָס זײַנען געװען די ערשטע אָנגעשריבענע זאַכן מײַנע, װאָס זי האָט געלײענט דעמאָלט. (אַגב זינט דעמאָלט ביז הײַנט, אײ־נעם משך פון די אַלע צענדליגער יאָרן, איז זי געװען די ערשטע, װאָס האָט געלײענט כמעט אַלצדינג, װאָס איך האָב אָנגעשריבן, פריִער אײ־דער עמעצער אַן אַנדערער).

און אײן דערצײלונג איז איר דעמאָלט מער געפעלן געװאָרן, אײ־דער די אַנדערע, און מערקװירדיק, דװקא יענע, װאָס זי איז געװען װײניקער טענדענציעז.

איך דערמאָן זיך, זי האָט װעגן אָט די צװײ קורצע דערצײלונגען מײַנע אַרױסגעזאָגט דעמאָלט כמעט די זעלביקע מײנונג, װאָס מאַיסעיעװ, יוען איך האָב פאַר אים זײ פאָרגעלײענט.

אין דער ערשטער האָט זי אומגעפער געזאָגט — לעבט די אידײע;

די אַנדערע אָבער געפעלט איר בעסער, ווייַל דער מענטש לעבט אין איר. (און מיר דווקא איז געפעלן געווען דעמאָלט די ערשטע).

און יענעם אויפדערנאַכט, נאָכדעם ווי איך האָב געהערט איר מיינונג וועגן מיינע דערציילונגען, האָב איך זי איינגעלאַדן צו עסן מיט מיר „סאַפּער" אין דעם בעסטן רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפונען אויף איסט־בראָדוועי, און דאָ האָב איך זיך געלאָזט ווילגיין אויף אַ גאָר־גאָר נגידישן אופן, און פון מיין פאַרמעגן האָב איך געלאָזט זיך קאָסטן גאַנצע זעקס פינף סענטיקע!...

באמת, וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן געקענט האָבן די פינף סענטיקע ביי מיר יענעם אויפדערנאַכט, ווען זי איז מיט מיר דאָרט געזעסן!...

שפּעטער, ווען מיר זיינען געגאַנגען פונעם רעסטאָראַן איבער איסט־בראָדוועי צום דזשעקסאָן סטריט פּאַרקל, איז אונדז אויסגעקומען פאַר־ביייצוגיין פאַרביי אַן אַפּטייק, האָב איך געכאַפּט אַ קוק אין דעם געשליפענעם פענצטער פון דער אַפּטייק, געוואָלט זעען, הייסט עס, ווי איך קוק אויס. (אַי־אַי, ווי מיר האָט זיך דאַס געוואָלט זיין דעמאָלט אַ קאַפּעטשקע אַ „קראַסאַוועץ"...)

ביז פאַרטאָג זיינען מיר געזעסן דעמאָלט אין דעם דזשעקסאָן סטריט פּאַרקל קעגן איסט־ריווער און האָבן גאָרניט באַמערקט נישט ווי די צייט איז אַוועק און ניט די קעלט פון דער האַרבסט־נאַכט.

מיר האָבן גערעדט און זיך דערציילט, איך איר און זי מיר, ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע, נאָענטע פריינט, וואָס וואָלטן זיך ערשט געטראָפן נאָך אַ לאַנגער, לאַנגער, צייט ניט זעען זיך...

באמת, ווי צוויי העלפטן וואָלטן זיך געזוכט און געזוכט און זיך דערנאָך געפונען, כדי צו ווערן איין גאַנצעס...

איך בין געקומען נאָר מיט עטלעכע מאָנאַטן פאַר איר. איך בין געקומען דעם 5טן יאַנואַר 1892 און זי מיט עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער דעם זעלבן יאָר.

זי איז פון ביאַליסטאָק, געלערנט זיך דאָרט אין אַ גימנאַזיע, ווערט 18 יאָר אין עטלעכע חדשים אַרום. דאָ אַרבעט זי ביי קינדער־מאַנטלען, איז אַ פריינדין פון עמאַ גאָלדמאַן, רעדט אַמאָל אויף דייטשע מאַסן־פאַרזאַמלונגען ווו עמאַ רעדט, און זי חלומט וועגן אָפּגעבן איר לעבן פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט און פאַר אַ פרייער, אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפט!

אויך דערוויס איך זיך פון איר, אַז זי לייענט זעלטן די „פריי־הייט" פון מאָסטן, דערפאַר לייענט זי שטענדיק די דייטשע צייטונג

„אַנאַרכיסט”, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער גרופּע „אויטאָנאָ־מיע”, וועלכע ווערט אָנגעפירט פון רויקערטן, וואָס מאַסט איז זײַן גרעסטער שונא.

די „פרײַהייט” וועט זי קיינמאָל ניט לייענען — דערציילט זי מיר ווײַטער — ווײַל זי, די „פרײַהייט”, האָט אויף א שרעקלעכן אופן באַליידיקט אַלעקסאַנדער בערקמאַן און עמאַ גאָלדמאַן, און מאַסט האָט געהאַנדלט גאָר ניט ווי אַן אַנאַרכיסט!

אויף ברום סטריט האָט מען שוין די קרעמלעך אין די קעלערן גענומען עפענען. אַרום די טענעמענט־הײַזער האָבן זיך גענומען ווײַזן ייִדן און ייִדענעס מיט וועגעלעך געבעקס און מיט אַנדערע עסנוואַרג. פערד מיט מילך־וועגענער האָבן זיך לעבן די קרעמלעך אָפּגעשטעלט. פון די שוויץ־שעפער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די טענעמענט־הײַזער, האָט א גערויש פון מאַשינען זיך גענומען טראָגן. איבער די הויכע דעכער האָט א בלאַסיקע ליכטיקײַט זיך גענומען גיסן.

צו איינעם פון די טענעמענט־הײַזער אויף ברום סטריט האָב איך מײַן פּאַולינען צוגעפירט — אין מײַן הארצן האָב איך זי שוין אַזוי גערופן. —

מאַד איך צו איר:

איר וועט דאָך נישט קענען גיין אַרבעטן הײַנט...

רופט זי זיך אָן א פרישע און א מונטערע:

— פאַרוואָס? איר מיינט, ווײַל איך בין ניט געשלאָפן? איך בין ניט שלעפעריק, נישט א האָר אפילו!...

איך האָב איר געגלויבט. מחמת איך אַליין בין אויך נישט גע־ווען שלעפעריק, גאָר ניט שלעפעריק. איידער מיר צעשיידן זיך, ריידן מיר אָפּ צו טרעפן זיך ווידער אין יענעם בעסערן רעסטאָראַן אויף איסט־בראָדוועי אַרום זיבן אויפדערנאַכט.

יענעם נאָכמיטיק כאַפּ איך א גאַב פון קאַצן אין עלף פּאַיק סטריט.

איך זאָל זיך ניט דערוועגן צו טרעפן מיט עמיצן פון עמאַ גאָלד־מאַנס פרײַנט, סײַדן איך וויל זײַן איר קרבן, ווי אַלעקסאַנדער בערק־מאַן איז געווען. און מיר צעווערטלען זיך צום סוף אַזוי, אַז מיר הערן אויף צו ריידן איינער מיטן אַנדערן.

און זיבער וואָלט איך זיך קיינמאָל נישט צעקריגט מיט קאַצן, וואָס איך האָב אים אמת הארציק ליב געהאַט, ווען מײַן פּאַולינאַ וואָלט נישט געווען אַרײַנגעמישט.

דעם צווייטן מאָל האָט זי מיר ניט געלאָזט באַצאָלן פאַר אונדזער „סאַפּער“ אין דעם רעסטאָראַן, און זי האָט באַצאָלט פאַר אונדז ביידן.

עטלעכע טעג זיינען דערנאָך אַוועק, און מיר האָבן זיך גע־טראָפן יעדן אויפדערנאַכט, די לעצטע מאָל ביי איר אין דעם קליינעם צימער, וווּ זי האָט געוווינט, אויף ברים סטריט. דאָרט האָבן מיר אויך אַ פּאָר מאָל געגעסן אונדזער „סאַפּער“.

גענעבעטיקט האָב איך, ווי פריער, אין עלף פּאַיק סטריט און גע־שלאָפן בין איך אויף דער האַרטער באַנק. איך האָב נישט געפילט די האַרטקייט און נישט די פריערדיקע שווערקייט און באַטריבטקייט, און נישט געטראַכט מער אַפילו וועגן די צוויי מיאוסע פּאַרשוינען. וואָס זיינען דאָרט ערגעץ אַרום מיר געלעגן.

מחמת מיר איז געווען גוט און ליכטיק אויפן האַרצן; מחמת איך האָב געטראַכט:

— אַט מאָרגן, מאָרגן זע איך זי!...

און איינמאָל לאָזט זי מיר וויסן, בעת איך בין ביי איר אינעם צימער געזעסן, אַז אירע אַ פריינדין קומט היינט צו איר. די פריינדין איז עמאַ גאָלדמאַן. עמאַ וויל זיך באַקענען מיט מיר — זאָגט מיר פּאָולינע — זי האָט איר אַזוי פיל דערציילט וועגן מיר...

און זי בעט זיך:

— זייט גוט און פריינטלעך צו איר, לעאָן...

# דרייצנטער קאַפּיטל

## עמאַ גאָלדמאַן

— א —

אַ יונגע בלאָנדע פרוי פון מיטעלן וווּקס איז אַריינגעקומען.

— עמאַ . . .

די בלאָנדע באַטראַכט מיך מיט אַ פּאָר בלוילעך־גרויע אויגן. זי באַטראַכט מיך קאַלט, אָבער אויפמערקזאַם, און זי שווייגט.

איך יונגע פריינדין, פּאַולינע, וואָלט וועלן, אַז איך זאָל האָבן אַ גוטע מיינונג וועגן עמאַן און עמאַ וועגן מיר. באַמיט זי זיך צו פאַראינטערעסירן אונדז ביידן אין אַ שמועס; אָבער איר קומט עס אָן שווער. עמאַ שווייגט און האַלט זיך אַזוי שטייף און קאַלט, וואַרפט נאָר פון צייט צו צייט אַ בלוילעך־גרויען בליק אויף מיר, — אַ בליק, ווי פון שטאָל...

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט פאַרוואָס זי האָט זיך דעמאָלט אַזוי געהאַלטן. ווייסנדיק, אַז אַלע אין עלף פּאַיק סטריט זיינען קעגן איר, האָט זי אויך מיך אָנגענומען פאַר איינעם פון אירע קעגנער...

איך באַטראַכט זי אויך פון דער זייט. אַ לענגלעכער פּנים מיט אַ שאַרפן קינבאַק. אַ שטרענגער, האַרטער אויסדרוק און עפּעס מענער־שעס אין איר. איבערהויפּט אונטער דעם מויל מיט די שטאַרקע, פולע ליפּן. בלאָנדע האָר פאַרלייגט הויך אויף איין זייט קאָפּ און די בלוילעך־גרויסע אויגן מיטן קאַלטן, שטאָלענעם בליאַסק. דערביי די פיגור רונד, אַביסעלע צו דיק . . .

זי דערמאָנט מיך אָן עמיצן... און מיט אַמאָל פאַלט מיר איין: אַז ווען מען נעמט סעמועל גאָמפּערסן און מען טוט אים אָן אַ בלאָנדן

פּאַרוק און די קליידער, וואָס זי, עמאַ, טראָגט, וואָלט ער אויסגעזען ענלעך צו איר. (אגב, איז מיר אויסגעקומען צו זען ניט לאַנג צוריק אַ בילד פון עמאַ גאָלדמאַן, פון די עלטערע יאָרן, און לויט יענעם בילד, זעט זי אויס ווי זי וואָלט געווען ממש אַ צווילינג מיט סעמועל גאָמפּערסן).

אָבער אַזוי זעט זי אויס כל זמן זי זיצט און שוויַיגט.

שפּעטער אָבער... זי צערעדט זיך פאַרט... און דער האַרטער, קאַל־טער אויסדרוק אויף איר פּנים צעוואַרעמט זיך, צעגליט זיך און פאַר־שווינדט אונטער די באַקן, וואָס רויטלען זיך, און אין אירע אויגן שפּילט זיך אַ וואַרעמע ליכטיקייט. די ענלעכקייט צו אַ מאַן איז ניטאָ מער אויף איר פּנים, וועלכער רויטלט זיך אַלץ מער און מער אין אַ צאַרטער, ווייכער, גליענדיקער פאַרב פון פרויען־יוגנט, פון לײַדנשאַפט־לעכער פרויען־יוגנט.

און איר קול איז אויך אַזוי גליענדיק, הייזעריקלעך אַביסל, מיט ברוסט־טענער און היים, ווי ער וואָלט דאַרט פריער אינווייניק, איידער ער איז אַרויסגעקומען, אין פײַער געטונקט געווען...

זי ווייסט — זאָגט זי — אַז איך בין אַ קעגנער אירער, צי גאָר אַ שונא... געווים האָבן די געגנאָסן אין עלף פּאַיק סטריט געגנוג אָנגערעדט אויף איר... זי ווייסט, וואָס זיי ריידן דאָרט וועגן איר... זי זוכט נאָר סענסאַציעס און רעקלאַמעס פאַר זיך... פאַר קיין סקאַנדאַלן וועט זי זיך ניט אָפּשטעלן, אַבי מען זאָל ריידן וועגן איר... אַלעקסאַנדער בערקמאַן איז אויך אַ קרבן פון איר לײַדנשאַפט צו סענסאַציע, צו רעק־לאַמעס... און אויך קעגן מאַסטן איז זי אַרויסגעטראָטן, ווײַל זי איז אויסן געווען רעקלאַמע, נאָר רעקלאַמע פאַר זיך!

זי רעדט אַ געבראָכענעם רוסיש. פאַלט אַרײַן אין ייִדיש, רעדט זי עס נאָך ערגער, און דאָך ווילט זיך מיר הערן ווי זי רעדט ווי פײַער־דיקע מוזיק קלינגט אין הייזעריקלעך קול מיט די ברוסט־טענער...

יאָ, איר קול האָט בארוישט, האָט פאַרכאַפּט מיט זײַנע באַזונדערע הייזעריקלעכע ברוסט־טענער, וואָס האָבן זי אַליין ווײַבלעך־רייצנדי־קער געמאַכט.

איך דערמאָן זיך וואָס אַ דײַטשער אַנאַרכיסט, אַליין אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, האָט מיר אין פילאַדעלפיע אַמאָל געזאָגט וועגן איר קול:

— אין עמאַס שטים זידט דאָס בלוט פון געשלעכט און דערפאַר באַרוישט זי אַזוי אירע צוהערער, — האָט ער געזאָגט.

— ב —

יענעם אָוונט, ווען איך טרעף זי צום ערשטן מאָל בײַ איר פרײַנדין אין דעם קלײנעם צימער, רעדט זי כמעט די גאַנצע צײַט וועגן דעם, ווי די אײגענע גענאָסן שטערן איר צו אַרבעטן פאַר דער באַוועגונג. מען לאָזט איר ניט אַרויפגײן אויף דער פּלאַטפאָרם, ווען זי וויל רײדן צו די אַרבעטער.

און מיט אַמאָל שפּרינגט זי אויף פונעם אָרט, און איר רונדע געשטאַלט פון מיטל־וווּקס ווערט גרעסער, העכער, ווי זי וואָלט אויס־געוואַקסן אויף די אויגן... די אויגן אירע, וואָס זײַנען ערשט בלווילעד־גרוי געווען, הױבן אָן ממש צו שפּריצן מיט גרינע פײַערלעך, און איר הויכער בוזים באַוועגט זיך אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ פײַער וואָלט דאָרט געקאָכט, און אַ הייסער שטראָם ווערטער, הייזעריקלעכע, רײַסט זיך פון אירע ליפּן.

זי רעדט איצט אויף דער דײַטשער שפּראַך. אָז אָן אָפּשטעל, שטראָ־מיק, רײַסן זיך די הייזעריקלעכע ווערטער, פול מיט כעס און צו־להכעיס־דיקער עקשנות.

זי וועט ווײַזן מאַסטן, זי וועט זײ אַלעמען ווײַזן, אַז זײ וועלן זי ניט קאָנען אונטערדריקן. דאָס פרײַע, אַנאַרכיסטישע וואָרט, וואָס ברענט איר צונג, וועט זי ניט לאָזן אין קײטן שמידן ניט מאַסטן און ניט זײַנע דומע עזלען און ניט זײערע „געזינונגס־גענאָסען" אין באַ־צוג צו איר פון דער פּאָליצײ... זי וועט זײ ווײַזן, זי וועט זײ ווײַזן!...

אַזוי ווי די געטין פון נקמה איז זי געשטאַנען דעמאָלט פאַר מיר.

איר שײנע פרײַנדינע פּאָולינע, איז ניט ווייניקער אויפגעבראַכט אײדער זי אַלײן.

אין אַזאַ צײַט, ווען די מאַסן נויטיקן זיך אין דעם ריכטיקן רעוואָ־לוציאָנערן וואָרט, לאָזט מען ניט רײדן אַזאַ רעדנערין, ווי עמאַ. און זער? אירע אַנאַרכיסטישע גענאָסן אַלײן! — רעדט צו מיר פּאָולינע אויף רוסיש. און די פײַערן אין אירע שוואַרצע אויגן לײַכטן איצט אַזוי, אַז מיר ווײַזט זיך אויס, אַז אין איר קלײנעם צימער וואָלט געווען ליכ־טיק, ווען דער גאַז־ברענער דאָרט וואָלט אפילו ניט געווען אָנגעצונדן.

און פּאָולינא רעדט ווײַטער אַלץ מער אויפגעבראַכט:

און פאַרוואָס? ווײַל מאָסט וויל אַזוי! ווײַל אַזוי פאַרלאַנגט זײער אויטאָריטעט יאָהאַן מאָסט! אַנאַרכיסטן, וואָס דאַרפן באַקעמפן „אויטאָ־ריטעט", זאָלן אַזוי שקלאַפיש פאַלן פאַר „אויטאָריטעט"!...

שפּעטער גייען מיר אַוועק אַלע זאַלבעדריט צו זאַקסן אין רעסטאָ־ראַן אויף קאַנאַל סטריט.

עמאַ וויל דווקא גיין אַהין מיט מיר. אין יענעם רעסטאָראַן קאָן מען אַמאָל טרעפן סיי קאַצן און סיי די אַנדערע חסידים פון מאָסטן, וואָס זײַנען אירע קעגנער, ווייל זי, עמאַ, אַז זיי זאָלן זען, אַז איך, אַ פּרײַנט פון קאַצן און מאָיסייעוון, און איינער פון עלף פּאַיק סטריט, חברט זיך מיט איר.

אָבער מיט קאַצן בין איך דאָך שוין קידער־ווידער פון פריער. איצט, פאַרשטייט זיך, וועט ער שוין ברוגז זײַן אויף מיר נאָכמער; אָבער פאַרפאַלן, איך וואָלט אַהין געגאַנגען סײַ־ווי־סײַ, אונטער אַלע אומ־שטענדן, ווײַל דאָס מיידל מיט די צוויי אַנגעצונדענע כשוף־לאָמטערנעס אין די שוואַרצע אויגן האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל גיין אַהין.

גראָד איז בײַ זאַקסן אינעם רעסטאָראַן קיינער ניט געווען פון יענע, וואָס עמאַ גאָלדמאַן האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן מיך דעמאָלט זען מיר איר, און דאָס האָט איר שטאַרק פאַרדראָסן.

אַזייגער איינס, אָדער צוויי, נאָך האַלבער נאַכט באַגלייט איך און פּאָולינע עמאַן ביז דעם הויז וווּ זי וווינט (זי האָט געוווינט ערגעץ אויף דער פערטער, אָדער זעקסטער גאַס אַרום צווייטער עוועניו).

אויף צוריקוועגנס, ווען איך באַגלייט פּאָולינען צו איר דירה, דערציילט זי מיר מיט התפּעלות אַנדערע חידושים וועגן עמאַן. אין דעם הויז מיט איר וווינען דרײַ געגאַסן: „פּעדריאַ", אַלעקסאַנדער בערקמאַנס נאָענטסטער פרײַנט, וואָס ער איז אַ מאָלער, און דער דײַטשער געגאַסע „קלאַוס" (טימערמאַן) און נאָך איינער אַ געגאַסע פון עסטרײַך, „עדי" (בראַדי), און זי, עמאַ, קאָכט פאַר זיי אַלעמען, און וואַשט זיי־ערע וועש, און נייט זיי אײַן קנעפּלעך, און פאַרריכט און לאַטעט, און צירעוועט פאַר זיי, און דערבײַ האַלט זי דאָס הויז ריין און ציכטיק, אַז עס בלאַנקט פון יעדן ווינקעלע. *)

— איז זי ניט וווּנדערלעך, עמאַ? — פרעגט בײַ מיר פּאָולינע.

— ג —

אויף מאָרגן טרעף איך ווידער עמאַ גאָלדמאַן, און ווידער בײַ פּאָולינען אינעם קליינעם צימער. און אַזוי טרעף איך זי נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, און איך דערקען זי נענטער.

*) אין איר בוך „ליווינג מאַי לאַיף", געדרוקט אין 1931, פון דעם פאַרלאַג אַלפרעד קנאָפּ, רעדט עמאַ גאָלדמאַן וועגן אַט־די פּערזאָנען ווי וועגן אירע נאָענט־סטע פרײַנט. — ל. ק.

זי איז דעמאָלט באַלעזן געווען בלויז אין דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור. ליטעראַטור אַלס ליטעראַטור האָט זי ווייניק געלייענט. אין דעם פּרט האָט מען זי ניט געקאָנט פאַרגלײַכן דעמאָלט מיט איר יינגע־רער פרײַנדין.

זי האָט אָבער ליב געהאַט ליטעראַטור, ליב געהאַט צו לייענען ווערק פון גוטע שרײַבער, ווען נאָר דאָס האָט זי ניט אָוועקגעריסן פון דער באַוועגונג. און איך דערמאָן זיך, ווי זי האָט מיך אַמאָל מיטגענו־מען אין אַ קונסט־גאַלעריע ערגעץ, צו זען אַן אויסשטעלונג פון בילדער און זי האָט גערעדט צו מיר מיט גרויסער באַגײַסטערונג וועגן געוויסע בילדער, וואָס זײַנען דאָרט געווען אויסגעשטעלט.

באַזונדערס איז איר געפעלן געווען דאָרט איין בילד — ליבע — און זי האָט געוואָלט אַלץ דערגיין בײַ מיר, וואָס איך דענק וועגן דעם ענין: צי איך האַלט, הייסט עס, פון ליבע. האָב איך געטראַכט דעמאָלט וועגן איר פרײַנדין, וועגן פּאָולינע, און איר געענטפערט: ווי דען? אוודאי האַלט איך פון ליבע, אויב נאָר זי איז פרײַ און זי שטערט ניט דער באַוועגונג...

איז עמאַ צופרידן. אַט דאָס איז דער ריכטיקער ענטפער. עפּעס שענערס און העכערעס ווי ליבע איז אויף דער וועלט ניטאָ. די ליבע אָבער מוז זײַן פרײַ, טאָר ניט פאַרשקלאַפן, פאַרקנעכטן דעם פאַרליבטן, אָדער די פאַרליבטע. אַזאַ ליבע איז די ריכטיקע. פון אַזאַ ליבע נאָר האַלט זי; אין אַזאַ ליבע איז זי פאַרליבט, און אַזאַ ליבע איז אירע!...

און אויב זי איז מיט אַט־די ווערטער דעמאָלט עפּעס אויסן גע־ווען, האָט עס מיר אויך ניט געקענט פאַרשאַטן, ווײַל — ווי איך האָב שוין באַמערקט פריער ערגעץ — אַז עס איז געקומען צום ת ו ך פון אַזאַ ענין בין איך געווען דעמאָלט גוואַלדיק נ אַ ר י ש ע וו אַ ט ע .

אוודאי איז ליבע געווען אַ טײַערער ענין און, אַז איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן עמאַס פרײַנדין, איז די ליבע געווען גאָר־גאָר אַ הייליקער ענין — אַנדערש וואָלט ס׳האָרץ דאָך בײַ מיר ניט געקלאַפּט אַזוי, בעת איך האָב געטראַכט וועגן יענער — און „פרײַ״ האָט די ליבע אויך אוודאי געדאַרפט זײַן; אָבער... אָבער... דאָס אַלעס!

מײַן אײַנדרוק וועגן עמאַ גאָלדמאַן פון יענער צײַט איז אַזאַ:

זי האָט לײַדנשאַפטלעך ליב געהאַט דעם פרײַען לעבן און אַזוי לײַדנשאַפטלעך געהאַסט אַלעמען און אַלצדינג, וואָס האָט איר פאַר־צאַמט דעם וועג צו דעם פרײַען לעבן.

זי האט געפילט אין זיך דעם כח און דעם מוט אפן פאר דער גאנ־צער וועלט צו ברעכן די דאזיקע צוימען.

איבערהויפט איז זי געווען א פרוי, וואס האט זיך ניט געלאזט איינפאסן אין א געוויינלעכן לעבנס־ראם. זי האט געפאדערט עפעס א באזונדערן פלאץ, עפעס אן אומגעוויינלעכן פלאץ וואס זאל זי אויס־טייל ן פון די אלע איבעריקע פרויען; א פערזענלעכקייט איז זי געווען, וואס האט געהאט די אמביציע צו איבערלאזן א וואס מער טי־פערן שפור נאך זיך אויף די מענטשן און אויפן לעבן, און זי האט זיך אויסגעוויילט דעם רעוואלוציאנערן וועג...

דארט איז געווען קאמף, שטורעם, געפאר; דארט האט זי געקאנט זעטיקן איר פייערדיקן טעמפעראמענט; דארט ערשט האט זי געקענט פילן דעם לעבן, וואס זי האט אזוי ליב געהאט.

און איך גלויב נאך, אז דאס וואס מאסט און אירע גענאסן האבן זי געוואלט דעמאלט דערשטיקן, פארטרייבן אינגאנצן פון דער אנאר־כיסטישער באוועגונג, האט נאך מער צעברענט אין איר דעם פייערדיקן דראנג צום קאמף און די אומדערשראקנקייט פאר געפאר.

זי האט געזוכט די געפאר, וואס זאל איר געבן אנערקענונג (אויך מאסטן און אירע אנדערע שונאים צו להכעים). זי האט ווי געזוכט דעם דארן־קראנץ פון א מארטירערין, וואס האט איר געזאלט געבן בירגער־רעכט צווישן די גרויסע פרייהייטס־קעמפער.

— ד —

אבער אין יענער צייט, אין 1893, ווען מיר האבן זיך געטראפן, איז זי נאך ניט געווען אפילו קיין איין מאל ארעסטירט. אמת, די צייטונ־גען, ווי די דעמאלטדיקע „דהי וואירלד", האבן כסדר געשריבן וועגן דער געפערלעכער „רויטער עמא" און אויך וועגן איר שיינער אדיור־טאנטקע, פאולינע סעגאל, וואס ווען, חלילה, חרוב מאכן די וועלט, אויב מען זאל זיי ניט ארעסטירן, און דעטעקטיוום האבן טאקע זי גע־זוכט און איר „אדיוטאנטקע" אויך, נאר דערווייל איז זי נאך געווען פריי און אויך פאולינע.

ביז איינמאל, נאך אירער א רעדע אויף יוניאן סקווער, ווען זי האט געראטן די פארזאמלטע הונגעריקע ארבעטער, אז זיי זאלן פאדערן אר־בעט און אויב זיי קריגן ניט קיין ארבעט, זאלן זיי פאדערן ברויט, און אויב זיי וועלן ניט קריגן קיין ברויט, זאלן זיי נעמען

ב ר ו י ט, — נאָך אַט־דער רעדע אירער, האָבן אירע פרײַנט און איך זי אַליין שוין געוווּסט, אַז הײַנט־מאָרגן וועט מען זי אַרעסטירן.

זײַנען אירע פרײַנט צוגעשטאַנען דעמאָלט צו איר, אַז זי זאָל אויף דערווײַל אַוועקפאָרן פון ניו יאָרק. האָט זי לכתחילה ניט געוואָלט אַפילו הערן דערפון: פאַר מורא, טאָמער וועט מען זי אַרעסטירן, וועט זי ניט אַנטלויפן; אַ שיינעם פּנים וועט זי האָבן בײַ ערלעכע געניאָסן אין די אויגן, ווען זי וועט ווײַזן, וואָס פאַר אַ פּייגלינג זי איז! און וואָס וועט מאַקסט דעמאָלט זאָגן, און וואָס וועלן זאָגן אַלע אירע שונאים? און אויך „סאַשאַ" (אַלעקסאַנדער בערקמאַן) דאָרט אין זײַן געפענגעניש, וואָס וועט ער דאָרט טראַכטן וועגן איר, ווען ער וועט זיך דערוויסן דאָרט וועגן דעם?

צום סוף אָבער, אַז מען האָט איר אויפגעוויזן, וואָס זי קאָן איצט אויפטאָן, ווען זי זאָל זײַן פרײַ, פאַר דער באַוועגונג, בפרט אין די אַנדערע שטעט, ניט דווקא אין ניו יאָרק, ווו די אייגענע געניאָסן שטערן איר, האָט מען געפּועלט בײַ איר, אַז זי זאָל פאָרן קיין פילאַדעלפיע און פון דאָרט קיין באַלטימאָר. מחמת אין אַט די צוויי שטעט האָט פּויקערט און זײַן גרופּע „אויטאָנאָמיע", וואָס איז געווען קעגנעריש צו מאַקסטן, געהאַט אַ סך אַנהענגער.

און אַזוי ווי איך בין דאָך געווען אַ „פילאַדעלפיער געניאָסע", איז עמאַ באַשטאַנען אויף דעם, אַז איך זאָל אויך מיט איר פאָרן אַהין. מחמת, היות ווי איך בין געווען אַ מיטגליד פון דער דאָרטיקער גרופּע „ריטער דער פרײַהייט", וועל איך קאָנען אַרײַנציען יענע גרופּע, אַז זי זאָל זיך אויך באַטייליקן דאָרט אין די פאַרזאַמלונגען, ווו זי, עמאַ, וועט אויפטרעטן. דאָס וואָלט געווען אויך אַ זיג איבער מאַקסטן און די אַנדערע, וואָס ווילן פאַרטרײַבן פון דער באַוועגונג זי, עמאַן...

איז אַט דעם פּלאַן געפעלן געוואָרן אויך פּאַולינען. אַ קאַטאַוועס האָבן אַזאַ זיג איבער יענע, וועלכע ווילן דערשטיקן עמאַן.

איך אָבער בין שטאַרק ניט צופרידן. דער געדאַנק, אַז איך וועל ניט קאָנען זען יעדן טאָג פּאַולינען, וואַרפט אַן אויף מיר אַן אומעט.

און שווער קומט אָן דערנאָך סײַ פּאַולינען און סײַ עמאַן, ביז זיי פּועלן בײַ מיר, אַז איך זאָל אויך מיטפאָרן קיין פילאַדעלפיע.

פּאַולינע האָט אַ גאָלדן זייגערל — אַ מתנה פון איר פאַרשטאָרבענעם זיידן, וואָס זי האַלט טײַער, ווי אַן אָנדענק — פאַרזעצט זי עס און גיט אַוועק עמאַן דאָס געלט צושטײַער פאַר אונדז ביידן אויף הוצאות.

און אויף מאָרגן, ווען מיר קומט אויס זיך געזעגענען מיט פּאַולינען,

דערפיל איך, אז אויך איר וועט זיין געגוג אומעטיק אז מיר. פונדעסט־וועגן זאגט זי מיר מיט קוראזש:

— אויב איך וועט האבן צייט, און אויב איר וועט זיך ניט פוילן, און אויב אייך וועט זיין איבערהויפט אינטערעסאנט, שרייבט מיר אז א בריוו.

***

אויפן וועג קיין פילאדעלפיע זאגט מיר עמא, אז מיר וועלן דארט איינשטיין ביי א דייטשן געגאסט. זי דערציילט מיר וועגן זיך, וועגן איר היים אין סאוונע און וועגן אירע קינדער־יארן אין דייטשלאנד, און ווי זי האט דארט א פאר יאר געלערנט אין א שול און נאכדעם וועגן איר לעבן אין ראטשעסטער, ניו יארק, און אפילו וועגן דעם, ווי זי האט דארט חתונה געהאט מיט א מאן, וואס ער איז ניט געווען קיין מאן, און ווי זי איז דערנאך אוועק פון אים...

הער איך ווי זי דערציילט מיר, און איך וואונדער זיך: וואס הייסט, זי האט חתונה געהאט מיט א מאן, וואס ער איז ניט געווען קיין מאן? מיינט זי דאס, אז ער האט זי באהאנדלט שלעכט, דאס הייסט, ניט ווי א „לייטישער" מאן?

און איך פרעג ביי איר טאקע וועגן דעם אויך. קוקט זי אז מיר, ווי זי וואלט דערזען פלוצים פאר זיך א טשיקאווע בריאה, נאכדעם צעלאכט זי זיך און פרעגט ביי מיר ווי אלט איך בין. זאג איך איר. מאכט זי: אויב אזוי, איז זי ניט א סך עלטער פון מיר. איינגאנצן עטלעכע יאר.

אבער באלד ווערט מיר שווער מיט עמאן. מחמת מיר געפעלט ניט, ווי אזוי זי ענטפערט מיר וועגן איר פריינדין, וועלכע האט ערשט נעכטן פארזעצט איר גאלדענעם זייגערל פאר אירטוועגן.

אזוי ווי איך בענק שטארק נאך יענער, ווילט זיך מיר וועגן איר ריידן. הויב איך אן צו ריידן וועגן איר מיט עמאן, מאכט עמא זיך ניט הערנדיק צו ערשט און ענטפערט אינגאנצן ניט. נאכדעם, אז איך רייד ווייטער וועגן פאולינען, טוט זי מיט אמאל א געגעץ און מאכט:

— איך וועל באלד אנטשלאפן ווערן, אויב איר וועט ניט אויפ־הערן צו ריידן וועגן קינדער!

ווערט מיר דערנאך שווער מיט איר און אזוי ווי איך האב ביי זיך אין א קעשענע א העפט פון א רוסישן זשורנאל, נעם איך דעם זשורנאל און איך הויב אן צו לייענען, און איך רייד ניט מער...

כאפט זיך, משמעות, עמא, אז זי האט ניט געדארפט אזוי ריידן

וועגן איר פיינדין פאר מיר און זי וויל פארגלעטן די פריערדיקע באַמערקונג וועגן פאולינען און טוט זיך א נעם זי צו לויבן. א פעיקע מיידל און אינטעליגענטע איז פאולינע... זי וועט אביסעלע עלטער ווערן, וועט זי זיין א געווינס פאר דער אנארכיסטישער באוועגונג... פאולינע קאן נאך ווערן גאר א גוטע רעדנערין... זי האט ליב פאולינען און פאולינע האט זי אויך ליב... ווען זי עמא, איז מיט א שטיקל צייט צוריק קראנק געווארן און זי איז געפארן קיין ראטשעסטער צו איר שוועסטער זיך צו דערהאלן, איז פאולינע געפארן מיט איר אהין און איז געוועז איר בעסטע „נוירס" דארט...

בין איך שוין ניט ברוגז מער אויף עמאן. איך לייג אוועק דעם העפט צוריק אין מיין קעשענע און איך הויב אן ווידער צו ריידן וועגן פאולינען. און, פארשטייט זיך, אז בלויז גוטס רייד איך וועגן איר און בפרט לויב איך איר פארשטענדעניש פאר ליטעראטור.

באמערק איך מיטאמאל ווידער עפעס, וואס דערהרגעט אוועק מיין שטימונג. זי, עמא, באמערק איך, קוקט אויף מיר עפעס קרום, נערוועז מיט אירע בלוילעך-גרויען אויגן. דערנאך קערט זי איינגאנצן אוועק איר קאפ מיט די געדיכטע בלאנדע האר פון מיר און זי הויבט אן צו קוקן אין פענצטער פונעם וואגאן.

און אין מיטן דרינען שלעפט זי גאר ארויס פון ערגעץ דעם דייטשן זשורנאל „דער ארמער טייפל", וואס ער איז אין יענער צייט באַרימט געוועז צווישן די ראדיקאלן, בפרט צווישן די דייטשע אנאַרכיסטן, און הויבט אן אים צו לייענען. *)

שטוים איך זיך אן, אז זי טוט דאס אויף צו להכעיס; אבער פאַרוואס און וואס איז זי אויסן דערמיט?

און מיטאמאל הויבט זי אויף אירע אויגן פון דער צייטונג און מאכט צו מיר:

— איך האף, אז דאס וועט איר ניט זאגן איר אליין. מחמת א באקפיש ווי זי, אזא יונגע זאך, קאן זיך נאך איינריידן, אז איר זייט פארליבט אין איר.

רוף איך זיך אן:

---

*) „דער ארמער טייפל" — א ראדיקאלער הומאריסטישער זשורנאל — א זשורנאל פון דעם מין ווי „סימפליציזמוס", אדער „דער וואהרע יאקאב", וואס זיינען אמאל געדרוקט געוועז אין דייטשלאנד, איז דא דערשינען אין יענער צייט אין דעטראיט און איז רעדאקטירט געווארן פון דעם בארימטן אין יענער צייט דייטשן שריפטשטעלער און ראדיקאל ראבערט רייטזעל. — ל. ק.

— זי דאַרף זיך דאָס גאָר ניט איינריידן, ווייל אַזוי איז דאָס. און אין דעם ערשטן בריוו, וואָס איך וועל איר היינט שרייבן, וועל איך איר דאָס זאָגן.

טוט זי אַ קוק אויף מיר כמעט בייז, זאָגט אָבער גאָרנישט און נעמט זיך נאָכדעם ווידער לייענען די צייטונג.

דער דייטשער גענאָסע אין פילאַדעלפיע, אַ מאַשיניסט, וווינט אין אַ צוויי־שטאָקיגן פּריוואַט־הויז. דעם צווייטן שטאָק — אַ דריי צימערן — האָט ער אָפּגעגעבן עמאַן און מיר. פון די דייטשע גענאָסן, וואָס זיינען געקומען צו עמאַן, דערוויסן מיר זיך, אַז אַ זאַל פאַר איר מאַסן־פאַרזאַמלונג איז שוין גענומען, דער סטענדאַרד טעאַטער, אויף דער צענטער און סאַוט, אויב איך האָב ניט קיין טעות.

דעם בריוו צו פּאַולינען האָב איך אָוועקגעשיקט טאָקע נאָך יענעם טאָג. איך געדענק ניט קלאָר דעם אינהאַלט פון יענעם בריוו, איך רעכן אָבער, אַז פּאַולינע האָט, מסתמא, הנאה געהאַט פון יענעם בריוו.

און וואָס איז שייך עמאַן איז אַזוי: כל זמן די דייטשע גענאָסן זיינען ביי איר, — רעדט זי מיט זיי נאָר וועגן דער באַוועגונג וועגן „סאַשאַן" (אַלעקסאַנדער בערקמאַן) און וועגן דעם, וואָס מאַסט און זיינע גענאָסן ווילן איר אָנטאָן אַ שלאָס אויפן מויל... ווען אָבער זי איז מיט מיר אַליין, רעדט זי וועגן דעם, ווי שיין דאָס לעבן איז; ווי עס קאָן זיין נאָך שענער און ווי וויניק מענטשן פאַרשטייען, אַז דאָס לעבן איז זיי געגעבן געוואָרן אויף ניט אָפּצוקומען, אויף ניט צו שטיקן אין זיך די נאַטירלעכסטע פאַרלאַנגען, וואָס ווערן דאָ פון די פאַרדאַמטע היפּאָ־קריטן אַרומגעצאַמט מיט „מען טאָר ניט" און „מען טאָר ניט" און „מען טאָר ניט!".

זי דערציילט מיר גאָר, ווי זי האָט פריער פאַרגעטערט מאָסטן, ווי אַזוי, ווען זי איז געקומען פון ראָטשעסטער, האָט זי זיך מיט מאָסטן געטראָפן צום ערשטן מאָל, און ווי ער האָט זי דערנאָך פאַר אַ רעדנערין געמאַכט, און ווי ער האָט זי ליב געהאַט, און ווי אייפערזיכטיק ער איז געווען צו „סאַשאַן", און ווי ער האָט געפאָדערט פון איר, אַז זי זאָל אויפ־געבן סאַשאַן און די אַנדערע אירע געליבטע, און זי זאָל ווערן דאָס ווייב פון איר, מאָסטן אַליין. (זי, עמאַ גאָלדמאַן, שרייבט, אגב, וועגן דעם אויך אין דעם ערשטן קאַפּיטל פון „ליווינג מאַי לאַיף" — ל. ק.).

ווי אין אַ מאָן איז זי אין מאָסטן קיינמאָל ניט פאַרליבט געווען. אַזוי ווי זי איז, למשל, פאַרליבט געווען אין „סאַשאַן", צי אין „פעדיאַן", איז זי ניט געווען פאַרליבט אין אים קיינמאָל. מער, איידער אַלץ, האָט

זי אים פאַרגעטערט, ווי איר גרויסער לערער, דעם גרויסן קעמפער. ער איז איר גאָט געווען. און ער אַליין, מיט זײַן געמיינער האַנדלונג קעגן סאַשאַן און קעגן איר און קעגן אַלצדינג, וואָס ער אַליין האָט געלערנט און פּראָפּאַגאַנדירט, האָט דערהרגעט איר פריערדיקן יאָהאַן מאָסט, איר גאָט!

און איך באַמערק דעמאָלט אויך — מיט שׂנאה באַמערק איך דאָס! — ווי זי לאָזט ניט דורך קיין געלעגנהייט צו פּאַרמיאוסן אין מײַנע אויגן יענע פרײַנדין אירע, וועלכע איז מיר אַזוי טײַער.

און ביסלעכווײַז הויב איך אָן צו פילן עפּעס מאָדנע, בעת זי איז מיט מיר. אינסטינקטיוו הויב איך אָן צו פילן, ווי עפּעס אַ הונגעריקע קאַץ וואָלט אַרום מיר געשטאַנען און געזען פאַר זיך אַ געשמאַקן ביסן...

ממש אַ ווידערווילן האָט זיך דורך דעם אויפגעוועקט בײַ מיר צו איר.

ווי איך האָב באַמערקט פריער, איז אָט די אומגעוויינלעכע פּערזענלעכקייט, וואָס זי איז אַזוי באַרימט געווען אונטערן נאָמען „עמאַ גאָלדמאַן", באַהערשט געווען פון צוויי גרויסע לײַדנשאַפטן, וואָס האָבן בסדר אין איר געקעמפט, אַמאָל איינע מיט דער אַנדערער — מיט דער לײַדנשאַפט צום לעבן, בפרט צום מאַן, און מיט דער גרויסער לײַדנשאַפט זיך אויסצולעבן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר אַ פרײַער געזעלשאַפט, ווי זי האָט דאָס פאַרשטאַנען. אין דעם פּרט איז איר לעבן אָפט געווען אַן אמתע גרויסע דראַמע.

דאָס, וואָס זי אַליין דערציילט וועגן זיך אין איר ווערק „לייווינג מאַי לאַיף", באַווײַזט עס קלאָר.

און אפשר איז שולדיק געווען איז איר באַזונדערער גרויסער לײַדנשאַפט צום מאַן דאָס, וואָס זי האָט פריער, ווען זי איז נאָך זייער יונג געווען, חתונה געהאַט אין ראָטשעסטער מיט אַ מאַן, וואָס ער איז געשלעכטלעך ניט נאָרמאַל געווען?

זי דערציילט וועגן דעם *): „אין פעברואַר 1881 האָבן מיר חתונה געהאַט בײַ אַ רב אין ראָטשעסטער, לויט דעם ייִדישן מנהג, וואָס אַזאַ איז אין יענער צײַט אויך פונעם געזעץ אָנערקענט געוואָרן.

די פיבערישע אויפרעגונג און די דערוואַרטונגען מײַנע האָבן אין דער חתונה־נאַכט זיך אויסגעלאָזט דערמיט, וואָס איך בין געבליבן אינגאַנצן אַ צעטומלטע, אַ פריטשמעליעטע... יאַקאָוו (איר מאַן) איז

* זע: „לייווינג מאַי לאַיף" ערשטער באַנד, ז. 20 — 5. פּ.

געלעגן לעבן מיר און ער האט זיך געטרייסלט; ער איז געווען אימ־פאטענט"...

זי טרעפט דעם ערשטן מאל אין ניו יארק דעם רעדאקטאר פונעם „ארמען מייפל", ראבערט רייטזעל. גייט זי מיט אים פאר־טאג פון א ווייַן־קעלער. זי דערציילט:

„איך בין ארויס מיט ראבערטן אויף דער גאס, האלטנדיק אים אונטערן ארעם. און א שטארקע גלוסטונג האט מיך אנגע־כאפט צו ארומנעמען אט דעם רייצנדיקן מאנספארשויין, וואס איז געגאנגען לעבן מיר. ער איז געווען אזוי שיין און ליב סיי מיט זיין גוף און סיי מיט זיין גייסט. און זיכער בין איך געווען, אז אויך איך בין געווען אים שטארק געפעלן. מחמת דעם גאנצן אוונט האב איך דאס געפילט אין זיין יעדן בליק און אין זיין יעדער באריר ונג.

„און ווי מיר זיינען געגאנגען אזוי איינער לעבן אנדערן האב איך געפילט, ווי די ליידנשאפטלעכע גלוסטונג האט זיך געווערט אין אים. ווו קאנען מיר גיין? אט־דער געדאנק איז מיר דורכגע־פלויגן אין מיין מוח און איך אליין בין געווארן אויפגערעגט, גייענ־דיק לעבן אים, און איך האב געווארט און ווילד געהאפט, אז ער זאל מיך ערגעץ נעמען"...

„און וואס מאכט עפעם סאשא? פרעגט ער מיטאמאל, — הערט איר עפעס אפט פון אונדזער וואונדערלעכן סאשאן?"

— און אויס! — דערציילט עמא גאלדמאן ווייטער, — דער פרי־ערדיקער כשוף איז שוין פארטריבן געווען. ווייטער האט זי שוין גע־רעדט מיט איר באגלייטער וועגן דער באוועגונג, וועגן רעוואלוציע און וועגן מאסטן. זי איז שוין פון דער אנדערער גרויסער ליידנשאפט אי־רער באהערשט געווען.

„ביי מיין טיר", — דערציילט ווייטער עמא, — האט ער מיך ארומגענומען און הייס ארויסגעפליסטערט: „איך וויל דיך! זאלן מיר פארגעסן דעם פרויער פונעם לעבן". האב איך זאכט זיך באפרייט פון זיינע ארעמס און געזאגט: „צו שפעט, מיין לי־בער! די געהיימע שטימען פון דער נאכט זיינען אנטשוויגן גע־ווארן; די דיסאנאנסן פון טאג האבן זיך אנגעהויבן".

אט די געהיימע נאכט־שטימען און די „טאג־דיסאנאנסן" האבן שטענדיק־שטענדיק געקעמפט אין אט־דער ניט־געוויינלעכער פערזענלעכקייט.



א צוויי טעג פאַר יענער פאַרזאַמלונג אין פילאַדעלפיע קומט מיט־אַמאָל אַ גאַסט פון ניו יאָרק צו עמאַן און מיר.

פאָולינע קומט, אָבער ניט איך און ניט עמאַ דערקענען זי צו־ערשט. זי טראָגט אַ לאַנגן שוואַרצן מאַנטל און אַ הוט מיט ברייטע ראַנדן און אירע וווּנדערלעכע אויגן זײַנען פאַרשטעלט פון אַ פּאָר בלויע ברילן.

געקומען איז זי, מחמת אין ניו יאָרק האָבן דעטעקטיוווס זי גע־זוכט איז זי אַנטלאָפן פון דאָרט צו אונדז קיין פילאַדעלפיע.

בין איך געווען שטאַרק צופרידן פון איר קומען, און עמאַ — שטאַרק ניט צופרידן, הגם זי האָט זיך באַמיט צו זײַן פרײַנטלעך מיט איר פרײַנדין.

פאָולינע האָט געבראַכט מיט זיך עטלעכע דאָלאַר, בין איך באַלד געגאַנגען מיט איר אין די געגנטן, וואָס זיי זײַנען מיר באַקאַנט געווען פון פריִער, צו זוכן אַ דירה פאַר איר, און אין דעם אייגענעם אָוונט האָט זי שוין געוווינט אין איר אייגענעם צימער.

און אויך אין יענעם אייגענעם אָוונט, ווען איך בין געקומען פון פאָולינען צו דעם דײַטש אין הויז וווּ איך מיט עמאַן זײַנען אײַנגעשטאַ־נען, האָט עמאַ כמעט געמאַכט מיר אַ סקאַנדאַל, פאַרוואָס איך בין גע־קומען אַזוי שפּעט און איך לאָז איר ניט שלאָפן.

האָב איך איר ניט פאַרשוויגן. און אין מיטן נאַכט בין איך דער־מאָלט אַוועק פון איר, אַוועק נעכטיקן צו אַ באַקאַנטן געגאָסע, וואָס ער איז געווען אויך אַ לאַנדסמאַן מײַנער.

זינט דעמאָלט האָבן מיר זיך ניט געטראָפן מער. צו איר פאַר־זאַמלונג בין איך ניט געגאַנגען.

פאָולינע, וואָס זי איז יאָ געגאַנגען צו יענער פאַרזאַמלונג, האָט מיר דערנאָך דערציילט:

מען האָט אָנגעזאָגט עמאַן, אַז אַ ניו יאָרקער דעטעקטיוו וועט קו־מען אין האָל און וועט זי זיכער אַרעסטירן. האָט זי געענטפערט: „איך גיי און איך וועל רעדן. און זאָלן זיי מיך אַרעסטירן!”

און זי איז געקומען אין האָל און זעענדיק פאַר זיך די דעטעקטיוווס, האָט זי גערעדט מער רעוואָלוציאָנעריש ווי ווען עס איז פריִער.

די דעטעקטיוווס האָבן פאַרצייכנט איר רעדע. און מיט שפּעט האָט זי באַמערקט, אַז זיי זאָלן נאָר ניט פאַרגעסן צו פאַרצייכנען, אַז זי האָט געזאָגט דאָס און דאָס. זיי וועלן נישט דאַרפן אויסטראַכטן פון זייער אייגענעם קאָפּ קיין שרעקלעכע זאַכן פאַר איר; זי זאָגט אַליין.

מען האָט זי נאָך יענער רעדע אַרעסטירט און פאַרמשפּט זי דעם ערשטן מאָל אין איר לעבן צו געפענגעניש. עמאַ גאָלדמאַנס רום האָט זיך אָנגעהויבן...

און אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז פאַולינע געוואָרן מיין ווייב, מיין פּ אָ ל י אַ.

איך בין געשטאַנען פאַר דער טיר פון מיין שריפטשטעלערישער צוקונפט...

# פערצנטער קאַפּיטל

## אונדזער „האָני־מוּזי״

— א —

די ערשטע דירה פאַר אונדזער פאַמיליע־לעבן איז געווען אַ צימער מיט אַן איין־איינציקן פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ קריסטלעכן בית־עולם.

גראָד איז געווען אַ שיינער, זוניקער טאָג, ווען איך און מײַנע זײַנען געקומען אָנצוקוקן צום ערשטן מאָל אָט דעם צימער. האָט מײַן גליקלעכע פּאַליאַ אַ קוק געטאָן דעמאָלט אין יענעם פענצטער און צו מיר געזאָגט:

— זע ווי זוניק און ליכטיק איז דאָרט! די זון לײַכט אויף אי־בער קבֿרים!...

און זי האָט באַצאָלט דער פרוי, וואָס צו איר האָט דאָס צימער גע־הערט, פאַר אַ גאַנצן חודש דירה־געלט, ס׳הייסט זעקס דאָלאַר אין מזומנים.

— אַבי אין דעם צימער איז ליכטיק און ריין, — האָט מײַנע צו יענער געזאָגט, — און אויפן בעט איז אַ קלאָר־ווײַס לײַלעך און אַ קישן מיט אַ זויבערן ציכל, און אַ שטיקל טישל מיט אַ סאַראַטע שטייט אויך, און אַפילו שטולן צוויי מיט גאַנצע פיסלעך, — איז דאָך שוין באַלד ווי בײַ ראָטשילדן; מאַכט ניט אויס, אויב אַזוי, ווען הינטערן פענצטער דאָרט וועט מען ניט שטאַרק טומלען. דאָס איז איינס אַוועק. ווײַטער: איך האָב ניט מורא פאַר קיין לעבעדיקע, הײַנט פאַרוואָס זאָל איך מורא האָבן פאַר טויטע?...

זי איז אַזוי פריילעך, מײַנע, און זי רעדט אין אַזאַ שטיפערישן טאָן, אַזוי ווי אויף דער וועלט וואָלט גאָר קיינמאָל קיין „יאָמער־טאָל״ נישט געווען!...

און אַט אַזוי איז געוואָרן אַט דאָס צימער מיטן איין־איינציקן פֿענצ־טער, און צלמים, די ערשטע דירה פֿאַר אונדזער יונגן פֿאַמיליע־לעבן.

און איך געדענק אויך, ווי יענעם ערשטן אויפֿדערנאַכט, ווען מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אַהין, זיינען מיר געזעסן ביידע ביי יענעם איינ־ציקן פֿענצטער און האָבן אַרויסגעקוקט, ווי די לבנה האָט דאָרט געגאָסן איר ליכט איבער די קברים און צלמים.

און הגם מיר ביידע זיינען געווען גליקלעך, איז מיר אַליין געווען עפּעס סומנע אויפֿן געמיט פֿון אַט דעם ליכט וואָס האָט זיך דאָרט גע־גאָסן איבער די קברים.

— עפּעס ווי תכריכים־ליכט גיסט דאָרט די לבנה, — האָב איך באַ־מערקט.

מאַכט פּאַליאַ האַלב שטיפֿעריש און האַלב ערנסט:

— אונדז איז צו־גוט, מיר זיינען צו־גליקלעך, וועט דערפֿאַר אונדז ניט פֿאַרשאַטן, אַז מיר זאָלן אַ קוק טאָן אַמאָל אַט דורך דעם פֿענצטער אַהין אויפֿן בית־עולם, כדי זיך צו דערמאָנען, אַז ניט אַלעמען איז אַזוי גוט, ווי אונדז; אַז עס איז פֿאַראַן אַ לעבן וואָס עס איז אפֿשר נאָך ער־גער ווי אַט דער טויט...

— איך טראַכט איצט ווען לעבן, פּאַליאַ. בכלל האָב איך נישט ליב צו טראַכטן וועגן טויט, בפֿרט איצט — זאָג איך צו איר.

לאַכט מיינע: וואָס האָב איך אַזוי מורא פֿאַר דעם טויט און פֿאַר טויטע?...

זאָג איך איר דעמאָלט, אַז זי האָט אַ טעות. איך דערציי׳ל איר עפּעס, וואָס זי האָט פֿריִער ניט געוווּסט. איך שטאַם — לאָז איך איר וויסן וועגן מיין יחוס — פֿון קברנים, פֿון די „בית־חיימער" אין וויטעבסק. מיין מש־פּחה האָט זייט דורות געהערט צו דער חברה קדישא דאָרט. אפֿילו דער ממונה איבערן „טהרה־שטיבל" (טאַרע־שטיבל) אויף דעם אַלטן בית־עולם אין וויטעבסק איז אויך פֿון מיין משפּחה, פֿון די „בית־חיימער", הייסט עס. איך האָב נישט איינמאָל געזען „הילע דעם האַרבאַטן" ביי מיין טאַטן אינעם הויז.

— און אויב זי ווייסט נישט ווער אַט דער „הילע" איז געווען, — דערציי׳ל איך איר ווייטער, — געדענקען אים מסתמא די וויטעבסקער לאַנדסלייט אין מיין עלטער. דער גאַנצער מהות זיינער איז באַשטאַנען פֿון איין האַרב פֿון הינטן און פֿון נאָך איינעם פֿון פֿאָרנט, און פֿון אַ באָרד, ווי אַן אויפֿגעטרייסלטער בעזים...

אַט דעם „הילען" האָב איך געזען ניט איינמאָל בײַ אונדז אינדער־הײם, בעת ער האָט געטראָגן אין אַ זאַק אַ טויטן קינד צום בית־עולם.

פאַרבײַגײענדיק אונדזער הויז אויפֿן וועג צום בית־עולם, איז ער אַרײַן אַפּט צו מײַן טאַטן, וואָס ער האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט בײַ דער חברה קדישא, און ער האָט בײַ אים געמאַכט אַ „לחיים". (ער האָט ליב געהאַט מײַן טאַטנס הונדערט גראַדיקן „ספּירט").

געדענק איך, ווי אַט דער „הילע" איז איינמאָל אַרײַנגעקומען צו אונדז אין שטוב מיט אַ זאַק אויפֿן אַקסל. דער זאַק האָט געהאַט אַ לאָך פון אונטן, און פון יענער לאָך האָט אַרויסגעשטעקט אַ טויט הענטל פון אַ קינד. און אַז מײַן טאַטע האָט אָנגעוויזן אויף דעם „הילען", האָט יע־נער צוריק אַרײַנגעשטופּט דאָס טויטע הענטל פונעם קינד אין לאָך און זיך אַפילו ניט אַ קרים געטאָן דערבײַ. און אויך מײַן טאַטע האָט זיך ניט אַ קרים געטאָן; ער האָט נאָר געטאָן אַ גוטן שמעק טאַבאַק פון זײַן פּושקעלע. בלויז איך, אַ ייִנגל פון אַ יאָר זיבן, האָב דעמאָלט אויפגעשוידערט.

מחמת דעם, אגב, — דערצייל איך מײַנער, — ווײַל אין מײַן משפּחה זײַנען טויט און טויטע געווען אַ טאָג־טעגלעכער ענין, איז דער נאָמען אונדזערער קאַבריקן, וואָס דאָס מיינט „קברן", אַ באַגרעבער.

דערפון קאָן זי זען, אַז לויט מײַן סביבה פון קינדווײַז אויף האָב איך גישט געדאַרפט מורא האָבן פאַר טויטע, און איך האָב טאַקע קיין מורא אויך ניט פאַר זיי; נאָר גאַרנישט: דאָס טויטע הענטל פון דע־מאָלט קאָן איך נאָך ביז הײַנט ניט פאַרגעסן, און אַמאָל וואַקסט עס אויס אין מײַן פאַנטאַזיע אין אַ גרויסער טויטער האַנט, ווען איך טראַכט וועגן טויט... טראַכט איך דערפאַר בעסער, און מיט מער חשק, און מיט אַ סך אַ פרייִלעכערן געמיט, וועגן דעם לעבעדיקן לעבן... בפרט איצט, פאַליאַ, איצט...

— ב —

האָט שוין אויף מאָרגן פאַליאַ אויפגענייט אַ ווײַס פאַרהאַנגל און פאַרהאַנגען דערמיט דעם פענצטער פון אונדזער ערשטער דירה, און אויס בית־עולם, און אויס טויטע!...

און דווקא האָט אונדז ביידן דעמאָלט דאָס גליק צוגעשפּילט, ווי מען זאָגט: זי האָט געאַרבעט און איך האָב געאַרבעט — זי אין אַ שאַפּ בײַ קינדער־מאַנטלען און איך — אין אַ סיגאַר־פאַבריקל, בײַ „סטריפּן" טאַבאַק.

זי האָט געביטן איר נאָמען: אַנשטאָט „סעגאַל״ האָט זי זיך גע־געבן אַ נאָמען „שטיין״. דעם נאָמען האָט זי געטראָגן ביז זי האָט גע־בוירן אונדזער זון. געטאָן האָט זי דאָס, מחמת די דעטעקטיוום האָבן נאָך אַלץ געזוכט די „שיינע אַדיוטאַנטקע פון עמאַ גאָלדמאַן״, די פּאָלינע סעגאַל וואָס זי האָט פריִער געהאַלטן „געפערלעכע״ רעדעס אין ניו יאָרק.

בײַנאַכט האָבן מיר געווײנטלעך, געלייענט. אין יענער צײַט זײַנען מיר ביידע פאַרכאַפּט געווען פון היינריך הײַנעס לידער. אייניקע לידער פון זײַן „בוך דער לידער״ האָט פּאָליאַ אויף אויסנווייניק געדענקט. אַזוי האָט זי אַ פּאָר מאָל אין אַ שטיפערישן און שפּילעוודיקן טאָן אין מיטן דערינען פאַר מיר געלייענט אויף אויסנווייניק הײַנעס אַ ליד, וואָס זי האָט עס באַזונדערס ליב געהאַט:

„דאָס מעער האָט זײַנע פּערלען,
דער הימעל זײַנע שטערנע,
אַבער מײַן הערץ האָט זײַנע ליבע.

גראָס איסט דאָס מעער אונד דער הימעל,
דאָך גרעסער איסט מײַן הערץ;
אונד שענער אַלס פּערלען אונד שטערנע
לויכטעט אונד שטראַלט מײַנע ליבע.

דו קליינעס, יונגע מעדכען,
קאָם אַן מײַן גראָסעס הערץ;
מײַן הערץ אונד דאָס מעער אונד דער הימעל
פערגיין פאַר לויטער ליבע...״

(דער ים האָט זײַנע פּערל, דער הימל זײַנע שטערן, מײַן האַרץ אָבער האָט זײַן ליבע. גרויס איז דער ים און דער הימל, דאָך גרעסער איז מײַן האַרץ, און שענער ווי פּערל און שטערן לײַכט און שטראַלט מײַן ליבע. דו קליין יונג מיידעלע, פאַל צו צו מײַן גרויסן האַרצן; מײַן האַרץ און דער ים און דער הימל גייען אויס פון איין ליבע).

ווי שיין איז געווען דעמאָלט צו הערן אַט דאָס ליד פון מײַן פּאָליאַן!

דערווײַל „ליגן מען אָפּ״ פּאָליאַן און איך שאַף אויף אַ פּאָר וואָכן און איך פאַרליר אינגאַנצן מײַן „דזשאַב״ אינעם סיגאַר־פאַבריקל. זוכן מיר ערגעץ־וווּ אַנדערש אַרבעט, און נים זי און ניט איך געפינען, וואָס מיר זוכן.

נעמען מיך זיך ניט דאָס שטאַרק צום האַרצן אין דער ערשטער צײַט. אויף צו עסן איז דערװײַל נאָך דאָ; און ליב האָבן מיך זיך ליב; און גוטע זאַכן אויף צו לייענען פעלן אויך ניט, און די באַפרידיקונג, אַז מיר טוען און װעלן נאָך מער טאָן פאַר דער װעלט און פאַר דער „מענטשהייט" האָבן מיר אויך, — הײַנט הלמאי דאגהן!

בפרט נאָך, װען איך האָב עפּעס געגומען שרײַבן, און דווקא אויף יִדיש, אַ לענגערע דערציילונג, װאָס זי געפעלט פּאַליאַן...

פון אָט דער דערציילונג איז זי פאַרכאַפּט נישט װײניקער פון מיר, דאַכט זיך.

דאָס איז געװען אַ דערציילונג װעגן אַן אָרימער מיידל, אַ טאָכטער פון אַ מלמד אין אַ ליטװישן שטעטל, װעלכע פאַרליבט זיך אין אַ יִדישן סאָלדאַט, װאָס איר טאַטע האָט איינמאָל גענומען פאַר אַן אורח אויף פּסח. פּאַסירט מיט איר אַן אומגליק שפּעטער: זי װערט אַ מאַמע פון אַ ניט־כשרן קינד. פאַרפאַלגן זי דעמאָלט אַלע יִדן מיט זייערע װײַבער און קינדער פונעם שטעטל. אַלע אירע מומעס און פעטערס פאַרפאַלגן זי. אַפילו איר בעסטע חברטע, די טאָכטער פון שמש אין אַ בית־מדרש, שפּײַט דרײַ מאָל אויס, װען זי טרעפט זיך מיט איר.

מען טרײַבט צום סוף די מאַמע פון דעם ניט־כשרן קינד צו אַזאַ פאַרצװײפלונג, ביז איינמאָל נעמט זי נקמה פון איר פריערדיקער בעסטער חברטע, װאָס זי איז שוין געװען אַ מאַמע פון אַ כשרן קינד, פאַרשטייט זיך...

בעת די מאַמע מיט איר כשרן קינד זײַנען אין מיטן נאַכט געשלאָפן בײַם שמש אינדערהיים, אין אַ הינטער־שטיבל פונעם בית־מדרש, האָט די פאַרפאַלגטע מאַמע פון דעם ניט־כשרן קינד אונטערגעצונדן דעם בית־מדרש, און זי האָט צוגעקוקט נאָכדעם מיט אַ משונה־דיק־װילדן נקמה־געפיל, װי אַלצדינג איז דאָרט אַװעק מיטן פײַער און מיטן רויך...

אָט די דערציילונג, װאָס זי האָט לכתחילה בײַ מיר געהייסן „חייקע די סאָלדאַטקע", איז געװען באמת מײַן ערשטע אָריגינעלע דערציילונג, װאָס איך האָב אָנגעשריבן אין יענער צײַט אויף יִדיש. זי איז געפעלן געװען פּאַליאַן, און אויך זי איז גאָר־גאָר געפעלן געװען מאַיסעיעװן, װען ער האָט זי געלייענט שפּעטער.

זי איז אים געפעלן געװען אַזוי, אַז ער האָט זי צװיי מאָל געלייענט נאָך אין מאַנוסקריפּט, און מחמת זי איז געװען אַ לענגערע דערציילונג, האָב איך זי געקאָנט אָפּדרוקן ערשט נאָר שפּעטער אין דעם זשורנאַל

„צוגעזאגט”! (זי איז דארט געדרוקט געווען אונטערן נאמען „די גע־שיכטע פון אן ארימען מיידל”).

און אונטער אט־דעם נאמען איז זי אויך אריין נאך שפעטער אין מיין בוך „פונעם שטעטל ביזן טענעמענט־הויז”.

אונטער איר אריגינעלן נאמען — ס׳הייסט אונטער דעם נאמען „חייקע די סאלדאטקע” — איז זי איבערגעדרוקט געווארן ערשט מיט עטלעכע יאר צוריק אינעם „טאג” צו דער געלעגנהייט פון מיינעם א יובילײ.

אט די דערציילונג, וואס זי איז מיין ערשטע אריגינעלע, שרייב איך דעמאלט. און אזוי ווי דאס אנגעשריבענע געפעלט מיינער, בין איך צופרידן, בין איך גליקלעך...

אגב, העלפט זי אויס מיר ביי דער ארבעט. זי העלפט מיר געפינען גוטע יידישע ווערטער פאר די רוסישע, וואס זיי קומען מיר צוערשט אין די געדאנקען...

זי האט געבראכט א גוטן יידיש פון ביאליסטאק. העלפט זי דערמיט מיר און וועקט דערמיט אויף דעם יידיש פון מיין טאטע־מאמען און פון די דורות פאר זיי, וואס שלאפט ערגעץ ביי מיר אין דער געדעכעניש...

און הגם אונדזער אומגאנגס־שפראך איז רוסיש, ריידן מיר שטענ־דיק יידיש, בשעת איך ארבעט.

איך קאן זיך גאר ניט אפוואונדערן אויף איר יידיש און אויף דעם, ווי גרינג זי געפינט ביי זיך דעם ריכטיקן יידישןווארט פאר מיין רוסישן.

און דערביי ווייס איך, אז יידישע ביכער האט זי ניט געלייענט פריער, אזוי ווי איך, און אפילו די „קליאטשע” פון מענדעלען האט זי געלייענט, אגב, אזוי ווי איך, נאר אין „וואסכאד”, אין אן איבערזעצונג.

דערפאר לייענען מיר איצט יידישע שרייבער, די שרייבער, וואס דרוקן זיך אין דער ראדיקאלער יידישער פרעסע און פון זיי אלעמען געפעלט איר אויך, ווי מיר, מאריס ווינטשעווסקי. אוודאי שרייבער ניט־יידישע לייענען מיר מער, סיי רוסישע און סיי דייטשע. ערשטנס צוליב זייער אייגענעם ווערט, און צווייטנס מחמת זיי זיינען אין יענער צייט אונדז נענטער ווי די יידישע.

קורץ, ארום און ארום, ווען ניט די פארשאלטענע קאפיטאליסטישע געזעלשאפט; ווען דאס לעבן וואלט נישט געווען אזא „יאמער־טאל” און מענטשן וואלטן אזוי נישט געהונגערט, וואלטן מיר ביידע, דאס הייסט מיינע און איך, געווען גאר־גאר צופרידן פון אונדזער לעבן און גע־

בענטשט דעם צופאַל, וואָס ער האָט אונדז אויסגעשדכנט איינער פאַר דעם אַנדערן...

און מיטאַמאָל — אויסגעלאָזן זיך בײַ אונדז דער לעצטער גראָשן! נישטאָ אַפילו קיין פינף סענט אויף אַ ברייטל!

געדענק איך פון יענער צײַט אַזאַ מעשה:

דעם גאַנצן טאָג האָט דעמאָלט געשאָטן אַ שניי. ליגט דער שניי אויף די גאַסן, אויף די דעכער און אויף די טראָפּלעד אין דרויסן בײַם הויז־אַרײַנגאַנג (אויף די „סטופּס"). און מוזן מיר אַ קוק דורכן אײַנ־ציקן פענצטער פון אונדזער צימער, זעען מיר ניט מער נישט קיין צלמים און נישט קיין קברים; נאָר דאָ און דאָרט שטאַרצט אַרויס פון אונטער די בערגלעך שניי שטיקער און שטיקלעך פון עפּעס...

אַזוי ווי מיר האָבן דעם גאַנצן טאָג ניט געגעסן, ווילן מיר פאַר־טרײַבן דעם הונגער מיט עפּעס. פּרוּוון מיר לייענען, — נײַן, זאָט דער־פון ווערן מיר ניט, נישט אַפילו היינעס „בוך דער לידער" איז אַ סגולה פאַר אונדזער הונגער.

פאַלט אונדז אײַן: גאָר כאַפּן אַ שפּאַציר איבערן שניי אין דרויסן, מחמת ווען זעט מען עס אַן אַזאַ ריכטיקן שניי אין אַמעריקע!

אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און אַוועק איבערן שניי, ווי איבער ווייכן, ווײַסן פוך.

דאָ און דאָרט ברענט אַ לאַמטערנע אויף דער ווײַסער גאַס. דער הימל איבער די הײַזער איז אויך ווי אַ פאַרשנייטער. גרוילעך־ווײַס איז ער, אַן אַ שטערנדל.

מאַכט מײַנע:

— ער, ווען עס איז נאָך דערצו אַ ריכטיקער פראָסט!...

— און אַ פּאָר „ליבאַטשעס" און אַ שליטל מיט אַ צודעק פון בערן־פעל — כאַפּ איך אונטער — ווי בײַ אונדז דאָרט אין וויטעבסק, און „קאַטי־קאַטאַי!"...

— און איך בין דאָרט מיט דיר אין יענעם שליטל!...

— פאַרשטייט זיך...

— און עס טראָגן זיך די פערד — די ליבאַטשעס, ווי אַ האַסטי־קער ווינט, און פון אונטער זייערע פּאַדקאַוועס פליען קייקלעך שניי, וואָס שמײַסן שאַרף אין פּנים...

— ניט אין דײַן פּנים, מחמת דו האָלסט דײַן פּנים אײַנגעגראָבן בײַ מיר אויפן אַקסל...

לאַכט מײַנע:

— ווי גוט מיר איז צו האלטן מײַן פּנים אײַנגעגראָבן בײַ דיר אויפן אַקסל, בעת אונדזער שליטל פליט נאָך האַסטיקער ווי דער האַסטיקער ווינט!

און זי צעשטיפּט זיך נאָך מער, און זי זאָגט פּלוצים:

— שאַ, און דו ווייסט, וואָהין מיר פליען איצט אויף אונדזער שליטל?

— וואָהין?

— אַהין, וווּ מען קען קריגן אַ פרישע בולקע... איך שטאַרב עסן! אַ בולקע מיט אַ שטיקעלע הערינג! גוואַלד!

— האָסט אַ צו־רײַכן יצר־הרע, פּאַליאַ, אַ „בולקע מיט אַ שטיקעלע הערינג", און דו מיינסט דאָך מסתמא, ניט סתם הערינג, נאָר אַ שטיקעלע ריכטיקן שמאַלץ־הערינג, אַ־יאָ?

— מילא, זאָל זײַן סתם הערינג און סתם ברויט אויך. נו, פאַרקירעווע דײַנע ליכאַטשעס מיטן שליטל צום סתם הערינג און צום סתם ברויט, אַניט חלש איך אַוועק!...

און מיר צעלאַכן זיך ביידע, ווי צוויי פרײַלעכע, גליקלעכע קינדער.

מיר גייען אַוועק ווײַטער און אַז אַנדער גאַס און מיר ריידן וועגן דעם, צו וועמען פון אונדזערע באַקאַנטע זאָלן מיר גיין לײַען עטלעכע סענט, וואָס מיר מוזן האָבן איצט. צו ווײַנבערגן גיין? איז ער אָבער אין כעס, פאַרוואָס איך האָב זיך גענומען חברן מיט עמאַ גאָלדמאַנס חברים, מיט די שונאים, הייסט עס, פון יאָהאַן מאָסטן. און, ווי ער, זײַנען אויף מיר אין כעס אַלע מײַנע פריערדיקע גענאָסן, אַפילו גאָלדבערג „גאָט צו דאַנקען" אויך.

זיי זײַנען אין כעס איצט אויף מיר, ווי כמעט אַלע ייִדישע גענאָסן פון ניו יאָרק.

צום סוף בלײַבט בײַ מיר, אַז איך זאָל גיין מאָרגן צו מײַן לאַנדס־פרוי רבקהן וועגן דעם.

אמת, מיר איז דאָס זייער שווער צו טאָן. איך קען זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוווינען צו דעם געדאַנק וועגן אָנקומען צו „יענעמס הילף", בפרט ווען איך בין פון רבקהן געוווען איצט כמעט אינגאַנצן אָפּגעריסן; אָבער איך האָב דאָס געמוזט איצט טאָן צוליב פּאַליאַן...

און מיטאַמאָל, אַזוי ווי מיר גייען, הויבט אָן מײַנע צו זוכן אינעם שניי.

— וואָס זוכסטו?

— מיר דאַכט זיך, אַז עפּעס האָט געטאָן אַ מיניע פאַר די אויגן.

דאַכט זיך, אַ ניקל איז דאָרט געלעגן אינעם שנײַ! אַנו, העלף זוכן! אַ ברױטל, טײַערינקער, אַ בולקעלע!...

קוק איך אױפֿן שנײַ און זוך מיט די אױגן, און גײ צוריק און זוך, און זוך. אױ, אַ ניקל טאַקע!... איך בױג זיך אײַן, לאָז אַרײַן אַ האַנט אין דעם װײכן שנײַ און װיל דאָס אױפֿהײבן... װײס איך װאָס, עס האָט זיך מיר נאָר אױסגעװיזן, אױסגעװיזן, אַזױ װי פֿאַליאַן!...

איך דערמאָן זיך, װען איך בין געװען אַ יִינגל, האָב איך געלײענט װעגן אײנעם, װאָס האָט געװאָנדערט אין אַ מדבר אַ דורשטיקער און פּלוצים האָט זיך פֿאַר אים אױסגעװיזן, אַז ער זעט פֿאַר זיך אַ קװאַל מיט פֿרישן װאַסער...

אָט אַזאַ מין „פֿאַטאַ־מאָרגאַנאַ" איז געװען יענער ניקל אינעם שנײ, װאָס ער האָט געזאָלט דעמאָלט שטילן אונדזער הונגער!...

צום סוף אָבער כאַפּן מיר זיך בײדע, װי קינדעריש דאָס איז, װאָס מיר טוען, און װידער צעלאַכן מיר זיך בײדע, װי צװײ גליקלעכע קינדער, און מיר הײבן אָן צו קנעטן קײקעלעך פֿון װײכן, װײַסן שנײ, און איך װאַרף אין איר און זי אין מיר אַ װײַס קײקעלע, און איבער דער פּאַרשנײטער, װײַסער גאַס טראָגט זיך אונדזער בײדנס הילכעדיקער, יונגער געלעכטער...

— ד —

אַרום די הײַזער, אױף די טראָטואַרן און אױף די פּאַרשנײטע טרעפּלעך פֿאַר די טירן שטײען מענטשן מיט רידלען און בעזימער און זײ קערן און סקראָבן דעם שנײ. דערהערן מיר מיטאַמאָל אַ װײַבעריש קול אַהינטער אונדז, אַ קול מיט אַ שאַרפֿן יִידישן אַקצענט:

— סעי, מיסטער, קומט נאָר אַהער מיט אײער מײדל, דאָ איז גאָר פֿײַנער שנײ פֿאַר אײַך. נעמט אַביסעלע פֿון דאַנען און װאַרפֿט זיך דערמיט!

איך קוק זיך אום, און איך דערקען די פֿרױ. זי האַלט אַ קרעמל פֿון מילכיקס אױף דער צװײטער גאַס. און מיר פֿאַלט אײַן לכתחילה בלומרשט אױף שפּאַס. איך גײ צו צו איר און טו אַ פֿרעג אױף יִידיש:

— װיפֿל?

— װאָס װיפֿל?

— איר װילט דאָך אָפּרײניקן דעם שנײ?

— יאָ, ס'איז מײַן שטוב — ענטפֿערט זי אױף אַ געשמאַקן יִידיש.

— איז וויפל ווילט איר באַצאָלן דערפאַר?

— גיט מיר נאָר דעם גוי, מיסטער — מאַכט זי — וועל איך אים באַצאָלן. אדרבה...

— און אַ גויע טויג ניט? — וויַיזט איך אויף פאַלאַן, וועלכע איז צוגעקומען צו מיר און רעדט צו מיר רוסיש.

— ווער איז טאַקע די שיקסע, מיסטער? — וויל די ייִדישע פרוי ישוין וויסן.

— וואָס אַרט אײַך, ווער זי איז? דעם שניי אײַערן ווילט איר אָפּ־רייניקן, איז אויב איר וועט באַצאָלן, וועל איך מיט דער שיקסע דאָס טאָן.

און איך ווענד זיך צו מײַנער און איך דערקלער איר, וואָס די פרוי זאָגט, פאַרשטייט זיך אויף רוסיש, און אַזוי הויך, אַז יענע האָט געמוזט הערן, וואָס איך האָב געזאָגט. טוט זיך אַ כאַפּ מײַנע און מאַכט צו יענער:

— קיין איין שנייעלע וועל איך אַפילו ניט איבערלאָזן. איך בין אַ ספּעציאַליסטקע אויף צו ראַמען שניי. איך דאַרף נאָר צוויי רידלען האָבן — איינעם פאַר מיר און נאָך איינעם פאַר אים, און, דער עיקר „הא מאַטש?" — פרעגט זי דווקא אין ענגליש.

קורץ, דורכגעקומען. דרײַסיק סענט קריגן מיר פאַר אָפּראַמען דעם ישניי.

אַרבעט זי מיט איר רידל און איך מיט מײַנעם, און ביידע אַרבעטן מיר מיט אַ גוואַלדיקן חשק.

— פאַר אַ בולקעלע, אַ פּרישינקע! — טוט מײַנע אַ וואַרף אַ פולן רידל מיט שניי.

— מיט אַ ריכטיקן שמאַלץ־הערינג! — ענטפער איך מיט מײַן רידל שניי.

— און לעקאַך אויך, געפילט מיט אײַנגעמאַכטס! — קוועלט מײַנע, און זי וואַרפט נאָך אַ נײַעם רידל מיט שניי.

פאַרטיק געוואָרן. דער שניי איז אָפּגעראַמט. מיר האָבן אַ „ריכטיקן דזשאָב" געמאַכט, בײַ מײַנער האָבן די באַקן געברענט, ווי אירע אויגן. מיר קריגן די דרײַסיק סענט. די ייִדישע פרוי וויל וויסן, ווי קומט צו מיר אָט די „וואַזשנע שיקסע?".

און מיטאַמאָל — מײַנע פאַרט אַרויס אויף איר ייִדישן ייִדיש:

— געזונט זאָלט איר מיר זײַן, מיסעס, איך בין דאָך אַ כשרע ייִדישע טאָכטער, אַ ריכטיקע בת ישראל!... בעסער זאָגט מיר, ווי געפעלט אײַך דער „דזשאָב", וואָס מיר האָבן געמאַכט פאַר אײַך?

און אײדער יענע האָט צײַט געהאַט נאָך צו ענטפערן, האָט מײַנע מיד אַ פּאַק געטאָן:

— קום עסן! עסן! איך חלש אַוועק!...

— און אַז מיר האָבן גענומען גײן, האָט פּאַליאַ זיך אומגעדרײט און געזאָגט צו דער פרוי, וועלכע איז נאָך געשטאַנען אַ פאַרוואונדערטע און האָט געקוקט אויף אונדז:

— טאָמער האָבן מיר נישט געמאַכט קײן גוטן „דזשאָב", וועלן מאַכן אַ בעסערן „דזשאָב" אין דער צוקונפטיקער נעזעלשאַפט, אם ירצה השם, (מירצעשעם) וואַנדערבילד און גולד, ווען זײ וועלן טאָן [redacted]ט די אַרבעט!..

***

און ווי געשמאַק איז דאָס געבעקס געווען, וואָס מיר האָבן דער־נאָך געגעסן יענעם אויפדערנאַכט בײַ אונדז אינדערהײם! אַלע טעמים פונעם גן עדן האָט עס ממש געהאַט! און ווי ליכטיק און ווי פרײלעך האָט אונדז אויסגעזען דעמאָלט אונדזער „האַני־מון" (האָניק־חודש)...

און גאָר גוט איז געוואָרן אונדז, ווען אויף מאָרגן נאָך יענעם אויפדערנאַכט, האָב איך געקראָגן אַרבעט בײַ מײַן „טאַבאַק־סטריפּע", און נאָך אין דער אײנענער וואָך האָט אויך פּאַליאַ גענומען ווידער אַרבעטן אין פריערדיקן שאַפּ.

האָט זי פאַרדינט בײַ אירע קינדער־מאַנטלען אַ זעקס דאָלאַר און איך בײַ מײַן אַרבעט אויך אַ וועלכע דרײַ דאָלאַר, און פון אַזוי פיל געלט האָבן מיר געקענט גאַנץ פײַן שטיצן די באַוועגונג, און טאַקע זי געשטיצט אויך אַפּט מיט עטלעכע דאָלאַר.

קורץ, אונדז איז געווען אײנמאָל גוט!

און געזעלשאַפט, ווו צו פאַרברענגען, אַחוץ אויף פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, האָט אונדז אויך ניט געפעלט. מיר האָבן פאַרקערט צווישן דײַטשע אַנאַרכיסטן און רוסיש־ייִדישע אינטעליגענטן. געטראָפן זיך מיט זײ אין די הײמען, אויף פאַרזאַמלונגען און קאָנצערטן און פאַר־בראַכט מיט די מערסטע פון זײ, ווי מיט נאָענטסטע פרײַנט.

און אײנמאָל אין יענער צײַט, ווען מיר, מײַן װײַב און איך, הײסט עס, זײַנען פאַרבעטן געווען צו אַ געבורטסטאָג־יום־טוב אַהײם צו אַ דײַטשער פאַמיליע, צו מענטשן, וואָס מיר האָבן געהאַלטן פאַר אונדזערע גאָר נאָענטע פרײַנט און גענאָסן, האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס עס האָט אײנגאָנצן אויפגעטרײסלט מיך און פּאַליאַן.

עס איז אונדז באַשערט געווען צו הערן דאָס היסטאָריש ליד פון ייִדן־האָס, דעם דײַטשן „העפּ־העפּ, יודע!"...

## פופצנטער קאפיטל

### „העפ-העפ, יודע!"

— א —

דורך עמא גאלדמאן האב איך, אז איך בין געקומען קיין פילא-דעלפיע, זיך באקאנט דעמאלט מיט עטלעכע דייטשע אנארכיסטן, וואס זיינען אירע פריינט געווען.

ווען מען האט זי ארעסטירט, האב איך נאך אלץ אנגעהאלטן מיין באקאנטשאפט מיט זיי. נאכדעם, אז איך בין געווארן א פאמיליע-מאן און האב מיין אייגן ווינקל געהאט, האב איך מיט א פאר פון זיי זיך באפריינדעט און זיי מיט זייערע פרויען און איך מיט מיין פרוי זיינען געקומען איינער צום אנדערן צו גאסט.

באזונדערס זיינען מיר באפריינדעט געווען מיט די צוויי ברידער ב.

ביידע ברידער זיינען שוסטער געווען און, אז מען האט געדארפט, האבן זיי אוועקגעווארפן זייער שוסטעריי און זיי זיינען געווארן רעדאק-טארן פון אנארכיסטישע צייטונגען. און איך גלויב ניט, אויב מען האט זיי געקענט זאגן, ווען זיי האבן א צייטונג רעדאקטירט: „שוסטער, גיי צוריק צו דיין קאפול", ווייל זיי ביידע זיינען געווען זייער אינטעליגענט און גייסטרייך, און איינער פון זיי, דער יינגערער ברודער, איז געווען אויך א גוטער רעדנער.

דער יינגערער האט פריער א געוויסע צייט רעדאקטירט אין בערלין דעם „סאציאליסט" צוזאמען מיט דעם יידן לאנדאוער, וואס ער איז אין יארן שפעטער, נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אין 1919, גלויב איך, ביים ספארטאקוס-אויפשטאנד, אין בערלין, דער-

הרגעט געוואָרן ווי ר אָ ז ע ל ו ק ס ע מ ב ו ר ג און ק אַ ר ל ל י ב ק נ ע כ ט.

דורך זיי, און אויך דורך ל. מאָיסעיעווין פריער אין ניו יאָרק, האָב איך זיך באַקענט מיט די ווערק פון איבסען און ביערענסטערן און פון אַנדערע שרײַבער, וואָס זיי זײַנען ביז דעמאָלט מיר אומבאַקאַנט געווען, און דורך זיי האָב איך אַפילו אָנגעהויבן צו שעצן מער די ווערק פון די רוסישע שרײַבער וואָס איך האָב זיי שוין געקענט...

זיי האָבן געהאַט אַ פײַנעם חוש פאַר ליטעראַטור און זיי זײַנען באַגייסטערט געווען פאַר דער רוסישער, באַזונדערס פאַר די ווערק פון טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי.

און שטענדיק, בעת מיר זײַנען אין די אָוונטן זיך צונויפגעקומען, האָבן מיר געשמועסט נאָר וועגן ליטעראַטור און וועגן שרײַבער. און גאַנץ אָפט האָט איינער פון זיי, אָדער מײַן פרוי, עפּעס פאָרגעלייענט אין דער הויך און נאָכדעם האָבן מיר אַלע דיסקוטירט וועגן דעם ווערק, וואָס מען האָט פאָרגעלייענט.

וועגן אַנאַרכיזם האָבן מיר אין יענע אָוונטן זעלטן-ווען גערעדט. עס האָט אויסגעזען, אַז דער עיקר, וואָס האָט דעמאָלט אונדז אַלעמען באַפרײַנדעט, איז געווען דאָס, וואָס מיר אַלע האָבן אַזוי ליב געהאַט ליטעראַטור און ניט דאָס, וואָס מיר זײַנען געווען אַנאַרכיסטישע גענאָסן.

דערפאַר אָבער, אַז מען האָט באַרירט אַמאָל אַ געזעלשאַפטלעכן ענין, האָבן ביידע ברידער אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ פאַרברענטע אַנאַרכיסטן זיי זײַנען.

אַמאָל איז צופעליקערהייט באַרירט געוואָרן צווישן אונדז אויך דער ענין אַנטיסעמיטיזם האָבן די ביידע ברידער דעמאָלט געטענהט, אַז בשום אופן קענען זיי ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי מענטשן מיט גײַסט קענען זײַן אַנטיסעמיטן.

און דער יִנגערער — געדענק איך — האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט וועגן אַנטיסעמיטן:

— זיי זײַנען פּאַטאָלאָגיש-קראַנקע מענטשן-האַסער...

ער, דער יִנגערער, האָט גערעדט אָפט אויף יִדישע אַנאַרכיסטישע פאַרזאַמלונגען אין פילאַדעלפיע און גרויס דערפאָלג געהאַט אַלס רעדנער.

— ב —

צווישן די דאָזיקע דײַטשע אַנאַרכיסטן איז געווען אײנער — אויך אַ שוסטער, דאַכט זיך — און, אויב איך האָב ניט קײן טעות, איז זײַן נאָמען געווען שמידט.

דער דאָזיקער שמידט, אַ פאַרשוין פון מיטלווּקס, אַ ברייטער, מיט לאַנגע, רויטע וואָנצעס און אַ רויטן, צווייגאָרנדיקן קינבאַק, שטענדיק מיט אויסגעפּוטשעטע און פאַרשיכורטע אויגן, איז זעלטן־ווען געווען ניכטער. ער האָט שטענדיק געזונגען רעוואָלוציאָנערע דײַטשע לידער אויף אַ טיפן באַס און נאָכאַנאַנד מלחמה געהאַלטן מיט דעם „הער גאָט" ניט ערגער איידער דער יידישער אַנאַרכיסט גאָלדבערג „גאָט צו דאַנקען".

קריסטוסן האָט ער גערופן „דער יידישער ממזר", („באַסטאַרד") וואָס די ליגנערישע דעמאַגאָגישע אַפּאָסטאָלן האָבן געמאַכט מיט אים „שאַכער־מאַכער".

און, אַז ער איז געווען גוט שיכור, האָט ער געפּאַכעט מיט אַ גע־זונטן, רויטן פויסט צום הימל, אָדער צום באַלקן, געקוקט אַרויף מיט געקאָטשעטע, אויפגערעגטע אויגן, און זײַן רויטער פּנים מיט די לאַנגע רויטע וואָנצעס האָט ממש מיט רציחה געברענט, בעת ער, שמידט, האָט אויף זײַן באַסאָווען קול געליאַרעמט:

— איך וועל אַ ווערק שרײַבן, דו יידישער באַסטאַרד! דעם גאַנצן שווינדל וועל איך אויפדעקן פון די שאַכער־מאַכער, די אַפּאָסטאָלן! די דומע וועלט וועט מוזן זען, ווי דום זי איז!...

מיר אַלע האָבן געלאַכט, און די ברידער ב. האָבן זיך געוויצלט איבער אים.

— דער יידישער באַסטאַרד שרעקט זיך שוין נישט פאַר דיר — האָבן זיי אים געזאָגט — ווײַל דו האָסט פיל מאָל געסטראַשעט פריער, אַז ער גלויבט שוין ניט מער, אַז דו, שמידט, וועסט עס אַמאָל טאָן!

האָט שמידט געשריען:

— מאָרגן... מאָרגן פאַנג איך אָן מײַן ווערק; די געדאַנקען האָב איך קלאָר אין קאָפּ...

— די געדאַנקען דײַנע טרינקען זיך דאָרט בײַ דיר אינעם ביר — האָבן זיי געלאַכט פון אים — דו האָסט געדאַרפט לאָזן איצט אַרויס־פּאָמפּען פון זיך דעם ביר, וואָלסטו אפשר געראַטעוועט דײַנע געדאַנקען...

דער סוף איז געווען, אַז שמידט האָט אין זיך אַרײַנגעגאָסן נאָך אַ

טוצנד גלעזער ביר, ביז זײַנע בליקן, אַנגעגאָסענע מיט ביר, האָבן שווער־
און פאַרשלאָפן אַנגעהויבן צו זינקען. און אַמאָל איז ער אַזוי אַנשלאָפן
געוואָרן זיצנדיק אויפן שטול, און אַמאָל איז ער מיט שווערע, בלײַענע
טריט הערנאָך אַהיים אַוועק.

איז ער אָבער געווען ניכטער, וואָס דאָס האָט זעלטן־ווען געטראָפן,
איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט אים צו פאַרברענגען.

ער איז געווען אַזוי אינטעליגענט און גײַסטרײַך, ווי די ברידער ב.,
אָבער ליטעראַטור האָט ער אויך ליב געהאַט, בפרט די ווערק פון היינע
און הערוועג. מיט באַגײַסטערונג האָט ער זייערע לידער דעקלאַמירט און
געזונגען.

דאָס האָט אָבער אַזוי זעלטן געטראָפן; מחמת אַזוי זעלטן האָט
מען קיין ביר ניט געטרונקען, ווען זיי זײַנען צונויפגעקומען זיך, און נאָך
דער ערשטער גלאָז האָט ער שוין די „פרײַהייט״ געזונגען; און נאָך
דער צווייטער גלאָז האָט ער זיך צום „הער גאָט״ גענומען, און נאָך דער
דריטער — האָט ער שוין באַמבאַרדירט דעם „יידישן באָסטאָרד״...
פּאַסירט איינמאָל אַזאַ געשיכטע:

— ג —

דער עלטערער ב. פײַערט דעם געבורטסטאָג פון זײַן עלטסטער טאָכ־
טער. צו דער דאָזיקער „פּאַרטי״ בין איך און מײַן פרוי אויך אײַנגעלאַדן.
שמידט איז אויך דאָרט און נאָך אַנדערע דײַטשע אַנאַרכיסטן מיט און
אָן זייערע ווײַבער.

דער עולם איז זיך משמח, מען טרינקט ביר און מען זינגט רעוואָלו־
ציאָנערע לידער און אַנדערע גאָר פרייליכע דײַטשע לידער.

פאַרגלוסט זיך דעם עולם איבערצובײַסן, און מען שיקט עמעצן אין
אַ יידישער גראָסערי נאָך סאַרדינס. שמעקן זיי אונטער אַביסל...
מאַכט מאַדאַם ב.:

— דער יידישער שווינדלער!

רופט זיך אָן אַ צווייטער:

— די ייִדן די שווינדלער!...

און אין אַ ווײַלע אַרום דערפילן מיר זיך, איך און מײַן פרוי, ווי
אין אַ קאָמפּאַניע פון צעיושעטע שכורע אַנטיסעמיטן...

מען שילט דעם ייִדן, מען זידלט אים מיט די ערגסטע זידלערײַען.
די ווענט פונעם הויז שפּריצן, דאַכט זיך, מיט גיפט און גאַל אויף דעם ייִדן!

איך און מײַן פרוי קוקן זיך איבער צעטומלט. אַזאַ סורפּריז!...

און מיטאַמאָל — „העפּ, העפּ, יודע!...״

זיי זינגען דאָס באַוווּסטע ליד פון מעטלאַלטער, מיט וועלכן די דע־מאָלסטדיקע דײַטשן — די אבות פון היטלערן און פון די אַנדערע הײַנטיקע נאַציס — האָבן דעם ייִדן דערמאָלט געפּײַניקט, בעת ער האָט די פאַרשאָל־טענע שמאַד־לאַטע אויף זײַנע בגדים געמוזט טראָגן...

באַזונדערס שמידט... ער רעוועט מיט אַלע זײַנע כוחות אויפן באַסאָווען קול און מאַכט דערבײַ מיט זײַנע הענט אַזוינע זשעסטן, ווי ער וואָלט דעם „יודע״ געטריבן...

— העפּ, העפּ, יודע! העפּ, העפּ, יודע!...

די אויגן ברענען מיט אַזאַ שנאה, אין די שטימען אַזוי פיל פאַראַכ־טונג, אפילו בײַ די ברידער ב. אויך!...

אָדער אפשר דאַכט זיך עס מיר אַזוי, דעם ייִדן?

צעטומלט זײַנען מיר, איך און מײַן פרוי, און מיר הויבן זיך אויף און אַנטלויפן פון דאָרט...

און אויס! אונדזער פרײַנטשאַפט מיט זיי האָט זיך איבערגעריסן און קיינמאָל, קיינמאָל האָט זי זיך ניט געקענט ווידער פאַרקניפּן...

די ברידער ב. האָבן זיך געשעמט פאַר אונדז און אויסגעמיטן אונדז און מיר זיי אויך.

נאָך איינמאָל, אין חדשים שפּעטער, ווען דער ייִנגערער ב. האָט גע־רעדט אויף אַן ייִדישער פאַרזאַמלונג, איז ער נאָך דער פאַרזאַמלונג צו מיר פּלוצים צוגעגאַנגען און מיט אַראָנטערגעלאָזטע אויגן און אַ פאַרשעמטן שמייכל האָט ער זיך שטיל אָנגערופן צו מיר:

— יאַ, יאַ מיט דער מוטערס מילך האַבן וויר דאַס הערײַנגעזאַגן!...

און מיט ווייטיק האָב איך דאָס געגלויבט דעמאָלט, מיט אַזאַ פײַער־דיקן ווייטיק...

און טיף אין מײַן נשמה האָט דאָס מיך פון מײַן „אינטערנאַציאָנאַ־ליזם״, ווי מען האָט עס דעמאָלט פאַרשטאַנען, אויסגעהיילט. אַ שטאַרקע און אַ פײַערדיקע און אַ זייער פּײַנלעכע צעטרייסלונג איז דאָס געווען דע־מאָלט פאַר מיר.

אָט דער אינצידענט האָט אויף מיר, ווי אויף מײַן פרוי, אַזאַ אײַנ־דרוק געמאַכט, אַז מיר האָבן זיך דערנאָך אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. און וואָלט אין פילאַדעלפיע געווען דע־מאָלט אַ ייִדישע ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלע באַוועגונג, אַזאַ ווי זי איז שפּעטער אויפגעקומען אין דער צײַט פון דאָקטאָר נ. סירקינען, צי פון ב. באָראָ־

כאַוון, למשל, וואָלט איך, קען זײַן, דעמאָלט צו איר צוגעשטאַנען, ווי מיט אַ יאָר צען שפּעטער זײַנען אונטער דעם אײַנדרוק פון דעם קישענעווער פּאָגראָם צוגעשטאַנען צו אַן ענלעכער באַוועגונג די פריערדיקע „אינטער-נאַציאָנאַליסטן", דאָקטאָר ח. זאַלאַטאַראָוו, מ. קאַץ און נאָך אַנדערע פון זייער קרײַז.

זיכער איז, אַז נאָך יענעם אינצידענט האָב איך זיך געפילט אַ סך מער ייִד, איידער פריער; מחמת דעם אויך, גלויב איך, בין איך געווען דער ערשטער צווישן די סאָציאַליסטיש-ייִדישע שרײַבער אין דער דעמאָלט-דיקער ייִדישער אַמעריקע, וואָס האָט באַריִרט דעם ענין „ייִד", ווי איך האָב איך באַריִרט אין מײַנע סקיצן „ברוך דיין אמת", „מה נשתנה", „וואָס איז ער?", „יאַנקל בוילע", „צרהדיקע נשמות", „פאַרשטערטער שבת", צי ווי אין מײַן ערשטן ראָמאַן: „אימיגראַנטן", צי ווי אין מײַנע פּיעסן: „דער גרויסער ייִד", „ישראלס האָפנונג" און אַזוי ווײַטער.

אגב, איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די אַלע טענות, וואָס מען הערט זיי אין די לעצטע יאָרן אַזוי אָפט איבערגעחזרט פון געוויסע קולטור-טוער און שרײַבער אונדזערע וועגן עם, ווי נויטיק עס איז פאַר אונדזערע קינדער די סביבה פון ייִדישע יום טובים און בכלל פון ייִדישער סביבה, האָט מען געהערט נאָך פון דער ייִדישער מאַמען, דער סאָציאַליסטקע, ווי זי איז גע-שילדערט אין דער סקיצע מײַנער: „וואָס איז ער?".

יענע סקיצע האָב איך געשריבן אין 1897, דאָס הייסט, מיט העכער 50 יאָר צוריק. *)

דאָס האָט נאָך דערפאַר געמאַכט אויף מיר אַזאַ אײַנדרוק, מחמת ביז דעמאָלט האָב איך געמיינט, אַז אַנטיסעמיטן קענען נאָר זײַן אַזעלכע רע-אַקציאָנערן, ווי למשל, אין דער צאַריסטישער רוסלאַנד, פרינץ מעשצער-סקי פון דער צײַטונג „גראַזשדאַנין", ווי אַ סוואָרין פון דער צײַטונג „נאָ-וואָיע ווֹרעמיאַ", צי ווי אַ וועסעוואָלאָד קרעסטאָווסקי פון דעם דעמאָלט-דיקן רוסישן שרעקלעך-אַנטיסעמיטישן ראָמאַן „יעגיפּעטסקאַיאַ טמאַ" (דער חושך פון מצרים), אָדער ווי אין דײַטשלאַנד און עסטרײַך, אַ שטע-קער און אַ ליגער, צי אַ דרומאָן אין פראַנקרײַך, — דאָס הייסט די פינצ-טערסטע שעבפינצטערסטע רעאַקציאָנערן...

אין יענער צײַט איז עס מיר נאָך ניט קלאָר געווען אַזוי, ווי מיר איז עס קלאָר געוואָרן שפּעטער, און ווי דאָס איז מיר הײַנט נאָך קלערער, אַז דער ענין וועגן אַנטיסעמיטיזם און וועגן ייִדן בכלל, איז פ ו נ ד אַ מ ע נ-

*) „געזאַמלטע שריפטן פון לעאָן קאָברין", ז. 614. — ל. ק.

מאל ניט אזוי אז ענין וואס האט צו טאן מיט דער פראגע ווי אזוי דער, אדער דער אנדערער יחיד פילט, אדער באציט זיך צו יידן, נאר דער עיקר איז דאס אן ענין, וואס האט צו טאן מיט דער גאנצער סאציאלער און עקאנאמישער סטרוקטור אין אונדזער לעבן.

די יידן־פראגע קען און וועט פונדאמענטאל נאר דעמאלט געלייזט ווערן, ווען עס וועלן געלייזט ווערן די סאציאלע און עקאנאמישע פראגן אין אונדזער לעבן...

*
**

נייען איזעק נאכדעם עטלעכע חדשים, איך בין שוין א שטיקל סי־גארנמאכער (א „ראלער") און איך ארבעט ביי א לאנדסמאן אין א קליינעם סיגארן־געשעפט און איך פארדין ארום א פיר—פינף דאלאר א וואך. מיין ווייב ארבעט אויך ביי איר פאך, ביי קינדער־מאנטלען, הייסט עס, און מיר קענען זיך שוין פארגינען א בעסערע דירה, ווי יענע, מיטן איינציקן פענצטער צום בית־עולם.

מיר האבן זיך אריינגעקליבן אין אן אנדער דירה, אין א מין פענסיאן („בארדינג־הויז"), ווו מיר האבן געקענט עסן אויך מאלציַיטן.

די פאמיליע, וואס האט געהאלטן יענעם פענסיאן, איז געווען פון רוסלאנד. ערגעץ פון מיטן רוסלאנד איז זי געקומען. זי איז באשטאנען פון א יידישער מאמע און אירע קינדער, אלע שטארק רוסיפיצירטע, וואס האבן גערעדט צווישן זיך רוסיש.

די מאמע, א פארנעמע דאמע, וואס זי האט, ווי עס איז קאנטיק גע־ווען, געזען בעסערע צייטן פריער אין איר רוסישער היים, האט דא גע־קאכט אליין פאר אירע קווארטיראנטן און פאר אירע קינדער, פאר אן אכצן־צוואנציק פארשוין, אן ערך.

פון די פארשוינען וואס האבן געוווינט און געגעסן דעמאלט ביי יענער פאמיליע, געדענק איך נאטאשא נאטקין, א באוווסטע אנארכיסטקע אין פילאדעלפיע אין יענער צייט, און איינעם א מארגאלין, א רוסיש־יידישן אינטעליגענט, וואס ער איז געווען א צייטונגס־פארקויפער און א סאציאל־דעמאקראט. (דער זעלביקער מארגאלין, אויב איך האב נישט קיין טעות, איז שפעטער געווארן א דאקטאר אין פילאדעלפיע; און אויב ניט קיין דאקטאר, איז ער א רייכער מאן סיי־ווי־סיי שפעטער דארט גע־ווארן, און ער האט געשטיצט מיט געלט די סאציאליסטישע באוועגונג).

אויך די אנדערע קווארטיראנטן און קווארטיראנטקעס אירע, ווי אירע אייגענע קינדער, האבן אלע געהערט צו דער רוסיש־יידישער אינ־

טעליגענץ און צו דער אַנאַרכיסטישער אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג.

אין אַט דער נייער דירה האָבן מיר פאַרבראַכט אינטערעסאַנטע אָוונטן. מיר אַלע, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, זיינען געווען ווי איין פאַ־מיליע, האָבן גערעדט איין שפּראַך צווישן זיך — רוסיש — און גע־לייענט אַמאָל די זעלביקע ביכער, ס׳רוב רוסישע, און, אַז אין אַ רוסישן זשורנאַל איז דערשינען טשעכאָווס אַ דערציילונג, איז ביי אונדז אַלעמען געווען אַן אמתער יום טוב, און עמיצער פון אונדז האָט די דערציילונג פאָרגעלייענט אינטערהויך פאַר אַלעמען.

ער, אַנטאָן טשעכאָוו, און וולאַדימיר קאָראָלענקאָ זיינען געווען די צוויי באַליבטסטע רוסישע שרייבער אונדזערע, נאָך אַ. טורגענעוון און ל. טאָלסטאָיען. (מאַקסים גאָרקי איז דעמאָלט נאָך ניט געווען).

איך גלויב ניט, אויב עמיצער פון די אַנדערע קוואַרטיראַנטן און קוואַרטיראַנטקעס אין יענעם הויז, א חוץ מיר און מיין ווייב, האָט ביז אַמעריקע געלייענט ווען־עס־איז עפּעס, וואָס עס איז געווען געשריבן אויף יידיש פון אַ יידישן שרייבער. און אַפילו איך און מיין ווייב האָבן דאָך געלייענט אין רוסלאַנד „די קליאַטשע״ אין אַ רוסישער איבערזעצונג.

דאָ אָבער האָט פון ציים צו צייט געטראָפן, אַז אַן „אַרבעטער ציימונג״, צי אַ „פרייע אַרבעטער שטימע״, זאָל אַהער פאַרבלאָנדזשען, און עמיצער האָט פאָרגעלייענט דעמאָלט פון דער „זשאַרגאָנישער״ צייטונג אויך; האָבן אַנדערע, ווי אונדזער באַלעבאָסטע, למשל, און איר טאָכטער, אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען קיין „זשאַרגאָן״, און די איבריקע האָבן ערנסט זיך נאָר צוגעהערט צו די אַגיטאַציע־אַרטיקלען, אָדער צו אַן אַגיטאַציע־ליד; נאָר האָט עמיצער געפּרוּווט פאָרצולייענען עפּעס אַ דערציילונג, צי אַ ליד, וואָס האָט געהאַט דעם ריח פון ליטעראַטור, פון אמתער פּאָעזיע, האָט מען געשמייכלט און געלאַכט דעמאָלט און מען האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, און מען האָט געקענט הערן באַמער־קונגען אַזעלכע:

— זע נאָר, אויף „זשאַרגאָן״ וויל מען שרייבן ווי טורגעניעוו, צי ווי טשעכאָוו. משוגעים, ווער פון די זשאַרגאָן־לעזער דאַרף אַזאַ שרייבעריי און ווער פון זיי וועט דאָס ריכטיק קענען פאַרשטיין!

— זע נאָר, אַ גוטע „סטיכאָטוואָרעניע״ (ליד); עס איז אַ שאָד, באמת, וואָס זי איז ניט אָנגעשריבן אויף אַ ריכטיקער שפּראַך. אַזאַ „סטיכאָטוואָרעניע״ וואָלט מען געקענט דרוקן אין דעם בעסטן רוסישן זשורנאַל, ווען זי וואָלט ניט געווען געשריבן אויף „זשאַרגאָן״!...

און דער אינטעליגענט מארגאלין האט זיך נאך שארפער אויסגע־דריקט וועגן דעם:

— אויף א קלאוויר מיט קלאווישן פון שטרוי ווילן זיי שפילן בעטהאווענס מוזיק! אייזלען!...

***

האט א פאר מאל געטראפן, אז איך האב אנגעשריבן אויף דער שפראך, וואס מארגאלין האט געהאלטן פאר א „קלאוויר מיט קלאווישן פון שטרוי", דאס הייסט אויף דער יידישער שפראך, עפעס, וואס פאליאן איז דאס אזוי געפעלן געווארן, אז זי האט געוואלט, אז איך זאל דאס פארלייענען פאר אלעמען, און אז אלע אין יענעם הויז זאלן טאקע דאס הערן אויך.

און וואס מער, דאס האט אויסגענומען ביי זיי, אלץ מער טענות האבן זיי געהאט צו מיר און פאליאן, הלמאי איך פאטער מיין צייט אויף פשוטער אידיאטסטווע! אנשטאט זען צו ווערן אן ענגלישער שרייבער, צי גאר שרייבן דערציילונגען אויף רוסיש און צושיקן זיי פון דאנען קיין רוסלאנד אין די רוסישע זשורנאלן, פאטער איך מיין צייט אויף שרייבן זאכן אויף „זשארגאן!".

זיי האבן געטענהט דאס אייגענע, וואס כמעט אלע פון אונדזערע אינטעליגענטן אין יענער צייט האבן געטענהט. מילא, ווען מען שרייבט נאך אויף „זשארגאן" פראפאגאנדע פאר די יידישע ארבעטער, קען מען דאס פארשטיין. אויפקלערן זיי, וואס סאציאליזם איז און וואס אנארכיזם איז, און ווי נויטיק עס איז פאר זיי צו באלאנגען צו א יוניאן, — מוז מען זיך באנוצן מיטן „זשארגאן", ווייל דאס איז דער לשון, וואס זיי, די יידישע ארבעטער פארשטייען; אבער שרייבן ליטעראטור, פאעזיע אויף „זשארגאן", — סיידן משוגעים קענען עפעס אזוינס טאן!

און די גוט הארציקע באלעבאסטע פונעם הויז, וואס זי האט זיך באזונדערס אינטערעסירט מיט פאליאן און מיר, האט זיך כמעט געבעטן ביי אונדז, ריידנדיק רוסיש:

— טייערינקע מיינע, פאלגט מיך, טראכט וועגן א תכלית. בעסער צוגרייטן זיך צום אוניווערזיטעט און ווערן א דאקטאר. עס איז דאך ניט שווער צו ווערן א דאקטאר דא אין אמעריקע!

און זי האט דערביי שטענדיק צוגעלייגט, ווענדנדיק זיך צו מיין ווייב:

— גאלובושקא, איר דארפט עס וועלן. אין א צוויי יאר קענט איר זיין א ווייב פון א דאקטאר און ניט דארפן מורא האבן, טאמער פאר־

נעמט ער זיך מיט אַזאַ „פּוסטיאַשצינאַ" — איזווינימע זאַ וויראַזשעניע — ווי צו שרײַבן אויף „זשאַרגאָן", וואָס אַפילו איך, אַ גוטע ייִדישע טאָכטער און נישט אײַנגאַנצן אומוויסנדיקע אויך — סלאַוואַ טעבע האָספּאָדי! — קען אַזאַ שפּראַך ניט פאַרשטיין!...

האָט פּאָליאַ איר באַדאַנקט פאַר דער גוטער עצה, און זי האָט גע־לאַכט און איך האָב געלאַכט.

און דווקא בײַ איר, בײַ אַט דער באמת זייער גוטהאַרציקער פרוי, וועלכע האָט אַזוי ניט געהאַלטן פון „זשאַרגאָן", אַט דווקא בײַ איר אינעם הויז, ווו די דאָרטיקע גאַנצע סביבה האָט ניט געקענט וועקן קיין באַ־זונדערן אינטערעס פאַר שרײַבן ליטעראַרישע זאַכן אויף „זשאַרגאָן", האָב איך גענומען פילן, אַז אַט דער לשון ווערט מיר אַלץ מער נאָענט, אַלץ מער ליב. ערשטנס, האָב איך גענומען פילן אַלץ מער און מער, ווי טיף אַט דער לשון איז פאַרוואָרצלט געווען אין מיר און פאַרצווײַגט מיט דעם לעבעדיקן לשון פון מײַנע עלטערן און פון די אַנדערע ייִדן, סײַ אין דער אַלטער היים און סײַ דאָ אין אַמעריקע; צווייטנס, אַז אַט דער אַזוי גערופענער „זשאַרגאָן" פאַרמאָגט סײַ דעם כּוח און סײַ די פרישקייט און פאַרב פאַר אמת־גוטע ליטעראַרישע זאַכן, ווי יעדער אַנדערער לשון, וואָס אויף אים איז געשאַפן געוואָרן ליטעראַטור.

אַזוי ווי אַלע אין יענעם הויז זײַנען געווען גרויסע פאַרערער פון א. טורגעניעוון, און זיי האָבן געהאַלטן, אַז וואָס עס איז שייך שפּראַך, איז צו אים, טורגעניעוון, קיין גלײַכן נישטאָ אין דער רוסישער ליטע־ראַטור, איז מיר און פּאָליאַן אײַנגעפאַלן איינמאָל, אַז איך זאָל איבער־זעצן עפּעס פון אים אויף ייִדיש און איך זאָל דערנאָך פאָרלייענען פאַר זיי, כּדי זיי צו ווײַזן, אַז אַפילו פאַר דער שפּראַך פון טורגעניעוון פאַר־מאָגט „זשאַרגאָן" פאַרב און קלאַנג...

און אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט בײַ זיך זײַן באַרימטן באַנד „לידער אין פּראָזע", האָב איך איבערזעצט זײַן ליד אין פּראָזע, — אין וועלכן ער רעדט וועגן דער רוסישער שפּראַך.

יענע איבערזעצונג האָט זיך פאַרוואַלגערט בײַ מיר ביז הײַנט. איך ברענג זי דאָ אין אַביסל אַ פאַרבעסערטער שפּראַך, ווי אין יענער איבער־זעצונג מײַנער.

„די רוסישע שפּראַך.

אין די טעג פון ספיקות, אין די טעג פון שווערע געדאַנקען וועגן דעם שיקזאַל פון מײַן פאָטערלאַנד, — ביזטו אַליין מײַן שוץ און אָנ־האַלט, אָ, דערהאַבענע, מעכטיקע, אויפריכטיקע און פרײַע רוסישע

שפּראַך! — ווען נישט דו, ווי קאָן מען ניט פאַרצווייפלט ווערן, בעת מען זעט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אינעדרהיים? אָבער עס איז אוממעגלעך צו גלויבן, אַז אַזאַ שפּראַך איז נישט געגעבן געוואָרן אַ גרויסן, דער־האַבענעם פאָלק"!...

און אַז איך האָב עס דערנאָך פאָרגעלייענט פאַר זיי אין יענעם הויז, האָט „זשאַרגאָן" נישט געפונען קיין חן ביי זיי דערפון, און איך אַליין האָב געכאַפּט אַ „גאַב" פון מאַרגאַלינען פאַרוואָס איך האָב פאַר־שוועכט טורגעניעוון און די שיינע רוסישע שפּראַך מיט דער איבערזעצונג אויף אַ „טאַראַבאַרשצינע"...

ער האָט זיך געקאָכט:

— איך האָט געהערט זיין „זשאַרגאָן", זיין טאַראַבאַרשצינע, און איצט הערט דעם אָריגינאַל!

„וואָ דני סאָמניענע, וואָ דני טיאַגאָסטניך דאַזדומי אָ סודבאַך מאָיעי ראָדיני, — טי אָדין מניע פּאָדדערזשקאָ אי אָפּאָראָ, אָ וועליקי, מאָגוטשי, פּראַוודיווי אי סוואָבאָדני רוססקי יאַזיק!"...

פאַרשטייט זיך, אַז דער אָריגינאַל איז זיי אַלעמען געפעלן געווען און ניט מיין „זשאַרגאָן", מיין „טאַראַבאַרשצינע"...

דערפאַר אָבער איז מיין איבערזעצונג ריכטיק אָפּגעשאַצט געוואָרן פון פּאַליאַן, און איר מיינונג איז ביי מיר געווען דער עיקר.

און זי האָט אויך אַלץ מער און מער ליב באַקומען יידיש, און אַז אמתע פרייד איז פאַר אונדז ביידן געווען, ווען איך האָב איבערזעצט אַ גוטע זאַך פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור אויף יידיש, און דער אָרי־גינאַל האָט ניט געליטן דערפון, ווי מיר האָבן גערעכנט.

אַרום אָט דער צייט האָב איך זיך באַקאַנט מיטן שרייבער חיים מאַליץ.

ער איז געווען אַ פריערדיקער מיטאַרבעטער פון ספּעקטאַרס „הויז־פריינד" און דאָ, אין אַמעריקע, ווען איך האָב זיך מיט אים דעמאָלט געטראָפן, איז ער געווען אַ שטיקל אַנאַרכיסט.

ביי אים האָב איך דעמאָלט געליען דעם „הויז־פריינד" און נאָך ביכער, געשריבן פון יידישע שרייבער, צווישן זיי אויך פון יואל לינעצקין און איך מיט פּאַליאַן האָבן זיי מיט התמדה געלייענט.

אין יענער צייט האָט פּאַליאַ איינמאָל צו מיר געזאָגט:

— דו ווייסט, איך לייען זיי און טראַכט וועגן דעם, ווי דו שרייבסט. צווישן זייער שפּראַך און דער שפּראַך פון דיינע, אמת אפילו נאָך ניט־געדרוקטע זאַכן, איז אַ גרויסער חילוק. די ווערטער ביי זיי, ווייזט זיך

מיר אויס, טראָגן בערד און פּאות, און ־רײַנע — זײַנען יונגאַטשעס גע־זונטע, טראָגן אַפילו ניט קיין היטלען!...

איך דערמאָן דאָס דערפֿאַר, כּדי צו װײַזן, װי מײַן אַרבעט האָט זי אינטערעסירט און װי טיף זי איז געװען אַרײַנגעלעבט איר איר...

דערװײַל האָט זיך אונטערגערוקט דער יאָר 1894. ח יי ם מ אַ ל י ץ איז געװאָרן אַ רעדאַקטאָר פון אַ נײַער ייִדישער צײַטונג אין פילאַדעלפיע און איך איינער פון אירע מיטאַרבעטער.

די צײַטונג איז געװען די „פילאַדעלפיער שטאָט־צײַטונג", װאָס זי איז געװען די ערשטע ייִדישע צײַטונג אין אַמעריקע, צו װעלכער עס האָבן צוגעשיקט זייערע זאַכן פון רוסלאַנד שלום עליכם, ש. פרוג, אברהם רייזין, און נאָך אַנדערע.

## זעכצנטער קאַפּיטל

### די „פילאַדעלפיער שטאָט־צײַטונג"

— א —

אָט די צײַטונג איז בײַ אונדז אינגאַנצן פאַרגעסן . איך האָב נאָך ניט געהערט, אַז מען זאָל די דאָזיקע צײַטונג ווען־עס־איז בײַ אונדז דער־מאָנען, בעת מען רעדט וועגן די היגע ייִדיש צײַטונגען פון אַמאָל.

ווי זי וואָלט קיינמאָל גאָרניט געווען בײַ אונדז. איך האָב זי געזוכט פאַר אָט דער סעריע מײַנער. איך האָב זי געזוכט אַליין און דורך אַנ־דערע. איך האָב זיך אויך נאָכגעפרעגט אויף איר בײַ דעם „ייִוואָ" און אין פילאַדעלפיע דורך בריוו, — אָבער אומזיסט!

זי ווערט בלויז דערמאָנט בײַ זלמן רייזענען אין לעקסיקאָן פון 1914, ווערט זי אָבער דאָרט אַזוי דערמאָנט, אַז מען דאַרף זיך אָנשטויסן, אַז דאָס איז די אייגענע צײַטונג.

אין יענעם לעקסיקאָן פון זלמן רייזען לייענען מיר: „די פילאַדעל־פיער שטאָט־צײַטונג" — אַ וואָכנבלאַט, אַרויסגעגעבן אין ....189 (באַ־שטימט ווען, איז דאָרט ניט אָנגעגעבן) אין פילאַדעלפיע דורך הײַמאַן בראָדסקי און חיים מליץ"....

און ווי איז דער אמת? דער אמת איז, אַז זי איז נישט געווען קיין „וואָכנבלאַט", נאָר אַ טאָג־צײַטונג און איז אַרויסגעגעבן געווען פון איינעם אַ ייִדן מיטן נאָמען וו אַ ר ה אַ פּ ט י ג, אינעם יאָר 1894, אין פילאַדעלפיע.

יענער וואַרהאַפּטיג, אַ ייִד פון גאַליציע, איינער, וואָס ער האָט זיך „אַרויפגעאַרבעט" פון „געבן זאַכן אויף אויסצאָלן", האָט געהאַט די אָמ־

ביציע צו װערן אַן אַרויסגעבער פון אַ ייִדישער צײַטונג. און אַזוי װי מען האָט פאַר דעם נישט געדאַרפט האָבן קיין גרויסן קאַפּיטאַל אין יענער צײַט (מיט 800 דאָלער אַן ערך האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם „פאָרווערטס״), האָט װאַרהאַפטיג — װי איך האָב שפּעטער געהערט — אַן ערך אַ טויזנט דאָלער אַרײַנגעלייגט אין זײַן צײַטונג.

ער האָט געהאַט צוויי פרײַנט פאַר װעלכע ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן דרך ארץ — איינער איז געװען אַ רב, שבתי בראָדסקי — שפּעטער געװען רב אין נואַרק, ניו דזשוירזי, — און דער אַנדערער, חיים מאַליץ, דער שפּעטערדיקער מיטאַרבעטער פונעם „מאָרגן-זשורנאַל״.

אַט זיי ביידן האָט ער, װאַרהאַפטיג, געהאַט פאַר רעדאַקטאָרן פון זײַן צײַטונג.

חיים מאַליץ — װי איך האָב באַמערקט אין מײַן פריערדיקן קאַפּיטל — איז געװען אַ פריערדיקער מיטאַרבעטער פון דעם אַמאָליקן ספּעקטאָרס „הויז-פרײַנד״ אין רוסלאַנד און, מחמת דעם, האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ שטיקל קרוב צו דער ייִדישער ליטעראַטור און ער האָט זיך באַמיט צו געבן אַ מער אָדער װייניקער ליטעראַטור פּנים זײַן צײַטונג.

ער האָט אײַנגעלאַדן פאַר מיטאַרבעטער די ייִדישע שרײַבער פון רוסלאַנד, װי ספּעקטאָרן און שלום עליכמען, און ער האָט געזוכט אויך מיטאַרבעטער פון דאָנען, פון יענע, װאָס זייער שרײַבן האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט.

אָבער די היגע בעסערע שרײַבער, װי ל י ב י ן און ב. ג אָ ר י ן, װאָס זייערע סקיצן האָבן געצויגן אויפמערקזאַמקייט, האָבן זייערע זאַכן געדרוקט אויסשליסלעך אין דער סאָציאַליסטישער „אַרבעטער צײַטונג״, און ב אַ װ ש אַ װ ע ר, װאָס ער האָט דעמאָלט פאַרנומען דעם אויבנאָן צווישן די היגע ייִדישע דיכטער (פון מאָריס ראָזענפעלדן האָט מען אין אונדזערע קרײַזן אין יענער צײַט גאָרניט געהאַלטן), איז גײַסטיק פאַרבונדן געװען מיט דער אַנאַרכיסטישער „פרײַער אַרבעטער שטימע״, און, מחמת דעם, האָט „די פילאַדעלפיער שטאָט-צײַטונג״ נישט געקאָנט האָבן אירע מיטאַרבעטער די עטלעכע היגע שרײַבער, װאָס מען האָט זיי געהאַלטן פאַר אונדזערע סאַמע בעסטע.

און אַזוי װי איך בין באַקאַנט געװען סײַ מיטן „הרב בראָדסקי״ — װי ער האָט זיך גערופן (אַגב, איז ער געװען אַ שטיקל משכיל אויך, און אַמאָל האָט ער שטילינקערהייט אַ שטיף געטאָן מיט אַפּיקורסות אויף דעם שטײגער פון ב. פײַנגבוים אפילו און סײַ מיט חיים מאַליצן װאָס

ער האט זיך געהאלטן פאר א האלבן אנארכיסט, האבן זיי ביידע מיך איינגעלאדן צו ווערן א מיטארבעטער פון דער צייטונג.

איך גלייב ניט, אז זיי האבן דאס געטאן דערפאר, ווייל זיי האבן געהאלטן, אז איך האב געהאט וועלכע ניט־איז באזונדערע ליטעראַרישע פעיקייטן; אז איכ'ל קענען אמאל, למשל, געפעלן ווערן; גיכער האבן זיי דאס געטאן, ווייל זיי האבן געזען, ווי מיר האט זיך געוואלט זיין א שרייבער, ווי די „שרייבערישע קליפה" איז אין מיר טיף געזעסן — ווי הרב בראדסקי האט אמאל וועגן מיר באמערקט — און טאקע אינטעליגענטער פון זיי ביידן בין איך אויך געווען, מיט א געשמאק א ליטעראַרישן, און דער עיקר פון אלע עיקרים, זיי האבן געדארפט האבן נאך עמיצן אין דער צייטונג, און דער „עמיצער" איז געווען צופרידן אוועקצוגעבן די גאנצע צייט זיינע דער צייטונג פאר א געהאלט פון צ ו ו י ד א ל ע ר א וו א ך!

און אינגאנצן פאר אומזיסט וואלט איך דען נישט געארבעט? האב איך שפעטער, אין א משך פון יארן, דען נישט געארבעט אומזיסט פאר דעם זשורנאל „צוקונפט", צי פאר אנדערע פעריאדישע אויסגאבן, וואס זיי זיינען מיר געווען ג ײ ס ט י ג נאענט?

און דען נאר איך אליין?...

דער עיקר, מען האט געהאט וואס צו זאגן א ו ן מ ע ן ה א ט ד א ס ג ע מ ו ז ט א ר ו י ס ז א ג ן!...

ז. ל י ב י ן און איך זיינען געווען די צוויי דערציילער, וואס מיר האבן די ערשטע אין דער יידישער ליטעראטור, יעדערער פון אונדז ביידן אויף זיין באזונדערן אופן, אנטדעקט אין יענער צייט דעם יידישן סוועט־שאפ־ארבעטער און דעם יידישן טענעמענט־הויז־איינוווינער און פאר אט די וויכטיקע אנטדעקונגען האבן מיר ס'רוב אפילו קיין גראשן האנאראר נישט באקומען פון אונדזערע צייטונגען.

און מיר זיינען געווען צופרידן אזוי צו ארבעטן. אנדערש האט גאר ניט געקענט זיין. אנדערש וואלטן מיר ניט געהערט צו די פיאנערן.

מחמת קיין מענטש פון א — וואס מען רופט — פראקטישן טיפ וואלט מען נישט געקענט געפינען צווישן אונדזערע דאמאלסטיקע פיאנערן. פשוט דערפאר, ווייל מענטשן פראקטישע האבן אין אט דעם לאנד ווו מען האט אין יענער צייט געקענט גאר גרינג ווערן א דאקטאר אין א משך פון צוויי יאר, צי א רייכער פאבריקאנט אין א משך פון דריי יאר, צי איז נאך ווייניקער צייט, אז גאט האט געהאלפן, אדער אז אנדער מין

האָבן זיך נישט געקענט אינטערעסירן מיט ניט־תּכלית ענינים בכלל. געשעפטסמאַן מיט אַ גרויסער צוקונפט אינעם אויג, — אַזעלכע מענטשן:

אַז מען זאָל זײַן אײנער פון זײ — פון די פּיאָנערן, הײסט עס — האָט מען געמוזט לכתחילה זײַן אַן אַנדערער, פון אַן אַנדער גײַסטיקן מאַטעריאַל, וואָלט איך געזאָגט.

נישט יעדערער קען זײַן אַ פּיאָנער אויף וועלכן ניט־איז געביט. כדי דאָס צו זײַן זײַנען פעיקייטן און בילדונג אפילו נישט גענוג. מען מוז לכתחילה זײַן אַ געבאָרענער פאַר דעם, ווי דער אמתער שריפטשטעלער און ווי יעדער אַנדערער אמתער קינסטלער.

יאָ, מענטשן פון אַ גאַנץ באַזונדערן כאַראַקטער און שניט זײַנען זײ, אָט די פּיאָנערן, מענטשן גלויביקע און ק ע מ פ ע ר י ש ע  ר ע־וואָלוציאָנערע נ א ט ו ר ן.

אַזוי זײַנען געווען כמעט אַלע הויפּט בויער־פּיאָנערן אונדזערע, לכל־הפּחות אין יענער צײַט, ווען זײ זײַנען פאַרכאַפּט געווען פון דעם אײנ־ווייניקסטן דראַנג זײערן, צ ו  ב ו י ע ן...

— ב —

קורץ, איך בין געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון דער „פילאַדעלפיער שטאַט־צײַטונג“ און פאַרלאָזן מײַן פאַך פון אַ סיגאַרן־מאַכער.

די צײַטונג האָט, לכל הפּחות, די ערשטע צײַט, געהאַט אַן ערנסטן טאָן און אינעם זינען געהאַט דעם ראַדיקאַלן ייִדישן לײענער. די ערשטע צײַט איז זי געווען כמעט אַן אַנאַרכיסטישע צײַטונג.

דער רעדאַקטאָר, חיים מאַליץ, האָט כמעט אַלײן אויסגעפילט די גאַנצע צײַטונג. ער האָט געשריבן סײַ די רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן, סײַ די דערצײלונגען, סײַ דעם ראָמאַן, סײַ די נײַעס, סײַ די אַנאַרכיסטישע אַר־טיקלען, אין דער ערשטער צײַט, און סײַ די פרומע, אָרטאָדאָקסישע — שפּעטער. פאַר יענער צײַט איז ער געווען אַ גאַר נישקשהדיקער צײַטונגס־פאַכמאַן, דער עיקר דערפאַר, ווײַל ער האָט געשריבן אַ ניט פאַרמליצה־וועטן, באַשײדענעם, קלאָרן ייִדיש.

און דער צווייטער רעדאַקטאָר, הרב בראָדסקי, האָט געדרוקט אײנ־מאָל אַ וואָך (פריײטיק, דאַכט זיך) זײַנע אַ דרשה, וואָס האָט אונטערגע־שמעקט מיט פרײַדענקערײַ...

אין יענער צײַט, ווען די שפּראַך פון די אַנדערע ייִדישע צײַטונגען — אַ חוץ פון דער סאָציאַליסטישער „אַרבעטער צײַטונג“ — איז געווען

אדער א הילצערנע, א שווערע און א האמעטנע, אדער א רעוואלוציאנער־באמבאסטישע, און דאס רוב א דייטשמערישע, איז שוין אליין דער באַשיידענער, קלארער ייִדיש פון דער „פילאדעלפיער שטאט־צייטונג" גע־ווען ניט קיין קליינער פארשריט.

און נאך חשובער איז אט די צייטונג געווארן אין די אויגן פון דעם דעמאלטדיקן בעסערן לייענער, ווען ש ל ו ם  ע ל י כ ם  האט צוגע־שיקט צו איר דעמאלט זיינע א דערציילונג און א ליד פון דעם דעמאלט זייער בארימטן ש. פ ר ו ג  און נאר א ליד פון דעם דעמאלט גאנץ אומבאקאנטן  א ב ר ה ם  ר ייז ין  און נאך אנדערע צוויי לידער — געדענק איך — פון איינעם א קיעווער סטודענט מיטן נאמען  ק ה ת אין לאטייניש שריפט, און פון איינעם א דיכטער,  י ע ק ב  ר ע ו ו ז י ן.

פון די דאזיקע אלע צוגעשיקטע זאכן געדענק איך נאר פרוגס ליד, הגם — איך דערמאן זיך — אז רעוויזינס ליד איז מיר דעמאלט א סך מער געפעלן געווען. ווער רעוויזין איז געווען, און צי האט ער נאך עפעס געשריבן — דאס ווייס איך נישט ביז היינטיקן טאג.

פרוגס ליד איז געווען געווענדט צו די ייִדישע לייענער אין אמעריקע, און עס האט זיך געלייענט אזוי:

„ברידער מיינע, ליבע ברידער,
פול מיט לייד און שאנד —
זינג איך ווידער מיינע לידער
פון א ווייטן לאנד.

פון א געגנט, וווּ דער הימל
רעגנט קלאג און לייד,
און א טיפער, שווארצער דרימל
ליגט אויף אלץ פארשפרייט.
בעט קיין פרייע ליד,

אויף מיין פידל ליגט דער סימן
מיטן שטעמפל „ייִד".
בעט פון מיר קיין זיסע שטימען,

אוי, איז דאס א טיפע חתימה
אויף מיין קראנקעס הערץ,
און עס גיסט זיך פון מיין שטימע
נאר געוויין און שמערץ..."



דאָס איז געווען די ערשטע און די לעצטע זאַך, וואָס פּרוג האָט צו־געשיקט צו דער „פילאַדעלפיער שטאָט־צײַטונג" און וואָס שלום־עליכם האָט צוגעשיקט.

משמעות, דער האָנאָראַר איז צו קליין געווען. איך שטעל זיך מיר פאָר, ווי גרויס עס האָט געמוזט זײַן דער האָנאָראַר, וואָס זיי האָבן פון אַמעריקע דעמאָלט באַקומען, ווען דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער צײַ־טונג, חיים מאַליץ אַליין, האָט באַקומען אַרום צען דאָלאַר אַ וואָך פאַר אויספילן כמעט די גאַנצע צײַטונג יעדן טאָג, און איך, זײַן ליטעראַרי־שער בעל־יועץ און שיעור ניט די הויפּט־ליטעראַרישע קראַפט פון זײַן צײַטונג, האָב באַקומען עפּעס ווייניקער פון צוויי דאָלאַר אַ וואָך — אַמאָל מיט אַ גאַנצן „קוואָדער" ווייניקער און אַמאָל מיט אַ גאַנצן דאָ־לער — גאָר זעלטן גאַנצע צוויי דאָלאַר, וואָס איך האָב געדאַרפט קריגן לויט דעם אָפּמאַך.

איך האָב געדרוקט אין יענער צײַטונג אַרטיקלען אונטערן נאָמען „בריוו נאָך רוסלאַנד וועגן דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור אין אַמעריקע".

אין יענע אַרטיקלען האָב איך קריטיקירט די אויפגעבלאָזענע, באָמבאַסטישע שפּראַך פון די אַנדערע צײַטונגען, און האָט אַ שרײַבער געשריבן אין אַן איינפאַכער מענטשלעכער שפּראַך, האָב איך זײַן שרײַ־בערײַ ביזן הימל געהויבן.

אַזוי, למשל, געדענק איך, אַז איך בין אין יענע „בריוו" אַרויס־געטראָטן קעגן דעם דעמאָלטדיקן „פאָלקס־וועכטער" — אַ וואָך־צײַטונג, וואָס דער באַרימטער י אָ ה אָ ן פּ אָ ל יי האָט אַנגעהויבן אַרויסצו־געבן אין פילאַדעלפיע, פאַר זײַן מליצהדיקער שפּראַך.

יאָהאַן פּאָליי, אַ פּעיקער זשורנאַליסט און אפשר דער פּעיקסטער רעדאַקטאָר, וואָס אַ יידישע צײַטונג האָט אַמאָל דאָ געהאַט, האָט געליטן פון איין גרויסן חסרון אין זײַן שרײַבן — פון אויפגעבלאָזענער מליצה.

קאַנטיק, אַז די גאַנצע מליצה פון דער אַמאָליקער העברעישער ליטעראַטור האָט ער אין זײַן יידיש זיך געמיט אַרײַנצופּאַקן... דערפאַר האָט זײַן יידיש געקלונגען אַזוי מגושמדיק אויפגעבלאָזן, אַזוי אומנאַ־טירלעך־פאַלש.

האָט ער געדאַרפט מאַכן אַ הספד אויף אַ געשטאָרבענעם, איז ניט אַ מענטש בײַ אים געשטאָרבן, נאָר אַ מעכטיקער טענענבוים איז בײַ אים געפאַלן. פּאַריתומט איז די וועלט געוואָרן, און די שכינה האָט גע־ריסן קריעה; און אַמאָל האָט ער אין אַזאַ אַרטיקל אפילו מטריח געווען די מוטער רחל אין איר קבר, און זי האָט בײַ אים די הענט געבראָכן און

געקלאַנגט אויף דעם גרויסן בראַד... און תמיד־תמיד איז אין זײַנע אַר־טיקלען אונדזער הימל פּאַרדעקט געווען מיט שוואַרצע וואָלקנס, און מלאכים האָבן באַקלאָגט אונדזער שיקזאַל, און אַזוי ווײַטער...

געוויסע לייענער האָבן זיכער באַוווּנדערט זײַנע אויפגעבלאָזענע, מליצהדיקע אַרטיקלען; אָבער אַ מענטשן מיט וועלכן־ניט־איז ליטעראַ־רישן געשמאַק האָבן זיי פּשוט באַליידיקט.

האָב איך אָפּט זײַנע אַרטיקלען אויסגעלאַכט דעמאָלט פאַר זייער טריפהנעם לשון; און, פאַרקערט, ווי איך האָב שוין ערגעץ פריער דער־מאָנט, אַזאַ שרײַבער ווי א י ס ר ג י נ ז ב ו ר ג, למשל, וואָס ער האָט געדרוקט דעמאָלט אינעם „פאָלקס־אַדוואָקאַט" קליינע דערציילונגען אין אַן אײַנפאַכן ניט־געקינצלטן ייִדיש, האָב איך שטאַרק געליובט.

אונדזער ליטעראַטור האָט דעמאָלט ערשט אָנגעהויבן זיך לערנען ריידן ווי געהעריק איז, און עס איז זייער נויטיק געווען, אַז זי זאָל זיך לערנען צו ריידן אײַנפאַך און אויפריכטיק און מיט וואָס ווייניקער מליצה. איך מיין אָבער ניט צו זאָגן, אַז מיט יענע אַרטיקלען מײַנע בין איך לכתחילה אויסן געווען צו זײַן דער דערציער פון דער שפּראַך, פון דער נײַנגעבאָרענער ייִדישער ליטעראַטור.

ניין, דאָס האָב איך, באמת, אפילו אינעם זינען דעמאָלט ניט גע־האַט. איך האָב געשריבן יענע אַרטיקלען, מחמת איך האָב זיי ג ע מ ו ז ט שרײַבן; ווײַל איך האָב געהאַט עפּעס צו זאָגן, וואָס עס האָט מיר די צונג געברענט, און איך האָב עס אַרויסגעזאָגט פּונקט ווי איך האָב שפּעטער אין מײַנע דערציילונגען ג ע מ ו ז ט אַרויסזאָגן דאָס, וואָס איך האָב געפילט, וואָס איך האָב אויף מײַן האַרצן געטראָגן, וואָס עס האָט מײַן נשמה געבריט...

— ג —

אונטער יענע „בריוו" האָב איך זיך אונטערגעשריבן ל. ר א פ א־א י ל א ו י ט ש (נאָך מײַן טאַטנס נאָמען „רפאל") און אונטער אַנ־דערע אַרטיקלען — „וויטעבליאַנין", צי גאָר, אויב דער אַרטיקל איז געווען וועגן ליטעראַטור, — „א מ ב י ן".

מײַן נאָמען, ל ע א ן ק א ב ר י ן, האָט זיך דאָרט ערשט גענומען ווײַזן, ווען מײַנע דערציילונגען האָבן זיך דאָרט גענומען דרוקן.

מיט מײַן שרײַבן אין דער „פילאַדעלפיער שטאָט־צײַטונג" האָב איך מער מזל געהאַט, ווי מיט מײַן פריערדיקן שרײַבן אין דער „פרײַער אַר־

בּעטער שטימע". אין אַ גאַנץ קורצער צײַט האָט מען װעגן מיר גענומען רײדן שיעור ניט װי װעגן אַ באַרימטן שרײַבער. אַפילו אין די רעדאַק־ציעס פון די יידישע צײַטונגען אין ניו יאָרק האָט מען גערעדט װעגן מײַנע אַרטיקלען און װעגן מיר.

מען האָט געװוּסט, אַז איך שרײַב די אַרטיקלען, כאָטש אויף זײ זײַנען אָנגעגעבן געװען אַנדערע נעמען...

אין יענער צײַט איז פאַר אַ יידישן שרײַבער אַ סך לײַכטער געװען צו װערן באַװוּסט צװישן יידישע לײענער, אײדער הײַנט. איבערהויפּט האָט דער דאַמאָלטדיקער יידישער לײענער געהאַט מער באַציונג צום גע־דרוקטן יידישן װאָרט, אײדער הײַנט.

און נישט דװקא דער לײענער פון די ראַדיקאַלע יידישע קרײַזן, נאָר פון די יידיש־באַלעבאַטישע קרײַזן אויך.

דערמאָן איך זיך, למשל, אַז װעגן מײַנע „בריװ איבער דער זשאַר־גאָנישער ליטעראַטור אין אַמעריקע" — האַלב שטיפערישע און האַלב ערנסטע — װאָס האָבן זיך גענומען דרוקן דעמאָלט אין דער „פילאַדעל־פיער שטאָט־צײַטונג, האָב איך צוערשט געהערט אַ „גוט װאָרט" גראָד פון מענטשן, װאָס זײ זײַנען געװען װײַט פון די ראַדיקאַלע יידישע קרײַזן.

אײנער פון זײ, אַ יונגערמאַן מיט אַ בלײכן פּנים און אַ פעך־שװאַרץ־בערדל, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ העברעישן שרײַבער. זײַן נאָמען איז געװען הלל מאַלאַכאַװסקי.

זײַנען אַט דעם מאַלאַכאַװסקין מײַנע „בריװ" שטאַרק געפעלן גע־װען. ער איז געװען אַ הײסער חסיד פון דוד פרישמאַן. האָט ער מיר גע־זאָגט אַמאָל, אַז מיט מײַנע „בריװ" טו איך דאָס אײגענע אין „זשאַר־גאָן", װאָס פרישמאַן אין העברעיש. ער, פרישמאַן, האָט אויך אויסגע־לאַכט יענע העברעישע שרײַבער, װאָס האָבן געשריבן אויפגעבלאָזענע מליצה.

נאָך אײנער, װאָס האָט געלויבט דעמאָלט יענע „בריװ" מײַנע, איז געװען גאָר אַ טשיקאַװער ייִד. שוין אַן עלטערער און נישט קײן הויכער, און מיט אַ גרוי בערדל, איז ער געװען אײן שטיק אימפּעט און פאַר־האַװעטקייט. שטענדיק מיט אַ שטעקל אין אַ האַנט, האָט זיך געדאַכט, אַז ער לויפט, אַז ער יאָגט זיך נאָך עפּעס, און אַלצדינג אויף אים, פון זײַן גרוי בערדל ביזן היטל אויפן קאָפּ, איז עפּעס װי פאַרכאַפּט געװען פון אײן אימפּעט....

זײַן נאָמען איז געװען אפרים דײנאַרד. אַ מין יידישער

מ א ר ק א  פ א ל א  איז ער געווען. אזא איינדרוק איז ביי מיר פאר־בליבן וועגן אים.

ער איז געווען א שטענדיקער אריינגייער, אדער א ר יי נ ל ו י פ ע ר, אין דער רעדאקציע פון דער „פילאדעלפיער שטאט־ציטונג" און שטענ־דיק־שטענדיק האט ער דערציילט נסים וועגן זיך, וואס זיי זיינען גע־ווען ממש פלאי פלאים.

הרב בראדסקי וואס מיט אים האט ער אממערסטן פארבראכט, האט מיר דערציילט, אז ער, אפרים ריינארד, האט געקענט שפראכן מער איידער שלמה המלך, און אז ער איז געווען א גרויסער געלערנטער און א פארשער, און אז עס איז קיין איין ווינקל אויף דער וועלט נישט געווען, וואס ער, אפרים דיינארד, האט ניט אויפגעפארשט.

סיי־ווי־סיי איז אט דער ייד געווען גאר־גאר א טשיקאווער פארשוין, א געמיש פון כלערליי קאנטראסטן.

איך געדענק ניט אקוראט פונוואנען ער איז דעמאלט געקומען — צי פון ארץ ישראל, אדער פונעם טייך סמבטיון, צי גאר פון ערגעץ א לאנד, ווו די פארטריבענע צען שבטים האבן זיך געפונען, אבער אז ער איז געווען אין אט די ערטער, — דאס געדענק איך אויף קלאר, אז ער האט דערציילט.

איך געדענק אויך, אז ער האט געהאט ביי זיך גאר גוואלדיקע „מציאות", פאר די יידן אין פילאדעלפיע — אנטיקן כלערליי פון די ציטן נאך, אויב איך האב ניט קיין טעות, פון פאר דעם ערשטן חורבן פון ירושלים, און אויך א זעקעלע מיט ערד פון מוטער רחלס קבר און פון מערת המכפלה (מייארעס האמאכפיילע), וואס ער האט געבראכט פון ארץ ישראל.

איז אט דער אפרים דיינארד אזוי נתפעל געווארן פון איינעם אזא „בריוו" מיינעם, וואס האט חוזק געמאכט פון יאהאן פאליים מליצה, אז ער האט מיר פארזיכערט, אז ווען איך וואלט געווען א ייד א ריכטיקער, א ייד א „ליטישער", וואלט ער מיר פאר אט דעם גאב, מיט וועלכן איך האב מכבד געווען „יאהאן דעם געטויפטן", געגעבן די שענסטע מתנה, וואס מען קען געבן א ריכטיקן יידן — דהיינו: א זעקעלע ערד פון מוטער רחלס קבר! ...*)

---

*) אט דער יאהאן פאליי — דער שפעטערדיקער פעיקער רעדאק־טאר פון פרומע ארטאדאקסישע ציטונגען — האט זיך געשמדט פריער און איז נאכדעם געווארן צוריק א ייד. איך גלויב ניט, אויב איבערציי־

— ד —

נישט געלייענט האָבן מײַנע „בריוו״ — ווי מען האָט מיר געלאָזט דעמאָלט וויסן — די פריערדיקע חברים און גענאָסן מײַנע פון „ריטער דער פרײַהייט״, און אויך חיים ווײַנבערג אַליין, מחמת, ערשטנס, זײַנען זיי געווען נאָך ברוגז אויף מיר, הלמאי איך האָב זיך מתחתן געווען מיט עמאַ גאָלדמאַנס קרײַז, מיט מײַן ווײַב, הייסט עס, מיט די קעגנער פון יאָהאַן מאָסטן, הייסט עס, און, ווידער, האָט מען צווישן זיי גענומען ריידן, אַז איך באַקער זיך צום סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם.

און באמת האָט אין יענער צײַט שוין געטראַכט וועגן „פּאָליטישן קאַמף״ גאָר ניט ווי אַן אַנאַרכיסט...

***

אָט אין דער צײַטונג — אין דער „פילאַדעלפיער שטאַט־צײַטונג״ — האָב איך שפּעטער, אינעם פרילינג פון 1894, אָפּגעדרוקט די ערשטע סקיצע מײַנע, וואָס פון איר אָן רעכן איך דעם אָנהויב פון מײַן אַרבעט אַלס דערציילער אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליטעראַטור.

„אַ מערדער אויס ליבע״ איז די דאָזיקע סקיצע. זי איז די ערשטע זאַך, מיט וועלכער עס הויבט זיך אָן די זאַמלונג דערציילונגען מײַנע פון דעם 924־זײַטיקן בוך מײַנעם, וואָס דער זשורנאַל „צוקונפט״ האָט אין 1910 געגעבן פאַר אַ פּרעמיע אירע לייענער.

אָט די סקיצע, וואָס זי איז, לויט דער פאָרם, באמת, אַ פּאָעמע אין פּראָזע, האָב איך דעמאָלט געווידמעט מײַן פרוי, און דער געדאַנק, וואָס איך בין אויסן געווען דורכצופירן אין איר, האָט געהאַט אויך אַ שייכות צו מײַן פרוי. נעמלעך: ווי אַזוי איך האָב אויס ליבע זי אַוועקגעריסן פון איר ברייטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וווּ זי איז אַזוי גליקלעך געווען, און זי געבראַכט אין מײַן ענגן פּערזענלעכן לעבן, וווּ פאַר איר פריערדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז מער קיין צײַט ניט פאַרבליבן און, אַחוץ דעם, טאַקע אין אַ לעבן פון דחקות און נויט...

און ווײַל אָט די סקיצע האָט אַזאַ אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער, ברענג איך זי דאָ, אַזוי ווי זי איז געדרוקט געווען אין יענער צײַט:

---

גונג האָט דאָ געשפּילט אַ וועלכע ניט־איז ראָל. דער זעלביקער פאַליי האָט שפּעטער ווען ער איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „אידישער טאַגעבלאַט״ זיך גענומען דאָס לעבן. — ל. ק.

לעאָן קאָבריןֹ

# „אַ מערדער אויס ליבע"

אויפֿן פֿרײַען פֿעלד, אויפֿן ברייטן פֿעלד, ווײַט פֿון שטאָט דער רווישנדער שטיקנדער, ווײַט פֿון מענטשן בייזע, מענטשן שלעכטע, נעבן אַ טײַכל אַ קלאָרינקן, אַ שטיל־פֿליסנדן, — האָט געבליט אַ בלום, אַ יונגע בלום...

און די בלום, די יונגע, איז געווען דער ליבלינג פֿון דער נאַטור, און די זון, די ליכטיקע האָט געגאָסן אירע שטראַלן, די גאָלדענע, די וואַרעמע אויף דער בלום; און דאָס ווינטעלע דאָס קילענדע, האָט געלאָסצעט דאָס קעפּעלע דאָס פּורפּור־קעפּעלע, בײַ דער בלום; און די נאַכטיגאַל, די זינגערן, האָט געגאָסן, האָט געטרילערט אירע לידער, אירע טרעלן פֿאַר דער בלום...

און ניט ווײַט פֿון דער בלום, דער בליענדער, האָבן געוואַקסן אַ סך בלומען אַנדערע, ניט־דופֿטענדע...

און זי פֿלעגט ריידן צו זיי, און זי פֿלעגט דערציילן זיי אין איר בלומען־שפּראַך, אין איר פּאַרפֿומען־שפּראַך, ווי גוט עס איז צו זײַן אַ בלום אַ דופֿטענדע...

פֿון דעם שאָטן, דעם טונקלען, רײַסט זיך אַרויס — פֿלעגט זי צו זיי רופֿן — פֿון דעם שאָטן, דעם שוואַרצן, באַפֿרײַט זיך... צו דער זון, דער גאָלדענער ציט זיך, ציט זיך... רײַסט זיך אַרויס, רײַסט זיך אַרויס און איר וועט אויך דופֿטן...

און הערנדיק אירע רייד, אירע קלוגע רייד, האָט די זון די ליכטיקע, די וואַרעמע נאָך וואַרעמער געאָטעמט אויף דער בלום, דער יונגער, און אַ קרוין אַ פֿינקלענדען פֿון אירע שטראַלן, די גאָלדענע, האָט זי אויסגעוועבט פֿאַר דעם קעפּעלע פֿון דער בלום; און דאָס ווינטעלע, דאָס קילנדיקס, האָט שטאַרקער געקושט און געלאָשצעט, שטאַרקער געהאַלובעט דאָס קעפּעלע, דאָס יונג פֿײַערדיק קעפּעלע; און אין די לידער, די זיסע פֿון דער נאַכטיגאַל, דער זינגערן, האָט זיך געהערט דאָן, האָט זיך געפֿילט דאָן אַ קרעכצן פֿון אַ לײַדנשאַפֿט אַ ברענענדער, אַ טיאָכען פֿון אַ ליבע, אַ זודיקע, צו דער בלום...



מיר פֿון צרות, בין איך, אָרעמער דיכטער, שוואַך מענטשעלע, אַרויס אויפֿן פֿעלד, דעם פֿרײַען דעם ווײַטן צו זוכן רו צו שעפּן באַגײַסטערונג בײַ דער נאַטור, דער פֿײַנער, דער אומשולדיקער...

בײַ די בערג, די הויכע, בײַ די טאָלן די טיפֿע, בײַ די פֿעלדער, די גאָלדענע מיט הויכע זאַנגען שװימענדיקע, בײַ די ביימער, די פּאַרסודעטע מיט גרינע בלעטער באַדעקטע...

און דער הימל, דער װײַטער, דער טיף־בלויער, איז בײַ די זײַטן אַרומגעלײגט מיט גאָלדענע קרויזן געװעזן, און די זון, די פֿאַרנאַכטיקע, האָט זיך געקײַקלט װי אַ קויל, אַ גרויסער, אַ פֿײַערדיקער, צװישן די שפּיצן, די טונקעלע, פֿון די ביימער די אַלטע, לאַנגזאַם אַרונטער צו דעם טײַכל, דעם שטילן, דעם בליש־צענדן; און אַ װינטעלע — אַ שטיפֿער — האָט זיך געשפּילט, האָט זיך געװיגט איבער די זאַנגען, די גאָלדענע, פֿון די פֿעלדער, די װײַטע, װאָס האָבן אויסגעזען װי אַ ים אַ ברייטער, אַ טיפֿער, מיט כװאַליעס גאָלדענע... טיאַ־אַך! — האָט זיך געגאָסן אין דער לופֿט דער ריינער, דאָס ליד, דאָס לײַדנשאַפֿטלעכע, פֿון דער נאַכטיגאַל, דער זינגערן, — טיאַ־אַך! טיאַ־אַך!...

באַרוישט פֿון דעם בילד, פֿון דעם װוּנדער־בילד, האָב איך, אַרעמער דיכטער, שװאַך מענטשעלע, צו דער מוטער־ערד זיך גע־װאָרפֿן, צו איר שױס זיך צוגעטוליעט... און עס האָבן מיך גע־שטיקט, און עס האָבן מיך געװאָרגן טרערן הייסע פֿון באַגײַסטע־רונג טיפֿער, װאָס זײַנען בלויז באַקאַנט דיכטער אמתע צײַטנװײַז...

און איך האָב געװײנט, און אין מײַן נשמה האָט אַ תּפֿילה אַ הייסע זיך געװעבט און געקרעכצט:

— אַ, דו הערלעכע, דו מעכטיקע נאַטור! בײַ דיר אַליין איז די שיינקייט. די ליבע דאָס פֿאַרגעניגן און דער געװוּס... צו דײַן אײביק־יונגן שױס לאָז מיך צודריקן מײַנע גליענדע ליפּן און אָפּן פֿאַר דיר אויסװײנען אַלע די טרערן, װאָס דײַן שיינקייט און דײַן הערלעכקייט האָבן אין מיר אַרויסגערופֿן: גיב מיר פֿון דײַן לעבן! פֿון דײַן ליבע גיב מיר, — אַך איך נויטיק זיך אַזוי אין ליבע!

אַ נשמה, איינע פֿון טויזנטער אויסגעװײלט, האָסטו מיר גע־געבן, אום דײַן שיינקייט צו פֿילן; אויגן שאַרפֿע — אום דײַן הערלעכקייט צו זעען; און בלוט װאַרעמע — אום נאָך דײַן לי־בע צו בענקען.

אַ, גיב מיר פֿון דײַן ליבע! פֿון דײַן שיינקייט לאָז מיך גע־ניסן, פֿון דײַן הערלעכקייט!...

ליבע גאָר איך: אין איר איז דאָס גליק! שטורעמדיקע

לײַדנשאַפטן גאָר איך, דעם דופט פון די בלומען, דעם בליאַסק פון שטערן אויף אַ פרילינג־הימל, דעם בלענדנדן געזאַנג פון שיי־נע אויגן, דעם גן־עדן חלום, דעם גן־עדן חלום! ...

***

און דאָן... האָב איך באַמערקט, האָב איך דערזעען די בלום, די יונגע, די בליענדע, די דופטנדע... און זי האָט צו מיר געלאַכט, און זי האָט צו מיר געווינקט מיטן קעפּעלע, דעם רויט־פּורפּורנעם... און זי האָט געשמייכלט צו מיר אַזוי פרי־לינג־ליב, אַזוי ניט־ערדיש...

און עס האָט מיך אַ צי געטאָן צו איר, און עס האָט מיך אַ שלעפּ געטאָן צו איר אַ קראַפט, אַ ברויזנדע, און מײַן האַנט די ציטערנדע האָט זיך אַ ריס געטאָן צו איר...

איך האָב זי אַ גלעט געטאָן און אַרויסגעריסן! ...

זי האָט בלויז פאַרשעמט אַ הויך געטאָן...

אַזוי צודריקנדיק זי צו מײַן ברוסט, דער הייסער, בין איך מיט איר געלאָפן צוריק אין שטאָט, דער רוישנדער, צוריק אין מײַן צימער, דעם שטיקנדיקן, דעם פינצטערן, און איך האָב זי אַרײַנגעשטעלט אין אַ גלאָז, אַן ענגער, און איך האָב נאָכגעזען, און איך האָב נאָכגעקוקט, אַז זי, מײַן בלום, זאָל בליען, אַז זי, מײַן בלום זאָל דופטן, דופטן אין מײַן צימער, דעם שטיקנדן, אין דער גלאָז, דער ענגער! ...

אָבער די לופט, די פאַרשטיקטע, פון מײַן צימער, דעם ענגן, האָט דערשטיקט, האָט געטויט די בלום, די יונגע, די בליענדע...

אַך, אַ מערדער בין איך, אַ מערדער אויס ליבע, אויס ברע־נענדן געפיל! ...״

די זאַך איז געפעלן געוואָרן. נאָר הרב בראָדסקי און הלל מאַלאַ־כאָווסקי — געדענק איך — האָבן געטענהט, אַז די זאַך איז ניט געווען געגנוג ייִדיש; אַז עס האָט געפּאַסט, אַז אַ גוי זאָל אָנשרײַבן אַזאַ זאַך...

און זיי זײַנען בפירוש גערעכט געווען מיט אַט דער אָפּשאַצונג זייערער: אַט די סקיצע איז אַזוי ווײַט ניט ענלעך געווען צו אַלצדינג, וואָס און ווי ייִדישער שרײַבער האָבן אין יענער צײַט געשריבן בײַ אונדז.

נאָך אַט דער סקיצע האָב איך געדרוקט אַנדערע „בריוו״ וועגן ליטעראַרישע ענינים.

אַט אַרום דער צײַט איז אומדערוואַרטערהייט איינמאָל געקומען צו מיר אַהיים אַן אומבאַקאַנטער גאַסט. דער גאַסט איז געווען מ אָ ר י ס ר אָ זע נ פ ע ל ד.

# א י נ ה א ל ט :

# רשימה פון קאָברינס דערציילונגען און ראָמאַנען

וואָס זײַנען דערשינען ביז אַהער אין באַזונדערע ביכער:

**יאַנקל בוילע און אַנדערע דערציילונגען (1898),**

מיט אַ פאָרוואָרט פון יעקב גאָרדין. אַרויסגעגעבן פון קאָברינען אַליין.

**געטאָ־דראַמען — דערציילונגען (1903),**

אַרויסגעגעבן פון קאָברינען אַליין.

**אימיגראַנטן — ראָמאַן (1909),**

פאַרלאַג „היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני".

**געזאַמלטע שריפטן — דערציילונגען (1910),**

900 זײַטן — פּרעמיע פאַר „די צוקונפט". פאַרלאַג „היברו פּאַבלישינג קאָ."

**דער גרויסער ייִד — דראַמע (1911),**

פאַרלאַג „היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני".

**אָרע די באָרד — ראָמאַן (1918),**

פאַרלאַג „פאָרווערטס". (דער זעלביקער ראָמאַן מיט אַ נײַעם טייל — אין 2 ביכער — אונטער דעם נאָמען „אין גאָלדענעם שטראָם" — איז דערשינען אין פאַרלאַג ח. בזשאָזשע, אין וואַרשע, 1936).

**פון אַ ליטוויש שטעטל ביזן טענעמענט־הויז — דערציילונגען (1918),**

(קאַפּיטלען געדרוקט געווען אין ווילנער „ייִדישער וועלט", 1913). פאַרלאַג „פאָרווערטס". (די דריטע אויפלאַגע פון אַט דעם בוך אונטער דעם זעלביקן נאָמען איז דערשינען אין פאַרלאַג בזשאָזשע, וואַרשע, 1937). איבערגעזעצט אויך אויף פראַנצויזיש און ענגליש.

**„די ערוואַכונג" — ראָמאַן (1924),**

פאַרלאַג ל. קאָברין.

**אויףווילדע וועגן — ראָמאַן (1925),**

אַ המשך פון קאָברינס באַקאַנטער דערציילונג „מיר נומ' דרײַ". פאַרלאַג קאָברין.

**דערינערונגען פון אַ ייִדישן דראַמאַטורג — טעאַטער־זכרונות (1925),**

אין צוויי בענד — אַרויסגעגעבן פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פאַר קאָברינס שריפטן. (אין 1926 איבערגעדרוקט פון פאַרלאַג ב. קלעצקין פאַר אייראָפּע).

**דער נײַער אָדם און חוה — ראָמאַן (1929),**

פאַרלאַג ח. בזשאָזשע, וואַרשע.

**דער רויטער שטראָם — ראָמאַן (1930),**
פאַרלאַג ח. בזשאַזשאַ, וואַרשע.

**אַן אַ היים — ראָמאַן (1936),**
אַרויסגעבער: ייִדישע בילדונגס־געזעלשאַפט אין קאָוונע, ליטע, דורך נ. יאַנעס.

**פיר מאָדערנע פרויען — נאָוועלן (1939),**
פאַרלאַג „ביכער פאַר אַלע".

**ריווער סייד דרייוו — דראַמע,**
פאָלקס־ביבליאָטעק

**דער פאַרלוירענער ניגון (1948).**

**דראַמאַטישע שריפטן (1952),**
לעאָן קאָברין־בוך־קאָמיטעט.

## ביכער מיט דערציילונגען און ראָמאַנען פון אַנדערע שרײַבער, איבערזעצט פון אים און זײַן פרוי פּאַולינע קאָברין:

**גי דע מאָפּאַסאַן — מיט אַ פאָרוואָרט פון קאָברינען,**
15 בענד — פאַרלאַג „פאָרווערטס". (אין פּוילן האָט דער פאַרלאַג „קולטור־ליגע" די דאָזיקע ביכער איבערגעדרוקט אין 1926־1928).

**אַנטאָן טשעכאָוו — דערציילונגען, מיט אַ פאָרוואָרט פון קאָברינען,**
4 בענד — פאַרלאַג „היברו פּאַבלישינג קאָ.".

**איוואַן טורגעניעוו — דערציילונגען, מיט אַ פאָרוואָרט פון קאָברינען,**
4 בענד — פאַרלאַג „היברו פּאַבלישינג קאָ.".

**עמיל זאָלאַ — געלט — ראָמאַן (1916),**
פאַרלאַג „פאָרווערטס".

**איוואַן טורגעניעוו — פרילינג־שטראָמען — נאָוועלע (1910),**
פאַרלאַג „היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני".

דאָס איז ווײַט נישט קיין העלפט פון קאָברינס דערציילונגען און ראָמאַנען, סײַ אָריגינעלע און סײַ איבערגעזעצטע, וואָס זײַנען אין באַזונדערע ביכער נאָך נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן, — נישט רעכענענדיק די הונדערטער אַרטיקלען און עסייען, וואָס ער האָט געדרוקט אין משך פון די 50 יאָר, און נים רעכענענדיק זײַנע איבער 20 פּיעסן, וואָס ער האָט אויפגעפירט אין דעם ייִדישן טעאַטער.

# אין פאַרלאַג „ייִדבוך" זיינען ביז איצט דערשינען:

י. ל. פּרץ — דריי חסידישע דערציילונגען
אַלבום־פאָרמאַט נעכתיבהט פון קינסטלער משה פייגענבלום.

ח. ש. קאַזדאַן — מעטאָדיק פון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור
(אויספאַרקויפט)

י. י. טרונק — כעלעמער חכמים
(ייִדן פון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט).
לוקסוס־אויסגאַבע, מיט קאַריקאַטורן, געצייכנט פון י. שלאָס.

שלמה סיימאָן — אַמאָליקע ייִדן
געקליבענע דערציילונגען פון אַ שיינער תקופה.

פּראָפ. ליבמאַן הערש — אויף דער גרענעץ פון צייטן
געקליבענע אַרטיקלען אויף ייִדישע טעמעס.

יצחק פּערלאָוו — אין אייגענעם לאַנד
דערציילונגען פון לעבן אין מדינת־ישראל

י. י. טרונק — דער פריילעכסטער ייִד אין דער וועלט

ש. סיימאָן — תוך־ייִדישקייט

נ. ב. מינקאָוו — זעקס ייִדישע קריטיקער.

אברהם זאַק — אין אומרו פון יאָרן

יוסף רייך — וואַלד אין פלאַמען

מרדכי וו. בערנשטיין — אין לאַבירינטן פון תקופות.

לעאָ קאַברין — מיינע 50 יאָר אין אַמעריקע (2 טיילן).

## אין דרוק:

יעקב פּאַט — די לערערין אסתר.

---

וועגן אַלע ענינים פון פאַרלאַג זיך ווענדן:

EDITORIAL "IDBUJ"
Boulogne Sur Mer 671/75 — T. E. 62-9566 — Buenos Aires
República Argentina

LEON KOBRIN

Para uso personal
Sin fines comerciales

# Mis Cincuenta Años en América

(MAINE FUFTZIK IOR IN AMERIKE)



Editorial "IDBUJ"
de la Asociación Pro Escuelas Laicas Israelitas

BUENOS AIRES
1955

